אַן אָנדענק דעם נאָמען פון דער, וואָס איך האָב
קיינמאָל ניט געקאָנט — מיין מאַמען, ש פ ר ה,
די טאָכטער פון מלכה און הערשל לייבישעס.

# אינהאַלט

## ערשטער טייל

# ווילדגראָז

*

אין „גאָרקיך" איז געווען פעלטע בעל־עגלה. זיינעביידע הענט אַריינגעשרויפט אין די אַרבל, ווי אין אַ מופטע. ער האָט געדרעמלט, אויפגעכאַפּט זיך אַלע רגע און מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן אַרויסגעקוקט דורך דער שויבן־טיר צו די פערד, געשפּאַנט אין אָמניבוס.

סאַוויצקעלע, דער פּאַליציאַנט, האָט זיך געדרייט ביי דער טיר פון אַלקער, ווו דינהלע, אַבעלע פּאַפּיראָסניקס טאָכטער, איז געשלאָפן. אַבעלע פּאַפּיראָסניק אַליין האָט אַרומגעפּוצט די קעסלען, אָנגעגאָסן וואַסער און צוגעגרייט פּייער צו מאַכן.

דאָנערשטיק ביינאַכט, שפּעט, שוין נאָך צוועלף. דאָס שטעטל איז געשלאָפן אונטערן צודעק פון אַ שטאַרק טונקעלער נאַכט. פּלוצלינג האָט פעלטע בעל־עגלה דורך דער שפּאַרע פון די האַלב־צוגעמאַכטע אויגן דערזען ווי זיינע פערד אין דרויסן ווערן אָנגעגאָסן מיט אַן אויסערגעוויינלעכער ליכטיקייט, עפּעס ווי אַ העלער טאָג וואָלט זיך פּלוצלינג אויף זיי אָנגערוקט. אָט האָט שוין די ווייסקייט איינגעהילט דעם אָמניבוס, אויפגעגלאַנצט די שויבן פון מאַגיסטראַט, און דער גאַנצער שאָסיי וואָס ציט זיך דורך דעם שטעטל, איז געוואָרן אַ ליכטיקער פּאַס.

איז שוין פעלטע אַרויסגעלאָפן, נאָך אים — סאַוויצקעלע. דאָס שטאַרקע ליכט, וואָס האָט געשלאָגן פונדערווייטנס, האָט אַריינגעשטאָכן אין זייערע פּנימער. האָבן זיי פאַרמאַכט די אויגן, און ווען זיי האָבן זיי צוריק געעפנט, איז שוין נעבן דער טיר געשטאַנען אַ גרויסער אויטאָמאָביל,

אַ פֿאַרפֿאַלק איז אַרויסגעשטיגן און אַריין אין גאַרקיך. דער אויטאָמאָביל האָט זיך באַלד אויסגעדרייט און שנעל אַוועק.

אָבעלע פּאַפּיראָסניק האָט זיך ווייטער געטאָן זיין אַרבעט: געשניצט „קינעלעך" מיט אַ קליין פּען־מעסערל און אַרויפֿגעלייגט אויף דער „קאַפּע" איינס איבערן אַנדערן — אויסצוטריקענען. ער איז שוין געוווינט צו די פּריצימלעך: זיי קוקן אויף די ווענט, באַטאַפּן די שעניקעס און די בעטן, פּרוּוון צי ס'איז ווייך, קרימען זיך און באַצאָלן פֿונדעסטוועגן וויפֿל מען בעט.

סאָוויצקעלע האָט באַטראַכט די געסט און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן, צי זאָל ער זיי פֿרעגן אויף אַ „פּאַספּאָרט" צי נישט. בלויז פּעלטע איז געשטאַנען עפּעס ווי פֿאַרלוירן, נישט אַזוי ער, ווי זיינע פֿערד האָבן זיך פֿאַרשעמט: האָסטו געזען אַ קומען דאָס? שאַ, שטיל, אָנגעצונדן דאָס שטעטל, אַפֿילו נישט אָפּגערוט דער „סאַמאָכאָד". וואָס איז, מען דאַרף די פֿערד איבערשפּאַנען? אַ טרונק געבן? אַז אינגאַנצן דויערט עס אַ האַלבע שעה פֿון ראַדאָם אַהער... און אין די עטלעכע רגעס פֿון זיין טראַכטן, האָט ער ווי אינעם שיין פֿון אויטאָמאָביל־ליכט דערזען אַ נייע צייט: דער עולם פֿאָרט שוין נישט מיט זיינע אָמניבוסן, מען שטעלט זיך שוין נישט אָפּ ביי די קרעטשמעס, מען כאַפּט שוין נישט אַריין אַ דאַוון און דערנאָך — אַן איבערבייס אין וועג. איינס און צוויי איז מען אין „פּאָוויאַט", הין און צוריק, און אַ שטאָט וועט בלייבן אָן פּרנסה.

דערווייל האָט דער פּרעמדער זיך געפֿרעגט אין פּראָסטן ייִדיש, צי וועט ער דאָ קאָנען איינשטיין, האָט שוין אָבעלע אויסגעשטרעקט די האַנט: שלום־עליכם! און דערנאָך צוריק געפֿרעגט, צי וויל ער איין חדר מיט צוויי בעטן, צי צוויי באַזונדערע חדרים?

האָט דער גאַסט מיט זיין „פּריצטע" עפּעס גערעדט צווישן זיך אין אַ פֿרעמדן לשון. אַלע דריי אין גאַרקיך האָבן זיך איינגעהערט מיט אָפֿענע מיילער און אויסגעשפּיצטע אויערן. אָבעלע האָט גלייך ביי זיך באַשלאָסן, אַז זיי זענען נישט קיין אַמעריקאַנער. דאָס לשון, וואָס זיי רעדן צווישן זיך, זעט נישט אויס צו זיין ענגליש, און זייערע שיך זענען נישט מיט

קיין שפּיצן. חוץ דעם, טראָגט ער נישט אויף דער נאָז קיין גרויסע ברילן מיט שוואַרצע רעמלעך...

אַז סאַוויצקעלע האָט דערהערט, אַז די געסט רעדן אויף אַ פּרעמדער, אויסטערלישער שפּראַך, האָט ער שוין אויף זיכער באַשלאָסן, אַז מען טאָר זיי אויף קיין פּאַספּאָרט נישט פרעגן, און האָט זיך דערפילט ווי עפּעס אָן אַ ראָלע. האָט זיך אים דעמאָלט פאַרוואָלט אַריינגיין אין דינהלעס צימער און זי אויפוועקן, נאָר אַזוי ווי דינהלע איז דאָך נישט גלאַט אַזוי אַ מיידל, האָט ער זיך איינגעהאַלטן.

דינהלע איז אַמאָל, ביים „רוס" נאָך, געווען די „ליובאָווניצע" פון „ראָטנעם קאָמאַנדיר", וואָס איז געשטאַנען אין שטעטל מיט אַ ראָטע זעלנער. שפּעטער, ווען די עסטרייכער האָבן פאַרנומען דאָס שטעטל, איז זי געוואָרן דעם פעלד־זשאַנדאַרמס „געליבטע" און ווען די פּאָליאַקן האָבן אָפּגענומען פוילן ביי די „קירער", איז סאַוויצקעלע געוואָרן פּאָלי־ציאַנט און זיך גענומען דינהלען פאַר אַ „קאָכאַנקע"...

אַבעלע פּאַפּיראָסניק ווייסט און שאַצט אָפּ זיין „אוצר". ביי „פּאָניען" נאָך האָט ער אַדאַנק איר צוגעשטעלט פּראָוויאַנט צו דער ראָטע זעלנער; בשעת דער עסטרייכישער אָקופּאַציע האָט ער געהאַט אַ קאָנצעסיע אויף טאַבאַק און בראָנפן; ביי די פּאָליאַקן איז אים געבליבן דער אייגענער „מאָר־נאָפּאָל". די „טשיינע" זיינע ברענגט אים ווייניק וואָס אַריין, די גאָרקיך — נאָך ווינציקער און צו דער אכסניה לייגט ער נאָך צו. ווען ער פאַרדינגט דעם ערשטן גאָרן צום וווינען אויף „סטאָלע", וואָלט אים דאָס דירה־געלט אַ סך מער ריווח געברענגט.

נאָר אַזוי ווי אַלץ גייט אין איינעם אַריין, אַרבעט ער בייטאָג און ביינאַכט. גיט געלט אויף פּראָצענט און נעמט משכנות, קויפט אַ מציאהלע, וואָס שטאַמט פון אַ גנבה אין אַ צווייטער שטאָט (נישטאָ וואָס מורא צו האָבן, זיין טאָכטערס „באַקאַנטער" וועט שוין אונטערזאָגן ווען מען וועט אַראָפּקומען פון „פּאָוויאַט" אויף אַ רעוויזיע...)

פונדעסטוועגן היט ער אָפּ זיין טאָכטער, זי מוז גיין פרי שלאָפן און ווי וואָלט איצט געווען סאַוויצקעלען, ווען ער גייט אַריין אין דינהלעס חדר.

ער וואָלט זיך שוין ביי אַבעלען נישט געקאָנט אויסקויפן. און איידער זיך דאַרפן פאַרענטפערן, איז שוין גלייכער אינגאַנצן אַרויסגיין און פטור.

און כדי פרעמדע זאָלן וויסן זיין מאַכט, נעמט ער אַרויס דעם רעוואָל־ווער פון שיידל, לאָדט אים אָן מיט קוילן, גייט אַרויס און גיט אַ לאַנגן פייף, אַז די פינצטערניש מיט דער שטילקייט ציטערן אויף.

ווען דער פאָליציאַנט איז אַרויסגעגאַנגען, האָט זיך פעלטע געכאַפּט און אויסגעשטרעקט זיין איינגעקאַרבטע האַנט צום גאַסט און אַרויסגערעדט:

— שלום־עליכם!

האָט דער פרעמדער שוין געשמייכלט ברייט און מיט אַ פול פנים. די אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן פון הינטער זיין קאַפּעלוש און אַרויסגעפּראַלט:

— איר דערקענט מיך נישט, פעלטע?

✶

פרייטיק אינדערפרי איז דאָס גאַנצע שטעטל געווען פאַרזאַמלט אויפן שאָסיי אַרום אַבעלע פּאַפּיראָסניקס גאַרקיך.

דערוווּסט האָט מען זיך פון דער נייעס, אַז דן, דער אייזשעכעס זון, איז געקומען נאָך גאָר פאַרטאָג.

מען האָט נישט געקענט וויסן ווער איז עס געווען דער, וואָס האָט אַלעמען אָנגעזאָגט די בשורה, ווייל פעלטע בעל־עגלה איז מיט עטלעכע פאַרשוינען אָוועקגעפאָרן אין זיין אָמניבוס ווען דער טוי איז נאָך געשטאַנען ווי אַ ווייס־בלוילעכער נעפּל.

סאָוויצקעלע האָט זיך אַנידערגעלייגט אויף אַ באַנק אין דער קאַנצע־לאַריע, און איז איינגעשלאָפן מיטן פייפערל אין מויל. אַבעלע אַליין האָט נישט פון דערציילן און אויספלוישן זאַכן, וואָס קומען פאָר ביי אים אין „האָטעל". חוץ דעם, ווען ער איז געקומען אין בית־מדרש אַריין צום ערשטן מנין, האָט מען אים שוין געהאַט אַרומגערינגלט מיט פאַרשידענע אויספרעגעכצן וועגן דעם גאַסט, גלייך ער איז מחויב צו וויסן עפּעס מער, און אין דער אמתן ווייסט ער גאָרנישט.

איין חדר האָבן ביידע גענומען, מיט צוויי בעטן. מן־הסתם איז זי אַ ווייב, און ער, דאָניע אַליין, ווייזט אויס, אַ גאַנצער לייט געוואָרן. ער

האָט געשמייכלט און געוואָלט מען זאָל אים עפּעס אויספרעגן, נאָר אַבעלע פרעגט נישט זיינע געסט. ער האָט בלויז געהערט ווי יענער האָט זיך געדרייט אויף אַלע זייטן, אַראָפּגעגאַנגען פון בעט, געריבן שוועבעלעך, זיך געיאָגט מיט די וואַנצן איבער די ווענט און די פּריצה זיינע האָט געקנאַקט מיט דער צונג צווישן די ציין.

דן האָט עס זיך קיינמאָל נישט פאַרגעשטעלט, אַז אַזויפיל כבוד וואָרט אויף אים אינדרויסן. פאַרן פּאַפּיראָסניקס טיר און אינעווייניק, אין גאָרקיך, איז נישטאָ ווו צו אָטעמען אַפילו, מערסטנטייל ווייבער, האָבן פאַרגעסן, אַז עס איז ערב שבת, אַז די „ראָשטשינעס" וועלן איבערייערן, אַז מען דאַרף צושטעלן אונטער דער יויך. כאָטש דאָניע איז נאָך נישט געהאַט אַרויסגעקור־מען פון זיין צימער, האָט אים שוין יעדער געהאַט זיך אָפּגעמאָלט אין דער פאַנטאַזיע. דאָניעס יונגע וועגן זענען פאַר אַלעמענס אויגן אויפגעגאַנגען און זיינע יונגע טעג האָבן אויפגעלויכטן ווי דורך אַ טומאַן אין זייער זכרון.

## קאַפּיטל איינס

יעדעס קינד האָט געלערנט אין אַ חדר. אַפילו אָרעמע זענען אויך געגאַנגען אין תלמוד־תורה. דאָניעלע אָבער איז געוואַקסן אַ „גוי". וואָרעם זיין מאַמע, די אייזשעכע, האָט געהאַט אַ סך בילכערע זאַכן איידער אומקוקן זיך אויף אים. זי האָט געמוזט זיצן אַ גאַנצן טאָג אויפן מאַרק ביי די מולטערס מיט אויבס, ציען אַ גראָשן און אַרויסהעלפן אייזשען, איר מאַן, מיט ווענען זי האָט ווייניק די זכיה געהאַט צוזאַמען צו זיין.

זינט זי געדענקט איר מאַן, איז ער תמיד געזעסן אין תפיסה, תמיד געהאַט צו טאָן מיט געגנבעטע פערד. איז ער שוין אַמאָל אָפּגעזעסן אַ טערמין, אַהיים געקומען און זיך געוואָלט רעכט אַרומוואַשן — אַהאַ, דער „סטאַרשע סטראַזשניק" איז דאָ, דאָס מעשענע בלעכל אויפן היטל צינדט זיך קעגן דער זון, און באַלד מוז שוין די אייזשעכע ווידער איינפּאַקן עטלעכע העמדער און לאָזן אים צונעמען אויף נייע עטלעכע יאָר.

דאַניעלע האָט קיינמאָל נישט געזען זיין טאַטן. איינמאָל געדענקט ער אים יאָ: אַזוי פֿאַרנעפּלט, אַזוי שווינדלדיק, אַז ווען ער דערמאָנט זיך, דאַכט ער זיך אים אויס אפשר מיט הונדערט קעפּ, איינער וויקלט זיך אַריין אין אַנדערן, און דער אַנדערער שווימט אַרויס פֿון דריטן. אין די יונגע יאָרן, נאָך אַלס קינד, האָט דן שטאַרק געבענקט נאָכן טאַטן, וואָס זאָל אים אַמאָל אָפּשמייסן, אָדער שלעפּן איבערן מאַרק פֿרייטיק פֿאַרנאַכט אהיים. אים האָט קיינער נישט געשלעפּט, קיינעם איז ער נישט אָנגעגאַנגען, גלייך עס וואָלט גאָרנישט געווען קיין דאַניע אויף דער וועלט.

געווען צייטן, ווען ער האָט זיין מאַמען צומאָל נישט אָנגעזען. ווען זיין מאַמע איז אַוועקגעגאַנגען, איז ער געשלאָפֿן צונויפֿגעקנוילט אויף דער שלאָף־באַנק, און ווען ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, האָבן די פֿליגן געזשומעט און געררוישט אויף דעם שטיקל ברויט מיט דער „אָפּגערירטער" באַרנע, וואָס זי האָט אים געלאָזט פֿאַר איבערבייס. אַזוי ווי צו וואָרעמס איז ער נישט אַרויסגעקומען צו דער „שטעל" מיט אויבס, איז אַ גאַנצן טאָג געווען הינטער דעם שול־הויף און געשפּילט אין קנעפּ מיט די יונגען, האָט זיין מאַמע אים געטראָפֿן אין אָוונט ליגן אויפֿן גרויסן שטיין אין „איר" געסעלע איינגעשלאָפֿן מיט אַ צעשפּאָלטענעם גראָבן פֿינגער פֿון פֿוס, דעם פֿאָטערס „לייבצודעקל", וואָס ער אַליין האָט אויסגעזוכט און זיך אָנגעטאָן, איז געווען אויפֿגעריסן, די פּסולע ציצית איינגעקלעפּט אין בלאָטע...

האָט זי אים אויפֿגעהויבן מיט איין האַנט, נישט אַראָפּשטעלנדיק פֿון דער צווייטער דעם קויש מיט פּרוכטן, דערנאָך אים געלאָזט שטיין אויף דער ערד. איז ער געשטאַנען ווי אַ יונג ביימל, בעת אַ שטאַרקער ווינט בלאָזט דערויף, אַלע מאָל האָט ער זיך איינגעבויגן, אַ צאַפּל געטאָן, זיך געכאַפּט און ווייטער, שאָקלענדיק זיך, געשלאָפֿן.

האָט אים די אייזשעכע אָנגענומען מיט דער איינער האַנט, אים אַזוי געשלעפּט ביז צו איר שטיבל. דאָרט האָט זי אים געגעבן אַ שטאַרקן קניפּ מיט אַ שטיק ברויט אָנגעשמירט מיט אייל. האָט ער דאָס געגעסן מיט פֿאַרמאַכטע אויגן פֿון מידקייט, געקייט און געשלאָפֿן. האָט זי אים ווידער

געגעבן אַ קניפּ, האָט ער אַ געשריי געטאָן: אוי, און, דרעמלענדיק, ווייטער געקייט.

האָט זי אים שוין אַזוי „כאַליען געלייגט" אין אַנטועכץ, און אויף דער לינקער זייט פון אַ שוואַרצן, פאַרברענטן בלעכענעם חלה־בעקן האָט זי אויסגעשאָטן דעם פּדיון פון טאָג און גענומען איבערציילן איר פאַרדינסט.

✶

דערפאַר, וואָס דן איז קיינעמס נישט געווען, האָט דאָס שטעטל געהאַט פון אים צרות. קליינערהייט פלעגט ער אָפּוואַרטן די חדר־יינגלעך און מיט אַ פען־מעסערל אָפּשניידן די קנעפּלעך פון זייערע קאַפּאָטקעלעך. צוגעזאָגט האָט ער זיי, אַז ער וועט זיך פאַר זיי אָננעמען און אויב עמעצער וועט זיי שלאָגן, זאָלן זיי קומען פאַר אים זיך פאַרקלאָגן, און ער וועט שוין שפּאַלטן קעפּ...

דאָניעס גבורה האָט געשמט און וויל איז געווען די, וואָס האָבן מיט אים גוט געלעבט. צו די, וואָס דאָניע איז געווען זייער „חבר", האָבן זיך די אַנדערע מורא געהאַט צוצורירן. דן איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ גומענער קישקע, און אַז ער האָט דערמיט אַ צי געטאָן איבער עמעצענס פּלייצע, איז אַ רויטער שטריך געשטאַנען וואָכן לאַנג און געברענט.

ער פלעגט אָנפּעצן די דעק פון זיין היטל מיט אייל, אָננעמען דערמיט אַ קוימען סאַזשע און איינריסן די מיידלעכס פּנימער. איז געוואָרן אַ געשריי, אַ געיעג, און אַז מען האָט אים געכאַפּט, האָט מען אין אים אַריינ־געלייגט טרוקענע קלעפּ ווי אין אַ הויל פעסל:

— גיי, גנבע פערד, ווי דיין טאַטקעלע — האָט מען אים געזידלט. דאָניע האָט איינגעבויגן דעם קאָפּ, זיך צוגעהערט צום פּויקן איבער זיינע פּלייצעס און געשוויגן.

און אַז דאָניע האָט אָפּגעלאָזט די יונגען מיט די מוידן, איז ער געוואָרן גוטער־ברודער מיטן היצל, מיטגעלאָפן און געהאָלפן כאַפּן הינט, זיי פאַרצוימט דעם וועג און פאַרוואָרפן איבער זייערע העלזער אַ שטייפן „סטריגיט", מיטגעפאָרן מיטן הינט־שלעגער, געזעסן אויבנאָן, אויף דער

קעלניע פון דעם פאַרמאַכטן, געקראַטעוועטן קאַסטן, און געקנאַקט מיט דער בייטש.

די אמתע בזיונות האָט מען פון אים געהאַט ערשט גרויסערהייט. ער האָט אָנגעפירט מיט חברה די „ליציטאַציעס". ווען דאָס גאַנצע שטעטל מיט יידן פון די „שטיבלעך" און מנינים זענען געווען פאַרזאַמלט אין גרויסן בית־מדרש, דעמאָלט איז דאַניעלע געווען אויפן באַלעמער צוגלייך מיטן גבאי, מיטן שמש. ער איז געשטאַנען ווי אַ גענעראַל, אַרום אים — אַ כאַליאַסטרע קינדער און יונגען פון תלמוד־תורה אַרויס, פון חדרים און שטיבלעך. אַלע האָבן מיט פינקלדיקע אויגן און געשלאָסענע ליפּן זיך איינגעקוקט אין זיין פּנים אַריין.

און דאָניע אַליין האָט מיט דרך־ארץ אָפּגעוואַרט ביז דער בעל־תפילה וועט האָבן אָפּגעדאַוונט מעריב, און די יתומים — אָפּגעזאָגט קדיש, וועט ער זיך ערשט רעכט נעמען צו די כלים...

כאָטש דאָניע האָט קיין וואָרט עברי נישט געקאָנט, פונדעסטוועגן האָט ער אויסגעצוונגען „אמן" הויך מיט אַ ניגון פון הלל ווי ביים יום־טובדיקן דאַוונען, און צוזאַמען מיט אים — די חברה יונגען. דאָס האָט הנאה געטאָן יאָסקען, דעם שוואַרצן, געגריוועטן שוסטער, בשעת ער האָט צונויפגעזאַמלט אַלע קינדער־יתומים און זאָגנדיק מיט זיי אין איינעם, וואָרט ביי וואָרט, קדיש.

דאָניעס אמן־זאָגן הויך אויפן קול און מיט אַ יום־טובדיקן ניגון האָט אים אַליין צוגעגעבן קוראַזש און האָט אין איינוועגס געלאָשן דעם כעס פון געלן לייביש. אָבער ווען דער שמש האָט זיך באַוויזן אויף דער מזרח־וואַנט מיטן ליכטל אין האַנט גרייט אָנצוצינדן דאָס ערשטע חנוכה־קנויטל, האָבן די בעלקעס אָנגעהויבן צו ציטערן פון געשריי און טופּעריי, וואָס איז געקומען פון דאָניען און זיינע יונגען.

ווי דורך אַ סיגנאַל, האָבן אָנגעהויבן פליען האַרטע אייזיקע שניי־קוילן, קעפּ האָבן זיך איינגעבויגן, הענט אויסגעשטרעקט, אויגן אָנגעצונדן — אַ שטופּעניש, אַ שפּאַרעניש...

און צוזאַמען מיט דעם האָט זיך איבער אַלעמענס קעפּ געהערט דאָניעס אויסגעצויגענער געשריי:

— אַ ליצעטאַציע אויף משה ווײדלס פאַרשטונקענע הערינג!

— הו־ר־ר־אַ! — האָבן זײַנע יונגען אונטערגעכאַפּט, און דאַניע האָט ווײַטער גערופן:

— אַ ליצעטאַציע אויף הערשל־שידלאָווצערס הויקער!

— הו־ר־ר־אַ!

— אַ ליצעטאַציע אויף ברוך לעכטנציערס ווײַבערישער שלאָף־קופּקע!

— הו־ר־ר־אַ!

— אויף שלמהלע גוטמאַנס וואַסערדיקער מילך! אויף פּסח פּורימס געזאַלצענער פּעל! אויף אלימלכס געשטופּלטן פּנים, אויף דעם שוחטס געהירן און אויף אײַזיק קצבס לונג־און־לעבער!...

יעדן אײנעם פון שטאָט האָט ער אײַנגעטײלט „כיבוד" און דער כיבוד איז געוואָרן אַ טרעפלעכער. ער האָט יעדן „אויפגערופן" בײַ זײַן שוואַכקײט: יענער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, די באַקן האָבן געפלאַמט, די אויגן געגליט, כאָטש דאָס מויל האָט געשמײכלט און צוגעגעבן: — „אײַ, גוט, גוט, אײַ טרעפט ער צו, אַז געהרגעט זאָל ער ווערן אויפן גלײַכן וועג"...

אין די „ליצעטאַציעס" די נעכט פון חנוכה, איז קײנעמס חסרון נישט געבליבן פאַרהוילן. דאַניעס אויג האָט זיך אַ גאַנץ יאָר געשאַרפט, און זײַן צונג האָט ממש געשניטן ווי מיט אַ מעסער. דער עולם האָט זיך צוגע־ווינט צו זײַנע „שטוקעס" און נישט נאָר מאַנסבילן זענען געקומען צו „חנוכה־ליכט־בענטשן" אין בית־מדרש אַרײַן, נאָר ווײַבער און מײדלעך האָבן זיך אָנגעהאַלטן אין די גראַטעס פון דער „ווײַבערישער שטוב", כדי אַ קוק צו טאָן ווי אַזוי דאַניעלע „אַרבעט ווי פאַרן טויט".

און דאַניע האָט געאַרבעט, אַז די פינגער זענען רויט און שטײף געוואָרן פון פרעסן די ווײַסע, ווײכע קנוילן שנײ, ביז זײ זענען געוואָרן שטײַן־האַרט און ברודיק־בלאָ, און זענען גוט געווען צו טרעפן גלײַך דעם שמש אין די שפּיץ פינגער אַרײַן בעת ער האָט געוואָלט צוטראָגן דאָס אָנגעצונדענע פלעמל צו דער מנורה. דאַניעלע האָט געצילט מיט דער קנויל שנײ און זײַן קול האָט זיך נאָכאַמאָל אַרײַנגעשניטן:

— אַ ליצעטאַציע אויף ברוך קאַשעמאַכערס קילע־גאַרטל!

ברוך איז געוואָרן אָנגעצונדן. זיין פּנים איז אים אַזש שוואַרץ געוואָרן פון בושה.

ענדלעך האָט דער שמש אָנגעצונדן די חנוכה־ליכט. דאָניע איז געבליבן אַליין אין בית־מדרש, ווייל דער עולם איז אַוועק יעדער צו זיך, אָדער איינער צו אַנדערן שפּילן אין קוויטלעך און עסן געגנדזענע גריוון. דאָניע איז איצט פאַרלאָזן און פאַרגעסן געווען. האָבן זיך אים טרערן געשטעלט אונטער די פאַרשוואָלענע אויגן, און די האַנט, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרשוואָלענער מילץ פון נאַסן שניי, האָט זיך צוגעמאַכט אין אַ גרויסן פויסט, אַז ער האָט אַליין נישט געוווּסט צו וועמען און פאַרוואָס.

✶

דאָניע האָט אַ קאָפּ „ווי אויף רעדער", אַזוי האָט מען געזאָגט. אויסגעטראַכט האָט ער אַלע מאָל עפּעס אַזוינס, אַז דאָס שטעטל זאָל האָבן מיט אים צו טאָן, אים שילטן און דערביי הנאה האָבן.

ער האָט אויסגעטראַכט אַ מנהג, אַז שבת־צו־נאַכט צו די ערשטע סליחות זאָל מען רייסן בריקלעך. ווען אַלע זענען געווען אין שול, אין בית־מדרש, אין די „שטיבלעך", אָדער אין די מנינים, האָט דאָניעלע מיט אַ שאַרפער האַק און אייזערנעם שטאַנג אָפּגעהאַקט אַלע בריקלעך, אַלע טרעפּלעך צו די הייזער און געוועלבן. איז מען געקומען אַהיים און געזען דעם חורבן, האָט מען גלייך זיך משער געווען, אַז דאָס איז דעם יונגס שמד־שטיק, דערביי האָט מען אויסגעשאָקלט אַלע וויסטע קללות, וואָס האָבן געזאָלט זיין צו די ווילדע וועלדער — צו זיין קאָפּ און צו זיינע הענט און פּיס. צו מאָרגנס האָט מען זיך געקריגט מיט דער אייזשעכע. האָט די מאַמע אויסגעהערט און געזיפצט:

— וואָס זאָל איך טאָן מיט אים? אַז ער קען דאָך מיך אַוועקלייגן? עשו איז ער דאָך! איך גיב אייך רשות, נעמט אים און זעצט אים איין. זאָל ער פאַרפוילט ווערן אינאיינעם מיט זיין טאַטן, און אַ סוף.

נאָר גענומען און איינגעזעצט האָט אים קיינער נישט. וואָס ער איז, איז ער, אָבער אַ ייד איז ער דאָך. ווען מען זאָל נישט וועלן קיין סך „קאָלציע", וואָלט מען דעם פאָטער אויך אַרויסגענומען. נאָר ווער ווייסט

וויפל מען וועט זיך הייסן געבן, און ווער ווייסט גאָר אין וועלכער תפיסה ער שפּאַרט אָן...

האָט מען דאָניען אָפּגעלאָזט. און אין אַ יאָר אַרום איז דער „מנהג" געוואָרן גרעסער און אָנגעזעענער, אַז נישט בלויז דאָניעלע האָט זיך באַטייליקט, נאָר אַנדערע אויך. איינמאָל אין אַ סליחות־נאַכט, האָט חברה צעטראָגן די הילצערנע פּאַרקאַנעס אַרום די הייזער, דעם פּלויט פון הויפּישן סאָד און די בריקלעך איבער די רינשטאָקן.

דאָ האָט שוין דער „סטאַרשי סטראַזשניק" גענומען אַ האַנט און האָט שוין דאָניען געזוכט ביי דער מוטער און ביי די שכנים, פאַרשריבן זיין נאָמען און דעם דייטשישן נאָמען. נאָר דאָניע איז ווי אין וואַסער אַריין. נישט די מאַמע און נישט קיין שכן האָבן נישט געוווּסט ווו זיין געביין איז אַהינגעקומען. אין די מנינים האָט מען געזאָגט, אַז ער מוז זיין ביים אַלטן גלח. אַנדערע האָבן פאַרטראַכט, אַז ער איז ביים חזיר־קיילער, און אַז מען האָט געפרעגט ביי דער אייזשעכע ווו ער קאָן זיין, האָט זי געענטפערט:

— כ'קען באַשטיין, אַז זיין נאָמען זאָל צוריקקומען.

*

נישט בלויז זיין נאָמען, נאָר טאַקע דן אַליין, און צוזאַמען מיט אים איז מיטגעקומען אַ פּאָר נייע שטיוול מיט לאַקירטע כאַלעוועס אויף זיינע פיס, אַ קורץ רעקל אויסגעבעט מיט וואַטע, אַ וואָלענער שאַל — אין רויטע און גרינע שטרייפן, אַנדערהאַלבן מאָל אַרומגעוויקלט זיין האַלדז, און אַ פוטערן היטל מיט „לאַפּן" איבער די אויערן.

האָט מען אויסגעגלאָצט די אויגן, געעפנט די מיילער, געצויגן מיט די פּלייצעס און מען איז געוועזן זיכער, אַז עס איז שוין נאָך דעם שמד...

האָט די אייזשעכע קוקנדיק אויף אים געוויינט, נאָר די יידן האָבן עפּעס אָנגעהויבן זיך איידעלער צו אים באַנעמען. אַ קשיה אויף אים, ער קאָן נאָך ווערן אַ מסור.

נאָר אַזוי ווי מען האָט נישט געזען, אַז דאָניע זאָל זיך חברן מיט גויים, נישט געזען אים גיין זונטיק אין קלויסטער אַריין, פאַרקערט, נאָר

מיט די יידישע „פּאַדפּיסאָווע" האָט ער געהאַט צו טאָן, איז געבליבן, אַז ער האָט זיך נישט געשמדט. איי, ווו האָט ער גענומען די בגדי מלכות? — אפשר האָט ער באַגנבעט אַ טומאה...

דער האַרבסט האָט זיך אויסגעהאַנגען פאַר די פענצטער ווי גרויסע טאָוולען מיט בליי. עס איז נישט געווען קאַלט, די זון האָט געשיינט, נאָר אין די ביינער האָט געבראָכן.

האָבן ווייבער אַרומגעשמירט מיט ליים די ראַנדן פון די שויבן, גלעזערס האָבן געקיטעוועט, און די טאַטעס האָבן אַראָפּגענומען פון די בוידימער די דאָפּלטע פענצטער...

זענען פויערימלעך געקומען אין מאַרק אַריין מיט בינטלעך האָלץ, איז עס באַלד אויסגעכאַפּט געוואָרן. אַרום דעם אַלטן פּלומפּ, וואָס איז געשטאַנען און געזשאַווערט זינט חדר־יינגלעך געדענקען, איז יעדן טאָג געווען אַ שטיקל יאַריד. טאָרף און שטרוי זענען פאַרצוקערט געוואָרן. האָבן די גוים אײַנאײַנגעוועגס געקויפט שטיוול און וואַטענע לייבלעך.

דאָניע איז געווען פאַרנומען פון דער פרי ביז צום צווייטן אינדערפרי. ער האָט אָנגעפירט די חברה „פּאַדפּיסאָווע". כאָטש שרייבן האָט ער נישט געקאָנט, האָט ער פונדעסטוועגן געהאַט „אויפן קאָפּ" דעם גאַנצן צעטל מיט נגידים, וועלכע האָבן געדאַרפט געבן „אויסלייז־געלט", „ביר־געלט" און סתם געלט.

און אַז מען האָט נישט קיין חשק געהאַט צו געבן „אויסלייז־געלט", האָט דאָניע פאַרנאַכט אַרייַנגעשטעקט גרויסע טשוועקעס אין די שפּאַלטן פון די לאָדנס און ווען די דינסט־מיידן האָבן פאַרמאַכט די פענצטער, האָבן זיך אַלע שויבן אויף אַמאָל אויסגעבראָכן און צומאָרגנס האָט ער זיך געריצט:

— אַז מען גיט נישט יעקבן גיט מען עשון, וועלן די גלעזערס האָבן אַ גוטע פּרנסה.

— וואָס האָסטו צו טאָן מיט די „פּאַדפּיסאָווע"? — האָט אים די מאַמע געפרעגט איינמאָל, ווען זי האָט די זכיה געהאַט אים צו זען פאַר אַ רגע אין שטוב.

— איך וויל זיי „אָנלערנען" — האָט דאָניע געענטפערט. די מאַמע

האָט נישט געוווּסט ווּעמען ער מיינט, האָט זי אַ זיפץ געטאָן, גענומען ביידע קוישן, איינגעשניטן מיט זיי אירע אָרעמס און איז אַרויסגעגאַנגען.

אין דער צייט פון פּריזיוו האָט דאָס שטעטל געיאָכצט און געקרעכצט אונטער דאָניעלעס יאָך, אַפילו דער „סטאַרשי סטראַזשניק" האָט גאָרנישט געקאָנט טאָן, און זיין טענה איז געווען אַ גערעכטע:

— זיי גייען דינען דעם קייסער און קיין שטיוול האָבן זיי נישט, און קיין וואַרעמע לייבלעך אויך נישט, און אויף קיין טיטון אויך נישט, פאַרוואָס זאָלן זיי נישט געבן? אַ בראַנד אין זייערע פאָטערס און מוטערס אַריין, — האָט זיך דן געהיצט.

דער „סטאַרשי סטאַרזשניק" האָט זיך אַריינגעלייגט און אַרויסגעקראָגן פון די „נגידישע חזירים" עטלעכע פונט טאַבאַק, עטלעכע היטלעך צוקער, עטלעכע שאָק הערינג, אַ הונדערט רובל געלט און דער עולם האָט זיך באַרויִקט.

די „פּאָדפּיסאָוועס" זענען שוין געהאַט אָוועק קיין קאָזשעניץ. יעדנס גורל איז שוין געווען אַן אָפענער: פאַר ווּעמענס אויגן עס האָבן זיך שוין אויסגעשפּרייט ווייטע, טיף־פאַרשנייטע פעלדער פון „טיף ראַסיי", און פאַר ווּעמען עס האָבן זיך געמאָלן די טונקעלע קאַזאַרמע־ווענט אָנגעפילט מיט זויערקייט פון ברויט, שווייס און „קאַפּוסטע".

דאָניען האָט דער דאַזיקער ריח געקיצלט אין דער נאָז. כאָטש ער אַליין האָט זיך אַזוי אָנגעהערט ווי מען פּייניקט ביי די זעלנער, האָט זיך אין אים דערוועקט אַ חשק „צו גיין דינען". ער וואָלט אַלעמען געוויזן, וואָס עס הייסט טשעפּען יידן. נאָר דאָניע איז נאָך קיין צוואַנציק יאָר נישט אַלט געווען, און אויסגעזען האָט ער נאָך יינגער, קיין סימן פון אַ בערדל האָט נאָך זיין פּנים נישט אַרומגעזוימט. בלויז נאָר אַ שוואַרצער צייכן, ווי אַן איינגעריסט פּאַסעקל הינטער דער נאָז, אויף דער אויבערשטער ליפּ, האָט אָנגעזאָגט די בשורה, אַז עס שפּראָצט אים שוין אַ וואָנסע...

אינדערפרי, ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז די מאַמע שוין נישט געווען. ער האָט געקוקט צום בעט און זיך געוווּנדערט, וואָס נאָך אַזאַ נאַכט איז זי אויפגעשטאַנען און געגאַנגען מיט די קוישן. ער האָט געטראַכט, אַז די קרעכצן האָט זי דאָ איבערגעלאָזט אונטערן שוואַרצן פאַרפעצטן

קישעלע, און ביינאַכט, ווען זי וועט זיך לייגן, וועט זי זיי ווידער אַפּירנעמען און ווידער זיפצן.

ניין, ער וועט שוין די היינטיקע נאַכט נישט אַהיים קומען.

ער האָט געקוקט אויפן טיש, ווו זיין מאַמע פלעגט אים קליי־נערהייט איבערלאָזן אַ שטיקל ברויט און אַ פאַרפוילטע באַרנע — איצט איז גאָרנישט געלעגן. האָט ער נישט געוווסט צי זאָל ער צופרידן זיין, צי זאָל ער צערנען. ער האָט זיך אָבער געפילט פאַרשעמט און אויפגעוואַקסן.

ווען ער איז אַרויס, האָט שוין געמוזט זיין שפּעטער טאָג, ווייל עס איז געווען דאָנערשטיק, יאַריד. די פויערים זענען געווען פאַרזאַמלט, די פורלעך איינגעפּרעסט איינס אין צווייטן אַריין, די פערד אויסגעשפּאַנט און צוגע־בונדן צו די זעקלעך מיט האָבער און שעטשקע. דאָניע איז דאָס ערשטע געגאַנגען צו חיים ריוועס הויז, זיך געשטעלט פונדערווייטנס זען וויפל שויבן ער האָט אויסגעשלאָגן. האָט ער געזען ווי איין פענצטער איז געווען פאַרקלעפּט מיט אַ ווייס שטיק פּאַפּיר.

האָט ער געטראַכט: ווען נישט די מעשה מיט אויסהאַקן די שויב, וואָלט ער איצט געזעסן אין קיך פון חיים ריוועס. אסתר קניפּלס וואָלט איצט געשטופּט אין זיינע קעשענעס שטיקער געבראָטנס פון דער נעכטיקער וועטשערע.

דאָניע האָט זיך געטייעט אָפּצוטאָן אַזוינס, אַז דאָס שטעטל זאָל קלינגען מיט אים. דאָס בלוט האָט זיך אין אים געצונדן און די רציחה האָט אַרויסגעשפּאַרט. איצט, אַז דער הונגער האָט גענאָגט, איז אים געבליבן נישט אַנדערש ווי צו לויפן צו שלמהל „תרח" דעם גלעזער, און פאַר אַ גילדן נעמען אויסשלאָגן אַלע פענצטער ביי די נגידים פון שטעטל.

נאָגנדיק דאָס שפּייעכץ, האָט ער זיך געשטופּט דורך פורן, וועגענער און פערד. אַרויסקומענדיק צום ראַדאָמער שאָסיי, האָט ער עפּעס דערזען אַזוינס, וואָס האָט אים שוין נישט געלאָזט קיין טריט שטעלן.

ביי איטשע קאָפּלס „שטעל" איז געווען פאַרזאַמלט אַ רעדל מיט פויערים און געמאָסטן באַרקענע היטלען און פּליושענע קוטשמעס. די פויערימלעך זענען געווען גוט אָנגעוואַרעמט, ווייל בעת זיי האָבן אַראָפּ־

גענומען זייערע היטלען אָנצומעסטן די קוטשמעס, האָט אַ פּאַרע געזעצט פון זייערע רויטע שטערנס.

איטשע קאָפּלס איז געווען פאַרשמייעט, זיך כסדר געשפּיגן אין דער האַנט אַריין און מיטן שפּייעכץ געגלעט איבער די שוואַרצע הערעלעך פון גלאַנציקן פּליוש פון די קוטשמעס, גלייך ער וואָלט זיך געבעטן ביי זיי, זיי זאָלן אײַנליגן, זיי זאָלן זיך נישט קאַפּויער שטעלן, ביז די פויערימלעך וועלן האָבן באַצאָלט...

דאָניע האָט אָבער געזען, אַז די כאַמעס וועלן נישט קויפן, נאָר נעמען אויף „גראַנדע״, ווייל עס איז „פּאָסוטסוואָ״־צייט.

און אַזוי איז טאַקע געווען. ווען די פויערים האָבן שוין געהאַט אָנגעטאָן די פּוטערנע היטלען, האָט איינער זיך גענומען דינגען מיט איטשע קאָפּלס. אַ פּאַטש אין דער האַנט: „אַראָפּ אַ צווייער! אַ פּאַטש אין דער האַנט: אַרויף אַ צווייער!״ אינמיטן דינגען זיך איז איינער אַ הויכער גוי, מיט אַ פּנים פון אַ יונגן שייגעץ, דערווייל אַוועקגעלאָפן. האָט זיך איטשע געכאַפּט און גענומען שרייען און נאָכיאָגן. האָבן די איבעריקע צעכאַפּט די היטלען און זיך צעיאָגט איבער פאַרדרייטע וועגן צווישן די פאַרפּלאָנטערטע פורן. האָט איטשע אָנגעהויבן שרייען געוואַלד! האָבן די אַנדערע טאַנדייטערס, וואָס האָבן געהאַט אַרויסגעהאָנגען רעקלעך, הויזן און שטיוול, גענומען שנעל אַראָפּרוימען, און נישט וויסנדיק פון וואָס צו זאָגן, האָבן „זיצערקעס״ גענומען לויפן און ביני־לביני האָבן זיך פאַרהאַקט די געוועלבער און די אויפקויפערס אין גאָס האָבן גענומען העשען, גלאָצן מיט די אויגן און וואַרפן מיט די צינגער פון שרעק און ציטער.

בלויז דער „יונג״ איז געשטאַנען און זיך נישט פאַרלוירן. ער האָט פריער געוווסט וואָס דאָ וועט זיין. איז ער געטאָן אַ לויף אַרויף אויפן הילצערנעם דעכל פון פּלומפּ און פון דאָרט מיט דעם גאַנצן „זאַמאַך״ זיך געגעבן אַ לאָז אַראָפּ אויף די אַקסלען פון איין פויערל, וואָס איז אויך געווען ביי דער „חתונה״, אַז דאָס פויערל איז אומגעפאַלן ווי אונטער אַ מויער, וואָס וואָלט אים פּלוצלינג פאַרשאָטן.

און דאָניע האָט זיך מיט די קני איינגעגעסן אין יענעמס בויך, מיט

איין האַנט האָט ער צוגעדריקט דאָס צעיאַכמעטע פּנים און מיט דער אַנדערער האָט ער אַזוי געשלאָגן, אַז בלויז אַ גוסטדיק קרעכצן האָט זיך געהערט פון פויערס ציין אַרויס און אַ ברודיקע שוים האָט געוואַליעט.

האָבן די גויים געזען ווי מען שלאָגט אַ זייעריקן, זענען זיי זיך צעלאָפן, נאָר באַלד זיך אומגעקערט, אָבער דן האָט דעם פויער שוין געהאַט אָפּגעלאָזן און ווי אַ יונגער הירש איז ער געשפרונגען מיט קונצען־מאַכערישער לייכטקייט איבער די פורן, אויף די רעדער, דורך די פלייצעס פון די פערד. האָט זיך דאָס פויערים־פאָלק געלאָזט אים יאָגן, איז ער פון זייערע אַקסלען געשפרונגען, איבער פאַרקענעס אַרויף אויף דעכער ווי אַ טייוול.

האָט זיך דער המון נישט באַרויקט און זיך געלאָזט צו די לאָדנס פון די פאַרהאַקטע געוועלבער. האָט זיך דאַניע ווידער באַוויזן מיט אַ שווערן דישל און מיט איין לאַז אַראָפּ האָט ער צען קעפּ צוגעדעקט! נאָכאַמאָל אויפגעהויבן און נאָכאַמאָל אַראָפּגעלאָזט.

מער האָט מען שוין דאַניען נישט געזען, נאָר ביי וועלוול רופא אין דער „ראַזורע״ איז געווען ווי אין אַ שלאַכט־הויז: אַלע שטולן, אַלע ווייסע פאַרהענגלעך און ליילעכער זענען געווען פאַרשמירט מיט בלוט, און וועלוול מיט זיינע געזעלן האָבן אַוועקגעלייגט די שער־מאַשינקעס, די בריטוועס, און מיט די גאַל־בערשטלעך האָט מען געטונקט אין יאָדינע און געפּליאַסקעט איבער די צעקיילטע קעפּ און ברוינע בלאָע ביילן...

✶

פרייטיק איז אין שטעטל געווען שטיל, שוין צו שטיל. די געוועלבער זענען געווען אָפן, די זיצערקעס זענען געזעסן ביי די „שטעלן״, נאָר קיין ערל האָט זיך נישט געוויזן פאַר דער ליכטיקער שיין.

האָט זיך פאַררוקט אַ מורא אין די אויגן אַריין, און אין מרחץ האָט מען געשמועסט, אַז מען דאַרף עפּעס טאָן כדי איבערצובעטן דאָס „געהינטעכץ״. געריכט האָט מען זיך אויף זונטיק, אַז זונטיק וועט זיין צו זינגען און צו זאָגן. אַז גלאַטיק וועט עס נישט אָפּגיין.

נאָר וואָס אַזוינס מען דאַרף טאָן, האָט קיינער נישט אָנגעהויבן צו וויסן. דערווייל האָט זיך אונטערגערוקט דער שבת, איז מען שוין סיי ווי געבליבן ווי געבונדן.

ווו דאָניע איז אַהינגעקומען האָט קיינער נישט געוווּסט. קיינער האָט אַפילו וועגן אים נישט געטראַכט. נאָר ווען פאַר קבלת־שבת, אין מאַדזשיצער שטיבל, ווו דער רב האָט געדאַוונט, האָט עמעצער געוואָלט אַרויפוואַרפן די „בייגל" אויף דאָניעלען, אַז ער וועט דאָס שטעטל נאָך אומברענגען מיט זיינע שטיק, האָט דער רב, נישט קוקנדיק קיינעם אין פּנים אַריין, זיך אָנגערופן ווי צום שטענדער:

— ער האָט זיך דאָך אָנגענומען פאַר יידן.

וואָס טיפער דער שבת האָט זיך אַריינגעגאָסן אינעם שטעטל, אַלץ גרעסער איז דער פּחד געוואַקסן. צום שלוש־סעודות זענען די „מאַדזשיצער" געזעסן ביים רב, יעדער איבער זיין כזית און מיט יעדן שאָקל פון קאָפּ און פּלייצע האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז עס דערנענטערט זיך די בייזע שעה.

פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ שלוכצן, אַ קרעכצן, אויסגעמישט מיט אַ געוויין. דאָס האָט זיך באַוויזן אין דער שטוב פון די מאַנסבילן די אייזשעכע, דאָניעס מאַמע, ווי זי וואָלט אַרומגעשוועבט אין חושך פון טיפן בין־השמשות. איר פּנים איז צוגעשוואָלן נאָענט אויבנאָן, ביים רב און אַרויסגעיאָמערט:

— יידן, זיי וועלן אים דורס זיין, זיי וועלן אים אומברענגען, טוט עפּעס.

— לאָמיר בענטשן! — האָט דער רב שטיל אַרויסגעקרעכצט.

תיכף נאָך הבדלה, האָט דער רב גענומען דאָס יאַמשענע שטעקעלע אין האַנט, דער געלער לייביש האָט זיך אָנגעטאָן דאָס טוכענע היטל, אַ זאַך וואָס ער טוט קיינמאָל נישט אין אַ שבת־צונאַכטס פאַר מלווה־מלכה, דער שמש האָט אָנגעצונדן דעם לאַמטערן און אַלע דריי זענען אַוועק צום „וואָיט".

כאָטש דער „וואָיט" האָט געגעבן גוטע הבטחות, צוגעזאָגט, אַז ער וועט אויך רעדן מיטן גלח און מיטן סטאַרשי סטראַזשניק, האָט פונדעסטוועגן דער שליח־ציבור, דער געלער לייביש, זיך נישט געקענט באַרויִקן. ער האָט ווינציק גערעדט, ווייניק צו פאַרשטיין געגעבן: ער האָט געדאַרפט

זאָגן, אַז טאָמער גייט עס אין געלט, איז נישטאָ קיין אָרעם קהל... נאָר ווען דער רב האָט זיך אָנגערופן צו די מקורבים, אַז מען דאַרף דעם יונג אַוועקשיקן פון שטאָט, האָט דער ערשטער לייבוש מסכים געווען.

האָט דער שמש אויסגעזוכט דעם יונג. ביים קאַשעמאַכער אויף די זעק מיט פראָסע איז ער געלעגן, און אים געבראַכט צום רב, פאַר די אויגן פון קהל.

דאָניע האָט געמיינט, אַז מען וועט אים פאַרוואַרפן, פאַרוואָס ער האָט זיך געוואָרפן אויף די גוים. דערפאַר האָט ער געהאַט אָנגעזאַמלט אַ פול מויל מיט שפייעכץ, אַ כראַקע צו טאָן אַלע אין די פנימער אַריין. דערפאַר האָט ער אויך נישט געענטפערט ביים אָנהייב, ווען מען האָט צו אים גערעדט, נאָך דערנאָך, זעענדיק, אַז די אויגן פון רב זענען אַזעלכע מילדע, און אַפילו דער געלער לייביש רעדט אַזוי פאָטערלעך גוט, האָט ער דאָס אָנגעזאַמלטע שפייעכץ אַראָפּגעשלונגען, און געזאָגט שטיל, ווי דערמיט אַליין וואָלט ער זיך פאַרענטפערט:

— איך וויל אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע, און פון מיינטוועגן מעג זיך דאָס שטעטל אָנצינדן.

— קיין אַמעריקע? — האָט זיך דאָס זעלביקע וואָרט ביי עטלעכע אויף די ליפּן אַרויסגעריסן. דער געלער לייביש האָט זיך אָנגערופן:

— ער איז גאַנץ גערעכט, וואָס וועט ער זיך דאָ אַרומדרייען און אָפּטאָן אַלע מיאוסע זאַכן און די שטאָט זאָל ווערן אַ כפרה פאַר אים. זאָל ער פאָרן, די פרעמד וועט שוין מאַכן פון אים אַ לייט. איך גיב אים אַ פּאָר שטיוול מיט אויפן וועג, אַ פּאָר נייע שטיוול.

— נו, און אויף הוצאות הדרך? — האָט זיך דער רב אָנגערופן.

האָט מען זיך אַוועקגעזעצט חשבונען מיט טינט און פעדער אין האַנט. מען האָט אַרויפגענומען אויפן צעטל צום ערשט אַלע נגידים, דערנאָך די תבואה־הענדלער, דערנאָך די קרעמער, די בעל־מלאכות און אַפילו די לויפער, די וואָס לויפן איבער די דערפער און קויפן אויף אַלטע זאַכן ביי די פויערים. מען האָט אונטערגעצויגן דעם חשבון און אויפן פּאַפּיר איז געבליבן אַ הונדערט קערבלעך נאָך מיט אַן עודף...

דער זונטיק פון צומאָרגנס איז געווען אַ זונטיק ווי אַלע זונטיקס.

פון באַלד אינדערפרי אָן האָט מען געזען דעם „סטאַרשי״ אַרומגיין אָנגעטאָן די רויטע שנור פון זיין רעוואָלווער אויפן שוואַרצן שינעל... די צוויי „סטראַזשניקעס״ זענען געשטאַנען ביי ביידע עקן פון שטעטל — איינער אויפן ראָדעמער און איינער אויפן פילעווער שאָסיי. דער „וואָיט״ איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין זיין וואַטענער קורטקע. די מעשענע קייט האָט געוויזן, אַז ער איז איצט אין דינסט.

נאָר גאָרנישט האָט פּאַסירט. די פּויערימלעך, שוין אָנגעטאָן אין ווינ־טערדיקע „סוקמאַנעס״, מיט באַרקענע קוטשמעס, זענען געקומען, געגאַנגען אין דער תיפלה אַריין, און דערנאָך זיך צעלאָזט איבער די געוועלבן און שטעלן, איינקויפן זיסוואַרג.

זענען יידן געווען גוט צו זיי. פאַר די קליינע פּויערימלעך, מיט די ווייסע, פלאַקסענע קעפּלעך, האָט מען געגעבן קאַרמעלקעס, און אַז איינער האָט געקויפט אַ גריסקע, האָט מען אים צוגעגעבן אַ שטיק שטריצל...

נאָך אַזאַ „שטילן זונטיק״ וואָלט מען שוין אַוודאי פאַרגעסן אין דאַניען און אין די צוזאָגעכצן. אָבער דער רב און דער געלער לייביש האָבן נישט גערוט ביז זיי האָבן דאָס זייעריקע נישט אויסגעפירט: עס וועט זיין בעסער פאַר דער שטאָט און גלייכער פאַר דעם לאָבוז, אַז מען וועט אים משלח זיין.

איז דער רב, דער געלער לייביש און דער שמש אַרויס איבער דער שטאָט מיט דעם צעטל און אַ רויטער פאַטשיילע און אין צוויי טעג אַרום האָט מען שוין אין בית־דין שטיבל פון רב געציילט גילדנס, פּופּציקערס, האַלבע רובלס און גאַנצע קערבלעך. מען האָט דעם „נדן״ אויסגעביטן אויף באַנק־צעטלעך, עס אים איינגענייט אין לייבל, מיטגעגעבן אַ פּאָר אַלטע תפילין. די מאַמע האָט אים איינגעפּאַקט אַ זעקעלע מיט געטריקנטע יאַנגאָלקעס און מיטגעגעבן דעם טאַטנס העמדער, וואָס זענען געלעגן נאָך פון דער חתונה אָן, און האָט זיי קיינמאָל נישט געהאַט די זכיה אָנצוטאָן. דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען ביי דער בויד, אויף וועלכער דאַניע איז געזעסן גרייט אַוועקצופאָרן קיין גאַרבאַטקע, צו דער „קאָליע״ און פון דאָרט צו דער גרענעץ.

אַז אַלע זענען שוין געווען, איז דער רב אַליין געקומען זיך געזעגענען. דער מאַמען האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן: אין וועלכן זכות, אַז ער קאָן אַפילו קיין „מודה אני״ נישט זאָגן? אפשר וועט זיך שוין דער אייבערשטער אויף אים מרחם זיין.

דער רב האָט אים געגעבן די האַנט און געזאָגט:

— פאָר בשלום און זאָלסט זיין אַ ייד, וועט דיר גוט זיין, וועט דיין מאַמען גוט זיין און דיין טאַטן. עס איז נאָך ווייניק וואָס מען נעמט זיך אָן פאַר יידן, דער עיקר טאַקע דאַרף מען אַליין זיין אַ ייד.

דאַניע האָט מיט יעדן שאָקל פון דער האַנט אויף צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, גלייך ער וואָלט מסכים געווען אויף אַלץ, וואָס דער רב זאָגט אים אָן.

פּלוצלינג האָט ער אַ קוק געטאָן צו זיין מאַמען, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט איר אַפילו קיין קוש נישט געגעבן, נאָר איצט איז נישט שיין. די מאַמע זיינע איז איינע אַליין געשטאַנען אַוועקגערוקט פון אַלע ווייבער, גלייך ער וואָלט נישט איר זון געווען. ער האָט געזען איר איינגעקאַרבט געל פּנים — די אויגן זענען געווען ווי מיט רויטע סטענגעלעך אַרומ־געזוימט, די אָפּגעריבענע שובע, וואָס זי האָט געטראָגן, פון וועלכער עס האָבן אַרויסגעהאָנגען ברודיקע, וואַטענע צויטן, האָט אים אַזוי פאַרקלעמט ביים האַרצן אַז זיין קאָפּ האָט אויפגעהערט זיך מיטצושאָקלען מיט דער האַנט, וואָס דער רב און דערנאָך דער געלער לייביש האָט נישט אָפּגעלאָזט.

און ווען די בויד האָט זיך אַ ריר געטאָן, האָט ער אויסגעשריען:

— איר זאָלט דאָ אָפּהיטן מיין מאַמע, אַ נישט וועט אַ דונער אין אייערע פאַרסרחנטע געדערים אַריין!

## קאַפּיטל צוויי

אויף דער שיף האָט זיך דאַניע דערוווּסט, אַז ער פאָרט נישט קיין אַמעריקע. אַ פריצל אין אַן ענג רעקל מיט קורצע אַרבל, וואָס האָט אין „קאָנטאָר״ גערעדט אַזאַ „האַך יידיש״, וואָס ער האָט נישט פאַרשטאַנען, האָט צו אים דאָ, אויף דער דעק פון שיף, גערעדט פּראָסט לשון, ווי דער געלער לייביש. ער האָט אים נישט אַנדערש גערופן נאָר יואל... יואל, דו

פֿאַרסט נישט קיין אַמעריקע, ווייל דו האָסט נישט גענוג געלט. מען מוז דאָרט ווייזן פּופּציק דאָלער — פֿאָרסטו קיין בראַזיליע, עס איז נאָך בעסער ווי אַמעריקע.

האָט ער זיך אונטערגעגעבן דעם גורל ווי אַ שטומע שאָף: נישט געפֿרעגט קיין קשיות, זיך נישט געשטופּט צום עסן, איז אַריינגעגאַנגען אין שפּייז־זאַל, ווען אַלע זענען שוין געזעסן ביי די טישן.

וואָס ווייטער מען איז געפֿאָרן איז די היץ געוואָרן גרעסער, אומדער־טרעגלעכער.

דער שווייס האָט געברענט, ווי דאָס זאַלץ אויף אַ ברען־בלאָז. דאָניע האָט געפּאָכעט פֿון זיך און האָט אַלע מאָל אַרונטערגענומען פֿון זיין שווער־געוואָרענעם גוף עפּעס אַנדערש.

דאָניע איז געלעגן פֿאַרשטעקט צווישן רעדער און שטריק אויפֿן דעק און געשאָלטן דעם געלן לייביש מיט טויטע קללות. מער האָט ער פֿון קיינעם נישט געטראַכט, נישט פֿון דער מאַמען און נישט פֿון אסתר קניפּלס. דער געדאַנק האָט זיך צוגעמאַכט אין זיין מוח.

עס זענען געווען טעג, אַז ער האָט אַפֿילו פֿאַרגעסן וווהין ער פֿאָרט. עס האָט אים אויסגעזען, אַז די שיף וועט זיך אַזוי שלעפּן און שלעפּן אַלע יאָרן, וואָס ער האָט צו לעבן און אפשר וועט זי זיך קיינמאָל נישט דערשלעפּן אַהין.

אויפֿן דרייסיקסטן טאָג האָט דאָניע אָנגעהויבן זען אַן ענדערונג אויף דער שיף:

די איינגעפּעצטע מאַטראָסן זענען געשפּרונגען איבער שטריק און רעדער, אויפֿגעבונדן די פּלאַנדעקעס, וואָס האָבן פֿאַרשטעלט די זון איבער די קעפּ. די הויב־מאַשינען האָבן געסאָפּעט, געשפּיגן מיט פּאַרע. עס האָבן אָנגעהויבן אַרויסקומען פֿון דער טיפֿעניש, וואָס אַמאָל, מער רענצלעך, וואַליזקעס, קאַסטנס, אַרומגעבונדן מיט שטריק, די זעלבע, וואָס ער האָט געזען אויפֿלאָדן ביים אַרויפֿגיין אויף דער שיף.

ער האָט געזען פּנימער — ווייסע מיט רויטע וואָנסן. געזיכטער מיט פֿאַרשפּיצטע שטערנס; לאַכנדיקע אייגעלעך און זידלענדיקע ליפּן...

און צוזאַמען מיט די קעסטלעך האָט דאָניע געזען, ווי עס קומען אַרויף

די „דייטשן" מיט וועלכע ער איז דרייסיק טעג געזעסן ביי איין טיש און געשלאָפן אויף איין דעק. האָט דאַניע זיך משער געווען, אַז מען איז שוין אָנגעקומען, און מען וועט באַלד אַראָפגיין פון דער שיף. איז ער געוואָרן אומרויִק.

די גאַנצע הילפלאָזיקייט איז אים אַריין אין די אויגן. האָט ער מורא געהאַט צו קוקן אַהין, דאָרט ווייט, ווו עס איז אַלעמאָל העכער און העכער אַרויסגעוואַקסן אַ באַרג, פון מיטן וואַסער, און אַהין און צוריק זענען אָנגעפלויגן טשאַטעס פייגל, ווי די קראָען, זיך געדרייט אַרום דער שיף, און ווידער אַוועק, ווי אָנצוזאָגן די בשורה, אַז ער, דאַניע, קומט...

די, וועלכע זענען נאָך נישט געווען איינגאַנצן אָנגעטאָן, זענען געזעסן אויף זייערע קעסטלעך און זיך געלאָזט שערן און ראַזירן פון אַנדערע. קיינער אויפן גאַנצן דעק איז נישט געווען אַליין. אַפילו די, וואָס זענען גלייך ווי ער איינזאַם אַרויף אויף דער שיף האָבן זיך באַלד באַפריינדט איינס מיטן אַנדערן און איצט שטייען זיי שוין קופּעסווייז און קוקן זיך אויס די אויגן צום ווייטן ברעג, וואָס ווערט אַלעמאָל ווייסער און נענטער.

האָט זיך דן אויך אָנגעטאָן זיינע מלבושים: די וואַטענע קורטקע, וואָס איז זינט עס איז הייס געוואָרן געהאָנגען אויפן אייזערנעם האַטשיק אונטערן „דעכל" פון זיין בעטל. ער האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך די שטיוול. באַר אַזוי ווי ער האָט נישט געזען קיינעם אין שטיוול, האָט ער די הויזן אַריבערגעצויגן איבער די כאָליאַוועס, כדי עס זאָל אויסזען, ווי שטיוולעטן... ער האָט זיך „פאַרפּוצט" מיטן שאַליק אַרום האַלז, אַרויפגעקעמט די האָר, אַראָפּגערוקט דעם דאַשעק פון זיין וועלאָסיפּעד־היטל איבער איין אויג, צוריק אויפגעהויבן דעם קאָפּ און — זאָל זיין וואָס עס וועט זיין!

ווען ער איז שוין געשטאַנען אונטן, און די היץ האָט איינגעווייקט די וואַטע פון זיין רעקל אונטער די פּאַכוועס, און דער שווייס האָט געשטאָכן אונטער די אָרעמס, האָט ער זיך אַרומגעקוקט, ווו ער איז ערגעץ אין דער וועלט. ווו דעם ערשטן טראָט צו שטעלן האָט ער נישט געוווסט. דאָס לשון פון די מענטשן אַרום האָט אים געקלונגען פרעמד.

ער האָט אויפגעהויבן די אויגן און געזען פאַר זיך בלויז זון. אַזויפיל זון האָט ער אַפילו אויף דער שיף נישט געזען. אַלע דעכער, אַלע הייזער,

אַלע גאַסן און פּלעצער האָבן זיך געטונקען אין אַזאַ העלער, יונגער ליכטיקייט. די פּאַלמען־ביימער, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון אונטער די מויערן, האָבן ביי אים אויסגעזען, ווי גרויסע „וואַזאָניקעס", וואָס ער האָט אַמאָל געזען ביי חיים־ריוועס אין סאַליע. ער האָט אַמאָל ביי אסתר קניפּלס גענומען אַ שטיקל בלעטל פון אַזאַ געוויקס, ווען עס האָט זיך אים געמאַכט אַ געשוויר אויפן קאַרק...

די בערג וואָס דאָניע האָט פריער קוים אָנגעזען פונדערווייטנס, זענען איצט געשטאַנען איבער זיין קאָפּ אין שאָטנדיקער הויכקייט. ער האָט אַלעמאָל אַרויפגעהויבן זיינע אויגן, פאַרריסן דעם בליק, און אַלע רגע האָט זיך אַ ווינט אַראָפּגעיאָגט פון די בערג־שפּיצן און אַראָפּגעשאָסן אַ שטויב פון רויטן זאַמד.

דערווייל איז צוגעקומען צו דאָניען עפּעס אַ מענטשל אין אַ פּאָר שוואַרצע ברילן, אַ דאַר גופל, אַ טרוקן פּנימל מיט גראָע וואָנצעס, אַ קליין גראָ שטיקל בערדעלע. עס האָט אויסגעזען ווי אַן אָפּגעבלייכטער קמץ. דאָס מענטשל האָט אים צום ערשט באַטראַכט אינגאַנצן, דערנאָך זיינע הענט און דערנאָך געפרעגט:

— זינט זי יודע?

דאָניע האָט געוווּסט, וואָס דאָס איז „יודע", ווייל אויף דער שיף האָבן די „דייטשן" אים נישט אַנדערש גערופן. פונדעסטוועגן האָט ער נישט געענטפערט און אַריינגעקוקט דעם „מענטשל" אין די שוואַרצע גלעזער אַריין.

האָט דאָס „מענטשל" נאָכאַמאָל אים געפרעגט, שוין אין פּראָסטן מאַמע־לשון, צי ער איז אַ ייד, האָט דאָניע אים אויפסניי אָנגעקוקט, און געמיינט, אַז ער ענטפערט: יאָ.

— זינט זי אַ פּוילישער? — האָט ווידער יענער האַלב־דייטש און האַלב־יידיש זיך געווענדט.

— ניין, יאָך בין אַ ייד. — האָט דאָניע מיט זיכערקייט געענטפערט און צעשאָקלט זיינע הענט.

האָט דאָס „מענטשל" גיך געזאָגט:

— גוט, וועסטו אַרבעטן ביי מיר. עס וועט דיר גאָרנישט פעלן; אַז דו וועסט נאָר נישט זיין קיין פוילער, וועט דיר גאָרנישט פעלן.

## קאַפּיטל דריי

דאָס „מענטשל", ווי דאָניע האָט אים אין אָנהייב ביי זיך אין געדאַנק גערופן, איז אַמאָל געווען אַ מענטש, אַ גרויסער מענטש.

אין דער גרענעץ־שטאָט צווישן גאַליציע און אוקראַינע האָט ער געוווינט, געווען אַ זיידענער יונגערמאַן ביי שווער־און־שוויגער אין ר'עסטאָראַן אויף קעסט, געהאַט אין בוזים־קעשענע אַ „סמיכה" אויף שחיטה, נאָר קיינער האָט אים נישט געוואָלט אויפנעמען אַלס שוחט. אפשר צו יונג געווען, און אפשר ווייל די אַלטע שוחטים אין די קליינע שטעטלעך האָבן לאַנג געלעבט, געהאַט גוטע אויגן און פעסטע הענט, וואָס האָבן נישט געציטערט. האָט דער יונגערמאַן, וואָס האָט געהייסן ברוך כץ, דערווייל געמוזט שאַרפן די חלפים און זיי אויספּרוּוון אויף זיינע ווייסע נעגל פון די פינגער, און וואַרטן, ביז השם־יתברך וועט העלפן און ער, מיט זיין ווייב און זיין טעכטערל, וואָס איז שוין געווען אַ מיידעלע פון פינף יאָר, און גערופן האָט מען זי אויף גויִיש דווקא: אַנדזשע, וועלן אַראָפּגיין פון שווער־און־שוויגערס קעסט און פירן אַ הויז פאַר זיך, ווי מענטשן גלייך.

נאָר דער, וואָס איז איבער אונז, האָט געהאָלפן די אַלטע שוחטים מיט לאַנגע יאָרן, און דאָס איידעמל איז אַריינגעזעסן אין קעסט, ביז דעם שווערס רעסטאָראַן האָט אָנגעהויבן צו גיין שוואַך.

איינמאָל זענען צו דעם שווערס רעסטאָראַן צוגעפאָרן עטלעכע בוידן. אין דעם געשפּאַן פון די פערד, אין די כאָמוטעס און די טאָפּלטע דישלעס האָט מען דערקענט, אַז דאָס זענען „פּאַרשווינעס" פון יענער זייט, פון דער רוסישער זייט. די פּאַרשווינעס זענען אַראָפּ פון בויד, זיך צעזעצט ביי די לאַנגע טישן, אַרויסגענומען פון זייערע קלימעקלעך גאַנצע ברויטן מיט סלאָיִקלעך שמאַלץ, האָבן זיי זיך געהייסן דערלאַנגען טיי. בלויזע טיי אָן צובייסעכץ און אָן צוקער — צו רייביש אַ גלאָז.

האָט דער באַלעבאָס געזען, אַז קיין גליקן וועט ער שוין נישט מאַכן ביי די „חזירים" פון יענער זייט, האָט ער זיי דערלאַנגט טיי אָן צוקער

און זיי דערפֿאַר געגעכנט אי פּאַר צוקער אי פּאַר ציטרין, אי פּאַר דעם איינגעהייצטן אויוון, אי פֿאַר דער „אכסניה״.

האָט זיך אָנגעהויבן אַ דינגעניש, אַ זידלעניש. ענדלעך איז מען דורכגעקומען, די געסט האָבן עפּעס דערלייגט. דערפֿאַר זענען זיי שוין דאָ געבליבן ביז די פֿערד וועלן זיך האָבן „איבערגעפּאַשעט״, און אַליין וועט מען זיך אַ ביסל צושפּאַרן, ווער אויף אַ באַנק, און ווער זיצנדיק ביים טיש.

און אַז מען איז שוין געבליבן, האָבן זיך די „רוסישע״ געלאָזט ווילגיין: די יידענעס האָבן זיך צעבונדן זייערע שאַלן. אַרויסגעפּלאָנטערט די קעפּ, די קינדער האָבן זיך פֿריי געלאָזט און גענומען זיך יאָגן, איבער דער לאַנגער שטוב. דער סוף איז געווען, אַז דער רעסטאָראַטאָר מיט זיין ווייב האָבן צוגעגרייט אַ וועטשערע פֿאַר די פֿרעמדע, פֿאַר יעדן איינעם, וואָס ער האָט באַשטעלט, און דער עיקר הערינג אויפֿן רוסישן שטייגער, „מאַנירטן מיט ציבעלעס״. האָט דער עולם, וואָס איז באַשטאַנען פֿון העכער פֿערציק פֿאַמיליעס, זיך אויסגעזעצט ביי די לאַנגע טישן און געפּראַוועט אַ מאָלצייט.

האָט דער רעסטאָראַטאָר זיך שוין דערוווּסט, אַז די אַלע „געסט״ פֿאָרן אין אַ ווייט לאַנד אַריין, ערגעץ אין בראַזיליע, אין עק וועלט. דאָרט גיט מען זיי בחינם ערד פֿון באַראָן הירשס פֿעלדער. אַז זיי וועלן דאָרטן האָבן אייגענע וויינגערטנער, טייטל־ביימער — הכלל, מילך און האָניק.

האָט דער רעסטאָראַטאָר פֿרום צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און געהייסן דערלאַנגען נאָך אַ שיסל מיט קאַרטאָפֿל.

דאָס איידעמל אויף קעסט האָט זיך צעשמועסט מיט די יידן, און צוגעגעבן, אַז גאַנץ גוט טוען זיי. איידער זיך לאָזן אויסשעכטן פֿון „פּאָניע״, איז גלייכער צו פֿאָרן אין עק וועלט. זיין ווייבל, וועלכע איז געווען העכער פֿון אים מיט אַ קאָפּ און ברייטער מיט צוויי פּלייצעס, האָט אויסגעהערט די „צרות״, וואָס די ווייבער האָבן דערציילט, פֿונדעסטוועגן האָט זי איר אַנדזשען נישט געלאָזט נענטער צוגיין צו די עמיגראַנטישע קינדער זיך שפּילן, זי האָט עס איר געזאָגט שטרענג אויף פּויליש און אויף דייטש. זי האָט מורא געהאַט פֿאַר די „חולאתן״ וואָס זיי ברענגען אַריבער פֿון יענער זייט...

און אין משך פון שמועס איז מען אַרויפגעקומען אויף יידישקייט, און פון יידישקייט — אויף כשר פלייש און „שחיטה", און פון דעם האָט שוין דער שווער געגעבן אָנצוהערן אויף זיין איידעמל, וואָס איז אַ זיידענער יונגערמאַן און ווען מען זאָל אים מיטנעמען, וואָלט ער פאַר זיי געווען אַ שוחט און אַ חזן. האָבן די מענער איינגעזען, אַז ס'איז גלייך, און זיך אויסגענומען, אַז ער זאָל אויך שוין זיין אַ מוהל. האָט דער שווער זיך געדונגען און צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן שיקן נאָך אים און שיפסקאַרטן נאָך ווייב און קינד, וועט ער זיך אויסלערנען צו זיין אַ מוהל.

אין עטלעכע חדשים שפּעטער איז אָנגעקומען אין רעסטאָראַן אַ בריוו פון דער יק"א אין פאַריז, געשריבן אין פראַנצויזיש. איז מען געלאָפן צום לערער, ער זאָל איבערלייענען. האָט דער לערער איבערגעלייענט פאַר זיך איינמאָל אָן די ברילן, דאָס צווייטע מאָל מיט די ברילן און צום דריטן מאָל האָט ער איבערגעלייענט דעם בריוו פאַרן רעסטאָראַטאָר, פאַרן יונגנמאַן, פאַר זיין ווייב, און פאַרן קינד, וואָס מען האָט עס מיטגעבראַכט. געלייענט האָט ער דעם בריוו אויף אויסנווייניק צום דריטן מאָל, אַז ער, באָריס כּץ, זאָל קומען קיין פאַריז, זיך דורכשמועסן מיטן דירעקטאָר פון יק"א וועגן פאָרן קיין בראַזיליע אין דער יידישער קאָלאָניע פאַר ריטועלע צוועקן.

ווען נישט דאָס וואָרט בראַזיליע, וואָלט קיינער נישט געוווּסט, וואָס דער בריוו מיינט. האָט מען זיך דערמאָנט אין די „פאַרשוינען", וואָס זענען דאָ געווען, און אַזוי ווי ברוכל כּץ האָט אַלץ נישט געהאַט קיין „שטאָט" פאַר שחיטה, האָט דער שווער זיך איינגעשפּאַרט, אַז דער איידעם זאָל דווקא פאָרן אַליין, און זען וואָס און ווען, דערנאָך שרייבן נאָך דער פאַמיליע.

האָט דאָס ווייב, וואָס מען האָט זי גערופן פאַרצויגן רייזעלע, און אין דער אמתן האָט זי געוואָלט, אַז מען זאָל זי רופן „רוזשע", זיך אויס־געלאַכט פון פאָרן אין אַ פרעמד לאַנד צו די שוואַרצע מענטשן און אַז פאָרן וואָלט זי שוין בעסער קיין ווין. נאָר דער טאַטע אירער איז נישט אָפּגעשטאַנען און אויפגעוויזן, אַז דאָרט קען מען מאַכן אַ פאַרמעגן. איז זי שוין באַשטאַנען, נאָר וואָס דען, קיין פאַריז זאָל זי אַליין פאָרן, און

זען מיט אירע אייגענע אויגן און הערן מיט אירע אייגענע אויערן, וואָס פאַר אַ לייט דאָס זענען, וואָס זאָגן צו גאַנצע גליקן.

ברוך כץ, דאָס איידעמל, האָט געוואָלט מיטפאָרן קיין פאַריז. נאָך אַלעמען האַנדלט זיך עס דאָך אין אים. חוץ דעם קאָן זי נישט קיין פראַנצויזיש; ער אָבער קאָן לשון קודש — וועט מען זיך שוין איינפאַרשטיין...

רוזשע איז אָבער באַשטאַנען דערויף, אַז מיט דער „דייטשער שפראַכע" קאָן מען אָנקומען אַפילו צום קייסער.

האָט זי זיך אָנגעטאָן אין ווינער שיק, אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל אַכטונג געבן אויף אַנדזשעך, און איז אַוועקגעפאָרן קיין פאַריז. צוריקגעקומען איז זי אין אַ וואָך אַרום מיט אַ קאָנטראַקט געשריבן אין פראַנצויזיש און איבערגעזעצט אויף דייטש ביים עסטרייכישן קאָנסול. זי האָט געהאַט צוויי מיט אַ דריטל שיפסקאַרטן דריטע קלאַס קאַבינע, פינף הונדערט פראַנצויזישע פראַנק אין מזומן, און דאָס שוחטל האָט גענומען אויספרווון זיין חלף און זיין שטימע.

✶

וואָס נענטער די שמאָלע באַן האָט זיך געצויגן צו דער סטאַנציע, ווי דאָס גאַליציאַנער שוחטל מיט זיינע בני־בית האָבן געדאַרפט אַראָפּשטייגן, אַלץ גרעסער האָט דער פחד אַריינגעדרונגען אין זייערע הערצער.

רוזשע האָט געפּרוווט אַרויסקוקן, האָט זי אַ חוץ אַ גאָלדענעם לייטער, וואָס האָט זיך אָפּגעשלאָגן פון די וואַגאָנען־פענצטער אויף דער ערד, גאָרנישט געזען.

ענדלעך אין די באַן אָנגעקומען אין עריבאַנגאָ, די סטאַציע פאַר דער קאָלאָניע. דער קאָנדוקטאָר האָט ממש אויפגעריסן אַלעמען פון דרעמל, אַראָפּגעכאַפּט די פעקלעך זייערע פון דער פאָליצע און אַראָפּגעוואָרפן דורך די פענצטער און אָננעמענדיק זיי ביי די אַרבל, האָט ער זיי שנעל אַרויסגעפירט פון וואַגאָן. דערנאָך געטאָן אַ פייף, די באַן האָט אַוועקגעהוזשעט, און אַלע דריי זענען געבליבן ווי הענגען אין אַ דיקער פינצטערניש. עס איז אוממעגלעך געוועזן זיך פאָרצושטעלן, אַז דאָ איז

נאָך וועלט, אַז דאָ איז אַ ישוב, אַז דאָ וווינען יידן, וואָס ווילן נישט אַנדערש ווי כשר פלייש...

נישט ווייט פון זיי איז אויסגעוואַקסן אַ ציטערדיק פלעמל און עס האָט זיך דערהערט אַ שאַרן פון טריט. נאָר אַזוי ווי זיי האָבן קיינעם נישט געזען, האָט זיך זיי אויסגעוויזן, ווי אַ קול רעדט אַרויס פון אַ פינצטערן וואָלקן:

— איר זייט דאָס דער שוחט? — האָט דאָס קול געפרעגט אין פראָסטן יידיש.

— מיר זענען עס — האָט ברוך כּץ געענטפערט מיט פרייד.

— איך וואָרט שוין דאָ אויף אייך עטלעכע שעה — האָט דאָס קול ווייטער געזאָגט — די בראַזיליאַנער באַנען האָבן אַ טבע צו פאַרשפּעטיקן. קומט, וועלן מיר איבערנעכטיקן אין האָטעל. זיי דאָרט, אין דער קאָלאָניע, וועלן זיך שוין משער זיין, אַז מיר קומען ערשט מאָרגן.

אין „האָטעל" האָט דער ייד זיי דערלאַנגט שלום־עליכם. זיין פּנים, וואָס איז געווען פאַרזויערט, האָט מיט דער זעלבער זויערקייט געשמייכלט, געווען פריינדלעך, מיט זיפצן אָנועקגעשטעלט זייער „געפּעק" און געקרעכצט. רוזשע האָט די ערשטע דערפילט אַז קיין גרויס נחת האָבן זיי דאָ נישט צו דערוואַרטן.

— נו, וואָס מאַכט מען? וואָס הערט מען אין דער אַלטער היים? — האָט דער ייד מיטן פריערדיקן קול געפרעגט.

נאָר נישט ברוך כּץ און נישט זיין ווייב רוזשע האָבן געענטפערט. זי האָט אַוועקגעזעצט דאָס שלאָפנדיקע קינד אויף אַ באַנק און צוגעשטעלט איר זייט צום קינדס קעפּל, ס'זאָל נישט אומפאַלן. דער שוחט האָט באַטראַכט דעם „האָטעל", אים געוואָלט פאַרגלייכן צו זיין שווערס רעס־טאָראַן, נאָר בשום אופן זיך נישט געקענט דערמאָנען דאָס אויסזען פון יענעם, גלייך ער וואָלט שוין געווען אַוועק פון דאָרט צענדליקער יאָרן.

דער „האָטעל" איז באַשטאַנען פון אַ בנין, געמאַכט פון גאַנץ דינע ברעטלעך. די ווענט אינעווייניק זענען געווען פון רויען האָלץ. נישט געפאַרבט און נישט געקאַלכט. דער פאָל איז עפּעס געווען געלייגט, ווי

אין דער לופטן. פון אונטער די טריט האָט אַרויסגעקלונגען אַזאַ הוילקייט, וואָס האָט דערמאָנט אין אַ ווידער־קול אין אַ ליידיקער פאַס.

אינדערפרי זענען די קאָלאָניסטן פון קואַטראָ אירמאַאָס געקומען צו פאָרן אויף וועגעלעך געשפּאַנט אין אָקסן צום האָטעל צו. רוזשע האָט נאָך געוואָלט האַלטן דעם „ווינער שיק", אָבער די צעקנייטשטקייט פון די ווייבער, וועלכע זי האָט מיט עטלעכע חדשים צוריק געזען אין איר פּאַטערס רעסטאָראַן, ווען דאָס בלוט האָט נאָך ביי זיי געשפּראָצט פון די באַקן, און איצט — די אָדערן אויף די הענט זענען אָנגעצויגן ווי בלויע שטריקלעך, די ליפּן זענען בלוי, ווי אויסגענאָגטע מילצן, און פון די רייד ווייעט מיט אַזאַ ביטערקייט, אַז זי האָט דערפילט אויף זיך אַ לאַסט. די שווערקייט האָט זיך פאַרקליבן ביי איר אונטער דער ברוסט. געפרעסט ביים האַרצן.

דער וועג פון עריבאַנגאַ ביז קואַטראָ אירמאַאָס איז געווען אַ ווילדער, אַ נישט־אויסגעפאָרענער, דורך וואַלד איבער ווילדע גראָזן, דורך טאָלן און בערגלעך. די גרינקייט פון די טאָלן האָט אָפּגעפרישט דאָס אויג ביי דעם שוחטל. די קליינע אָנדזשע, וואָס האָט זיך נישט געקאָנט דערמאָנען דורך וואַנען זי איז דאָס דאָ אַהער געקומען, האָט דאָרשטיק געשלונגען יעדעס שטיקל גרינקייט. די לופט איז געווען נעפּלדיק־ווייס. די יידן, שוין שטיקלעך קאָלאָניסטן, האָבן געהאַלטן אין איין זיפצן:

— האָבן מיר, הייסט עס, אַ שוחט, אָבער קיין פלייש איז נישטאָ.

דאָס שוחטל האָט זיך פאַרגעשטעלט דעם וועג אין דער מדבר, ווען די יידן זענען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים און ווי זיי האָבן געמורמלט אויף משהן, און ווי ס'האָט זיי געצויגן צוריק צום טאָפּ מיט פלייש. ער האָט געוואָלט זיי מוסר זאָגן. ער האָט זיך דערפילט מיט אַמאָל ווי אַ מדריך, אָדער גאָר עפּעס זאָגן אַ שטיקל „תורה", עפּעס אַ פּשט אויף דעם, וואָס זיי ווייסן נישט. נאָר ער האָט געפילט אויף זיך די גאַנצע אומצופרידנקייט פון זיין ווייב, פון רוזשען, און נאָך מער ווי קעגן איר האָט ער זיך געפילט שולדיק קעגן איר „ווינער שיק", מיט וועלכן זי האָט פאַנטאַזירט דעם גאַנצן וועג.

— נו, זענען מיר שוין אָנגעקומען — האָט דער, וואָס האָט אָנגעטריבן

די אָקסן, געזאָגט. אי דער שוחט, אי די שוחטקע האָבן זיך אַרומגעקוקט און נישט געקאָנט כאַפּן, ווו איז מען דאָס אָנגעקומען, אַז דאָ, ווו די פור מיט די אָקסן האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז געווען פונקט אַזוי אינמיטן פעלד, ווי דער גאַנצער וועג. בלויז נאָר פון טאָל אַרויס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַזאַ מין „דאַך" פון עטלעכע ברעטער אַרויפגעלייגט איינער אויפן אַנדערן, און אונטערן דאַך איז געשטאַנען אַ יידענע, מיט אַ צוגערייסטן קאָפּ. באַענט צו איר ברוסט האָט זי געהאַלטן אַ מערזשער און געשטויסן עפּעס און דערביי אויסגערופן:

— אָט דאָ איז עס, דאָ, שוחט!

— אָט־אָ־דאָ — האָט אַן אַנדערער אויסגערופן, וואָס איז אָנגעקומען אויף אַן אַנדערער פור — דאָ וועט איר ווינען, און דאָ וועט זיין דאָס שעכט־הויז — האָט ער אָנגעוויזן אויף אַ וואַנט, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן נאָך טיפער אין טאָל, ווו ס'איז געפלאָסן אַ קלאָר טייכל.

— זאָל נאָר זיין וואָס צו שעכטן — האָבן אַנדערע אונטערגעזאָגט, און דריטע האָבן צוגעגעבן:

— דערווייל איז נאָך קיין ברויט נישטאָ.

— און ווו אַנידערצולייגן דעם קאָפּ, זיך צו באַהאַלטן פון רעגנס, איז יאָ פאַראַן?

— אַזוי ווי די שטומע באַשעפענישן, די בהמות, וואָס דרייען זיך אַרום אונטערן פרייען הימל, בייטאָג און ביינאַכט, אין די היצן און אין די רעגנס — האָט אַ פערטער געמורמלט.

די אומצופרידנקייט פון דעם עולם האָט דעם שוחט אַ ביסל געמונטערט. אויב אַזוי, איז עס דאָך אַ צרת־רבים.

ווען אַלע זענען שוין געווען אַראָפּגעקראָכן פון די וועגענער איז נאָך רוזשע איינע אַליין געבליבן זיצן און געקוקט מיט אַ פינצטערן בליק. אַנדזשע איז דווקא געווען זייער פריילעך. איר איז אַלץ געפעלן און אַלץ האָט זי געוואָלט, די „מאַמושאַ" זאָל באַמערקן...

די שוחטקע האָט אויפן קול גערעדט צו דער קליינער אַנדזשעלען פּויליש, און צום שוחט אויף ריין דייטש...

דערווייל איז אָנגעקומען דער דירעקטאָר, אָנגעטאָן אין אַ ליציפּעטל,

אַ לעדער־רעקל, אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ גלאַנציקע שפּיצרוט, פון דעם הויזן־פּאַסיק האָט אַרויסגעקוקט דער שפּיץ פון אַ רעוואָלווער. די קאָלאָניסטן האָבן זיך מיט דרך־ארץ, אָדער מיט מורא, עטוואָס אָפּגערוקט און דערביי לעקעשעוואַטע געשמייכלט. דער דירעקטאָר פון דער קאָלאָניע האָט אָן פּירושים, גלייך ווי צו אַ קאָלאָניסט אַ זאָג געטאָן:

— דאָ וועט איר וווינען, דאָ ווו די יידענע שטייט. — און דער יידענע מיטן מערזשער האָט ער געזאָגט באַפעלעריש:

— איר וועט זיך איבערקלייבן דערווייל אין קאַמער, לעבן דער אַדמי־ניסטראַציע. ווו איז אייער מאַן?

ער האָט נישט געוואַרט אויף קיין ענטפער, און געפרעגט דעם שוחט אויפן קאָנטראַקט.

ווען רוזשע האָט געזוכט אין איר „דאַמען־טאַש" דעם קאָנטראַקט, האָט די קליינע אַנדזשע זיך דערווייל געשפּילט מיט דער געדרייטער שפּיצרוט, וואָס איז געהאָנגען אויף אַ לעדערנעם אויערל ביים דירעקטאָר אויף דער האַנט. האָט דער דירעקטאָר אַפילו קיין קוק נישט געטאָן צום קינדס בלאָנדן קעפּל, מיט די געקרייזלטע לאָקן, כאָטש די בלויע אייגעלעך האָבן זיך, ווי אויפגעעפנטע הימלען אַלעמאָל אויפגעהויבן צו זיין פּנים. האָט אַנדזשע באַלד באַשלאָסן מיט אים צו זיין ברוגז און האָט אָפּגעלאָזט די שפּיצרוט און זיך צוגעשאַרט צום טאַטנס עלעפּאַגענע הויזן.

*

דעם שוחטלס פּנים איז געוואָרן צעאַקערט, ווי דאָס פעלד, און ווי זון און ווינט וואָלטן דערויף געשמיסן. די אויגן האָבן אים אָנגעהויבן שוואַך צו דינען און די ביינער אויסטריקענען. האָט די שוחטקע טריומפירט מיט אירע טענות, אַז די „וויסטעניש" איז נישט פאַר זיי, און אַז דאָס קינד וואַקסט גלייך ווי חיות אין דער ווילדעניש, און אַז מען זאָל וואָס פריער אַנטלויפן פון דעם העק.

דערצו איז די אומצופרידנקייט פון דער קאָלאָניע קעגן דער יק"א־דירעקציע געוואַקסן פון שעה צו שעה.

די קללה אויף די פעלדער איז געלעגן פון ערשטן טאָג אָן, זינט זיי

זענען געקומען. דער אַקער־אײַזן איז טעמפּ געוואָרן, אײדער ער האָט זיך אײַנגעשניטן אין דער האַרטער ערד, די ווילדע אָקסן זענען געשפּרונגען און זיך געריסן פון געשפּאַן, און נאָך הײַסע חדשים וואַרטן, האָט דאָס פעלד אַרויסגעגעבן שיטערע מאָגערע ווײַץ־זאַנגען.

אַן אומרויִקייט האָט זיך אַרומגעטראָגן אויף צעלאָזענע פערד איבער דער גאַנצער געגנט. רעשטלעך פון אויסגעלאָשענע רעוואָלוציעס, באַנדעס פון פאַרשידענע געגנטן האָבן זיך אײַנגענעסט אין שכנות פון די יידישע קאָלאָניסטן. אין די נעכט האָבן בלויע פײַערלעך זיך געשלענגלט פון אײַנזאַמע רעוואָלווער־שאָסן, און קעגן דער לבנה האָבן ווײַסע מעסערס זיך געוויקלט אין שטראַלן.

האָט דער ציטער פון דער נאַכט יעדן אײנעם צונויפגעבראַכט פאַר דעם „שוחטס שטוב״ זיך אַן עצה צו האַלטן. וואָרעם מען האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו שרעקן אויף וועגן די מיידלעך, וואָס ווערן באַפאַלן פון אַזעלכע, וואָס האָבן אויגן ווי גזלנים. האָט זיך די קאָלאָניע געקאָכט, און מען איז געגאַנגען צו דער אַדמיניסטראַציע פאָדערן גערעכטיקייט און אויף הוצאות אַרויסצופאָרן.

איבער דער אַדמיניסטראַציע איז געהאָנגען אַ גרויסע ענגלישע פאָן, אַלס סימן פון גרויסמאַכט, אַז די געגנט געהערט צו ענגלישע אײגנטימער. די רויט־בלאָע שטרײַפן האָבן שטאָלץ געפלאַטערט אויפן באַרג, ווו דאָס הויז פון דער דירעקציע איז געשטאַנען.

דער דירעקטאָר האָט אויפגענומען די דעלעגאַציע מיט אַ ביקס אויפן אַקסל, אויסגעהערט נישט דאָס ערשטע מאָל זײערע טענות, אַז מען גײט אויס פון הונגער, אַז די ערד טויג נישט צו באַאַרבעטן, אַז האַנדלען לאָזט מען נישט, אַז דאָס ביסל פּי איז צוגענומען געוואָרן פון די באַנדעס, אַז די טעכטער האָט מען מורא אַרויסצולאָזן פאַר דער ליכטיקער שײַן, אַז עס איז שוין גענוג צו לײַדן, אַז מען קאָן שוין מער נישט וואַרטן אויף הבטחות.

האָט דער דירעקטאָר, שפּילנדיק זיך מיטן רעוואָלווער, וואָס איז געלעגן תמיד פאַר זײַנע אויגן אויפן טיש, געענטפערט: מען מוז וואַרטן וואָס „פּאַריז״ וועט זאָגן, און אַז קײן געלט איז נישטאָ, און אַז געשטיצט האָט מען שוין מער ווי עס איז דערלויבט, לכן קען ער איצט גאָרנישט טאָן.

האָט דאָס דער עדה פאַרדראָסן, און נישט אָנפרעגנדיק איינעם ביים אַנדערן, האָבן זיך עטלעכע אינסטינקטיוו אַ לאָז געטאָן צום דירעקטאָר, און איידער ער האָט נאָך באַוויזן צו כאַפּן זיך צו דער ביקס, האָבן שוין שטאַרקע הענט צוגעדריקט זיינע אָרעמס פעסט צו זיין ברוסט. די ביקס האָט זיך אַליין געטראָגן איבער אַקסלען, איבער קעפּ צווישן עולם. באַלד האָט זיך אַ גראָבע שטריק געוויקלט איבער זיינע צונויפגעפּרעסטע אָרעמס. די שטריק האָט זיך אַראָפּגעלאָזט ביז די קני, פאַרוואָרפן געוואָרן דורך די פיס און אַ קול, וואָס האָט מער געדונערט ווי גערעדט, האָט אַרויסגעוואָרפן האַלבע צעבראָכענע ווערטער:

— אָדער אייער טויט, אָדער אונדזערער! מיר ווילן אַוועקפאָרן פון דעם גיהנום, גיט אונדז אויף הוצאות!

האָט מען באַפרייט איין האַנט פון געבונדענעם, אים צוגעפירט צו דער אייזערנער קאַסע, און ווען אַ קליין שטאָלן קעסטעלע פול מיט געלט, איז געשטעלט געוואָרן אויפן טיש, האָט מען אים אינגאַנצן באַפרייט.

נאָכדעם ווי דער דירעקטאָר האָט יעדן איינעם איינגעטיילט עטלעכע פּאַפּיר־אַסיגנאַציעס, האָט זיך דער עולם אַרויסגערוקט. אַ טייל האָט אונטערגעשריבן דאָס פּאַפּיר, וואָס ער האָט געבעטן טאָן, אַ טייל האָט אַפילו דערויף נישט געוואָלט קוקן. נאָר אין זעלבן טאָג האָבן אַ סך צונויפגעפּאַקט זייער אָרעם ביסל האָב און גוטס און זיך געלאָזט איבער די שטעטלעך אַרום און אַרום.

כמעט דער לעצטער אַרויסצופאָרן פון דער קאָלאָניע איז געווען ברוך כּץ, דער שוחט. ער האָט געוואָלט צוגיין צו דער אַדמיניסטראַציע, זיך דורכרעדן מיטן דירעקטאָר, אים טרייסטן, אים זיין אַ גוטער פריינד, וואָרעם נישט ער און נישט קיינער פון זיין הויז האָט זיך באַטייליקט אין דער „רציחה".

— סטייטש, נעמען אַ מענטשן, אים בינדן און צווינגען צו געבן געלט? — האָט ער זיך אַליין געקאָכט — נאָר דער דירעקטאָר האָט אַפילו אויף אים קיין בליק נישט געוואָרפן.

דאָס שוחטל איז געשטאַנען, ווי די זינד פון דער גאַנצער קאָלאָניע וואָלט געלעגן אויף זיינע פּלייצעס. אים האָט געוווּנדערט, פאַרוואָס דער

הער דירעקטאָר ענטפערט נישט אויף זיינע רייד, אויף זיינע משלים פון דער גמרא — ערשט שפּעטער האָט ער זיך געכאַפּט, אַז דאָס האָט ער אַלץ גערעדט צו זיך אַליין, זיינע מחשבות האָבן זיך אין מוח אויסגעטענהט מיט זיך אַליין.

און ווען דער דירעקטאָר האָט זיך אויסגעדרייט און געזען פאַר זיך דעם שוחט שטיין, האָט ער פינצטער אַרויסגעזאָגט:

— איר אויך מיט זיי? מיט דער באַנדע?

האָט דאָס שוחטל געוואָלט זאָגן, אַז ער איז געקומען באַך עפּעס אַנדערש, נאָר איידער ער האָט זיינע ליפּן געעפנט, האָט יענער שוין געדונערט:

— פּופּציק מילרייז וועט זיין גענוג?

— איך מיין...איך מיין...

— מער פאַרמאָג איך נישט! — האָט דער דירעקטאָר נישט געוואָלט וואַרטן אויף זיין אַרויסגעשטאַמלט וואָרט, און אַ שמיץ געטאָן די עטלעכע פּאַפּירלעך, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט נוקם זיין אין דעם אָרעמען שוחטל פאַר דער גאַנצער קאָלאָניע. ער האָט אים איבערגעלאָזט אין דער ביוראָ, האָט גענומען די ביקס, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל אויף דער ערד, און איז אַרויס.

האָט דער שוחט צונויפגעקליבן די עטלעכע געלט־פּאַפּירלעך און זיך באַמיט אין כעס צו ווערן, און כאָטש ער האָט נישט געקאָנט, האָט ער פונדעסטוועגן זיך געכעסט אין דער היים, אויפגעוויזן פאַר זיין ראָזינען, מיט אַ משל פון תלמוד, אַז עס איז רעכט צו נעמען נקמה, אַז מען דאַרף נישט פאַרנאַרן אַן עדה יידן אין אַ מדבר. און ער האָט זיך גענומען גרייטן פאַרלאָזן די קאָלאָניע.

## קאַפּיטל פיר

ראָזינאַ האָט צוריק אָנגעהויבן רעדן „דויטש". דאָס איז געווען אַ נויט־ווענדיקייט, וואָרעם די פלייש־קראָם, וואָס זי האָט געעפנט אין ריאַ נעגראַ, האָט געהייסן „קאַזאַ אַלעמאַן" — דייטשיש הויז. האָט זי לפנים פאַר די קונים אין די אויגן גערעדט דייטש מיט איר מאַן, וועלכער האָט איבער־געביטן זיין נאָמען פון ברוך כּץ אויף... בערנאַרדאַ קאַסטאַראַ.

די „קאַזאַ אַלעמאַן" איז געוואָרן דער הויפּט־צענטער אין שטעטל. ביינאַכט האָט אַ גרויסער גאַז־לאָמפּ באַלויכטן די גאַנצע געגנט אַרום מיט אַ העלער שיין. זענען זיך די יונגעלייט צונויפגעקומען פאַר דער „קאַזאַ", די טונקעלע פּנימער האָבן זיך געבלייכט אין דעם גרינלעכן ליכט און די שוואַרצע אויגן האָבן געלויכטן ווי די קליינע טייכלעך קעגן דער לבנה.

די „קאַזאַ" האָט זיך פאַרגרעסערט. דאָס פלייש איז פאַררוקט געוואָרן אין אַ זייט, נאָר איין ווינקל האָט עס פאַרנומען אין געשעפט. די קלייט אַליין איז ווי פון זיך אויסגעברייטערט געוואָרן — די ווענט האָבן זיך אַרויס־גערוקט, פּאָליצעס, שענק, מוסטער־טישן זענען צוגעקומען. יעדעס ווינקל האָט געהאַט אַן אַנדערן כאַראַקטער: שניט־סחורה, מעסערס, פלייש און שפּייזן. אַ גאַנצן טאָג זענען ביי די סלופּקעלעך אין דרויסן נישט ווייט פון דער טיר געשטאַנען צוגעבונדן געזאָטלטע אייזעלעך. דער פּלאַץ אַרום — פאַרלייגט מיט אָקסן, צו זעקס שטיק אין אַ געשפּאַן.

סעניאָראַ קאַסטאַראַ האָט באַלויכטן דאָס גאַנצע שטעטל מיט איר גלאַנצעדיק פּנים. זי האָט געאַרבעט און איר פלייס האָט אָפּגעקלונגען אין אַלע ווינקעלעך פון געשעפט. אָט איז זי געשטאַנען אין יאַטקע־ווינקל אָנגעטאָן אין אַ ברייט, ווייס פאַרטעך און דורכגעפירט איבער אַ זייטל רויט פלייש אַ ברייט שטאָלענעם מעסער, אָט וואַרפט זי פון זיך אַראָפּ דאָס פאַרטעך און געפינט זיך שוין אין אַ צווייטן ווינקל, און מעסט העל־ראָזעווע זייד פאַר אַ מולאַטישער דאַמע.

און צוזאַמען מיט איר שמייכל, מיט איר קול, מיט איר שטערן, איז אויך אַנדזשעלינאַ געוואַקסן. די יונגע סעניאָרינאַ איז געוואָרן דער שם פון שטעטל, די אַרומיקע ערד־באַזיצער האָבן אויפגעהערט צו פאָרן

איינקויפן זייערע זאַכן אין קוריטיבאַ, אָדער אין סאַן פּאַולאָ, און זיך בעסער געלאָזט אין ריאָ נעגראָ אין דער „דייטשישער קאַזאַ" איינקויפן און אין איינוועגס אַ שמועס טאָן מיט דער „טאָכטער".

די מאַמע האָט נאָכגעטאָן דער טאָכטער און זיך קורץ אָפּגעשוירן די האָר, „אַ לאַ גאַרסאָן".ביידע האָבן גענוצט אַלע פּערטל שעה דעם זעלבן פּודער, וואָס איז געשטאַנען אין דעם ערשטן צימער נאָך דער קלייט ביים גרויסן שפּיגל, און געפּאַרבט די ליפּן האָט די סעניאָראַ מער ווי די סעניאָרינאַ...

מאַדאַם קאַסטאָראָ האָט אָבער געהאַלטן אַן אויג אויף דער טאָכטער, אַפילו דעמאָלט, ווען קיינעם וואָלט עס נישט איינגעפאַלן צו מיינען, אַז זי באַמערקט עפּעס.

דעם ציטער פון אַלע מאַמעס איבער זייערע טעכטער, האָט אויך ראָזינאַ איבערגענומען. אין יעדן שוואַרצן בליק פון אַ מאַן צו דער טאָכטער האָט זי דערזען דאָס אויפגעקאָכטע בלוט: אַז עס איז אַזאַ וויסטע מדינה — פּלעגט זי אַריינוואַרפן אַ וואָרט אין יידיש צו אַנדזשען, בעת זי האָט אינמיטן פון איר אַרבעט באַמערקט, אַז אַ בחורס אויגן ווערן אַרויסגעזעצט און לייגן זיך אַוועק אויף דער טאָכטערס קלאָרן, קליינעם דעקאָלט.

און קונציק האָט זי באַלד אין פּאָרטוגעזיש צוגעגעבן, טוענדיק ווייטער איר אַרבעט אין ווינקל:

— אַנדזשעליטאַ, גיי אַריין און זע צי עס געפינט זיך ערגעץ דער גרינער שאַרף, דער אויסגעהאָפּטענער. — און ווידער אין יידיש — זאָלן זיי די אויגן אַרויסגעזעצט ווערן, מאַלפּע גנב!...

האָט אַנדזשע פאַרשטאַנען, אַז מען מוז פאָלגן, און איז אַריינגעגאַנגען. די בחורים האָבן געוואַרט און געוואַרט און צום סוף געמוזט אַרויסוואַרפן די קאָמפּלימענטלעך אויף דער מאַמעס חשבון. פאַר זיי איז אַלץ איינס געווען, און דער מאַמען האָט עס געשמייכלט.

דער איינציקער איבעריקער דאָ אין גאַנצן טומל איז געווען סעניאָר קאַסטאָראָ. עפּעס האָט ער זיך געפילט ווי ער איז דאָ אַ גאַנצער לאַסט. אַז נישט ער, נישט זיין חכמה, נישט זיינע משלים פון תלמוד, נישט זיין

קענטעניש האָבן אַרויפגעאַרבעט אָט דאָס געשעפט. אַז ער אַליין איז עפּעס אַ פרעמדער, אַ פרעמדער ביי זיין ווייב, ביי זיין קינד; אַז זיי פירן דאָס רעדל און ער איז ביי זיי אויף קעסט, און אַז די קעסט, וואָס ער האָט געגעסן ביים שווער, ביי איר פאָטער אין גאַליציאַנישן שטעטל, ביים רעסטאָראַטאָר, ציען זיך ווייטער. ביים שווערס טאָכטער, ביים שווערס אייניקל איז ער איצט, און ער וואַרט נאָך אַלץ אויף אַ שטעטל, אויף שחיטות. ער ווייסט, אַז דאָס איז איבעריק, אַז דער אייניקער און דער ערשטער ייד אָט דאָ איז ער, און אַז נאָך יידן זאָלן קומען, איז נישטאָ וואָס צו האָפן, און ער האָט מורא, אַז זיי זאָלן קומען. ער ווייסט נישט פאַרוואָס, נישט פאַר זיך, ער וואָלט שוין באַשטאַנען, נאָר זי, די קרעמערין, זיין רוזשע, וואָס פעלט איר? זי זעט אויס ווי זיין טאָכטער, זי וועט שוין באַלד דערגיין צו דער טאָכטערס יונגקייט, כאָטש ער מוז מודה זיין, אַז ער האָט נאָך נישט באַגעגנט, אַז אַ פרוי זאָל אַזויפיל פאַראַרבעטן, אַפילו רוימען די קראָם פאַרלאָזט זי זיך נישט איינגאַנצן אויף די שוואַרצע גויים... אין יעדן ווינקעלע בלאָזט זי אַריין איר אָטעם, אומעטום טונקט זי איין איר בליק. פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט; דאַכט זיך, אַז הימל און ערד שלאָפן — וואָס האָט זי צו טאָן אין דער קלייט? זיצט זי אָבער, לייגט גלייך, ציילט איבער, רעכנט, מעסט און וועגט, גלייך די קראָם איז איר אייניקער אָנהאַלט, איר אייניקער זין אין לעבן.

די ערשטע צייט פלעגט זי נאָך אַליין פאָרן אין דער גרעסערער שטאָט, אין סאַן פּאַולאָ, איינקויפן די סחורה. דערנאָך האָט זי נישט געקענט זיך אָפּרייסן פון געשעפט, האָט מען אָנגעהויבן נעמען ביי „וויאַזשאַנטן". וויאַזשאַנטן פון סאַן פּאַולער און ריאָ־דע־זשאַניירער פירמעס האָבן זיך געפילט אין ריאָ־נעגראָ גאַנץ היימלעך, און ווען זיי זענען אַוועקגעפאָרן האָבן זיי איינער פאַרן צווייטן זיך אָנדערציילט פּיקאַנטע געשיכטעלעך אויפן חשבון פון דער מאַדאַם קאַסטאַראָ, ווי זי איז אייפערזיכטיק און נישט פאַרגינעריש דער טאָכטער אַ לייכטן פלירט צו טאָן.

אַז רוזשע האָט געזען, עס איז נישט איבעריק מזלדיק צו קויפן אָדער צו מאַכן באַשטעלונגען דורך די הענט פון די וויאַזשאַנטן, האָט זי זיך מיישב

געוועז מיט דער טאָכטער און באַשלאָסן, אַז פון היינט אָן און ווייטער, זאָל דער טאַטע איינמאָל אין חודש זיך אַראָפּכאַפּן קיין סאַן פּאַולאָ און אַליין איינקויפן די סחורה.

דאָס ערשטע מאָל איז ראָזינאַ געפאָרן מיט אים. דעם גאַנצן וועג האָט איר האַרץ געקלאַפּט און זי איז געווען אומרויק. כאָטש זי האָט געזאָגט פאַרן מאַן, אַז עס ציטערט איר דאָס האַרץ פאַר דער קראָם, וואָס דאָס מיידל ווייסט נישט ווו איין און ווו אויס, האָט דאָך אָבער דער טאַטע געוווּסט דעם אמת איבער וואָס זי ציטערט. מיט דער קראָם קען זיך אָנדזשע אַליין אויך אַן עצה געבן עטלעכע טעג, נאָר ווי קען מען איבערלאָזן אַ מיידל אַליין צווישן „גזלנים״? כאָטש ער האָט עס איר נישט געזאָגט, האָט ער מסכים געווען, אַז זי זאָל אים נאָר ווייזן ווו איין, ווו אויס — און זאָל זי אַהיים פאָרן און ער וועט אונטערקומען.

פון דעמאָלט אָן האָט שוין בערנאַרדאָ געוווּסט דעם וועג אין אַלע גרויסע הורט־געשעפטן, געווען אויסגעקאָכט מיט די „טערקן״, גערעדט מיט זיי „לשון קודש״ און אָפּנאַרן אים האָט מען נישט געקאָנט אַפילו אויף אַ פּרוטה.

אין זיינע אָפטע נסיעות קיין סאַן פּאַולאָ האָט זיך שוין בערנאַרדאָ קאַסטאָראָ צומאָל אַראָפּגעכאַפּט קיין סאַנטאָס, אים איז אָנגענעם געווען דער וועג, וואָס גליטשט זיך באַרג אַראָפּ. אין סאַנטאָס פלעגט ער אַחוץ שפּילן אין דער נאַציאָנאַלער לאָטעריע, אויך גיין צום פּאָרט, זען ווי די שיפן גייען אַריין און ווער עס קומט אָן אין לאַנד. ער האָט געהערט, אַז אין סאַן פּאַולאָ און אין קוריטיבא קומען יידן פון דער אַלטער היים. כאָטש ער האָט נישט געוווּנטשן, אַז אין ריאָ־נעגראָ זאָלן זיך באַזעצן יידן, האָט ער פונדעסטוועגן געוואָלט זיך באַגעגענען מיט גרינע... זיך אויס־פרעגן, רעדן צו זיי דייטש און אפשר אַרויסהעלפן.

און ווען ער האָט געזען דאָניען אין זיין גאַנצער אומבאַהאָלפנקייט, זיין געזונטע רויטקייט, האָט ער זיך מיישב געווען, אַז איידער צו האָבן צו טאָן מיט די שוואַרצע „מאַקאַקעס״ — די בראַזיליאַנער, אפשר זאָל ער אים צונעמען צו זיך אין געשעפט. ער האָט אויסגערעכנט, אַז דאָס וועט

הנאה טאָן זיין ווייב, ווייזן איר, אַז ער פאַרשטייט זיך אין געשעפט און האָט אין זין די קראָם ביי יעדער געלעגנהייט.

*

דער „יונג" האָט געטאָן זיין אַרבעט פיל בעסער ווי די פוילנצער, די „מאַקאַקעס". ער האָט געהאַקט אַ זייטל פלייש, גלייך ווי צוואַנציק העק וואָלטן זיך אַרויסגעגליטשט פון זיין האַנט. און אַז ער האָט גענומען איבערשטעלן די זעק, זענען זיי אַליין געגאַנגען איבער זיינע אַקסלען, נישט ווי עס וואָלט געווען שווערער צוקער, רייז, אָדער „פאַזשאָן", נאָר ווי זעק מיט פעדערן...

אַנדזשע האָט אַפילו נישט געוואָלט אַ קוק טאָן אין זיין זייט אַריין. עפּעס ווי אַן אינערלעכער שטאָלץ וואָלט כסדר אַוועקגערוקט איר בליק פון אים. זי האָט פון אָנפאַנג אָן שוין באַשלאָסן ביי זיך, אַז זי איז די „דאָנאַ" און ער איז נישט מער ווי אַ משרת. זי ווייסט אַליין נישט פאַרוואָס, נאָר לגבי די בראַזיליאַנער, אָדער צום פּאָרטוגעז איז זי עפּעס אַנדערש. צו אַלע אַנדערע משרתים איז זי ווי צו איר גלייכן. זי הערט אויס זייערע סענטימענטאַלע לידלעך און ביים קאַרנאַוואַל האָט זי אַפילו מיט זיי געשפּאַסט. וואָס שייך צו דאָניען, איז עפּעס זיין יידישער „זכות אבות" אַנטקעגן געקומען, אין איר יחסניש בלוט האָט זיך אָפּגערופן אָט דער דאָזיקער געפיל. זי האָט שפּעטער אַליין געוואָלט ענדערן איר באַציִונג צו דעם יונג, נאָר עפּעס האָט נישט דערלאָזט. ווען זי האָט זיך מיט אים עפּעס געשאַפט, האָט זי גערעדט אין אַ צעקאַליעטשעטן יידיש, אַז ער האָט נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין — און מעגלעך — זי אַליין האָט אויך קנאַפּ געוווסט וואָס זי רעדט. וואָס שייך יידיש, האָט זי גוט געקענט. אין דער קאָלאָניע איז זי געגאַנגען אין דער תלמוד־תורה, און אויב מען האָט זי נישט אויסגעלערנט שרייבן אָדער לייענען ווי עס געהער צו זיין, האָבן אַלע קינדער אָבער גערעדט יידיש, און זי, אַזוי גוט ווי אַלע.

איינמאָל האָט די מאַמע געזאָגט צו דער טאָכטער ווי אין שפּאַס, נאָר עס האָט געקלונגען ווי אַ וואָרענונג:

— דער יונג נעמט די אויגן נישט אַראָפּ פון דיר, טאָכטער.

מער האָט זי שוין נישט דערזאָגט, ווייל אַנדזשע איז רויט געוואָרן און די רויטקייט האָט אָנגעצונדן איר פּנים ביז איבער די אויערן.

די מאַמע איז געווען צוגעגרייט אויף „וואָס עס זאָל זיך נישט מאַכן״. אויב דער יונג וועט עפּעס פּרווון פאַראַרבעטן, וועט זי אים משלח זיין און אויס.

דער פאָטער אָבער האָט די זאַך געזען אַנדערש. ער האָט באַמערקט דאָניעס פלייס און אַרבעטזאַמקייט. — דער ערשטער אויפצושטיין, דער לעצטער זיך צו לייגן שלאָפן. ער האָט געקענט אַלע קונים, ווי זיינע צען פינגער און נישט איינמאָל פלעגט ער זאָגן רוזשען, אַז זינט דער יונג איז דאָ איז די אַרבעט זיי פאַרגרינגערט געוואָרן און דאָס געשעפט האָט זיך פאַרבעסערט.

זינט דאָניע האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין די קלאָרע אויגן פון אַנדזשע־לינען, האָט ער זיין אייגן פּנים דערזען אַנדערש. מיט אַמאָל האָט זיך אויסגעמעקט פון זיין געדעכעניש דאָס שטעטל, די יידן, זיינע געשלעגן מיט די גויים. אַפילו זיין מאַמען האָט ער אויפגעהערט זען, גלייך ער, דאָניע, איז געבליבן אינדערהיים, און אַן אַנדערער, יענעמס שאָטן, איז דאָס אַהער געקומען, און דער שאָטן שטייט דאָ ביים יאַטקע־קלאָץ, צעטראָגט פלייש און גרינצייג צו שוואַרץ־הויטיקע מאַדאַמען, און אָט דער זעלבער שאָטן טונקט זיך אין דער ליכטיקייט פון אַנדזשעלינעס פרייד. דערפאַר האָט אַלץ אין אים געשמייכלט, ווען אַנדזשעלינאַ האָט אים איינמאָל געזאָגט, אַז זי וויל ער זאָל הייסן „דאָמינגאָ״, און איידער וואָס ווען, איז שוין זיין נייער נאָמען מפורסם געוואָרן. נישט נאָר אין שטוב ביי די קאַסטאָרעס, נאָר אין גאַנצן שטעטל אַרום.

און אין ריאָ נעגראָ איז דער נאָמען טאַקע געווען אַ שם דבר. די שוואַרץ־חנעוודיקע מיידלעך, מיט דעם בלויען פּודער אויף די טונקעלע הויטן האָבן זיך אָפּט פאַרקוקט אויף דער פלינקייט פון דאָמינגאָס הענט. אויף דער פעסטקייט פון זיין טראָט, אויף דער העלער רויטקייט פון זיין פּנים. ער האָט שלעכט גערעדט דאָס לשון, אָבער יעדער האָט פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט און וואָס ער וויל.

*

ברוך כּץ, דער שוחט, איז פּאָרט אַרויסגעקראָכן פון בערנאַרדאָ קאַסטאָראָן דעם „קאָמערסאַנט״. אמת, ער איז געווען דער רייכסטער מענטש אין שטאָט, אַז זיין ווייב דאָניאַ ראָזינאַ איז געווען די קליגסטע פרוי אין ריאָ בעגראָ, אַז זיין טאָכטער די סעניאָרינאַ איז געווען דאָס שענסטע מיידל פון דער גאַנצער אומגעגנט, און כבוד האָט אים נישט געפעלט, און יעדן יום־טוב האָט מען אים איינגעלאַדן אין קלויסטער אַריין.

אַנדזשעליטאַ האָט אַפילו איינמאָל געטראָגן די הייליקע בילדער אָנגעטאָן אין ווייסן אַטלאָס און איבערן קאָפּ — אַ גאַזע־טיול, און האָט אויסגעזען ווי דער הייליקער אַנגעס אַ שוועסטער, אָדער גאָר ווי די „סאַנטאַ״ אַליין. אמת, דאָס האָט דעם שוחטל געטיאָכקעט עפּעס אין האַרצן: וואָס פאַר אַן אופן איז עס זיך לאָזן אַזוי צונויפמישן? צוזאַמענגיסן מיט אַלע גויים?

ער האָט זיך געחידושט אויף דעם „גרינעם״, ווי ער האָט דאָס אָנגעטאָן אויף זיך די הויט פון די אַרומיקע. ווי שנעל ער האָט זיך צוזאַמענגעהאַפּטן, געוואָרן „פּאַן בראַט״ גלייך מיט אַלע בראַזיליאַנער. זיין הלבשה ווי אַן אמתער היגער געבוירענער, אין דעם גאַרטל פאַרדרייט אַ לאַנגן מעסער, ווי אַ האַלבע לבנה.

דאָס לשון קען ער, דאָמינגאָ, נאָך נישט אינגאַנצן. אָנשרייבן אַ וואָרט, אַפילו זיין נאָמען, מען זאָל אים אַ וואָגן גאָלד אַוועקלייגן! נאָר אין דער „פּאָליטיק״ פון דער עסטאַדע איז ער פאַרקאָכט ביז איבער די אויערן.

די פּאַרטיי, וואָס איז קעגן דעם גובערנאַטאָר פון דער פּראָווינץ ריאָ־גראַנדע דא סול, האָט אין דאָן דאָמינגאָ אַ וויכטיקן מיטגליד. קיין גרויסער רעדנער איז ער נישט, נאָר אַ היציקער. אַז ער הייבט אָן רעדן, דאַכט זיך, אַז די רייד פאַרפּלאָנטערן זיך אויף זיינע ליפּן. דעמאָלט וויקלען זיך אַריין די אַרויסגעשטאַרצטע אויגן אין דער מחנה, וואָס שטייט אָדער זיצט אַרום די טישלעך אין דער „פּאָנדאָ״ ביי די קליינע קאָפע־שעלעכלעך. די בליקן זיינע בלאָנדזשען און די הענט באָמבלען זיך און ווייסן נישט צי זאָלן זיי זיך באַהאַלטן, צי זאָלן זיי צודעקן דאָס פּנים, וואָס פלאַמט פון רויטקייט און בושה...

גראָד דאָס געפעלט דעם עולם. אַפּלאָדירט מען! הייבט מען אים

אויף די הענט. רייסט ער זיך אַרויס! לויפט אַריין צו „זיך” אין געשעפט.

בערנאַרדאָ קאַסטאָראָן האָט אַפילו פאַרדראָסן, וואָס דער יונג „מישט זיך אין דער פּאָליטיק”, נאָר די מאַדאַם קאַסטאָראָ האָט געשמייכלט דערפון, און די סיניאָרינאַ אַנדזשעליטאַ לאַכט אין דאָניעס אָפּוועזנהייט.

איינמאָל האָט מען פאַר זיין כבוד וועגן געמאַכט אַן אַרגענטינער „אַסאַדאָ קאָן קוערא”. טיף אין וואַלד האָט מען אָנגעלייגט אַ פייער און אויף שפּיזן איז געווען אָנגעהאָנגען אַ גאַנצער שעפּס. דער רויך האָט זיך אַרומגעשלענגלט אַרום דעם פלייש און טראָפּנס בלוט צוזאַמען מיט געזאַלצן וואַסער האָט אַראָפּגעטריפט אין דעם פלאַם אַריין.

דאָניע האָט דאָס ערשטע מאָל געזען, אַז מען זאָל אַזוי זיך נוהג זיין. דער ריח פון בלוט און דאָס סמאַליען פון פלייש האָט אים געשטיקט אין האַלדז. אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דאָס זענען די וואַלד־גזלנים, וואָס ער האָט זיך צוגעהערט ווי וויבער האָבן דערציילט תשעה־באב אויף דער נאַכט, ווען זיי זענען געזעסן אין די זאָקן, אויף קליינע בענקעלעך אין דעם געסל, ווו זיין מאַמע האָט געוווינט. ערשט איצט דערקענט ער זיי — אַזעלכע פלאַמענדיקע אויגן, אַזעלכע טונקעלע פּנימער און אַזעלכע שוואַרצע האָר... ביי יעדן פון זיי אין דער האַנט בלאַנקט אַ מעסער, אין יעדנס לעדערנעם פּאַסיק — אַ רעוואָלווער. אָט די, וואָס זיצן דאָ אַרום דעם פייער און שפּילן אויף די גיטאַרעס.

ביי דאָניען איז עס אויסגעקומען סיי־ווי־סיי, אַז זיי שפּילן בישט, נאָר באַמבלען צו מיט די פינגער צו דעם, וואָס זיי זינגען. שפּילן הייסט דאָס, וואָס זי, אַנדזשעליטאַ, שפּילט ביי זיך אויף דער פאָרטאָפּיאַנע. אַ געזאַנג גייט אַרויס פון אירע פינגער און זיין נשמה טאַנצט מיט ביי יעדן ריר.

זיי לאַכן און לאָזן זיך ווילגיין. וווינען דאָך ערגער ווי אין הקדש. דאָמינגאָ זעט, אַז די הייזער זייערע זענען געמאַכט פון אַזעלכע שטעקלעך מיט בלאָטע, אַז קיין שויבן איז אין די פענצטער נישטאָ, אַז אָנגעטראָטענער ליים איז די פּאָדלאָגע, אַז אַ לייוונטענע קאָטרע איז דאָס בעט, אַז אַ שטיקל קאַסטן עפּעס איז אי אַ טיש, אי אַ באַנק, אַז שוואַרצע אַרבעס מיט ווייסן נישט געשמאַלצענעם רייז איז זייער עסן, אַז אַ צוקער־שטעקן איז זייער

פאַרבייסעכץ, אַז שוואַרצע שטאַרקע קאָפּע איז זייער געטראַנק, אַז דאָס מעסער, דער רעוואָלווער און די „פּאַנטשאָ״ איז זייער לעבן.

טאָ פאַרוואָס זענען זיי אַלע פריילעך? און אַז זיי זענען פריילעך, פאַרוואָס זינגען זיי נאָר אַזעלכע אומעטיקע, טרויעריקע לידער? און אַז זיי לעבן אַזוי גוט צווישן זיך, אַז מען דריקט זיך אַזוי צונויף ברוסט צו ברוסט, גוטברודעריש, פאַרוואָס שעכטן זיי זיך אויס איינער דעם צווייטן? פאַרוואָס רעדן זיי נאָר תמיד פון פרויען און מיידלעך? און פאַרוואָס האָט ער מורא צו רעדן, האָט אַפילו מורא צו טראַכטן דאָס, וואָס ער טראַכט וועגן אַנדזשעליטען?

פאַרוואָס רעדט ער קיינמאָל נישט מיט איר? זי וואָלט דאָך אים געענטפערט, און ווען זי וואָלט געענטפערט, וואָלט אים געוואָרן אַזוי זיס אין אַלע זיינע גלידער, פונקט ווי עס ווערט אים וואַרעם, אַנגענעם, ווען זי עפנט אויף צו אים אירע וויעס.

*

דער ריח פון געבראָטן פלייש, רוי בלוט און זאַלץ האָט זיך אַריינגעריסן דורך די נאָזלעכער און אַנגעגאָסן זיין האַרץ מיט עפּעס עקלדיקער רעגונג.

איינער פון די „קאָמפּאַדרעס״ האָט אים אונטערגעטראָגן אַ פּאָס „אַסאַדע״ אויפן שפּיץ פון אַ מעסער. אַן אַנדערער איז געשטאַנען גרייט פאַר אים מיט אַ הילצערנעם בעכער רויטן, זויערן וויין.

די פּאָסן פלייש, וואָס זענען געווען באַהאָפטן צווישן די ציינער און די הענט פון עולם, האָבן אין אים עפּעס דערוועקט אַן עקל בכלל צו פלייש. ערשט איצט האָט ער דערקענט דעם סוד, וואָס אַנדזשעליטאַ רעדט מיט אים קיינמאָל קיין וואָרט נישט, אַז ער שטייט גאַנצע טעג אין ווינקל און האַקט פלייש, רוי פלייש, אַז ער אַליין מוז גאָר זיין אַ שטיק רוי פלייש, אַזאַ צונויפגעגאָסנס מיט פעטס און בלוט, און אַזוי ווי עס עקלט אים איצט, מוז זי אַנדזשעליטאַ זיך גאַנצע טעג פון אים מיאוסן.

האָט דאָניע באַשלאָסן אַהיים צו גיין און זאָגן זיין „פּאַטראָן״, אַז מער וויל ער נישט אַרבעטןביים פלייש.

נאָר די „קאָמפּאַדרעס״ האָבן זיך ערשט געקליבן צו פאַרברענגען דעם

אָונטש, זיך אויסגעזעצט ביים פייער און געטרונקען אַרגענטינער „מאַטע״ און בעת דאָס מעטאַלענע רערל מיט דער „באָמביללאַ״, איז אַרומגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט און מויל צו מויל, האָט מען דערווייל געשפּילט אויף די גיטאַרעס און געזונגען לידער. די עלטסטע האָבן דערציילט מעשיות וועגן די אינדיאַנישע העלדן, וועלכע ווינען טיף אין נאָרד, ביי די פּאַראַג־וואַיער גרענעצן, וועגן די קאַמפן, וואָס זיי פירן אָן מיט די ווייסע, דער עיקר מיט די ענגלענדער, ווי זיי, די אינדיאַנער, ווילן זיך נישט איינשפּאַנען אינעם יאָך פון די אויסלענדישע רויב־פייגל, ווי זיי שרייען, וויינען און קריצן מיט די ציין בעת עס קומט זיי אויס אַראָפּצולאָזן זיך אין די מינעס, וואָס די „אינגרעסעס״ האָבן דאָרט אויפגעבויט אין די ווילדענישן...

מאַנטשאַדאָ, אַן אורגוואַיער, וואָס האָט זיך דאָ באַזעצט אַרום ריאָ נעגראָ מיט אַ בראַזיליאַנער ווייב, האָט נאָך פריער, בעת דער „אַסאַדע״ דערציילט, ווי די אייראָפּעער האָבן אָנגעטריבן „פּאָקאָס״ — ווייסע פרויען מיט צערונענע הויטן און צעשוווּמענע אויגן. זיי, די פרויען, פּאַרקויפן בראָנפן און שלאָפן מיט יעדן איינעם וועד עס וויל נאָר און ווער עס באַצאָלט נאָר. די אינדישע בחורים וואַרפן אַוועק די פּיילנבויגנס און קומען פון די טיפסטע וועלדער אַרום צו די הילצערנע געצעלטן פון די ווייסע פרויען און נאָכדעם איז שוין לייכט זיי איינצושפּאַנען ווי די אָקסן אין געשפּאַן, זיי גייען שוין אַראָפּ הונדערטערווייז אין די מינעס און זעען מער נישט די ליכטיקייט פון טאָג.

דער גובערנאַטאָר פון אונדזער „עסטאַדאָ״ איז דען בעסער, ווי די „ענגרעסאס?״ — האָט זיך אָנגערופן פעדראָ, אַ יונג מיט אַ בלייך פּנים אונטער אַ טונקלער הויט. — זיי אַוועקגעגעבן אַלץ, אַלץ; אַפילו די אייזלען מיט די בעסטע זאָטלען...

דער גאַנצער שמועס איז פאַר דאָניען געווען לאַנגווייליק און נודנע. די לידער זייערע און דאָס באַגלייטן אויף דער גיטאַרע, האָט אים אויסגעוויזן, זענען ענלעך צו די, וואָס זענען יעדן זומער דורכגעגאַנגען פון פּילעווער צום ראָדעמער שאָסיי אויפן וועג קיין טשענסטאָכאָוו צו דער מאַטקע באָסקע...

האָט ער איבערגעלאָזט די באַנדע ביים אויסגעגאַנגענעם פייער מיט

די גיטאַרעס אין די הענט, מיטן אומעט אין די אויגן און איז שנעל אַרויס פון ברעג וואַלד אויפן פרייען וועג, און פון דאָרט, פאַרלירנדיק זיך עטלעכע מאָל אין טאָל צווישן בערג, איז ער צוגעקומען צום הויז פון זיינע פּאַטראָנס.

געווינט געווען איז ער, אַז זונטיק קעגן נאַכט־צו זאָל ער טרעפן די דאָננאַ פון הויז — סעניאָראַ קאַסטאָראַ — זיצן אויף אַ שטרויען בענקל ביי דער צוגעלענטער טיר פון איר געשעפט, מיט אַ סך פודער אויף איר ווייסער נאָז און גאָמבע, מיט אַ סך רויטער פאַרב אויף די דיקלעכע ליפּן, און נעבן איר די סיניאָרינאַ. תמיד פלעגט ליגן אַ „רעוויסטאַ" אין איר שויס און קיינמאָל פלעגט זי דערין נישט אַריינקוקן. אָבער ווי דערשטוינט איז געוואָרן דאָניע, ווען ער האָט קיינעם נישט געזען זיצן פאַר דער טיר, אַפילו די שטרויענע שטול איז אויך נישט געשטאַנען אין דרויסן, בלויז דורך די אַראָפּגעלאָזטע ראָלעטן פון די שטוב־פענצטער האָט אַרויסגעשפּאַרט אַ מאַט־העלע ליכטיקייט פון אָנגעצונדענע לאָמפּן. אינעווייניק ביי דער טיר האָט אים באַגעגנט די דאָננאַ און אים געזאָגט פרעמד און באַפעלעריש:

— גיי נישט איצט אַריין אין סאַלאָן, דאָרט זיצן געסט, אַ חתן, מען איז געקומען „זען" אַנדזשען.

✶

דאָניע האָט אַליין נישט געוווּסט, ווו ער האָט זיך אַרומגעדרייט אין יענע עטלעכע שעה. ער האָט געפּרוּווט צוגיין צו די טירן פון זיינע באַקאַנטע, אָבער ביי יעדער טיר האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אָפּגעווענדעט די טריט און ווייטער געגאַנגען. אַזוי האָט ער אַרומגעשפּאַנט אפשר ביז פאַר האַלבער נאַכט און אפשר איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט. צוריקקומענדיק צו זיינע באַלעבאַטימס הויז, האָט דאָס מאַטע ליכט ממש פאַרפּלייצט אַ שטיק פון דער נאַכט אַרום. איז ער אַריינגעגאַנגען אין פאָדערהויז און דורך אַ שפּאַרע פון דער סאַלאָן־טיר געזען עפּעס אַ מיד פנים פון אַ מאַן מיט אַ הויט, וואָס האָט געהאַט אַן אַש־פאַרב, און פאַרפּוצט איז ער געווען ווי „ריוועלע צום גט" אין זיין שטעטל...

## קאַפּיטל פינף

פרוי קויפמאַן, די מוטער פון אַנדזשעס חתן, האָט געהאַט אַ שפּיציק געאַמבעלע און די אַריינגעזעצטע ציין האָבן געהאַט אַ קאָליר פון וואַסערדיקע מילך. זי האָט זיך געווישט דעם שווייס פון דער גאָמבע מיט אַ קליין טיכעלע און זיך געבלאָזן ווי אַ מיוחסת. געקומען איז זי מכלומרשט קויפן סחורה, אָבער ביי די קאַסטאָראָס אין הויז האָט מען נאָך פריער געוווּסט וועגן איר „באַזוך״. נאָר אַז זי וועט באַלד מיטקומען מיטן חתן האָט זיך קיינער נישט געריכט. זונטיק, ווען דאָניע איז אַוועק הוליען מיט די „מאַקאַקעס״, זענען מיט דער באַן פון סאַן פּאַולאָ אָנגעקומען די מאַמע מיטן זון און גלייך, אָן צו לאָזן וויסן, זענען זיי פאַרפאָרן צו די קאַסטאָראָס אין „קאַזאַ אַלעמאַן״.

אין איין מינוט אַרום האָט מען שוין געוווּסט ווער די פרוי מיטן קאַוואַלער פון סאַן פּאַולאָ זענען. אַנדזשען איז נישט גוט געוואָרן אויפן האַרצן, ווען די מחותנטעסטע האָט זיך פאַרגעשטעלט, וואָרעם דער חתן־בחור איז געווען מער ווי צוויי מאָל אַזוי אַלט ווי די כלה. טאָמער האָט ער עס נישט געוואָלט אַרויסווייזן, האָט זיין געפּוצטקייט אים פאַרראַטן. יעדע זאַך, פון ברוסט־טאַש־טיכעלע, ביז דעם קליינעם שלייפעלע, דאָס קראַוואַ־טעלע, איז געלעגן מיט אַ זאָרגפעליקער גלייכקייט, דער קנייטש אין די טונקל־בלויע הויזן איז געווען ווי איינגעשניטן מיט אַ דראָט, און פון די באַקן־בערד האָט זיך אַרויסגעריסן אַ שאַרפער ריח פון פערפום.

ראָזינע, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט רעדן מיט די „וויאַזשאַנטן״ קורץ און קלוג, האָט דאָס מאָל אויך נישט געמאַכט קיין שהיות. באַלד ביי דער טיי האָט זי געמאַכט די ערשטע דעם אָנהייב פון דירעקטן געשפּרעך. אַנדזשע איז רויט געוואָרן, האָט די מוטער אַ זאָג געטאָן צו איר: „גיי אַרויס, מען רעדט דיר דאָ אַ שידוך, וועסטו זיך פאַרשפּאָרן צו באָדן אין רויטקייט״. איז אַנדזשע נאָך פלאַמיקער געוואָרן אין די באַקן און איז שוין דווקא געבליבן זיצן.

דאָניען איז נישט געפעלן דער בחור. ער האָט שוין געוואָלט אַוועקרופן דעם סעניאָר קאַסטאָראָ און אים זאָגן... אָבער דאָ האָט ער זיך דערמאָנט:

ער איז נישט מער ווי אַ זייטיקער, און אַז נאָך פריער האָט די פּאַטראָנאַ אים געזאָגט, ער זאָל נישט אַריינגיין אין זאַל, ווייל אַ חתן זיצט דאָרט. און ווידער האָט ער זיך דערפילט פונדערווייטנס און פאַרפרעמדט, און אַז זיין אָרט איז ביים קלאָץ, ביי די זייטלעך פלייש.

צומאָרגנס איז אַנדזשע נישט געשטאַנען אין קלייט, האָט נישט צונויפגעלייגט די זיידענע טיכער אין די הילצערנע קעסטלעך אַריין. אַ האַלבן טאָג איז אויך דער טאַטע נישט געווען, בלויז די דאָנאַ ראָזינאַ. מיט אים האָט זי גאָרנישט גערעדט, זי איז געווען פאַרשלאָפן און יום־טובדיק.

מיטאָג־צייט האָט מען צוגעשפּאַרט די דרויסנדיקע טיר: דאָס האָט זיך דאָס ערשטע מאָל געטראָפן זינט דאָניע געדענקט און דאָס ערשטע מאָל זינט זיי האָבן בכלל די קראָם. דאָך ביי יעדן מינדסטן שאָרך אין דער טיר איז די באַלעבאָסטע אויפגעשפּרונגען, אַרויסגעגאַנגען אין געשעפט, זיך אָפּגעפּאָרעט מיט אַ קונה און איז צוריקגעקומען צום טיש.

דאָניע איז אויך געזעסן ביים טיש. אַנדזשע האָט מיט אַ זיס געלעכטערל און מיט ווייסער ליכטיקער פריידן אין אירע אויגן פאַרגעשטעלט: „דאָס איז סעניאָר קויפמאַן פון סאַן פּאַולאָ" — האָט זי טייטלענדיק מיטן פינגער אויפן חתן, געזאָגט צו דאָניען. און דערנאָך, ווייזנדיק אויף דאָניען, האָט זי געזאָגט: און „דאָס איז אונדזער אַרויסהעלפער, דאָמינגאָ!"

נישט דאָניע און נישט קויפמאַן האָבן זיך פאַרנייגט ביים באַקענען זיך. אַנדזשעס פאָרשטעלן האָט עפּעס געקלונגען ווי חוזק. אוןביידע האָבן זיך געפילט ווי אָפּגעגאָסן מיט קאַלטס.

נאָך דאָניען האָט פאַרוווּנדערט, פאַרוואָס מען האַלט אים עפּעס פאַר אַ „מענטש": אי דערמיט, וואָס מען האָט אים גערופן צום געדעקטן טיש עסן צוזאַמען מיט די געסט, אי מיט דעם, וואָס מען האָט פּלוצלונג אָנגעהויבן מיט אים זיך רעכענען פאַר אַן אייגענעם אין שטוב.

נאָכן פאָרשטעלן האָט „די פרוי" גענומען דאָניען ווי אויף אַ פאַרהער, פון וואַנען ער איז? און צו וואָס ער איז געקומען קיין בראַזיל? צי ער האָט שוין אַ ווייב? און וואָס קלערט ער וועט דאָ זיין דער תכלית? און פאַרוואָס איז ער נישט אין שטאָט צווישן יידן? אָבער דאָניע האָט

איר נאָר געענטפערט „סי" און „נאָ". ער האָט זי נאָך פיינטער געהאַט ווי איר זון דעם חתן, וואָס האָט זיך געמאַכט לעקעשעוואַטע און אין דער אמתן האָט אין אים דאָניע דערקענט דעם ריכטיקן „פויגל".

נאָך מיטאָג איז די מחותנעסטע מיט איר זון דעם חתן און דעם סעניאָר קאַסטאַראָ ווידער ערגעץ נעלם געוואָרן. אַנדזשעטע האָט זיך נישט געוויזן אין קלייט און דאָמינגאָ האָט יעדע רגע אויסגעזוכט עפּעס אַ תירוץ אַריינצוגיין אין שטוב: דאָ עפּעס נעמען און דאָ עפּעס פרעגן דער סיניאָרינאַ. ער האָט אָבער געזען, אַז אַנדזשעטע איז פאַרוואָלקנט און ברוגז, איז ער צו צו איר און געפרעגט צי פעלט איר עפּעס?

דאָניע האָט זיך געריכט אויף אַ גאָב, אָדער זי וועט זיך אויסדרייען און גאָרנישט ענטפערן, נאָר אָנשטאָט דעם, האָט זי קוקנדיק גלייך אים אין די אויגן אַריין געפרעגט אין פּראָסטן, אָבער אין זאַפטיקן יידיש:

— דאָמינגאָ, ווי געפעלט דיר מיין חתן?

האָט דאָמינגאָ נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן, צי פרעגט זי אים ווי אַ גוטער פריינד, צי חוזקט זי פון אים. האָט ער געענטפערט, אַז ער געפעלט אים, און איז אַרויס דורך דער הינטער־טיר פון דער שטוב, וואָס האָט געפירט אין הויף צו די קראָמען.

ער איז שוין נישט צוריק אַריין אין געשעפט, כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז קיינער חוץ די פּאַטראָנאַ איז דאָרט נישטאָ, און אַז אַרבעט איז פאַראַן אַ סך.

ער איז אַוועק מיט דער דעה שוין מער נישט צוריקצוקומען, מער נישט צו פאַרבלייבן אין ריאָ נעגראָ. די בושה האָט אים אַריינגעבלאָזן אַ פייער אין פנים אַריין. ער האָט געוווּסט, אַז אין שטעטל רעדט מען, אַז אַנדזשעלאַ וועט זיין זיין כלה, און דאָ וועט מען זיך גאָר דערוויסן וועגן דעם חתן, וועגן אַן אַנדערן, אַ פרעמדן. ניין, בעסער נעלם צו ווערן אינגאַנצן.

וואַנדערנדיק אַזוי פאַרנאַכט צווישן די שטיינערנע פעלדזן, אַן אַנגע־גאָסענער אין פורפור, האָט אים פלוצלינג באַגעגנט סעניאָר קאַסטאַראָ, זיין פּאַטראָן.

אפשר האָט יענער אויך אַזוי ווי ער איינזאַם געוואַנדערט איבער די אַנגעוואָרפענע הויפנס שטיינער, מיט די אָנגעצונדענע שפּיצן פון

זון־פאַרגאַנג. קאַסטאָראָ, וועלכער האָט זיך נישט געוואָלט גלויבן, אַז דאָס בלאָנדזשעט זיין יונג אַזוי פראַנק און פריי אַרום, בשעת די קלייט שטייט אָפן און די קונים רייסן פון די הענט, האָט אַראָפּגענומען זיינע שוואַרצע אויגן־גלעזער פון דער נאָז און זיי פאַררוקט אויפן שטערן. האָט ער אים אָנגעקוקט דווקא מילד, אָן דעם מינדסטן פאָרוואורף און געזאָגט:

— נו, גענוג געיומטובט, גענוג, קום אַהיים. „זי״ איז איינע אַליין אין דער קראָם, זי קען זיך נישט קיין עצה געבן.

האָט ער געוואָלט זאָגן, אַז ער וועט שוין נישט צוריקגיין, נאָר נישט געזאָגט. איז ער מיט אים שווייגנדיק צוריקגעגאַנגען.

דאָמינגאָ האָט געוואָלט, מען זאָל אים פרעגן פאַרוואָס ער איז פּלוצלינג אַנטלאָפן. אים האָט זיך שטאַרק געוואָלט זאָגן אַ תירוץ, נאָר דער באַלעבאָס האָט דעם גאַנצן וועג זיך נישט וויסנדיק געמאַכט, און אַפילו די באַלעבאָסטע האָט אים גאָרנישט געפרעגט ווו ער איז דאָס פאַרשוווּנדן?

צוריקקומענדיק האָט ער שוין געטראָפן אַלץ ווי עס איז געווען. אַנדזשעליטאַ איז געשטאַנען ביים „מוסטעראַדאָר־טיש״ און געמאָסטן ביליקע זיידנס פאַר נעגערישע מיידלעך. ראָזינע האָט געוויגן שפּייז־פּראָדוקטן און קיין זכר פון חתן, פון דער שפּיציקער מחותנעסטע איז נישט געווען.

*

נישט דעם נאָמען פון חתן, נישט דעם נאָמען פון דער מאַדאַם קויפמאַן האָט מען דערמאָנט אין הויז, גלייך עס וואָלט קיינמאָל גאָרנישט געווען. אַזוי ווי דאָניע האָט נישט געזען ווען זיי זענען אַוועקגעפאָרן, האָט ער דעריבער נישט געוווּסט, צי האָט מען זיך באַליידיקט, צי איז מען ברוגז געוואָרן און צי עס איז סתם גאָרנישט געוואָרן פון שידוך.

דאָניע האָט נישט געזען קיין שום ענדערונג אין דער פירונג פון גאַנצן הויז, חוץ דעם, וואָס די טאָכטער איז עפּעס געוואָרן פרייער, שמייכלדיקער און אָפט גערעדט מיט אים. ביים שאָפן זיך עפּעס האָט זי געזאָגט אין יידיש: „זייער אַזוי גוט, דאָמינגאָ״, און „איך בעט דיך, דאָמינגאָ״.

דאָמינגאָן איז דאָס דווקא נישט שטאַרק געפעלן. ער האָט זיך געפילט

נישט שטאַרק באַקוועם פון איר העפלעכקייט, פאַרקערט, דאָס האָט אַריינ־געטראָגן אַ טאָן פון קאַלטקייט, פון דערווייטערטקייט.

איינמאָל האָט דער פּאָסט־טרעגער געבראַכט אַ פּעקעלע מיט אַ סך אַריינגעקלעפּטע מאַרקעס. דאָס פּעקעלע האָט אַריינגעטראָגן אַ גרויס צערודערונג אין הויז. אַנדזשע האָט געטופּעט מיט די פיס, זיך געשווירן, אַז זי וויל נישט, און דאַניען האָט מען איבערגעלאָזט אויף לאַנגע מינוטן אַליין אין קלייט.

פון יענער זייט טיר האָט זיך געהערט אַנדזשעס שרייען און וויינען, אויסגעמישט מיט דער מאַמעס מאַנסבילשן קול, און אין זייערביידנס געשריי האָט דער טאַטע אַריינגעהוסט מיט זיין טרוקענעם הוסט.

אַנדזשע איז געווען בלייך, אונטער די אויגן איז געווען רויט און אָנגעשוואָלן. דאָמינגאָן האָט זיך געדאַכט, אַז די קיילעכדיקע רעדער אונטער די ברעמען זענען אָנגעפילט מיט ראָזע טרערן. ווען זי איז אַליין געווען אין קלייט, האָט ער, האַלטנדיק אַ פּאַס פליש, זיך צו איר געווענדט:

— סיניאָרינאַ, אפשר וואָלט איר מיך צוגענומען פון פליש און געגעבן עפּעס אַנדערש צו טאָן?

האָט אַנדזשע רויִק און גלייכגילטיק אים געענטפערט:

— רעד מיט דער מאַמען, אפשר וועט זי באַשטיין.

— און איר וואָלט באַשטאַנען?

אַנדזשע האָט אַלץ געטאָן איר אַרבעט נישט קוקנדיק אין זיין זייט. זי האָט בלויז אַ ציי געטאָן מיט די אַקסלען און געזאָגט:

— וואָס איז מיר אַ חילוק?

אין שטעטל האָט מען דאָמינגאָן פאַרוואָרפן מיט פראַגן, צי עס איז אמת, אַז די „טאָכטער" גייט חתונה האָבן פאַר אַ רוסאָ פון סאַן פּאַולאָ, פאַר אַ „קאָמערסאַנט"?

דאַניע האָט געענטפערט קורץ:

— פאַר אַ קאָמערסאַנט? פאַר אַ „קליענטעלטשיק"! פאַר אַ „פּרעס־טאַסיאָנער", אַ פּעדלער!

אַלע האָבן געלאַכט, ער האָט מיטגעלאַכט און דאָס געלעכטער האָט זיך אין אים אויפגעריסן ווי דראָבנער שראָט...

## קאַפּיטל זעקס

דאָניע האָט נישט באַמערקט קיין אויסערגעוויינלעכעס, נאָר די לעצטע טעג האָט זיך די מאַדאַם געהאַלטן אין איין איינפּאַקן, ביז איינמאָל האָט די דאָננע געזאָגט צו אים:

— דאָמינגאָ, מיר פאָרן אַלע אַוועק קיין סאַן פּאַולאָ. מיר וועלן זיך פאַרזאַמען עטלעכע טעג, דו וועסט אַליין מוזן אַכטונג געבן אויף דער קלייט און אויף דער שטוב.

האָט דאָמינגאָ געפרעגט:

— און די סיניאָרינאַ פאָרט אויך?

די דאָננע האָט אויף אים אַ קוק געטאָן, מיט איר בליק האָט זי אים איינגעשלונגען און געענטפערט קורץ:

— די סיניאָרינאַ פאָרט חתונה האָבן. געזעגן זיך, ווייל זי בלייבט שוין דאָרט וווינען.

דן האָט זיך פאַרוווּנדערט, וואָס מען לאָזט אויף זיינע הענט די גאַנצע קראָם, אַלע קונים, און מען געטרויט דאָס לייזונג און באַר־געלט. אמת, מען האָט אים געהאַלטן פאַר זייער אַן ערלעכן, קיינמאָל נישט צוגעציילט און נישט נאָכגערעכנט, אָבער, אַז מען זאָל זיך איינגאַנצן אויף אים פאַרלאָזן, האָט אים אַליין מער געשראָקן, ווי געפרייט.

ער איז אַריינגעגאַנגען אין דעם ראָזן חדרל, וווּ עס איז געשטאַנען אַנדזשעלינעס בראָנזענע בעט, מיט די ווייס־טוליענע פאָרהענגלעך און פאַרבונדן מיט העל־בלויע שלייפעלעך: ער האָט געטראָפן אַנדזשען זיצן ביים טישל, שרייבנדיק אויף בלאַס־בלאָע בייגעלעך פּאַפּיר. זי איז געוועזן בלייך, די טרערן האָבן אַרויסגעגלאַנצט פון אירע אויגן און די ראָזע טאָרבעלעך הינטער די אויגן זענען געווען שווערער און פולער:

— פאָרט געזונטערהייט — האָט דאָניע אַרויסגעמורמלט און געזוכט, בלאָנזשענדיק מיט די בליקן, דעם צוריקגאַנג צו דער טיר.

אַנדזשע האָט אַוועקגעלייגט די פעדער און אים פאַרלאָפן דעם וועג. איין האַנט אירע האָט פאַרהאַלטן די טיר און די אַנדערע האָט זיך צו אים אויסגעשטרעקט:

— אַז דו וועסט אַמאָל זיין אין סאַן־פּאַולאָ, דאָמינגאָ, זאָלסטו נישט פֿאַרגעסן קומען צו מיר.

זי האָט געוואָלט שמייכלען צו אים, נאָר זעענדיק, ווי די טרערן רייסן זיך אַרויס קעגן זיין ווילן פֿון זיינע אויגן, איז דער שמייכל געבליבן הענגען אויף איר פּנים, ווי אויסגעקרימט. זי איז צוריקגעגאַנגען צו איר שרייב־טישל. ער איז נאָך אַ רגע געבליבן שטיין. דער ווינט האָט אויפגעריסן די טיר, גלייך ווי מען וואָלט אים אַרויסגעבעטן. ער איז אַרויס.

כאָטש מען האָט זיך שטאַרק געהיטן, נישט צו זאָגן די שכנים און די גוטע־פֿריינד, אַז היינט פֿאָרט מען מיט אַנדזשעליטען אויף דער חתונה, האָט זיך דאָך דאָס גאַנצע שטעטל דערוווּסט, און פֿון אינדערפֿרי ביז צום אַוועקגעפֿאָרן האָבן געהאַלטן אין איין קומען מענטשן, גוטע־פֿריינד און גוטע קונים. מיידלעך האָבן געבראַכט מתּנות, ווערטפּולע און ביליקע. אַנדזשעע האָט כּסדר געמוזט האָבן אויף איר זויער פּנים אַן אָפּגעזיסט שמייכעלע. די מאַמע האָט פֿאַרפּאַקט די רעשט זאַכן און דער טאַטע האָט געטרונקען מיט די געסט, און זיך געקלאַפּט אין די פּלייצעס.

אַלע דריי זענען אַוועקגעפֿאָרן פֿרייטיק קעגן אָוונט־צו. די קלייט האָט מען פֿרי פֿאַרמאַכט. דאַניע איז מיטגעגאַנגען צו דער באַן. ער האָט געוואָלט גיין לעבן אַנדזשען, אָבער די מאַדאַם איז כּסדר אויסגעוואַקסן ביי זיין זייט און געהאַלטן אים אין איין אָנזאָגן: ער זאָל נישט פֿאַרגעסן פֿונאַנדערצוטראָגן דאָס פֿלייש, די פֿענצטער פֿון די צימערן זאָלן זיין פֿאַרמאַכט, ער זאָל נישט אַריינעמען קיין „קאָמפּאַדרעלעך" אין הויז אַריין, און ער אַליין זאָל נישט אַוועקגיין פֿון דער שטוב. מאַנטיק, מען זאָל דערלעבן, וועט מען זיין צוריק.

צוריק פֿון דער באַן האָט דאַניע מורא געהאַט אַריינצוגיין אין הויז. עפּעס האָט ער געהאַט דאָס געפֿיל, אַז אַלץ איז אויסגעליידיקט געוואָרן, אַז די ווענט זענען אָפּגעשיילט און אַן אומהיימלעכער ווינט פֿייפֿט דאָרט אַרום.

אַנדזשעס לעצטער בליק צו אים האָט נאָך געלעבט אין זיינע אויגן. די וואַרעמקייט פֿון דעם האַנט־דרוק האָט נאָך געבריט; נאָר פֿאַרוואָס

האָט זי אַריינגעשוויגן מיט אַזאַ פּינצטערניש אין זיין נשמה אַריין? איצט בלאָנדזשעט ער אַליין אַרום אין זיך און קאָן זיך נישט געפינען.

עס האָט אים באַגעגנט איינער פון זיינע באַקאַנטע:

— איז זי געפאָרן חתונה האָבן?

דאָניע האָט פיינלעך געשוויגן.

יענעם איז אָבער געווען גוט אויפגעלייגט אויפן האַרצן, און אפשר שטאַרק פאַרפינצטערט, אַז ער האָט נאָר געוואָלט אַרויסברענגען פרעכע געדאַנקען אויפן חשבון פון אַנדזשעלעס חתונה.

דאָניע איז געווען צופרידן אַנצונעמען זיין קאָמפּאַניעראָס אָנבאָט מיטצוגיין אין „סאַנטאַ אַמאַראַ", דאָס איינציקע געסל, וואָס איז געשטאַנען אַרויסגערוקט און זיך נישט געגרענעצט און זיך נישט איינגעשלאָסן מיט דער שטאָט.

✶

אין געסל זענען געווען צוויי שטיבלעך, פון איינעם ביזן אַנדערן — אַ ליידיקער פּלאַץ מיט אויפגעגראָבענער ערד, צערודערטע בערגלעך און גאַנצע הויפנס מיסט.

די לאָדנס פון די שטיבלעך זענען געווען צוגעמאַכט, דערפאַר האָט פון די טירן אַרויסגעריסן זיך אַ טונקל, קרענקלעך ליכט. ביי יעדן עפן פון אַ טיר, האָט זיך אַרויסגעוואָרפן אין דער טונקלקייט פון געסל אַ זשומעריי פון קולות.

דאָניע איז אַהין נישט געגאַנגען דאָס ערשטע מאָל, נאָר קיין אָפטער באַזוכער דאָרט איז ער נישט געווען.

אַמאָל, ווען עס האָט זיך אָנגעקליבן אַ פּרעסנדיקער אומעט אונטערן האַרצן, פלעגט ער זיך דאָרט אַוועקזעצן ביי אַ טישל, און וועלכעס „מיידל" עס פלעגט זיך צושפּאַרן אויף זיין שויס, פלעגט ער מיט צעפּירטע קניען יענער אַראָפּוואַרפן. אים פלעגט עס נישט אַרן, אַפילו ווען דאָס מיידל האָט זיך אַליין אויפגעהויבן און אַרויסגעבלעזלט אים אַ צונג. ער פלעגט באַשטעלן ביי דער באַלעבאָסטע אַליין אַ פלעשל ביר, טרינקען

צו קליינע זופּעלעך און נאָכקוקן מיט אַ שפּאָטיש שמייכעלע יעדן איינעם, בשעת יענער איז פאַרשווונדן מיט אַ מיידל אין אַ צימערל אַריין.

ער איז איצט צוגעקומען אין געסל שוין ווי אַ באַקאַנטער. דער פּאָליציימאַן אין ציווילע, אָפּגעריסענע קליידער, נאָר מיט אַ שווערד, אַ רעוואָלווער און אַן אַראַפּניק האָט אים שוין גוט געקענט, פונדעסטוועגן האָט ער אים באַזוכט, און נאָכן באַזוכן ערשט געפּרעגט, צי טראָגט ער נישט קיין געווער ביי זיך. האָט דאַניע אָנשטאָט צו ענטפערן, אים מכבד געווען מיט אַ ציגאַרעטל און איז אַריינגעגאַנגען צוזאַמען מיט זיין פריינד.

דער גרויסער „זאַל" פון „פּענסיאָן פראַנסעס" איז באַשטאַנען פון אַ הויף, פיר־קאַנטיק, גרויס. אין די ווינקלען זענען געווען צעשטעלט וואַזאָנען־פּעסלעך מיט פּאַלמעס. אָנשטאָט אַ דאַך האָבן זיך געוויקלט איבער דראָטענע שטריק און הילצערנע לייטערלעך וויינטרויבן־צווייגן, וואָס זענען אַראָפּגעוואַקסן איבער די ווענט.

דער הויף האָט געהאַט אַ סך טירן אין דער העלפט מיט שויבן און פאַר די שויבן — לופט־לאָדנס, וואָס האָבן זיך צוגעמאַכט אינעווייניק. פאַר יעדער טיר איז געהאַנגען אין אַ רעמל, אונטער אַ פאַרשטויבט גלאָז, אַ בילד פון אַ „שיינהייט", צוזאַמען מיט געדרוקטע פאָרשריפטן פון דער סאַניטאַרישער פּאָליציי.

דאַניע מיט זיין פריינד האָבן זיך באַלד פונאַנדערגעשיידט, ווי נאָר זיי זענען אַריין. עפּעס האָט זיך די „פריינדשאַפט" דעם גאַנצן וועג נישט געקלעפּט. אין דער צייט, וואָס זיין באַקאַנטער האָט אויפגעריסן די אויגן, בעת אים זענען אַנטקעגנגעקומען עטלעכע מיידלעך מיט שאַרפע ריחות פון זייערע בוזימס אַרויס, האָט דאַניע זיך אויפגעפירט קאַלט און גלייכ־גילטיק. ער האָט מיט איבל אַראָפּגענומען די הענט, וואָס די „מיידלעך" האָבן אָנגעהאָנגען אויף זיינע אַקסלען.

די באַלעבאָסטע פון „פּענסיאָן" איז גראָד נישט געווען פריי. קיינער חוץ איר האָט דאַניען נישט געקענט באַדינען. די מיידלעך האָבן זיך געדרייט לעבן אים, אין די אויגן אַריינגעשמייכלט און געוווּנקען מיט אויס־געלאָשענע בליקן, און הינטער די אויגן — אויסגעבלעזלט אַ צונג.

אַז עס איז קיינער נישט צוגעגאַנגען צו אים, האָט אים אָנגעהויבן

צו ווערן לאַנגווייליק. די גליענדיקע שטיינדעלעך, וואָס האָבן געהאַט זיך איינגעשטילט אונטער זיין ברוסט, האָבן צוריק אָנגעהויבן צו קאָכן. ער האָט געפילט, אַז עפּעס אַנדערש וועט נישט איינשטילן דאָס נאָגעניש, אַז דאָס בינטל שלאַנגען, וואָס ראַיען אין זיינע געדערים, וועלן נישט אויפהערן, אויב ער וועט זיי נישט פאַרסמען מיט בראָנפן, אַז זיין אומעט וועט אים דערדריקן, אויב ער וועט זיך נישט פאַרהוליען מיט די מייד־לעך דאָ.

נישט קלערנדיק קיין סך, האָט ער אויסגעדרייט זיין קאָפּ, אַ פּיר געטאָן זיינע בליקן איבערן גאַנצן הויף און זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ מיידל, וועלכע האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט געוואַקסן פון אויבן אַראָפּ. דאָס פּנים איז געווען דאַר און אויסגעצויגן, די רויטע פאַרב אויף די ליפּן האָט זיך שאַרף אַרויסגעשניטן און די אויגן האָבן אויסגעזען ווי אַריינגעשטעלטע.

זי האָט נישט אַראָפּגעריסן איר בליק פון אים. ער האָט זי גלייך אָנגעקוקט מיט אַ פאַרגלאָצטער מינע, אַז זי האָט נישט געקענט וויסן צי מיינט ער זי, צי נישט? זי איז אָבער געזעסן מיט אַ קאַוואַליער, געזעסן איז זי שוין מיט יענעם פון נויט. נישט מען האָט געטרונקען, נישט מען האָט גערויכערט און נישט מען האָט געפּלוידערט. אַלע זאַכן זענען שוין געווען פאַראיבער און אַלץ אויסגעפּרוווט. נאָר אַזוי ווי קיין אַנדערער איז נישט געווען, איז זי גלאַט אַזוי געזעסן, אַריינגעגענעצט אין אַ קליין טיכעלע אַריין. פאַר לאַנגווייליקייט האָט איר שפּיץ פוס געטאַנצט אויף דעם שטיינערנעם פאָל אונטערן טישל.

זי האָט געוואָלט אויספּרוּוון, צי דער „רוסאָ" מיינט זי אויף אַן אמת, האָט זי קאָקעטיש צוגעבויגן איר קאָפּ נאָענט צום טיש־דעק און קאָפּויער קוקנדיק צו אים, האָט זי אַ קנייטש געטאָן מיט איר רעכטער באַק, און דאָס אויג האָט אַ פּינטל געטאָן.

האָט ער קיין סך נישט געקלערט, זיך אויפגעהויבן, צוגעגאַנגען צו איר טישל, אַרומגענומען זי ביי דער טאַליע און מיט אַ גבורה, וואָס האָט זיך געטראָגן פון אים, האָט ער זיך מיט איר אַוועקגעוויגט.

דער קאַוואַליער, מיט וועלכן זי איז געזעסן, האָט געטאָן אַ טרייסל

אויף, און דאַן זיך אַ צי אויס אויף דעם אַספאַלט־פּאָל און אָנגעכאַפּט דאָניען אונטער דער קני. דאָניע איז אומגעפאַלן, מיטשלעפּנדיק דאָס מיידל.

עס איז געוואָרן אַ טומל. דאָניע האָט זיך מיט איין האַנט אָנגעהאַלטן אָן דעם מיידלס טאַליע, מען זאָל אים נישט אָפּטשעפּען פון איר, און מיט דער אַנדערער האָט ער דערווייל געמאַכט „שטויסלעך״, אַריינשפּאַרנדיק מיט די קנאָכן־ביינדלעך פון זיינע פינגער גלייך דעם צווייטן אונטער דער גאָמבע, אַז דאָס בלוט פון יענעמס ציין האָט זיך געגאָסן איבער זיינע פויסטן.

די מהומה האָט זיך אַרויפגעהויבן איבער דעם געדעקטן דאַך פון וויינטרויבן־צווייגן און אָפּגעהילכט איבערן געסל.

פון צווייטן „הויז״ איז מען געקומען צו לויפן. דער פּאָליציימאַן פון דרויסן האָט זיך דורכגעטראָגן דורך דער צונויפגעשפּאַרטער מאַסע מיט אַן אַנטבלויזטן שווערד. די „מאַדאַם״ פון הויז האָט זיך פון ערגעץ אָפּגעזוכט. זי האָט זיך געבראָכן די הענט און זיך געשטעלט ביי דער אַריינגאַנג־טיר, געהיטן, אַז קיינער פון די „געסט״ זאָל זיך נישט אַרויסכאַפּן דערווייל אומבאַצאָלט.

פון די פאַרמאַכטע צימערלעך האָבן זיך דערווייל געעפנט שפּאַלטן דורך די לופט־לאָדנס. שוואַרצע, געלע און בלאָנדע קעפּלעך האָבן זיך אַרויסגעשפּאַרט, און ווען דער פּאָליציימאַן האָט ענדלעך צעריסן דעם קנויל פון דיביידע שלעגער, האָט זיך ערשט אָנגעהויבן צו צעפּלאָקערן דער צאָרן פאַר גערעכטיקייט. בלויז די מיידלעך האָבן דאָמינגאָן געגעבן גערעכט, פון די מענער האָבן אַלע געהאַלטן מיט יענעם קאַוואַליער, וואָס איז באַליידיקט געוואָרן.

דאָמינגאָ איז געווען פאַרשולדיקט, ער האָט עס געפילט. ער איז אָבער געווען צופרידן דערפון, וואָס די פאַרביטערטקייט, וואָס האָט געגריזשעט ווי אַ זשאַווער זיינע געדערים אַ גאַנצן אָוונט, איז אויף אַ רגע אַוועק. אָבער איצט האָט דאָס פריערדיקע עסעניש זיך צוריקגעקערט מיט דער גאַנצער האַרבקייט.

ער איז אַרויס פון „פּראַנסעס״ און געוואָלט אַריין אין צווייטן הויז פון דעם זעלבן געסל, צום הויז, וואָס האָט געהאַט אַ שילדל מיט אַן

אויפשריפט: „פענסיאָן אַ בעללאַ סאָפיאַ״. אָבער אין יענעם הויז האָט מען אים נישט אַריינגעלאָזט — אי דער שוואַרצער שווייצער, אי דער ווייסער פּאָליציאַנט. דאָס הויז איז געווען פאַר די „בעסערע״ מענטשן אי פון ריאָ נעגראָ, אי פאַר די „וויאַזשאַנטן״, וואָס זענען דאָרט אָפּגעלעגן גאַנצע נעכט.

מיט צייטן צוריק האָט דאָס „הויז פון דער שיינער סאָפיאַ״ געהאַט אַ שם אין דער געגנט.

אַ קליינער קאַבאַרעט, געשמאַקפול און באַקוועם איינגעאָרדנט. כאָטש דער דרויסן איז געווען אָפּגעריסן און פאַרלאָזן, האָבן אָבער אינעווייניק פון די הויכע ווענט אַראָפּגעקוקט געמעלן פון ליבע־סצענעס. דאַמען אין קאַראַלינעס האָבן שטיל געשמייכלט צו זייערע קאַוואַליערן.

אַמאָל האָט מען אין דעם „הויז״ נישט געזען ביי די טירן קיין מיידלשע פאָטאָגראַפיעס. די „צימערלעך״ זענען געווען ערגעץ אין אַ זייט, דורך אַ דורכגאַנג פון אַ שמאָלן הויף. און יעדעס מיידל, וואָס האָט „פאַרבראַכט״ אין דעם קאַבאַרעט, האָט זיך דאָרט געהאַט איר „פּריוואַטע״ וווינונג.

הייַנט, זינט מאַדאַם עספּעראַנסאָ גונסאַלעס דע פּערעראָ פון מאַדריד האָט דאָרט אין שכנות געעפנט איר „פענסיאָן פראַנסעס״, איז דער פּרעסטיזש פון בעללאַ סאָפיעס הויז אַזוי שטאַרק געפאַלן, אַז די חשובע בירגער פון ריאָ־נעגרער מוניציפּאַליטעט האָבן אויפגעהערט דאָרט צו קומען, ווייניקסטנס איז מען נישט געקומען אין חברותא.

האָט די מאַדאַם סאָפיאַ געמוזט זיך „אַראָפּלאָזן״ אויף עטלעכע שטופן. מען האָט געעפנט די טירן אַ ביסל פרייער אין גאַס אַריין אַפילו פאַר מאַטראָסן, וועלכע זענען דורכגעפאָרן דעם פּאָרט.

די מיידלעך, וועלכע האָבן „אונטערגעהאַלטן״ די געסט מיט מיטטרינקען און מיט טאַנצן, האָבן געמוזט אַריבערציען זייערע פּריוואַטע צימערן נענטער צום אַלגעמיינעם סאַלאָן. די סאַניטאַרע קאָמיסיע ביי דער מוניציפּאַליטעט האָט שוין דאָס גענומען אונטער איר אויפזיכט, לעגאַליזירט די מיידלעך דערמיט, וואָס זיי האָבן געמוזט אויפהענגען זייערע בילדער ביי די טירן.

דאָך איז נאָך פֿאַרבליבן ביי זיי דאָס פּריערדיקע „האַלטן" זיך: זיי זענען נישט אַרויסגעגאַנגען אין שטעטל אַריין, ווי די מיידלעך פֿון „פּראַנסעס" מיט בלויזע קעפּ, זיי האָבן תמיד געטראָגן שיינע היטעלעך, פֿון לעצטן פֿאַסאָן, און אַ סך געגעבן צו לייזן פּאָר זיידנס אין דער קאַזאַ אַלעמאַן, ביי דאָניעס באַלעבאַטים.

דאָניע האָט זיך געפֿילט אַזוי צעבראָכן פֿון דעם, וואָס דער פּאָליציאַנט און דער שוואַרצער מאַלפּע־קאָפּ האָבן אים נישט אַריינ־געלאָזט צו בעללאַ סאָפיאַ, אַז ער האָט פֿאַרגעסן אין דעם זשאַוועער, וואָס האָט אים אַ גאַנצע צייט געגעסן. ער האָט זיך געפֿילט מאָדנע גוט און עפּעס קאָמפּסלוסטיק. די פֿאַרביטערניש פֿון זיין נשמה האָט זיך געשפּאַרט אין די מוסקולן פֿון די אָרעמס און די פֿינגער האָבן געוואָלט אַלץ, וואָס דאָס אויג זעט, פֿאַרניכטן, צערייבן.

האָט ער אַ שטויס געטאָן די צוגעמאַכטע פּויסט גלייך דעם שוואַרצן שווייצער אין באַק אַריין, אָבער יענער האָט זיך באַוויזן אָפּצובויגן עטוואָס, איז דאָניעס האַנט אַריינגעפֿלויגן אין דער מאַטער שויב און איידער דער שווייצער האָט צוריק אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ, האָט שוין אַ בראַזגעריי פֿון דעם גרויסן פֿענצטער פֿאַרקלונגען דאָס גאַנצע געסל.

פֿון ביידע „הייזער" זענען אַרויסגעלאָפֿן אי די געסט, אי די מיידלעך. ביידע באַלעבאָסטעס, וואָס האָבן זיך ביטער פֿיינט געהאַט, האָבן געמוזט אין עפּעס זיך אָנכאַפּן, כדי מען זאָל אַרויספֿוואַרפֿן די שולד איינע אויף דער צווייטער.

דער פּאָליציאַנט האָט דאָניען געהאַלטן ביים אַרבל און ביים קאַרק, ער האָט נישט געוווּסט, וואָס מיט אים צו טאָן. סקאַנדאַלן זענען אין „געסל" נישט קיין נייעס. דאָניע האָט זיך דערוויייל געגעבן אַ ריס אַרויס פֿון פּאָליציאַנטס הענט, און ווי אַ קאַץ זיך געטאָן אַ צי אַריין אינעווייניק דורך דער אויסגעשלאָגענער שויב. איז מען אים נאָך, אייגענע און פֿרעמדע. דאָס הויז פֿון דער בעללאַ סאָפיאַ איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שענק פֿון צערייצטע שיכורים. דאָניע האָט זיך אַזוי געוויקלט

אין זיין צאָרן, אַז אַלץ האָט אַוועקגעטאַנצט אונטער זיינע צעפּאָכעטע הענט.

ווען ער האָט שוין געהאַט אָפּגעריסן די בילדלעך און בילדער פון די ווענט, האָט ער מיט איינעמס האַנט געשלאָגן איבער אַ צווייטנס פּנים, קאָפּ און פּלייצע. ביידע פּאָליציאַנטן פון ביידע הייזער האָבן זיך פּאַרמאָסטן ווי צו אַ שלאַכט און זיך דערנענטערט צו אים מיט די בלויזע שווערדן. די מיידלעך פון סאָפּיעס הויז האָבן דערזען בלאַנקע שווערדן, האָבן זיי זיך שוין פּאָרגעשטעלט בלוט און אויפגע־הויבן אַזאַ געשריי, אַז עס האָט אָפּגעקלונגען אויף געסלעך ווייט אַרום סאַנטאָ־אַמאָראַ. עס האָבן זיך געהערט עטלעכע רעוואָלווער־שאָסן, וואָס מ׳האָט נישט געקאָנט פעסטשטעלן, ווער, פון ווען און פון וואָס עס איז געקומען.

דאָניע אַליין איז געווען צעבלוטיקט און צעשויבערט. די אויגן זענען געווען גרעסער ווי געווייגלעך און דאָס בלוט אויפן פּנים האָט זיך דורכגעשלאָגן אין רויטע שטרייפן אונטער דער בלאַסער הויט.

די מאַדאַם סאָפּיאַ האָט אַרויסגעטריבן דעם עולם אין גאַס אַריין און די מיידלעך אין זייערע צימערן, פונקט אַזוי ווי אַ באַלעבאָסטע טרייבט די הינער צום באַזעצן. איר תמיד יונג פּנים מיט די ווייסע לאָקן האָט זיך געענדערט. פון דער יונגקייט און פרישקייט האָט זיך אַרויס־געשיילט אַן אַנדער, אַ כמעט העסלעך געשטאַלט. אַלע קנייטשן האָבן זיך אויפגעשניטן, די נאָז איז געווען רויט און געשטופּלט.

אין דער צייט, וואָס ביידע פּאָליציי־אַגענטן האָבן אָנגעטאָן דאָניען אויף די הענט האַנט־קייטלעך, האָט ער געהאַלטן אין איין קוקן אויף דער מאַדאַם סאָפּיאַ, און אַ דין שמייכעלע האָט זיך דורכגעלויכטן איבער זיין פּנים. אים האָט שטאַרק הנאה געטאָן, וואָס די דאָננאַ סאָפּיאַ, וועמען ער האָט גוט געקענט, איז עפּעס אַזוי מיאוס געוואָרן.

די מיידלעך זענען נישט אַזוי גיך אַריינגעגאַנגען אין זייערע צימערן. ווען זיי זענען יאָ אַריינגעגאַנגען, זענען זיי אויך באַלד צוריק אַרויס־געקומען און זיך געשטעלט אַרום דאָניען. זיי האָבן פּאַרמאַכט די אויגן נישט צו זען, ווי מען שמידט דעם „רוסאָ״ אין קייטן.

ער האָט געהערט אַ נאָענט־באַקאַנטן קלאַנג; עפּעס אַ היימישער, אַ משפּחהדיקער קלאַנג. צום ערשט האָט ער זיך נישט געקאָנט דער־מאָנען, ווו ער האָט שוין אַזאַ ענלעכן קלאַנג אַמאָל געהערט. פּלוצלינג האָט ער פּאַר זיך דערזען דעם שטענדיקן וועג פון זיין פּאָטער. זיין אויסזען האָט ער די גאַנצע צייט נישט געדענקט, נאָר איצט איז ער אויפגעשווומען פּאַר זיינע אויגן אַזוי קלאָר און דייטלעך; וואָס קאָן שוין זיין דייטלעכער, אַז ער אַליין, דאָניע, איז גאָרנישט דאָניע, נאָר זיין אייגענער פּאָטער. ווען ער זאָל וועלן, וואָלט ער די קייטלעך צעריבן איינע אין דער אַנדערער, נאָר ער וויל נישט. ער האָט אַ הנאה דערפון, וואָס ער האָט ענדלעך אַ מאָל פּאַרזוכט דעם טעם פון גיין געשמידט, געהיט פון צוויי מענטשן אין שווערדן.

פּלוצלינג, נישט ווייט פון שטעטלדיקן קאַמער, וואָס האָט זיך גערופן „אַרסענאַל" און איז געווען אַ צייטווייליקע טורמע פּאַר אַרעס־טירטע, ביז וואַנען מען האָט זיי אָפּגעשיקט אין פּאַרטאַ אַלעגרע, איז אַנטקעגן געקומען אַ מיידל פון דעם „פּענסיאָן פּראַנסעס". זי האָט געסאָפּעט, ווי זי וואָלט מיט אַ סך מי איינגעפּאַמפּעט אין זיך אָטעם. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ מענער־רעקל אויף דער לייכטער קימאָנע. דאָניע האָט אין איר דערקענט די אייגענע, איבער וועלכער עס האָט זיך אָנגעהויבן די גאַנצע „חתונה". זי האָט שנעל גערעדט צו די צוויי פּאָליציי־לייט, אַזוי שנעל און הויך, אַז דאָניע האָט נישט געקענט כאַפּן צוויי ווערטער, וואָס זאָלן זיך צונויפבינדן אין זיין אויער.

די פּאָליציי־לייט האָבן זיך איבערגעקוקט. זיי אַליין איז נישט ניחא געווען דער גאַנצער ענין. איז מען אַוועק אין אַ זייט און איינער האָט זיך אָנגערופן:

— וועלן מיר גיין טרינקען אַ „קאַפּעזיניאַ"?

— ווען מיר — האָט דער צווייטער געענטפערט — אומגעקוקט זיך און גענומען אָפּשליסן די קייטלעך פון דאָמינגאָס הענט.

האָט שוין דאָניע באַשלאָסן, אַז דאָס איז איר אַרבעט, דער כאַלערעס

אויפטו! עס האָט אים געאַרט, וואָס ער איז אַזוי גיך פריי געוואָרן און פאַרוואָס ער אַליין האָט נישט „צעריבן" די „בראַסלעטלעך".

ער האָט זיך פאַרשעמט, ווי דאָס ערשטע מאָל נאָך אָן אויסגעבע־טענעם חסד, נאָר אין כעס זיין האָט ער נישט געקאָנט, בפרט אויף איר, צוליב וועלכער עס איז אַרויסגעקומען דאָס געשלעג.

אַלע פיר זענען צוריקגעגאַנגען אין געסל „סאַנטאָ אַמאַראָ" צו דעם „פענסיאָן פראַנסעס", כדי מיטן אויסרייד: אַ „קאַוועלע" — זאָל מען גאָר טרינקען קאָניאַק. אָבער אין געסל זענען ביידע פענסיאָנען געווען פאַרהאַמערט, ווי פרי פאַרטאָג. ערגעץ אַנדערש האָט נישט געפאַסט אַריינצוגיין פאַר ביידע פאָליציי־לייט מיט דעם „פאָלאַקאָ" אין דער קאָמפּאַניע.

דאָניע האָט געפילט, אַז סיי־ווי איז זיין נאַכט אַ פאַרפאַלענע, אַז סיי־ווי וועט ער די אויגן נישט קאָנען צומאַכן, אַז האַרט וועט אים זיין דאָס געלעגער, כאָטש ער וועט זיך קאָנען לייגן אין די באַלעבאַטימס בעטן. ער האָט געפילט, אַז ער וועט דערטרונקען ווערן אין בענקעניש. איז ער דעריבער צופרידן געווען אַרומצושלעפּן זיך מיט די צוויי „בערן־טרייבערס" און דער „איינגעפלאַטשטער לימענע", דאָס מיידל.

האָט ער פאָרגעשלאָגן, מען זאָל גיין אין הויז פון זיינע באַלעבאַטים. קיינער איז דאָרט נישטאָ און אפשר געפינט זיך דאָרט עפּעס איינצונעצן דעם גומען.

איבער דעם האַרטן טראָטואַר פון דער שטאָטישער איינציקער „פלאַזאַ" האָבן אָפּגעקלונגען פיר פּאָר טרוקענע טריט. עס איז געווען שטיל. ריאָ נעגראָ איז געשלאָפן, קוויקנדיק זיך מיט דער פרישער פייכטקייט פון דער נאַכט.

## צווייטער טייל
# די קויפמאַנס

### קאַפּיטל איינס

נפתלי קויפמאַן, דער פֿאָטער פון אַנדזשעס חתן, איז געקומען אין בראַזיליע, ווען עס איז קוים אַ שפּראָצל געווען פון אַ יידישער איינוואַנדערונג.

אויפן צווייטן טאָג נאָך זיין אָנקומען פון אַ בעסאַראַבער קליין שטעטל, האָט ער זיך עפּעס פאַרלוירן פאַר סאַן־פּאַולאָ, וואָס האָט אין זיך געטראָגן דעם גערויש פון גרויסשטאָט און נפתלי האָט ביי זיך באַשלאָסן, אַז ווי נאָר ער וועט מאַכן אַ ביסל געלט, פאָרט ער גלייך צוריק אַהיים און לעבט פון גרייטן.

ווי די אַנדערע זיינע שטעטלדיקע לאַנדסלייט, די עטלעכע, וועלכע האָבן אים געהאָלפן אַריבערקומען, האָט ער אויך אָנגעהויבן פּעדלען. צום ערשט האָט ער איינגעבויגן זיין קאָפּ אונטער דער גרויסער משא פון שניט־סחורה, קאָלדרעס און מאַטראַצן, וואָס עטלעכע „קליענטעל־טשיקעס" האָבן אָנגעהאָנגען אויף זיינע פּלייצעס. דערנאָך, אַז ער האָט שוין געוווּסט דעם שכל פון האַנדלען, האָט ער אָנגעהויבן צו אַרבעטן „פאַר זיך".

אַזוי ווי ער האָט געוווינט צוזאַמען מיט זיינע פריערדיקע „באַלע־באָטים" אין אַ קליינעם, פייכטן צימער אין אַ גרויסן הויף אויף באָם רעטיראָ, האָט ער נישט געקאָנט מעיז־פּנים זיין צוצונעמען זייער „קליענטעלע". האָט ער אָנגעהויבן האַנדלען מיט קליינע באַגילדטע צלמלעך.

די ערשטע צייטן איז ער געשטאַנען לעבן דער קירך „סאַנטאַ אַננאַ״, אָנגעהאָנגען אויףביידע אָרעמס שוואַרצע קרעלן מיט ביינערנע צלמים. דערנאָך האָט ער שוין געהאַט אַ קליין טישל, אויף וועלכן עס זענען געלעגן בילדער פון געקרייציקטן און פון די מיטגלידער פון דער הייליקער משפחה אין אַלערליי קאָלירן. דערצו האָט ער אויך שוין געהאַט געבעט־ביכער, קליינע „פּאָליאַנטלעך״ מיט לעדערנע און ביינערנע טעוועלעך.

די געשעפטן זענען געגאַנגען גוט, און יעדן אָוונט האָט ער אַריינ־געשריבן אין זיין באָטיק־ביכעלע די פּרייזן פון זיין „סחורה״. אויף זיין טישל לעבן דער קירך איז תמיד געלעגן אָפן פּאַר זייַנע אויגן דער פּרייזקוראַנט. די קונים האָבן זיך דווקא נישט שטאַרק געדונגען, באַצאָלט דאָס געבעטענע, ביז ער האָט געמוזט זיך באַזאָרגן מיט אַן אייזערן קעסטעלע, מחמת דעם, וואָס ער האָט שוין נישט געקאָנט זיין „פּאַרמעגן״ איבערלאָזן אויף הפקר אין דעם צימער, ווו ער האָט געוווינט אינאיינעם מיט זיינע לאַנדסלייט, די געוועזענע באַלעבאַטים.

ער האָט אויך קיינמאָל נישט געקאָנט דערקענען די פּנימער פון די הייליקע בילדער. ער האָט נישט געוווּסט דעם חילוק צווישן דער „סאַנטאַ טערעזאַ״ ביז דער הייליקער יונגפרוי, די בעל־מופתניצע פון סאַן לאָרענזאָ־קלויסטער, פון הייליקן פראַנציסקאָ ביז דעם בזיר ראַפאַעל — האָט ער אין דער צווייטער זייט פון יעדן בילד אונטער־געצייכנט מיט אַ בליישטיפט אין יידישע אותיות דעם נאָמען פון יעדער הייליקער און הייליקן, שוין צוזאַמען מיטן פּרייז...

שבת האָט ער נישט געהאַנדלט. אַ גאַנצן טאָג איז ער אַרומגעקראָכן איבער פאַרשידענע ליידיקע פּלעצער פון דער שטאָט, וואָס זענען געווען צו פאַרקויפן, שפּעקולירט אין די מחשבות: ער וועט קויפן אַ פּלאַץ, וועט געבן האַנטגעלט און מיט דער צייט אויסצאָלן.

עס איז געווען אין דער צייט, וואָס די פּראָווינץ־רעגירונג האָט געוואָלט, אַז סאַן־פּאַולאָ, די הויפּטשטאָט פון דער „עסטאַדע״, זאָל זיך צעוואַקסן און זאָל שטעלן די ערשטע טריט איבערצויאָגן דעם קאַפּיטאַל־פעדעראַל — ריאָ־דע־זשאַניירא.

האָט מען אָנגעבאָטן פאַר אַ שפּאָט־ביליקן פּרייז גאַנצע שטיקער לאַנד אַרויסגערוקט פון דער שטאָט. נפתלי קויפמאַן, בישט דערציילנדיק קיינעם פון זיינע לאַנדסלייט, איז אַליין אַוועק אין דער ביוראָ פון דאָזיקן באָדן־פאַרקויף, איינגעצאָלט אַן „אַדערויף״, אָפּגעדונגען פון דעם באַשטימטן פּרייז און אַרויסגעקראָגן אַ קויפשיין.

אויסגעצאָלט די פּלעצער האָט ער שנעלער, ווי ער האָט אַליין גערעכנט און ווי מען האָט אין דער ביוראָ דערוואַרט. ער האָט גענומען אָפּשפּאָרן פון וואָס ער האָט נאָך געקאָנט. ביים הויפּט־סוחר, ווו ער האָט געקויפט די הייליקע בילדער, האָט ער זיך געדונגען, די ווייטסטע שטרעקעס איז ער געגאַנגען צופוס, און ווי נאָר ער האָט אָפּגעשפּאָרט אָפּצוצאָלן דעם ערשטן פּלאַץ, האָט ער פאַר אַ קליינעם האַנטגעלט איינגעהאַנדלט אַ צווייטן פּלאַץ אין אַן אַנדער שטאָט־טייל און אין דער צייט, ווען זיין מאַלצייט איז באַשטאַנען פון אַ ברויטל מיט פּוטער און עטלעכע באַנאַנעס, האָט ער שוין פאַרמאָגט זיינע אייגענע היפּשע פּלעצער אין פאַרשידענע געגנטן פון דער שטאָט.

די שטאָט האָט זיך גענומען אַרויסרוקן און אויסשפּרייטן. די שטאָט־באַאַמטע האָבן געגעבן אַלע מעגלעכקייטן און פאַרלייכטערונגען אין קריגן געלט אויף צו בויען. די איטאַליענישע און דייטשע מאַגנאַטן האָבן דאָרט פאַרוואַרפן פּלענער פאַר אַ גרויסן אינדוסטריעלן צענטער. פאַבריק־קוימענס האָבן אָנגעהויבן אַרויסשטייגן און אַרויפרייסן זיך צו די וואָלקנס. די באַפעלקערונג האָט זיך גענומען פאַרגרעסערן און פאַרמערן.

נפתלי קויפמאַן האָט געקאָנט קריגן אין די בענק געלט וויפל נאָר ער וואָלט געדאַרפט אויף צו באַבויען זיינע פּלעצער. ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין אונטערנעמונגס־גייסט, זיין ענערגיע און גרויסער ווילן האָט זיך אויסגעדריקט בלויז אין מסחר. ער האָט געהאָפט די „טערענאַס״ צו פאַרקויפן ווען דער פּרייז וועט שוין גאָר זיין אַ הויכער, ווען די פאַבריקן וועלן זיין אַזוי צעוואָקסן, אַז זיי וועלן זיך מוזן דורכשפּאַרן דורך זיינע ליידיקע פּלעצער, און דעמאָלט וועט ער קענען בעטן וויפל ער וועט נאָר וועלן און ער איז זיכער געווען, אַז מען וועט עס אים מוזן צאָלן.

דערווייל האָט די פּראָווינץ־רעגירונג פּאַרצווייגט איר אײַזנבאַן־ליניע, און לויטן פּלאַן וואָלט גוט געווען צו לייגן רעלסן גראָד אויף דעם לאַנד, וואָס האָט געהערט צו נפתלי קויפמאַן.

האָט מען אונטערהאַנדלט מיט אים אין נאָמען פון דער רעגירונג.

קויפמאַן האָט אין אָנפאַנגס גאָרנישט געוואָלט הערן וועגן פאַרקויפן זיין פּלאַץ, וואָס האָט זיך געפונען ווייט פון שטאָט, אויפן בערגיקן וועג קיין ריאָ־דע־זשאַנייראָ, און כאָטש קיין באַלדיקע אויסזיכטן דעם פּלאַץ צו פאַרבויען האָט ער נישט געהאַט, האָט ער פונדעסטוועגן, מעשה־סוחר, געזאָגט, אַז ער וועט זיך באַרעכענען, מחמת דעם, וואָס עס קאָן זיין, אַז ער וועט אויפבויען אויף דעם פּלאַץ אַ פאַבריק פון מעבל.

נפתלי קויפמאַן האָט געוווּסט, אַז ביי אַזאַ „חתונה״, ווי דורכפירן אַ באַן אויף זיין ערד, דאַרף זיין „חזיר געגעסן און איבער דער באָרד געוואָרפן״; די פאַרטרעטער פון דער רעגירונג האָבן אָבער דאָס אים נישט געקאָנט פאַרזיכערן. די אינזשיניערן האָבן אים אויפגעוויזן, אַז די רעגירונג האָט אַ באַשטימטן בודזשעט פאַרן דורכפירן דעם פּלאַן און מער קען מען נישט געבן.

דעמאָלט האָט קויפמאַן פאַרשטאַנען, אַז קיין בעסערן קונה, ווי די רעגירונג וועט ער קיינמאָל נישט האָבן פאַר זיין פּלאַץ, איז ער אַוועק צום הויפּט־אונטערנעמער און האָט אָנגעגעבן אַזאַ פּלאַן: אַזוי־ווי די רעגירונג קאָן נישט באַצאָלן מער ווי דער בודזשעט דערלויבט, וויזשע איז דער דין, אַז מען זאָל מאַכן די באַן־ליניע זאָל זיך אַרומדרייען אַרום זיין פּלאַץ אויף עטלעכע הונדערט מעטער?

דער הויפּט־אונטערנעמער, אַ בראַזיליאַנער אינזשיניער, וועלכער האָט זיך פאַרקאָנטראַקטירט מיט דער אַרבעט לויט דעם מעטער, האָט זיך פאַרטראַכט איבערן סעניאָר קויפמאַנס פּלאַן. ער האָט דערזען פאַר זיך און פאַר די איבעריקע אינזשיניערן אַ נייעם קוואַל פון איינקונפטן. ער האָט פלייסיק שטודירט די מאַפּע פון קויפמאַנס לאַנד־שטרעקע. ער האָט אויסגעפונען, אַז די ליניע וועט מען „מוזן״ אַרומקרייזלען דורך די בערגלעך און אויסמיידן די טאָלן (פון דעם פלאַכן פאַס, ווו די ליניע האָט געקאָנט דורכגעפירט ווערן גלייך און גלאַטיק, האָט מען אינגאַנצן

אויפגעהערט רעדן). די ספּעציעלע לעגיסלאַטור־קאָמיסיע פאַר באַן־בוי אין דער „עסטאַדע" האָט געמוזט ענדערן דעם בודזשעט און צוזאַמען מיט סעניאָר קויפמאַן האָט זיך אויך דאָס פאַרמעגן באַרייכערט ביי די צושטעלער פון מאַטעריאַלן און ביי די אינזשיניערן.

✶

דאָס איינציקע, וואָס נפתלי קויפמאַן האָט זיך פאַרגונען, בעת אויף זייַן נאָמען איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אין „באַנקאָ דאָ עסטאַדאָ" אַ טשעק אויף עטלעכע טויזנט קאָנטעס דע־רייס, איז געווען אַ נייע פאָר שיך מיט טאָפּלטע, דייטשע זוילן, אַ נייעם „פּאַלם־ביטש־אַנצוג" און אַ שטרויענעם הוט.

זיין וווינונג צוזאַמען מיט די לאַנדסלייט אין איין חדר האָט ער נאָך מיט אַ צייט צוריק אויפגעגעבן מחמת דעם, וואָס עס איז פּשוט געווען פאַר אים אַ בזיונות־דיקייט. ער האָט פאָרויסגעזען די „געפאַר", אַז זיינע לאַנדסלייט וועלן נישט קענען ביישטיין דעם נסיון און אָנקומען צו אים נאָך גמילות־חסדים...

איידער ער האָט זיך אַרויסגעצויגן האָט ער שוין געהאַט באַשלאָסן אויפצוגעבן זיין מסחר מיט „רומל". ווען ער שעמט זיך נישט פאַר דער וועלט, וואָלט ער ווייטער דאָ געשטאַנען ביי דער „סאַנטאַ אַננאַ" און פאַר־קויפט אָפּגעטער; וואָרעם ביי אים איז נאָך נישט קלאָר געווען, וואָס ער וועט ווייטער טאָן.

אָבער אָפּגעבן זיין „קראָם" און גאָרנישט צוריקקריגן פאַר דער סחורה און פאַר „זכות" דאָ צו שטיין ביים אַריינגאַנג פון דער קירך, האָט ער נישט געקאָנט ביי זיך פועלן, איז ער אַוועק צו זיינע לאַנדסלייט, פון ריאָ זשאָזע פּאַולינאַ און אָנגעוויזן די „קליענטעלטשיקעס", אַז וואָס דאַרפן זיי אַרומגיין מיטן פּאַק אויף די פּלייצעס, עס לוינט זיך ווען פון זיי אַ סך בעסער אָפּצוקויפן ביי אים די „שטעל".

דעמאָלט האָט זיך נפתלי קויפמאַן אַריינגעצויגן אין דער געגנט פון „בראַז". עס איז אים געלונגען צו קריגן אַ צימער מיט אַ קיך פאַר ביליק דירה־געלט. ער האָט זיך איינגעהאַנדלט אַ ביסל „ווירטשאַפט":

אַ טישל, אַן אייזערן בעטל, אַ שטרויענע שטול און אַן אַלטן שראַנק. עס האָט זיך דאָרט געטראָגן אַ פייכקייט פון צעבראָכענעם וואַסער־קראַן און פון די ווענט האָט אַראָפּגעווייגט שימל...

נפתלי קויפמאַנס פאַמיליע איז באַשטאַנען פון אַ פרוי און אַ זון, וועלכע זענען איבערגעבליבן ווי אויפן וואַסער אין קליינעם בעסאַראַבער שטעטל נאָך דעם, ווי דער מאַן און פאָטער איז אַוועקגעפאָרן קיין בראַזיליע „מאַכן עטלעכע קערבלעך".

נפתלי אַליין האָט נישט בדעה געהאַט צו פאַרבלייבן אין „ווילדן לאַנד פון די הולטאַיעס" לענגער ווי ער וועט האָבן זיינע אייגענע טויזנט רובל, דערפאַר האָט ער גאָרנישט געשריבן, ווי אַזוי עס לעבט זיך אים און ווי אַזוי מען לעבט אין דער מדינה.

און ווען קויפמאַן האָט זיך שוין מיט רעכט גערעכנט צווישן די גרויסע גבירים פון סאַן־פּאַולאָ, בשעת ער איז געווען אַן איינגייער אין די גרעסטע בענק און אַזוי היימיש ווי אין בית־המדרש אין זיין שטעטל, האָט ער דאָך מיט קיין וואָרט נישט דערמאָנט אין בריוו צו זיין ווייב און זון וועגן זיין עשירות.

אפילו די פרייד צו פאַרשאַפן זיינע נאָענטסטע נחת האָט ער געקאַרגט.

זיין ווייב האָט זיך דערוווּסט פון אַנדערע לאַנדסלייט, וועלכע זענען אין איין לאַנד מיט נפתלין, און עס האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז זיי זענען שטאַרק מגזם, בעת זיי שרייבן וועגן איר מאַנס „מאַיאָנטקעס".

נפתלי האָט רעגולער אַהיימגעשיקט יעדע דריי חדשים הונדערט מיט צוואַנציק רוסישע רובל, אַן אָנווייזונג, וואָס מען האָט געמוזט פאָרן דערמיט טוישן אין קישענעוו.

און ווען עס איז געקומען די צייט, האָט ער אויך געשיקט צוויי שיפסקאַרטן דריטע קלאַס. ער האָט צוגעשריבן, מען זאָל אים נישט טעלעגראַפירן, ווען מען פאָרט, ווייל ער וועט עס אַליין וויסן פון „קאַנטאָר" און אַז ער וועט זיי שוין אָפּוואַרטן ביים פאָרט.

נפתלי האָט זיי אָפּגעוואַרט איינער אַליין, ער האָט אַפילו נישט

מודיע געווען וועגן זייער קומען צו עפּעס אַ וויטן קרוב פון ווייבס צד. ער האָט זיך אויפגעהויבן פאַרטאָג, ווען אַ נאַסע גרויקייט איז נאָך געהאָנגען אין דער לופט, געפאָרן קיין סאַנטאָס און אויסגעוואַרט ביז די שיף וועט צוגעשלעפט ווערן צום ברעג.

בעת ער האָט באַגעגנט זיין ווייב און זיין זון, האָט דער מינדסטער סימן פון פרייד נישט אויפגעשטראַלט אין זיינע אויגן. זיין פּנים איז געבליבן אַלץ איינס פאַרבלאָז און אָן אַ שמייכל, ווי ער איז תּמיד געווען.

דער זון האָט זיך באַלד דערפילט אומהיימלעך צו אים. דאָס ווייב האָט זיך געוואָרפן אים קושן, און ער האָט צוגענומען דעם קוש, ווי אַ באַריר פון אַ שלאַבעריקער נאָכגעלאָזטער האַנט.

ווי נאָר ער האָט אָפּגענומען דעם באַגאַזש, וואָס איז באַשטאַנען פון גרויסע געפלאָכטענע קוישן, קופערטס און קאַסטנס, אַרומגענומען מיט רייפן און שטריק און אים עקספּעדירט אין די וואַגאָנען אַריין, וואָס זענען געשטאַנען לעבן פּאָרט, גרייט אָוועקצופירן די אימיגראַנטן פון איטאַליע און פּאָרטוגאַל אין די אינערלעכע עסטאַדעס צו די קאַפּע־פלאַנטאַציעס, האָט ער זיך דאָרט אַריינגעזעצט מיט זיין ווייב און זון.

## קאַפּיטל צוויי

נישט דער זון און נישט דאָס ווייב האָבן געזען אַ סימן פון זיין עשירות. ער האָט זיי אַריינגעפירט אין זיין דירה, וווּ אין צימער איז צוגעקומען נאָך אַ בעט, געקויפט אין אַן אַלטוואַרג־געשעפט.

קיין שום זאַך האָט דאָס ווייב נישט אַזוי פאַרווּנדערט, ווי די „יעזוסלעך". אין איין רגע האָט זיך איר השערה באַשטעטיקט, אַז מען זאָגט, אַז אַלע יידן דאָ לעבן מיט גויעס. צוליב אַ וויץ, וואָס אייגער האָט געשריבן אַהיים, אַז נפתלי קויפמאַן לעבט דאָ מיט אַ... באַנאַנע. זיי האָט שוין געבלאָנדזשעט מיט די אויגן, כדי אויסצוגעפינען אַ הסכמה צום חשד.

צומאָרגנס האָט זיך אָפּגעזוכט דער פרויס ווייטער קרוב. ער איז

דאָס ערשטע מאָל געווען איצט ביי קויפמאַנען אין הויז, ער האָט געזען, ווי דאָס רייכקייט איז פאַרשטעלט און איינגעהילט אין דלות. דער מאַן איז נישט געווען אין דער היים און דער קרוב האָט איר דערציילט פון דעם גרויסן פאַרמעגן, וואָס נפתלי פאַרמאָגט.

דער זון האָט אויסגעהערט די דערציילונג וועגן אַלע גליקן, וועגן די פּלעצער און באַן־ספּעקולאַציע, און די אויגן האָבן אים אויפגעשיינט. אויף זיין שטייגער האָט שוין דער מוח געאַרבעט און געפּלאַנעוועט, ווי אַזוי דאָס פאַרמעגן צו פאַרגרעסערן, נישט אַזוי צוליב דעם פאָטער, ווי צוליב זיך, ווי צוליב זיינע אַמביציעס, וואָס האָבן זיך איינציקווייז אויפגעוועקט אין אים. ער האָט נאָך נישט געוווסט קלאָר, אָבער ער האָט זיך דערפילט גוט, און ער האָט אָנגעהויבן ליב צו קריגן דעם פאָטער.

דער פאָטער האָט זיך אָבער צו אים נישט דערנענטערט, נישט מיט צערטלעכקייט און נישט מיט פאַרטרוילעכקייט. יאָסל האָט געענדיקט אין קישענעוו אַ פּראָגימנאַזיע. דאָס האָט די מוטער אָפּגעשפּאָרט פון די הונדערט און צוואַנציק רובל, וואָס דער פאָטער האָט געשיקט יעדע דריי חדשים. ער וואָלט געקאָנט צונויף קומען דעם פאָטער, וואָס אַחוץ זיין נאָמען אונטערשרייבן און פירן קליינע חשבונות אויפן קאָפּ, האָט ער גאָרנישט מער געקאָנט. דער פאָטער האָט עס אָבער נישט דערלאָזט. במילא איז אַריינגעטראָטן אַ דערווידערטקייט, אַ להכעיסדיקייט צווישן פאָטער און זון.

דער זון, שוין מיטן באַגריף, אַז ער איז אַ מיליאָנערס אַ זון, האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן די אביונישע פירונג ביי זיי אין הויז, אים האָט אָנגעהויבן נמאס צו ווערן די היים, מיט אָפּגעקראָכענע ווענט, מיט דעם חושך, וואָס האָט זיך אַזוי איינגעקלעפּט אין יעדן ווינקעלע. ער האָט אָנגעהויבן זוכן בעסערע באַקוועמלעכקייטן, גלייך ער וואָלט אַנדערש נישט געוווינט געווען.

די קאַרגשאַפט פון פאָטער, דער מאַנגל אין טאַשנגעלט האָט אָבער אים נישט אָפּגעהאַלטן פון צו ווערן אַ לעביונג גלייך מיט אַלע זיינס גלייכן, און דערפאַר, וואָס ער האָט גאָרנישט געטאָן, האָט ער זיך געפּוצט ווי די גאָלדענע יונגעלייטלעך. נאָכן אָפּזיין אין סאַן־פּאַולאָ עטלעכע יאָר, וואָלט

אויף אים קיינער נישט געזאָגט, אַז ער איז אַן „עסטראַנדזשעראָ", אַ רוסאָ. דאָס בלייכע פּנים מיט די שוואַרצע אויגן, געדיכטע ברעמען און גלאַנציקע האָר האָט אים גיכער געמאַכט אויסזען ווי אַן איטאַליענער. ער האָט גערעדט פּאָרטוגעזיש פלינק, ציענדיק די „אָ" מיט אַ געזאַנגעלע און די „ד׳ען" זיינע זענען אַרויסגעקומען ווייך, ווי אונטער דער צונג וואָלט געווען עפּעס אונטערגעבעט. פון יאָסעלע איז גיך געוואָרן — זשאָזע.

ער איז געזעסן תמיד אין די גרויסע קאַפעען און געשפּילט אין „דאָדאָס", פון אַ לעדערנעם בעכער אַרויסוואַרפנדיקביינדלעך אויף די מאַרמאָרענע טישלעך. קיין איבעריק געלט האָט ער קיינמאָל נישט געהאַט, תמיד יעדן איינעם פון זיינע קאָלעגן שולדיק געווען, תמיד האָט פאַר אים אַן אַנדערער באַצאָלט, אָבער יענע האָבן עס אויך געטאָן פון אויסרעכענונג, וויסנדיק, אַז זשאָזע איז רייך און ער וועט אַמאָל אָפּדינען פאַר דער טובה.

מיט קליידונג האָט ער זיך אַן עצה געגעבן. ער איז אַריין אין דעם גרעסטן קליידער־געשעפט, זיך באַשטעלט פון בעסטן, זיך געהייסן אָפּשיקן, און אַז דער טאַטע האָט נישט געוואָלט באַצאָלן, האָט ער געסטראַשעט, אַז ער וועט עס שרייבן אין די צייטונגען. דאָס וואָלט זייער געשאַדט סעניאָר קויפמאַנס רעפּוטאַציע, האָט נפתלי פון געוווינהייט־וועגן זיך געהייסן מאַכן אַ דיסקאָנטאָ פון צען פּראָצענט, און אַז דאָס איז נישט געלונגען, האָט ער געהייסן קומען נאָכן געלט אין דרייסיק טעג אַרום, אָדער דעם דריטן דאָנערשטיק פון קומענדיקן חודש, דעם טאָג, ווען ער האָט געצאָלט זיינע חובות.

סעניאָר קויפמאַן האָט געהאַט זייער אַ גוטן נאָמען אין דער פינאַנץ־וועלט. גרויסע באַנקירן האָבן געוווּסט פון זיין קמצנות, פון זיינע פעיִקייטן צו פאַרגרעסערן קאַפּיטאַל דווקא דורך שפּאָרזאַמקייט. דעריבער האָט מען אויף זיינס אַ וואָרט זייער אַ סך געטרויט. ער האָט געהאַט, אייגנטלעך, ווינציק צו טאָן מיט צוטרויען. נישט ער האָט געבאָרגט, נישט מען האָט אים געבאָרגט. זיינע געשעפטן זענען באַשטאַנען אין פאַרשידענע אַקציעס. דערביי איז זיין חוש געווען אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט דערפילט מיט טעג פריער, ווען די אַקציעס, וואָס ער האָט געהאַלטן, וועלן זיך נעמען שאָקלען.

ער האָט כמעט שטענדיק פּאַרקויפט פריער, איידער דער קראַך איז געקומען און איז ניצול געוואָרן פון היזק.

קיין „לאָטעס" האָט ער נישט געקויפט מער, ער האָט זיך נישט געקאָנט צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז פאַר אַ „לאָטע", וואָס ער האָט געקויפט אַמאָל פאַר עטלעכע צענדליק מילרייס דעם מעטער, זאָל ער איצט צאָלן טויזנטער. האָט ער דעריבער זיך אַריינגעלאָזט אין געבן הלוואות אויף אַ העכערן פּראָצענט, ווי די באַנק נעמט.

זיינע לווהס זענען געווען פון די פוילע אַריסטאָקראַטן, דעגענעראַטן, אויסגעלאָשענע פונקען, באַגראָבן אונטער הויכע שווערע יחוס־טיטלען.

איינער פון זיי איז געווען קאָלאָנעל קאָנדאָ אַלעקסאַנדראָ גאָמעז, אַן אַלטער פוילער אַריסטאָקראַט, האָט פאַרמאָגט אַ סך לאַנד, פעלזיקע געגענטן, ווילדע און נישט אַנטדעקטע מינעס, נאָר תמיד האָט ער זיך גענויטיקט אין געלט, כדי ער זאָל קענען אויסהאַלטן זיינע געליבטע און זייערע פּאַלאַצן אויף דער אַווענידע אַטלאַנטיקאָ אין ריאָ־דע־זשאַניירא.

איבער קילאָמעטערס ווייט האָבן זיך געשפּרייט זיינע לענדערייען. אמת, אַז פון איין „עסטאַנסיאַ" ביז דער אַנדערער האָט מען געדאַרפט פאָרן וואָכן לאַנג איבערן לאַנד און אויף די טייכן „אַמאַזאָנאַ און פּאַראַנאַ" און דערצו וואָלט ניטיק געווען אַן אייגענע שיף. האָט ער זיך באַנוגנט דערמיט, וואָס זיין פאַרמעגן האָט זיך געפונען אין פרעמדע הענט, מערסטנטייל אין די הענט פון דער דינערשאַפט, וועלכע זענען אויך אַזוי איבערגעגאַנגען פון די עלטערן צו די קינדער.

די פּי זענען אויפגעפרעסן געוואָרן פון די האַלב־פּרימיטיווע איינוווינער. די מינעראַלן האָבן געשלאָגן אין אויסגעעקבערטע ריוועס און קאַנאַ־לעכלעך אונטער דער ערד, אָדער צווישן די פעלזיקע בערג און ער האָט זיך באַנוגנט מיט די עטלעכע פּאַלאַצן אין פאַרשידענע טיילן פון שטאָט.

די פּאַלאַצן זענען געווען דער הויפּט־איינקונפט, אויף זיי האָט ער געבאָרגט געלט סיי אין די בענק און סיי ביי פּריוואַטע פּערזאָנען. בשעת ער האָט געבאָרגט, האָט ער קיינמאָל נישט אין זינען געהאַט, אַז ער וועט אַמאָל דאַרפן אָפּגעבן, און אַזוי ווי ער האָט טאַקע נישט אָפּגעגעבן, איז זיך דער פּראָצענט געוואַקסן, און דער פּראָצענט אויף פּראָצענט, ביז

זיינע פּאַלאַצן זענען אַלעמאָל איבערגעגאַנגען אין די הענט צו אַנדערע אייגנטימער.

קויפמאַן האָט אים צוגעזאָגט צו געבן געלט וויפל ער זאָל נאָר ווענלן, נאָר אָן אַ משכון גייט עס נישט ביי אים. האָט דער קאָנדאָ אַלעקסאַנדראָ גאָמעז פאַרזעצט ביי אים דעם פּאַלאַץ אויף דער אַוועניִדע פּאַוליסטאָ און אים שוין קיינמאָל נישט אָפּגעצאָלט ביז די פּראָצענטן זענען געוואָרן אַזוי הויך, אַז דעם באַרימטן גענעראַלס אייניקל וואָלט שוין גיכער געלוינט צו בויען אַ נייעם פּאַלאַץ.

דער דאָזיקער פּאַלאַץ האָט זיך געפונען אויף דער אַוועניִדע פּאַוליסטאָ, דער אַריסטאָקראַטישער בולוואַר אין סאַן־פּאַולאָ. די געביידע איז געשטאַנען טיף אין גאָרטן און דער אַריינגאַנג איז געווען דורך אַ ברייטן, שוואַרצן אייזערנעם טויער. דורך די קראַטעס האָט אַרויסגעקוקט דער פּאַלאַץ מיטן אָפּגעריבענעם טינק, וואָס איז געפאַלן פון די אַלטע ווענט. די פּאַרדאַרטע פּאַלמען־בלעטער האָבן פאַרשטעלט די פענצטער.

## קאַפּיטל דריי

פאַר דעם יונגן זשאָזע איז אוממעגלעך געווען אַהיים צו קומען. ער האָט שוין גוט געוווּסט דעם מצב פון פאָטערס פאַרמעגן, און וואָס מער ער האָט זיך דערוווּסט, אַלץ מער האָט אים געריייצט צו אַן אייגענעם, באַקוועמען, אַפילו הולטייסקע לעבן, און וואָס מער עס האָט אים געצויגן אין די רולעטע־פּלעצער פון סאַנטאָסער קאַסינאָס, אַלץ מער האָט ער אָנגעהויבן זוכן מיטלען צו קריגן געלט.

ער האָט געהאַט צווישן זיינע באַקאַנטע סטודענטן אויפן יורידישן פאַקולטעט, און זיי האָבן אים געלערנט, ווי אַזוי אַרויסצוקריגן געלט און די אופנים, ווי ער וועט זיך פאַרטיידיקן; האָט ער אָנגעהויבן גיין צום פאָטערס בעל־חובות און ביי זיי איינגעמאָנט געלט. ער האָט זיי אַרויסגעגעבן קבלות און דער פאָטער האָט גאָרנישט געקענט טאָן, ווייל זשאָזע האָט זיך אונטערגעשריבן מיט זיין אייגענעם פאַמיליע־נאָמען — קויפמאַן.

דער פאָטער האָט זיך געפּרוּווט באַוואָרענען און אָנגעזאָגט זיינע בעל־

חובות, אַז חוץ אים אין דער האַנט אַריין, אָדער דעפּאָזיטירן אויף זיין נאָמען אין דער באַנק, זאָל מען קיינעם נישט איינצאָלן, אָבער עס האָבן זיך שוין געפונען אַזעלכע אַדוואָקאַטן, וואָס האָבן אויסגענוצט די סיטו־אַציע צווישן פאָטער און זון, און האָבן מיטן סעניאָר קויפמאַן און די די בעל־חובות געשלאָסן אַן אָפּמאַך פאַר פופציק פּראָצענט אין באַר געלט. זשאָזע קויפמאַן האָט אַרויסגעגעבן „רעסיבאָס״. דאָס געריכט האָט אָנער־קענט די קבלות, דערפאַר ווייל דער יונגער סעניאָר קויפמאַן האָט געטענהט, אַז ער איז באַפולמעכטיקט געוועז פון פאָטער אַזוי צו האַנדלען, האָט דעריבער דער ענין נאָר געקאָנט אויסגעגליכן ווערן צווישן פאָטער און זון און נישט צווישן פאָטער און די בעל־חובות.

נאָר אַזוי ווי דער פאָטער וואָלט נישט געוואָלט פאַרפירן קיין פּראָצעסן קעגן זון, פּשוט דערפאַר, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז דאָס געלט האָט שוין דער תכשיט פאַרטאַכלעוועט, האָט זיך נישט געלוינט צו לייגן דאָס טויטע אויפן לעבעדיקן, און אַ טיפע, שניידנדיקע שנאה איז אַריינ־געדרונגען אין זיין האַרץ צום „יורש״.

די שנאה האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס דאָס קאַרגשאַפט אין שטוב איז געוואָרן אין לשער. עס האָט געטראָפן טעג, וואָס זיין ווייב האָט געמוזט גיין צום קרוב אָפּעסן אַ מאָלצייט צו דער זאַט.

איינמאָל, ווען זשאָזע קויפמאַן איז געשטאַנען אין „עסקינע״, נישט ווייט פון דער לאַרנאַ דאַ סעי, ווו עס שניידן זיך דורך די צענטראַל־גאַסן, האָט ער אינעם געקאָך פון די מענטשן דערזען עפּעס אַזוינס, וואָס איז געווען איינגעהילט אין שמאַטעס און עס האָט זיך געקרימט אַ טריט אויף אויסגעדרייטע אָפּצאַסן — דאָס איז געווען זיין מוטער.

זינט די עטלעכע יאָר, וואָס ער איז אין סאַן פּאַולאָ, האָט ער כמעט ווי נישט אַריינגעקוקט דער מאַמען אין פּנים אַריין. ער האָט זי תמיד געזען צווישן דעם חושך און די שאָטנס פון זיין פאָטערס פייכטער וואָלוועלער דירה. ער איז געווען צוגעוווינט צו איר קול, אַז עס האָט אים נישט געאַרט צו זען איר געשטאַלט. דאָ, אינעם גאָלדענעם ליכט, וואָס האָט זיך געגאָסן דורך דער ברייטער פּראַזע, האָט ער דערזען זיך שלעפּן דעם חושך פון זיין היים.

צוערשט האָט ער פּיינט געקראָגן אָט די פאַרגרינטע יידענע מיטן פעדערדיקן שייטל, וואָס האָט געקוקט צעשראָקן איבער אַלע זייטן וועג און איז ענדלעך אַריבערגעלאָפן פון איין גאַס איבער דער אַנדערער מיט דער צעשראָקנהייט פון אַ קאַץ, און בעת זי איז געלאָפן, האָבן זיך די שמאַטעס אויף איר קליינעם גוף אַזוי צעטרייסלט און צעשאָקלט, אַז עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, זיי וועלן צעשאָטן אויף איר, און ווען זיי וועלן אַראָפּפאַלן וועט בלייבן שטיין אַזאַ דאַר גופל איינגעטונקען אין פוך און אין פעדערן.

ער האָט נאָכגעזוכט מיטן בליק דאָרט אין דער געדיכטער שטראָמענ־דיקער מחנה אַריין, ווו זי האָט זיך פאַרלוירן און פאַרשוווּנדן.

אים איז שוין נישט באַקומען דאָס פּוסטע שטיין דאָ אויף דעם ראָג און דורכקוקן דורך די וואַלן אין די מיידלעכס פּנימער אַריין. ער האָט שוין צוגעלאָזט די חברים זיינע, זיי זאָלן מיטגיין עטלעכע טריט יעדער פרוי און איינרוימען שעפּטשענדיקע ווערטלעך אין די אויערן. ביי אים אין מוח האָבן זיך איצט ווי מיט רעדער געדרייט פּלענער, איינער אין אַנדערן אַריין, איינער אַריבער, און איינער אַרונטער אָדער דורך דעם אַנדערן.

ער האָט געזוכט אַזוינס, וואָס זאָל דעם טאַטעלע זיינעם אינגאַנצן צעברעכן, אים אונטערטעניק מאַכן, כדי ער, דער יונגער זשאָזע קויפמאַן, זאָל דאָס לעבן נעמען אין די הענט אַריין, כדי ער זאָל פון דעם פאַרמעגן אַ תכלית מאַכן, כדי דעם טאַטנס פאַרמעגן זאָל נישט ליגן ווי אסור בהנאה אין די דיקע אייזערנע שאַפעס אין די בענק.

גראָד איז דער פאָטער יענעם טאָג נישט געווען אין שטאָט. זשאָזע איז אַהיים געקומען. ער האָט אין דער טונקעלניש געזוכט זיין מוטערס פּנים. דער זון האָט עפּעס געפילט מפּייס צו זיין דער מאַמען, און נישט געפּי־נענדיק מיט עפּעס אַנדערש, האָט ער געפרעגט, צי איז עפּעס פאַראַן צו עסן.

כאָטש קיין איבעריקס האָט זי נישט געהאַט, איז זי דאָך געווען גליקלעך עפּעס צו מאַכן. זי האָט אויפגעפלאַמט אין איר באַגער און עס איז פאַרטיק געוואָרן אַ מאָלצייט.

דער זון האָט געפרעגט:

— ווו ביסטו היינט געווען, מאַמע?

זי האָט נישט גלייך געענטפערט, נישט ווייסנדיק וואָס צו ענטפערן. איר האָט אויסגעזען, אַז אַ שטיק פון טאָטן זיצט דאָ און פאָרשט זי. נאָר ער, נישט וואַרטנדיק אויף אירע ווערטער, האָט צוגעגעבן:

— איך האָב דיך היינט געזען לויפן איבער די גאַסן.

האָט זי געזאָגט:

— איך זאָל שוין אַרומלויפן משוגע, וואָלט מיר שוין בעסער געווען.

זשאָזע האָט פאַרשטאַנען איר פאַרביטערטקייט. ער האָט זיך אָפּגערופן:

— מאַמע, מיר ציען זיך אַרויס פון דאַנען. גענוג.

זי איז געוואָרן נאָך מער פאַרפינצטערט און די קללות האָבן זיך אַליין געשפּאַרט פון איר מויל.

— איך וואָלט שוין באַשטאַנען, מען זאָל מיך אַרויספירן אויפן גוטן אָרט.

— גענוג! — האָט ער נאָך אַמאָל אַ געשריי געטאָן. זי איז איינגע־שטילט געוואָרן.

ער האָט זיך אַרומגעדרייט איבער דער שטוב. פאַרן פענצטער איז געשטאַנען אַ טונקעלע גרינקייט, וואָס האָט אָפּגעשלאָגן פון אַ פייכטער קעגנאיבערדיקער וואַנט, וואָס איז געווען באַוואַקסן מיט מאָך. די דאָזיקע גרינקייט האָט זיך שאַרף אָפּגעשלאָגן אויף דער מוטערס פנים און אויף זיינע הענט. ער האָט כסדר פאַר זיך איבערגעחזרט די ווערטער, נאָר מילדער און ווייכער:

— גענוג! גענוג!

שפּעט אין אָוונט, ווען נפתלי קויפמאַן איז צוריקגעקומען פון אונטער־וועגנס, האָט ער אין הויז קיינעם נישט געטראָפן. ער איז געווען הונגעריק און בייז. די שטוב האָט זיך געשאָטנט מיט אַ פוסטקייט. ער האָט זיך נישט געגלויבט, אַז דאָס קאָן אמת זיין. זיין ווייב איז פאַרשווונדן און צוזאַמען מיט איר — דאָס בעטגעוואַנט און די קופערטס.

און ווען ער האָט מיטן ליכט אין דער האַנט געזען, אַז פון שטוב

פעלט מער ווי דאָס בעטגעוואַנט און די קופערטס, אַז דאָס קיך־געשיר איז אויך נישטאָ, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז נישט גלאַטיק. און קלערנדיק האָט ער זיך געכאַפּט, אַז דאָס מוז זיין דעם „תכשיטס״ ארבעט, האָט ער שנעל זיך געכאַפּט און געקומען צו פאָרן אויף דער אַוועגידע פאַוליסטאַ צום פּאַלאַץ פון קאָנדאַ אַלעקסאַנדראַ גאָמעז, וואָס איז שוין געווען זיין אייגנטום פעסטגעשטעלט דורכן געריכט.

אַריינגייענדיק דורך דעם אייזערנעם טויער, האָט ער שוין דורך די ווילדע געדיכטע צווייגן געזען אַ בלייכן שיין פון די פענצטער שוואַך אַרויסלייכטן איבער דעם גרויסן, אומענדלעכן גאָרטן. ער האָט שוין פאַרשטאַנען, אַז „די בראַך איז פאַרטיק״, און ווען ער איז אַריינגעקומען האָט ער געטראָפן דעם זון שטיין אויף אַ לייטער און קלאַפּן טשוועקעס אין די ווענט. די מאַמע האָט אויפגעפאַקט דאָס בעטגעוואַנט. דער פורמאַן, וועלכן מען האָט געדונגען, ער זאָל איבערפירן אויף שנעל דאָס ביסל בעבעכעס, האָט אויך צוגעהאָלפן. די טוכלעקייט, וואָס האָט זיך דאָרט אָנגעקליבן פון לאַנגע חדשים, האָט זיך געדיכט אויפגעהויבן און נישט געקאָנט אַרויס אויף דער פרייער לופט, כאָטש עס זענען געווען אָפן טירן און פענצטער.

דאָס טאַטעלע האָט גאָרנישט געזאָגט. צוערשט האָט ער אַ שמייכל געטאָן און אינעם שמייכל איז אַ קללה דערטרונקען געוואָרן. דערנאָך האָט ער צו יעדן קלאַפּ פון זונס האַמער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. און ווען עס איז אים אַלץ שוין קלאָר געוואָרן, האָט יעדער קלאַפּ אָפּגעקלונגען אין זיינע שלייפן ווי האַמערס אין אַ קוזשניע.

זשאָזע איז געשטאַנען אין דער הייך, ווי אַ פיגור אויסגעהאַקט פון שטיין. דער לינקער פוס שטייף אויסגעצויגן און דער רעכטער — אַ שטאַפּל העכער — איינגעבויגן. זיינע גלידער האָבן זיך שאַרף אָפּגעצייכנט אונטער אַ פּאָר ליכטיק־גרויע הויזן און די מוסקלען האָבן זיך געשפּאַרט מיט כוח.

קויפמאַן איז געבליבן געפּלעפּט; גלייך ער וואָלט דעם זון דאָס ערשטע מאָל דערזען. אָט דאָס איז עס דער אויסגעדאַרטער שאַלטיק מיטן ציענדיקן בעזל און די אָפּגעקלאַפּטע, באָרוועסע פיס, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אינדערהיים?

נאָר יענער האָט אַראָפּגעקוקט צום פּאָטער מיט אַ כעס, וואָס האָט זיך געביילט אונטער זיין ברוינער הויט: אויף דעם האָט ער אונדז גע־בראַכט אַהער, אַז מיר זאָלן דאָ אויסגיין צווישן שימל און עלנד? נישט קיין שבת און נישט קיין יום־טוב, נישט קיין היים און נישט קיין פריינד — אמתע פריינד, אַזויווי דאָרטן (דאָרטן האָט געמיינט בעסאַראַביע). זאָל ער נאָר פּרוּוון „מאַכן שטיק" איז ער נישט זיכער מיטן האַמער, וואָס ער האַלט אין דער האַנט.

נאָר דער פּאָטער האָט גאָרנישט געפּרוּווט מאַכן קיין שטיק; ער האָט בלויז געמורמלט:

— זייער שיין... זייער פיין, מילא, זייט איר באַלעבאַטים, מילא.

כאָטש ער האָט עס געזאָגט מיט גאַל, מיט שטעכעדיקן זשאַווער, האָט עס זיין ווייב אויסגעטייטשט, אַז ער איז מילדער און אפשר טוט עס אים הנאה. האָט זי זיך דערפילט תקיפער און צוגעגעבן:

— שוין צייט, אַז פּאַר אונדזער טיר זאָל אויך די זון אַ ביסל שיינען.

זעענדיק זיין פאַרכמורעטן אויסדרוק, האָט זי באַכגעלאַזט:

— אַז מען וועט עס דאַרפן פאַרקויפן אָדער פאַרדינגען, וועט מען זיך אַרויסציען.

—זאָל מען אויסציען מיט די פיס צו דער טיר — האָט ער געמורמלט אַ קללה אין דער וועלט אַריין.

דער זון האָט זיך געטאָן אַ לאָז אַראָפּ פון דעם לייטער מיטן האַמער אין דער האַנט און גענומען שאָקלעןביידע אַקסלען פונעם פּאָטער:

— וועמען? שעלטן?

דער פּאָטער איז געוואָרן בלייך, ממש ווי קרייד, טויט דערשראָקן. ער האָט אַלץ געמיינט, אַז דער „יורש" איז נאָך אַ יינגל. פּלוצלינג אַזאַ כעס שפּראָצט פון די אויגן און אַ שוים שפּאַרט זיך דורך די ליפּן. ער האָט אין דער רגע דערזען, אַז זשאָזע איז שוין מער נישט קיין מפּיל־קינד...

האָט ער אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואָס די מאַמע האָט זיך אַריינגעריסן מיט אַ געוויין און אַ געשריי. ער האָט זיך צוגערוקט צו דער טיר און צוגעוואָרפן:

— וועט מען זען ווער עס וועט זיך אָן וועמען באַגיין!

ער איז אַרויסגעלאָפן, און איבערן גראָז פונעם גאָרטן האָט מען נאָר געהערט דאָס ווייכע לויפן פון זיינע טריט ווי דער שאָרך פון צעשראָקענע האָזן.

## קאַפּיטל פיר

פון אַלטאָ דאָ סיעררא גליטשט זיך אַראָפּ, ווי אין אָפּגרונט פון אַן אַכט הונדערט מעטערדיקער הייך, אַן עלעקטרישע אייזנבאַן, וואָס שלעפּט גלייכצייטיק אַרויף אויפן באַרג אַן אַנדערן צוג מיט דער זעלבער צאָל וואַגאָנעס.

די רעלסן זענען געלייגט משופּעדיק, קרום איבער די שפּיציקע, ריזיקע שטיינערנע קאַנטן.

דאָס אויג טרינקט זיך אין ים פון ווילדן גרינס און דער בליק ווערט איבערגעריסן דורך די אָפטע טונעלן, דורכגעשפּאָלטענע אין פעלזיקע בערג, און ווען דער בליק פאַלט אַראָפּ דורך די פאַררוקטע וואַגאָן־שויבן, זעט מען טיף אין טאָל ווייסע וואָלקנס, וואָס ציען זיך אַרויף־צו. די באַקעטע פעלדזן גלאַנצן פון פייכטקייט. וואַסער־פאַלן רוישן אַרויס פון די באַהעלטענישן און קלאַפּן זיך אָן פון שטיין אויף שטיין.

איבערן גאַנצן וועג לויפט אַנטקעגן אַ דיקע געפלאָכטענע אייזערנע שטריק. די שטריק וויקלט זיך איבער קליינע, איינגעבויגענע רערלעך און עס דאַכט זיך, זי ברענגט אַרויף צו שלעפּן שטיקער זוניקן טאָג פון דער שטאָט, וואָס העלט זיך טיף, טיף אין טאָל.

און אונטן גאָלדיקט זיך סאַנטאָס, די שטאָט פון אייביקן זומער. די טעג רעגענען מיט זון־שיין און די אָוונטן הילן זיך אין טונקל־בלויע נעפּלען.

סאַנטאָס איז דער צענטער פון דער בראַזיליאַנער קאַווע־פּלאַנטאַציע, נאַציאָנאַלע עשירות, אונטערדריקונג, לוקסוס און פאַרשקלאַפונג.

דער בנין פון דער בערזע, געבויט אין סטיל פון אַ טעמפּל, געפינט זיך נישט ווייט פון די ריזיקע שפּייכלערס אויף רואַ קינזע דאַ נאָוועמבער, און נאָענט צום פּאָרט. אינעווייניק זידט דאָס לעבן, דאָס שטייגן און דאָס

פאַלן פון די קאַווע־פּרייזן. יעדע רגע ווערט באַשטימט בראַזילס גורל. אירע שאַנסן פאַר גרויסע אויסלענדישע הלוואות, אָדער דער קרעדיט, וואָס קאָן ווערן איינגעהאַלטן און אָפּגעשטעלט.

אינדרויסן, פאַר דער בערזע, חשבונט מען, מען שרייבט, מען לויפט. די טעלעגראַף־אָפּיסינעס, וואָס געפינען זיך אין שכנות, אַרבעטן אויף אַלע רעדלעך. די באַנק־הייזער, די קליינע וועקסל־שטובן פאַר־שטאַרקן די באַוועגונג, דעם רעש פון די עטלעכע שמאָלע גאַסן. און אין די קאַפעען אַרום איז נישט ווינציקער טומלדיק ווי אין די קאָרידאָרן, אָדער זייטיקע זאַלן פון דער בערזע־געביידע גופא.

אין סאַנטאָס קומען זיך צונויף אַלע גרויסע פּלאַנטאַטאָרס פון די קאַווע־פעלדער, מערסנטייל זענען דאָס אויסלענדישע מאַגנאַטן, קאָנ־צעסיאָנערן, פאָרשטייער פון גרויסע טרעסטן און קאָמפּאַניעס, אַלטע פּנימער מיט יוגנטלעכן גלאַנץ אין די אויגן, גלייך און גלאַטיק געראַזירטע, און די קנייטשן פון זיקנה — אויסגעפּרעסט מיט קאַלטע שמייכלען, מיט האַרטקייט, מיט ווערדע, מיט זיכערקייט, ווי זיי וואָלטן זיך נישט געפונען אין אַ פרעמד, אומאָפּהענגיק לאַנד, נאָר ווי אין אַ קאָלאָניע פון זייער מלוכה.

די מערסטע פון אָט־די הערן זענען ענגלענדער. זיי האָבן שוין עקספּלואַטירט נישט איין לאַנד, וואָס געפינט זיך אונטער דער אויבער־הערשאַפט פון זייער פאָטערלאַנד און אונטער דעם דרוק פון זייערע אייגענע קעשענעס.

אויך דאָ, אין לאַנד, וואָס נישט די שפּראַך, נישט די מנהגים, נישט די ראַסע געהערט זיך עפּעס אָן מיט זיי, פילן זיי זיך דאָך ווי באַלעבאַטים. ביי זיי אין די הענט ליגט די גאַנצע רעגירונג. דאָס גאַנצע לאַנד איז פאַרמשכנט, אַפילו דער אָפּצאָל פון די גרענעצן איז פאַרזעצט ביי זיי אויף יאָרן־לאַנג פאָראויס. און טאָמער האַלט זיך ביים ענדיקן דער חוב, זאָרגן זיי שוין דערפאַר, אַז דאָס לאַנד זאָל זיך נייטיקן אין אַ נייער הלוואה.

די הלוואות ווערן געמאַכט פאַר אויבנאויפיקע, לוקסוסדיקע אויס־ברענגערייען. פאַר ביליקע פאַראַדן און נישט וויכטיקע אויסשטעלונגען.

עס איז געגוג, אַז עפּעס אַ קיניגל פון אַן אייראָפּעיִש מדינהלע זאָל זיך פּאַרווילן אַ ביסל כבוד און קומען אַלס גאַסט אין בראַזיל, און די רעגירונג זאָל פאַרשווענדן מיליאָנען און אַריינוואַרפן דאָס לאַנד אין אַזעלכע חובות, אַז דאָס פאָלק זאָל זיך גאָרנישט קאָנען אויסצאָלן...

איינמאָל, בשעת אַזאַ אייראָפּעיִש קיניגל האָט בדעה געהאַט צו מאַכן אַזאַ באַזוך אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון בראַזיל, האָט זיך די הויפּט־שטאָט ריאָ־דע־זשאַניירא געגרייט מיט אַ יאָר פאָראויס. גאַנצע הייזער זענען אַראָפּגעריסן געוואָרן, כדי די גאַסן זאָלן ווערן פרייער און ברייטער. עס זענען געשניטן געוואָרן בערג, וואָס האָבן אַרויסגע־שטאַרצט ביי די אויסגוסן פון ים און זיך חנעוודיק געהויבן קעגנאיבער דער שטאָט. די בערג זענען אונטערגעשניטן געוואָרן און מיט דער רויטער ערד פאַרשאָטן די ברעגן פון ים און אַזוי אַרום געשאַפן נייע, יונגע, לופטיקע אַוועגידעס.

די באַאַמטע האָבן זיך נישט באַנוגנט מיט אומדירעקטע שטייערן, וואָס די פּראָדוצירער פון די אַרטעלן, אָדער די אימפּאָרטירער האָבן געצאָלט, נאָר מען האָט נאָך אַרויפגעצויגן אויף יעדער קלייניקייט אַן עקסטראַ אָפּצאָל.

די פלאַנטאַטאָרס, די אייגנטימער פון קאָנצעסיעס, באַזיצער פון מינעס האָבן געבאָרגט, אָדער האָבן געקראָגן געבאָרגט פון זייערע באַנקירן געלט פאַר בראַזיליעס וועגן, געלט פאַר פאַראַדן און אויפנאַמעס, פאַר מיליטע־רישע און פאָליטישע דריידלעך.

אַרום דער הויפּט־בערזע אין סאַנטאָס איז דאָס אַלץ אויסגעפּלאַנעוועט געוואָרן. יעדן טאָג עפּעס אַן אַנדער אויפטו, וואָס זאָל זיין אין הסכם מיט דער אויסלענדישער געלט־הערשאַפט אין דעם לאַנד פון יונגן זוניקן מאָרגן. די פּרעסע, מיטן אויסנאַם פון עטלעכע צייטונגען, איז געווען באַהערשט פון די, וועלכע האָבן אויפגעבלאָזן די שטימונגען פון נאַציאָ־נאַלן רום.

איבערן גאַנצן לאַנד זענען איינגעפירט געוואָרן לאָטעריעס, נאַציאָ־נאַלע און פּריוואַטע. אַזעלכע, וואָס די פעדעראַלע רעגירונג האַלט אויס, און אַזעלכע פון די באַזונדערע פּראָווינץ־שטאַטן. די פאַרפלייצונג פון

צעטלעך אין אַלע פענצטער פון די טויש־הייזער, שיפסקאַנטאָרן, ציגאַרן־געשעפטן, קאַפעען, אומעטום זענען צעהאָנגען אָט די פּאַרביקע פּאַפּירלעך מיט לעגענדאַרע נומערן.

יעדער נומער מיט דער סומע פון הויפט־געווינס, צוזאַמען מיט אַנדערע גרעסערע און קלענערע פּרעמיעס, ווינקען ווי מיט כישופדיקע אויגן, ציען, רייצן מיט טויזנט תאוות, גיסן אַריין אין די בלוטן רעגונג, ליידנשאַפט רייך צו ווערן, אויפגעריכט צו ווערן. יעדער איינער זעט פאַר זיך זיין מזל אין מיליאָנען געשטאַלטן, אין מיליאָנען אופנים. שפּאָרט מען אָפּ פון עסן, פון באַלייכטונג, פון אַ קלייד, אַ שוך, און מען טראָגט עס אַנטקעגן דעם לאָקערדיקן מזל.

און צוזאַמען מיט דער שפּיל אין מזל פון די צעטלעך גייען אויך פאַרשידענע אַנדערע ביי־שפּילן, געהיימע, אַזעלכע, וואָס די רעגירונג מכלומרשט דערזעט נישט און דערלויבט נישט, און דערלאָזט דאָך.

דאָס פאָלק דערטרינקט זיך ממש אין דעם סם פון די געהיימע שפּילן. אַן עפנטלעכן קאָנטראָל שפּרייזט פריי דער שווינדל.

אויף די פערד־געיעגן, אויף וואָס עס ווערט געשטעלט גרויסע סומעס, נאָגט אויס יעדן זונטיק דאָס לעצטע ביסל זאַפט, וואָס די לאָטעריע האָט נאָך געשוינט. פון דעם געיעג־פעלד קערן זיך שוין אום שאָטנס, אַן ווילנס, אַן פאַרלאַנגען, פאַרלוירענע און אויסגעלאָשענע.

אַזוי אַרום דערגרייכט די פרעמדע געלטמאַכט אירס. דער ווידער־שטאַנד פון די מאַסן ווערט געליימט. נישטאָ קיין פאַרלאַנג אַריינצוקוקן אין דער אייגענער אומצופרידנקייט. נאָכמער, נישטאָ קיין כוח און קיין ווילן אַרויפצוקומען צו די ליימיקע שטיבלעך צווישן די פייכטע פאַלדן פון די בערג און זיך דאָרט טרעפן מיט ווייב און קינד — פנים אל פנים מיט דער ווירקלעכקייט.

אָבער אין די הינטערגעסלעך, אין די זייטיקע געדרייטע דורכגענג־פּאַסאַזשן איז דער זומפּ נאָך טיפער, נאָך עיפושדיקער, און די עטלעכע מילרייז, וואָס זענען על־פּי־נס געראַטעוועט געוואָרן פון די פערד־געיעגן, פון די דערלויבטע און געהיימע לאָטעריעס, ווערן צעשווומען דאָ צוזאַמען מיט דעם לעצטן אויפגלי אין ווינקל פון דער נשמה.

דער לעצטער נעסט, פונדאַנען שפּרייטן זיך שוין מיט מיליאָנען־מיליאָסן פליגל די אָנזאָגער פון בראַזילס אונטערגאַנג: סיפיליס!

די מחלה פּאַנעוועט אַרום, ווי אויף פריי־געלאָזטע ווינטן. דאָס פאָלק גייט אויס, דאַרט איין און ווערט פאַרטרונקען. בייע קינדער קומען אויף דער וועלט מיט פאַרסמטע בלוטן אין די אָדערן, און מיט אברים, וואָס הייבן אָן צו פוילן נאָך איידער זייערע אויגן קענען אויפנעמען דעם ערשטן שמייכל פון דער זון.

## קאַפּיטל פינף

סאַנטאָס איז פאַר די אויסלענדער דאָס אייגענע, וואָס מאָנטע־קאַרלאָ.

צוויי מאָל אין יאָר איז דאָרטן דער באָד־סעזאָן: ווינטער און זומער, און צוויי מאָל אין מעת־לעת איז ראָרט דער לעב־סעזאָן: אין אָוונט און ביינאַכט.

איבער דער אַוועניִדע בעלאָנאַ גאַנזאַגאַ, לענג־אויס פון ים און אירע אויסגוסן, ציען זיך ביי די ברעגעס אַ ריי פּרעכטיקע האָטעלן, קלוב־בנינים, קאַסינאָס און רולעטע־הייזער.

בייטאָג שמעלצט די גליענדיקע זון דעם גלאַנציקן אַספאַלט און די טריט זינקען, ווי אין סמאָלע. בייטאָג איז שטיל אויף די אַוועניִדעס. די פּאַלמען שמאַכטן אונטער דער גרויסער היץ, די גראָז און בלומען־בייטן אַרום די מאָנומענטן בויגן זיך אַיין פאַרחלשט, און איינזאַמע גערטנער דערמינטערן זיי מיט רעגן־קאַנען אָדער שטראָמען־וואַסער פון גומענע קישקעס.

די רולעטן איבער די פענצטער זענען אַראָפּגעלאָזט, נאָר די זון שטעכט זיך דורך אַפילו דורך די געל־געהאָפּטענע גאַרדינען.

די דאַמען וויגן זיך פויל אויף די וועראַנדעס פון די האָטעלן, אָדער פאָרן אַרום איבער די גוואַרוזשאַ־אינדזלען און באַטראַכטן מיט נייגעריקייט די פּרימיטיווע איינוווינער, די איבערגעבליבענע פון גוואַראַניער שבטים, די וואָס האַלטן־אויף זייערע געצעלטן צווישן די צוקער־שטעקעלעך און שפּאַנען זיך נאָך לעת־עתה נישט איין אינעם יאָך פון די פרעמדע מאַגנאַטן.

ערשט אין אָוונט פינקלען־אויף העלע זשיראַנדאָלן־ליכט דורך די געשליפענע שויבן פון די קאַסינאָס. די מוזיק פון די קאַפּעליעס צעשוימט זיך אויף די כוואַליעס, וואָס הייבן זיך אויף און בלייבן ליגן צעפלאַטשט אויף די מאָזאַיִק־געפּלאַסטערטע טעראַסעס ביים ברעג פון ים.

מיטן אויסרייד פון הייסע זאַמד־בעדער, אויסגעגליט פון זון און וואַרעמען ים־וואַסער, פאַרברענגען דאָ אַלערליי עולם־הזהניצעס, די דאַמען פון דער האַלבער וועלט.

זייערע אויגן שטעכן זיך איין מיט גיריקן בליק, אַ בליק, וואָס שלינגט פינגער, ציפערן און דרייוויי־זער אויף די גרינע רולעטע־טישן.

דער חשבון פון טאָג זוכט אַ סך־הכל. אין די געסלעך, פונוואַנען עס פלייצן פורעניות, זשומעט דער רעש. דאָרט גרימפּלען אַלערליי שפּילקאַסטנס און אויטאָמאַטישע פּאָרטעפּיאַנעס, דאָרט קלינגען שויבן אונטער די פויסטן פון שיכורע מאַטראָסן; דאָרטן קרייצן זיך דורך קללות דורך די ציין, און בלויע ביילן אויף שטערנס יוירן אויף פּאַר דער שיין פון גרינלעכע גאַז־לאָמפּן.

נאָך האַלבער נאַכט טאַנצט נאָך סאַנטאָס. פון די געגרייטע טישלעך אַפּער, נאָך מיטן קיל־צעזאָטענעם שאַמפּאַניער אויף די ליפּן, גליטשט זיך צווישן די טישלעך אַ צופרידענער „דזשענטלמען״, איינגעוואָקסן מיטן שוואַרצן אָוונט־אַנצוג אין די ווייסע, ווייכע אָפּגעדעקטע אָרעמס פון אַ „ליידי״ און די „ליידי״ איז טיילמאָל אַזאַ, וועלכע ווייסט גאָרנישט באַשטימט, ווו און אין וועלכן האָטעל זי וועט די מידע און אויסגעלאָשענע אויגן היינטיקן פאַרטאָג שליסן, וועמענס געפּרווירענע גלידער זי וועט מיט איר קאַלטן פייער וואַרעמען.

סאַנטאָס, די שטאָט פון הייליקע, איז דערטרונקען אין לוסט און געבוס. די אָנגעזאַמלטע אוצרות פון בייטאָג זענען ווי שטאַרקער ווײַן אין אַ פאַרמאַכטער כלי, וואָס עס רייסט זיך איבערצולויפן. שפּרינגט דאָס לעבן אַרויס, שוימט איבער די העלדזער, איבער די ברעגעס.

די טויזנטער, וואָס די רולעטע האָט נישט פאַרשלונגען, ווערן איצט דערטרונקען אין שאַמפּאַניער, אין טענץ, אין ליידנשאַפט, אין אויפגע־פּראַלטער פרייד, אין אויפקאָך פון ווילזיין.

עס שטומען די אויסגעפּרעסטע באַדינער מיט אַנגעצויגנקייט פון „זען און שווייגן". אין די פּאַרגליווערטע אויגן שפּיגלען זיך אָפּ אַלערליי סודות. עס שווייגן אויך די באַאַמטע און פּאַרוואַלטער פון די גרויסע קאַסינאָס, רולעטע־ און קלוב־הייזער, ווען דער פּאַרטאָג הענגט זיך אויס בלוי פאַר די הויכע, שפּיציקע פענצטער. זיי ציילן די טויזנטער אין אַלערליי געלטער, מיינסטנס — ענגלישע פונטן. דאָס בילד פון ענגלישן קיניג קנאַקט און קנייטשט זיך אונטער די פינגער, אַזוי ווי עס זענען צעקנייטשט פון איבערזעט די, וועלכע האָבן זיך קוים שאַרנדיק אויף די פיס דערשלעפּט צו די טירן, פון די וואַרטנדיקע קאַרעטן, צו די שלאָפּצי־מערן אין זייערע פּאַלאַצן.

און ווען דער גאָלד־מאַרך גייט שלאָפן, שטייט אויף די אייזערנע קראַפט, ראַנגלט זיך נאָך אין גרוילעכן איבערגעבליבענעם שאָטן פון שטיקער נאַכט. די סירענעס פון די צעוואָרפענע שיפן איבערן ים־אויסגוס פייפן און ציטערן־אויף די לופט.

דאָס גייט די אומצופרידנקייט צו דער אַרבעט.

## קאַפּיטל זעקס

דער יונגער זשאָזע קויפמאַן איז אַ תמידיקער גאַסט אין סאַנטאָס.

פאַר יוצא־וועגן גיט ער אַ קוק אַרום דער בערזע, אַ שמעק אינעווייניק. קיין גרויסע ידיעה אין דער ריזיקער מאַשין האָט ער נישט. נאָר אַזוי ווי אַ מענטש מוז דאָך עפּעס טאָן, איז זיין טאָן באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט זיך געדרייט אַרום דער בערזע, געזעסן אין די קאַפע־הייזער, זיך איינגעהערט אין איילנדיקע באַמערקונגען און אויסרופן פון די פאַרביילויפנדיקע מעקלער און אַזוי־אַרום געשלאָסן „באַקאַנטשאַפטן" מיט דער קאָמערציעלער וועלט.

אין די אָוונטן איז זשאָזע קויפמאַן געווען אַן איינגייער אין די רולעטע־הייזער, שפּיל־קלובן און קאַסינאָס. כאָטש קיין אייגן געלט האָט ער נישט געהאַט, האָט עס אים אָבער נישט תמיד אויסגעפעלט. עס האָבן זיך שוין געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן אים געבאָרגט בלויז אויף זיינס

אַ וועקסעלע. דער יונגער קויפמאַן איז געווען ברייטגיביק, ער האָט באַ־צאָלט דעם גרויסן פּראָצענט פּאָרויס און אָפּטמאָל איז אים נישט געבליבן מער ווי אַ העלפט פון דער הלוואה.

אים האָט עס נישט געאַרט, און וואָס האָט דען אַ ווערט אַפילו פופציק פּראָצענט אַנטקעגן דעם, וואָס ער קען געווינען, ווען דאָס מזל זאָל אים דינען אין דער רולעטע?

מיט סעניאָר קויפמאַנען זענען אַלע באַדינער אויסגעקאָכט. נישט איינמאָל, געבנדיק זיי אַ שיינעם „טרינק־געלט", האָט ער ביי זיי דערנאָך צוריקגעבאָרגט אויף אַ באַן־בילעט קיין סאַן־פּאַולאָ...

מען האָט דעם יונגן סעניאָר קויפמאַן גוט געקענט. דעם פאָטערס פאַרמעגן איז שוין געווען לעגענדאַריש אויף דער בערזע, און זיין קמצנות איז געווען די געוויינלעכע טעמע אויף אונטערהאַלטונגען אין דער געזעלשאַפט פון די הויכע פענצטער.

*

נפתלי קויפמאַן איז געווען איינגעעקשנט און האַרטנעקיק. קוים איז ער אין יענער נאַכט אַוועקגעגאַנגען פון דער נייער דירה, ווו זיין תכשיט האָט זיך איבערגעצויגן מיט דער מאַמען, איז שוין זיין דעה געווען זיכערער ווי זיינע טריט — זיך נישט אומצוקערן.

ער האָט געהאַלטן וואָרט. נאָר צוריק אין זיין אַלטער דירה איז ער שוין אויך נישט געגאַנגען. אַנשטאָט דעם איז ער אַוועק צו זיין קרוב און אָן קונצן געזאָגט:

— איך גיב אייך צו־שטייער אַזויפיל און אַזויפיל אויף פּרנסה, און קאָכט מיר אָפּ אַ לעפל געקעכץ און שטעלט־אויף אַ בעטל, ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן.

מער האָט ער נישט געזאָגט, און מער האָט מען אים נישט געפרעגט. נפתלי האָט גערעכנט, אַז „זיינע" וועט קומען וויינען, שרייען, בעטן און דער יורש וועט נאָך אַליין מוזן זיך עוסק זיין מיט צוריקפירן די זאַכן אין דער דירה, ווו זיי האָבן פריער געוווינט.

נאָר זעענדיק, אַז זיינע האָפענונגען ווערן נישט מקויים, האָט ער

שוין פעסט באַשלאָסן, עס זאָל אים גאָרנישט אַרן, און עס זאָל אַזוי גיין, ווי עס גייט. זייער געווײַנלעכע „פענסיע״ האָט ער יעדע וואָך געשיקט טאַקע דורכן קרוב.

דער קרוב און די קרובה האָבן קיינמאָל נישט געוווסט, וווהין נפתלי גייט אַוועק אויף גאַנצע טעג: נישט זיי האָבן דערוועגט זיך צו פרעגן און נישט ער האָט אַמאָל דערציילט, ווו ער איז געווען. אין אָוונט פלעגט ער אַהיים קומען, זיך זעצן ביים טיש עסן, און בשעת־מעשה פירן חשבונות פון קעשענע־ביכעלע אַרויס אויף אַ שטיקל פאַפּיר.

עס האָט אויסגעזען, אַז אַפילו די צייט קאַרגט ער, לאָזט נישט אַוועק קיין רגע לאיבוד פון איין שפּייז ביז דער צווייטער.

אַמאָל, אַז דער אָוונט איז געווען שטאַרק שטיקנדיק, אַז אַלע טירן און פענצטער זענען געווען אויפגעפּראַלט און די ביימער אינדרויסן זענען געשטאַנען, ווי פאַרגליווערט, און עס איז נישט געווען קיין אופן דעם אָטעם אָפּצוכאַפּן, האָט זיך נפתלי באַפרייט פון זיינע רעכענונגען און אַרייַנגעקוקט אין אַ ספר, וואָס האָט זיך נאָך פאַרוואַלגערט ביים קרוב.

נישט קוקנדיק דערויף, וואָס נפתליס פירונג איז געווען אָרעם און פשוט, האָט דאָך אַרום אים געווייעט מיט עשירות. דער דרך־ארץ פאַרן גביר האָט זיך אַליין אַוועקגעשטעלט אין זיינע פיר איילן, כאָטש ער האָט עס נישט פאַרלאַנגט און נישט באַדאַרפט.

אַז עס זענען געקומען אַמאָל לאַנדסלייט צום קרוב, איז מען געזעסן, אָדער געשטאַנען אינדרויסן, אַזוי לאַנג ווי נפתלי איז געווען אינעווייניק, און אַז ער האָט זיך באַוויזן, האָבן זיך אַלע קעפּ גלייך צעשאָקלט פון אויבן אַראָפּ מיט אַ ברייטן „באָם דיאַ״, אָדער „באָם נאָיטי״. נפתלי האָט קאַרג געענטפערט, ער האָט זיך נאָר פאַרגינען די ערשטע טייל פון זאָץ צו ענטפערן: „באָם״.

עס האָט אָבער געטראָפן, אַז מענטשן — סתם אַזוי, וועלכע קענען נישט פאַרטראָגן קיין עוולות — האָבן זיך געוואָלט אַריינלייגן פאַר שלום.

ביי יעדער שמחה, ביי יעדן צוזאַמענקום, האָט מען וועגן דעם גערעדט, כאָטש קיינער האָט נישט געוווסט, וואָס עס וועט אַרויסקומען. נאָר דערפון איז גאָרנישט געוואָרן, ביים עקשנות האָבן זיך ביידע צדדים

געהאַלטן, אי דער טאַטע, אי דער זון. אַזוי זענען דורכגעגאַנגען עטלעכע שיינע יאָר.

## קאַפּיטל זיבן

די יידישע באַפעלקערונג אין סאַן־פּאַולאָ האָט זיך פון וואָך־צו־וואָך געהאַלטן אין איין פאַרגרעסערן.

צוויי קליינע שטעטלעך פון בעסאַראַביע, סעקאַראַן און יעדילניץ, האָבן זיך דאָ צונויפגעטראָפן ווי צוויי באַזונדערע טייכן אין צופלוס פון גרויסן ים.

דער ישוב אין סאַן־פּאַולאָ איז געוואַקסן אַנדערש, ווי אין ריאָ־דע־זשאַניירא. דאָרט איז נאָך דאָס יידישע לעבן אַלץ געווען אַ לופטיקס, אַ בחורישס, אַן אויבנאויפיקס. דאָ האָט זיך איינגעשטעלט אַ געזעצטקייט, אַ באַלעבאַטישקייט. לכתחילה איז מען דאָ געקומען חתונה־געהאַטע, מען האָט אַראָפּגעבראַכט די ווייבער, אָדער מען האָט אַריבערגעבראַכט כלות און געשטעלט חופות כדת משה־וישראל.

די געשעפטן זענען אויך נישט אַוועק שלעכט, און פרנסה — נישט צו פאַרזינדיקן. אַן איבעריקע קאָנטאָ דע רייז האָט מען אָפּגעשפּאָרט, פעדלעריי האָט זיך צעבליט. די „מאָריאַס", די קונהטעס זענען געווען ראַיעל, ווי די באַנקנאָטן אין דער „גאָסודאַרסטווענע באַנק". זיי האָבן געצאָלט די ראַטעס פּינקטלעך יעדע וואָך, און איידער זיי האָבן אויס־געצאָלט איין זאַך, האָבן זיי שוין גענומען אַ צווייטע זאַך. אַז די שוואַרצע פּנימער האָבן געעפנט די אויגן און האָבן אָנגעהויבן גלוסטן צו גאָלד און איידלשטיינער, האָבן יידן זיי נישט געקאַרגט: ווילסט גאָלדענע בראַסלעטלעך, אוירינגלעך, פינגערלעך, זייגערלעך — אַלץ איז פון זהב טהור מיט צוויי־און־צוואַנציקער פּרווו.

אַ סך פון די פריערדיקע פעדלערס האָבן פאַרקויפט זייערע קליענטן פאַר זיבעציק פּראָצענט מזומנים. איבערגעגעבן די קונים צוזאַמען מיט זייערע חובות.

אָפטמאָל איז אַ קונה מער ווערט, ווי אַ חוב. אַ חוב קאָן אַמאָל

פּאַרפּאַלן ווערן, אָבער אַ קונה איז תמיד גרייט געווען צו קויפן. תמיד איז געווען מיט וואָס אויפצורייצן דעם פּאַרלאַנג פון די קונהטעס: אַ זיידן שירעמל, אַ ברייט, אויסגעטאָקט בעט, אָדער גאָר אַ שטאָטיש קליידל.

עס האָט זיך געשאַפן אַ קליינע אינדוסטריע, אָדער אונטערנעמונגען, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט מסחר, גאָלד און מעבל. אַ טייל האָט גע־עפנט וואַרשטאַטלעך פון זייגערמאַכעריי, וואָס האָט זיך שוין פאַרבונדן מיט צירונג, און אַנדערע האָבן געעפנט מעבל־פאַבריקן צוזאַמען מיט קראָמען.

מען קאָן זאָגן, אַז יידן האָבן בכלל איינגעפירט די מעבל־אינדוסטריע; און נישט נאָר איינגעפירט, נאָר זיי האָבן אויך געשאַפן דעם מאַרק דערפאַר. זעלטן, ביז יענער צייט, האָט דאָס פשוטע פאָלק געוווסט, אַז מען דאַרף האָבן אַזאַ מין זאַך, ווי מעבל אין שטוב. עס איז גענוג געווען, אַפילו פאַרן מיטלמעסיקן בראַזיליאַנער, ער זאָל צונויפקלאַפּן עטלעכע ברעטער פאַר אַ טיש אָדער אַ באַנק אויף אַ גאָר פרימיטיוון אופן.

צום ערשטן האָט זיך די קליינע אינדוסטריע אָנגעהויבן אין ריאָ, דערנאָך אַריבערגעטראָגן קיין סאַן פּאַולאָ און פון דאָרטן — אין די איבעריקע שטעט, ווו יידן האָבן געשטעלט זייערע ערשטע טריט אין לאַנד.

די גרויסע האַנדלס־הייזער האָבן געזען, אַז דורכן אופן פון שאַפן בעלנים פאַר פאַרשידענע אויסאַרבעטונגען, וואָס יידן פירן איין, דורך געבן אויף אויסצוצאָלן, געווינט מען צו דעם בראַזיליאַנער צו קויפן אַרטיקלען, אָן וועלכע ער האָט זיך פריער זייער ווויל באַגאַנגען. דאָס האָט אימפּאָנירט און די בענק־הייזער האָבן אויך אָנגעבאָטן קרעדיטן. יידן זענען אַריינ־געצויגן געוואָרן אין מסחר, אַז די קעפּ האָבן זיך אַזש פאַרדרייט: וועקסלען, צאָלונגען, דיסקאָנטעס, טשעקן, מען האָט זיך נישט געקאָנט צערייסן. האָט מען געשריבן אַהיים, אַלץ אין די צוויי בעסעראַבער שטעטלעך אַריין, אַז מען זאָל האָבן גאָט אין האַרצן און קומען.

איז מען געקומען, ווער צו אַ ברודער, ווער צו אַ פעטער, ווער צו אַן עלטער־פעטער און ווער צו סתם אַזוי אַ שכן. די אַלטע לייט אין די היימען האָבן נאָר געהאַט איין דאגה: ביי וועמען עס איז אונטערגעוואַקסן עפּעס

אַ בחורל, האָט מען אים גלייך אָפּגענומען פון חדר און אַוועקגעשיקט קיין בראַזיליע.

און איבער אַלע גאַסן, אַוועני̇דעס, שמאָלע און צעקרימטע געסלעך, הינטער דער שטאָט און פאָרשטעט, זענען די זין פון די צוויי בעסאַראַבער שטעטלעך געווען צעזייט. אויף די אַקסלען האָבן זיך שווער געוויגט די פּעק מיט סחורות. מען איז געגאַנגען פון טיר צו טיר, געקלאַפּט און אָנגעבאָטן די אַרטיקלען. אָפטמאָל האָט מען איבערגעלאָזט סחורה צו אָזעלכע, וואָס מען האָט אַפילו זייער נאָמען נישט געוווּסט, און די „גרינע" האָבן אַפילו דעם אַדרעס נישט געקאָנט פאַרשרייבן.

יידן האָבן אָנגעהויבן קלערן וועגן אַ תכלית. קיין שטיקל שול, ווו צו דאַווענען איז נישט געווען. בלויז עטלעכע מאָל אין יאָר — ראש השנה און יום־כיפור — איז מען זיך צונויפגעקומען ביי איינעם אין אַ פּריוואַטער וווינונג און געדאַוונט. ווייטער, אַ גאַנץ יאָר, איז מען געווען פאַריאָגט, פאַרהאַוועט, נאָר אין זין געהאַט „מאַריעס".

סוף כל סוף האָט מען זיך דערטראַכט, קודם כל אַ שול, אַ ספר תורה; דערנאָך וועט מען ווייטער זען.

די יונגעלייט זענען אַרומגעגאַנגען, ווי אויסגעלאָשענע שאָטנס, קיין שום פרייד אויף זייערע פּנימער, אַ פרעמדער, ריזיקער שאָטן האָט זיי פאַרשלונגען.

זיי וואָלטן געוואָלט אויך האָבן עפּעס אַ קלוב, אָבער עס איז נישט געווען צו וואָס, נישט געווען מיט וועמען זיך צונויפצוקומען, קיין מיידלעך זענען לחלוטין נישט געווען. איז אַראָפּגעקומען פון דער היים אַ מיידל, האָט מען דעם ערשטן זונטיק מיט איר געשריבן תנאים און דעם צווייטן זונטיק איז געווען די חתונה, און פון דעמאָלט אָן האָט זי זיך אויפגעהערט צו ווייזן פאַר „פרעמדע מאַנסבילן" אין די אויגן צוגלייך מיט אַלע בראַזיליאַנער פרויען.

פונדעסטוועגן האָט מען געפּלאַנעוועט, אַז צוזאַמען מיט דער שול וועט מען אויך שטעלן עפּעס אַ ווינקל, די יוגנט זאָל זיך האָבן ווו צונויפצוקומען.

אַלע גבירים, אַלע באַמיטלטע מענטשן, אַלע פריש־אָנגעקומענע

קליענטעלטשיקעס און אַפּילו די „גרינע", וועלכע האָבן נאָך געאַרבעט אויפֿן טאָג, טראַגנדיק די פּעקלעך פֿאַר אַנדערע פּעדלערס, אַלע האָבן צושטייער געגעבן צו דער שול און ביבליאָטעק, וואָס מען האָט אָנגעהויבן צו בויען אין יידישן געגנט, אין „באָם רעטיראָ".

דער איינציקער, וואָס האָט זיך נישט וויסנדיק געמאַכט, איז געווען נפתלי קויפמאַן. זינט די דעלעגאַציע האָט אים באַזוכט, ביים קרוב, האָט ער זיך איינגעאַנצן באַהאַלטן און אַפּילו נישט אַהיימגעקומען נעכטיקן.

ער איז אָפּגעקומען מיט פֿאַרשידענע תירוצים: צו וואָס דאַרף מען דאָ אַ שול, אַז זי וועט פּוסטעווען? אַז זי וועט אַ גאַנץ יאָר שטיין ליידיק, און אַז גאָטס הויז וועט נאָך פֿאַרשעמט בלייבן...

איינמאָל איז מען געקומען צו אים, נישט צוליב דער שול, נאָר צוליב עפּעס אַנדערש. מען האָט גערעכנט, אַז די שליחי־ציבור וועלן דאָס מאָל פּועלן.

אין נאָמען פֿון דער יידישער עדה האָט מען אים געבעטן, אַז ער זאָל אָוועקשענקען פֿאַר דער „קאָלאָניע" אַ שטיקל פּלאַץ פֿון זיינע פּלעצער הינטער דער שטאָט פֿאַר אַ יידישן בית־עולם.

נפתלי קויפמאַן האָט געפּרוּווט באַווייזן, אַז עס איז נאָך נישט די צייט צו דעם, אַז יידן שטייען נאָך דאָ בכלל אויף איין פֿוס, אַז קוים וועט מען קומען צו עטלעכע קערבלעך, וועט יעדער אַהיים פֿאָרן. אָבער די דעלעגאַציע האָט אים אויפֿגעוויזן, אַז דאָ זענען שוין טיפֿע וואָרצלען פֿאַר אַ יידישן ישוב אַריינגעשלאָגן געוואָרן, אַז יידן האָבן שוין דאָ זייערע אייגנטומס, אַז מען באַבויט זיך און מען באַפֿעסטיקט זיך, אַז די וויסטע פּרנסה פֿון „קליענטעלע" איז אַזאַ, אַז מען קאָן קיינמאָל נישט אַרויס דערפֿון, אַז טאָמער האָט מען אָפּגענומען איין חוב, וואַקסט שוין אויס אַ צווייטער, אַז דאָס פֿאַרמעגן איז תמיד צעזייט אין פֿרעמדע הענט, און אַז יידן האָבן דאָ חתונה און קליינע קינדער ווערן געבוירן, די שעה זאָל נישט זיין, מאַלע וואָס עס מאַכט זיך?

קעגן די טענות האָט נפתלי קויפמאַן נישט געקאָנט פֿאַרשטאַרקערן זיינע אַרגומענטן, האָט ער צוגעגעבן, אַז מען איז גערעכט, נאָר וואָס דען? פֿאַרוואָס איז ער עפּעס מחויב איינער אַליין צו געבן אַ בית־עולם?

האָט מען געענטפערט, אַז די אַנדערע יידן גיבן צו דער שול, האָבן געשאַפן חברות, וואָס שטיצן אונטער איינער דעם אַנדערן און לאָזן זיך גענוג קאָסטן.

נפתלי האָט שוין געהאַלטן ביים מישב זיין זיך, ער האָט שוין אַפילו אין דער מחשבה געחשבונט, וויפל עס איז ווערט אַ האַלבע „לעגווע" לאַנד אויף דעם זאַמדיקן בערגל, ביי דער באַאוויסטאַ, נאָר איינער פון די באַלעבאַטים, וואָס האָט, אַפּנים, נישט געוווּסט, מיט וועלכע מחשבות קויפמאַן איז פאַרנומען, האָט זיך געוואָלט אָפּרעכענען און באַצייטנס אַרויסגעשאָסן מיט כעס:

— וואָס מיינט איר זיך, סעניאָר קויפמאַן, איר וועט אייביק לעבן? איר זייט שוין נישט קיין יונגערמאַן! פאַר אונדז ווילן מיר דאָס האָבן אַ בית־עלמין? מיר האָבן נאָך צייט וועגן דעם צו טראַכטן!

נפתלי איז געוואָרן בלייך. ער האָט גאָרנישט געזאָגט. די איבעריקע פון דער דעלעגאַציע האָבן זיך געביסן די נעגל פון די פינגער:

— קיין איין גראָשן קריגט איר נישט, קיין איין דעשטאָן־לאַנד! גייט זיך געזונטערהייט, קיין איין פעניג!

נפתלי האָט זיך נישט אויפגערעגט. ער איז אַרומגעגאַנגען פאַרלייגט די הענט הינטער דער פּלייצע און גערעדט, ווי פאַר זיך:

— קיין איין צעבראָכענעם צווייער, קיין איין זעמדעלע ערד!

די דעלעגאַציע איז אַוועקגעגאַנגען באַצערט.

## קאַפּיטל אַכט

נפתלי קויפמאַן האָט אָפּגעשטעלט די „שטיצע" פאַר זיין הויז־געזינד. דאָס זונדל איז זייער ווינציק געווען אין דער היים און די מאַמע האָט געטראָגן דעם עול־פּרנסה, אויף אירע אייגענע פּלייצעס.

זינט איר מאַן האָט געוווינט ביים קרוב, איז איר אויך אָפּגעשניטן געוואָרן דער וועג אַהין, און זי האָט זיך אָפּט געמוטשט דערנערן פון געוויקסן, וואָס זענען געוואַקסן אין „איר" גאָרטן.

איינמאָל האָט אַ געריכטס־שליח געבראַכט די בשורה, אַז סעניאָר

נאַפּטאַל קאַופמאַן האָט אָפּגעשריבן דעם פּאַלאַץ אויפן נאָמען פון זיין זון, סעניאָר זשאָזע קאַופמאַן.

זשאָזע האָט נישט געוווּסט, צי איז דאָס אַ שפּאַס, צי סתם אַזוי אַ חוזק, — איז ער אַוועק אין גאַס און צוריקגעקומען און באַשטעטיקט, אַז דאָס איז אמת. מיט אַ טאָג שפּעטער איז געקומען אַן אַגענט און פאַרגעלייגט אַ סומע געלט, אַלס הלוואה אויף דעם הויז.

זשאָזע האָט נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה און האָט עס גערן אָנגענומען. ער איז אַוועק מיט יענעם צו אַן אַדוואָקאַט, פון דאָרט צו אַ נאָטאַריוס און בלויז אויף צומאָרגנס האָט ער זיך דערוווּסט, אַז דער פאָטער זיינער האָט איבערגענומען דעם חוב און אַז זיין פּאַלאַץ איז פאַרמשכונט צום פאָטער אויף דער ערשטער היפּאָטעק.

זשאָזע האָט נישט פאַרשטאַנען די דרכים פון פאָטער, אַז דאָס, וואָס דער פאָטער האָט אים געגעבן דאָס הויז, האָט ער געוואָלט דערמיט זאָל זיך אָפּשטעלן זיין שטיצע צו זיינע בני־בית, און מיט דעם, וואָס ער האָט אים אַליין געגעבן אַ הלוואה, האָט ער זיך באַוואָרנט, אַז דער „אוצר" זאָל דאָס גאַנצע הויז נישט פאַרטאַכלעווען...

פון דעמאָלט אָן האָט מען בכלל אויפגעהערט צו זען און צו הערן וועגן פאָטער.

דער קרוב פלעגט קומען צו זיין קרובה, פּרוי קויפמאַן, און זיך באַקלאָגן, וואָס מען זעט נישט נפתלין. דער זון האָט אַרויסגעזאָגט זיין השערה, אַז ער מוז זיין אין ריאָ דע זשאַניירא.

איינמאָל האָבן די אָוונט־צייטונגען געמאָלדן, אין אַ כמעט סענסאַ־ציאָנעלן טאָן, אַז אין מוניציפּאַלן שפּיטאָל „סאַנטאַ קרוז" איז געשטאָרבן איינזאַם און פאַרלאָזן דער רייכער ערד־באַזיצער און מיליאָנער, סעניאָר נאַפּטאַל קויפמאַן. ביים טויטן־בעט האָט זיך געפונען בלויז אַ נאָנע.

די ידיעה האָט אַרויסגערופן דעם גרעסטן וווּנדער. די שפּעטערדיקע צייטונגען האָבן שוין געבראַכט בילדער פון דעם פאַרשטאָרבענעם און געדרוקט די געשיכטע פון זיין לעבן, פון זיין קאַריערע, און צווישן די שורות — אַפילו וועגן זיין קאַרגשאַפט.

אַ קאַטוילִיש וואָכנבלעטל האָט דעם זעלבן טאָג דערציילט מיט פרומען

ערנסט, אַז סעניאָר קויפמאַן איז דערפאַר רייך געוואָרן, ווייל ער האָט פאַרשפרייט די הייליקע בילדער אין אַלע קאַטוילישע הייזער און איינמאָל האָט ער אין אַ באַגילדעטער ראַם פון אַ „זשעזוס״ געפונען טעלעכע גרויסע ברילִיאַנטן, וואָס האָבן געשטאַמט פון אַ פרומער פירשטין, וועלכע איז איינגעשלאָסן געוואָרן אין אַ מאָנאַסטיר אין דער הייליקער שטאָט באַהיאַ.

משמעות, אַז דער קלאַנג האָט זיך גענומען דערפון, וואָס נפתלי האָט אויך אָפּגעקויפט אַלטע הייליקע בילדער; ער האָט אַליין דערנאָך באַגילדט די ראַמען און זיי פאַרקויפט פאַר בייע.

עס האָט טאַקע געטראָפן, אַז צווישן די חפצים, וואָס ער האָט געקויפט פאַר אַ שיבוש ביי אַ געוויסער דאַמע, האָט זיך געפונען אַ זילבערנער נר־תמיד. נישט אַזוי דאָס זילבער, ווי די אויסאַרבעטונג איז ווערט געווען אַ סך געלט. עס איז דאָרט געלעגן אומגעהייערער פלייס און האַנט־אַרבעט: גראַווירונגען און גאַנצע אויסגעקריצטע בילדער פון הייליקע אין מיניאַטור־פאָרם.

ער האָט דער דאַמע באַצאָלט דערפאַר אַ קלייניקייט און עס פאַרקויפט צו אַ זאַמלער פון אַנטיקן פאַר עטלעכע הונדערט מילרייס, און וויפל נפתלי האָט זיך נישט באַמיט נאָכאַמאָל צו קריגן אַזאַ מציאה, איז עס אים נישט געלונגען.

עס האָט זיך תיכף געפונען אַ יונגער פּראַקטיקאַנט־דאָקטאָר אין שפּיטאָל „סאַנטאַ קרוז״, וועלכער האָט דערציילט פאַר אַ סענסאַציע־זוכנדיקער צייטונג פרטים, ווי אַזוי סעניאָר קויפמאַן איז געשטאָרבן:

איינער אַ סעניאָר האָט צוגערופן דעם פּאָליציימאַן פון דער נאָענטער עסקינע און געזאָגט, אַז אַ רוסאָ, געוויס אַ פּעדלער, איז אומגעפאַלן ביי אים אין וועסטיבול אויף דעם שטיינערנעם פּאָל.

דער פּאָליציימאַן האָט גערופן אַן אַמבולאַנס פון שטאָטישן שפּיטאָל און מען האָט דעם ייד צוגענומען אַהין. דער דאָקטאָר האָט דערקלערט, אַז פשוט די כוחות זענען ביי אים אויסגעגאַנגען, אַז דאָס האַרץ איז אָפּגעשלאָפט געוואָרן און אַן אַלטע וווּנד אויף דער לעבער האָט זיך באַנייט. מען האָט אין שפּיטאָל געמיינט, אַז דאָס איז עפּעס אַן אָרעמער

רוסאָ, וועלכער איז נישט אימשטאַנד אַפילו פֿאַר עקסטרע באַהאַנדלונג צו באַצאָלן, האָט מען זיך אויף אים נישט שטאַרק אומגעקוקט.

נפתלי האָט פֿאַרלייקנט זיין ריכטיקן נאָמען און דעם אַדרעס האָט ער אָנגעגעבן, ווו ער האָט פֿריער געוווינט, אויף רואַ זשאָזע פּאַולינאַ. די באַאַמטע האָבן קיין גרויס אַכט נישט געלייגט נישט אויף זיין נאָמען און נישט אויף זיין אַדרעס.

פֿאַרנאַכט, ווען די הייליקע שוועסטער איז אַרומגעגאַנגען איבער די בעטלעך, זען, וועמעס נשמה עס האַלט זיך שוין ביים שיידן מיטן קראַנקן זינדיקן גוף און זי העלפֿן פֿירן אין הימל אַריין, האָט זי געזען ווי נפתלים אויגן זענען האַלב פֿאַרקלעפּט און דורך אַ שפּאַרע קוקט אַרויס די אייביקייט, אַ פֿאַרגליווערטע.

האָט די הייליקע שוועסטער זיכער פֿאַרשטאַנען, אַז ער מוז זיין אַ זינדיקער, וואָס האָט נישט די זכיה געהאַט נאָך אַ מינוט צו לעבן און לויבן גאָטס נאָמען. די דינער האָבן שוין געוואָלט דעם אומווערדיקן גוף איבערשיקן אין מאָרג פֿון דעם מעדיצינישן קליניק, אָבער דאָ איז, מען ווייסט נישט ווי אַזוי, אַנטדעקט געוואָרן, אַז דער געשטאָרבענער איז דער „רוסאָ״ מיליאָנער סעניאָר נאַפּטאַל קאַופּמאַן.

אַלע, וואָס זענען געשטאַנען אַרום, האָבן זיך איינגעבויגן און איבערגעצלמט.

ווו די יידן האָבן נישט אָנגעשפּאַרט, האָבן זיי זיך דערוווּסט פֿון דער נייעס. דער ערשטער, וואָס איז געקומען אָנזאָגן די בשורה רעה צו דער מאַדאַם קויפֿמאַן, איז געווען איר קרוב. ווען זיי זענען ביידע צוגעקומען צום שפּיטאָל, האָבן זיי שוין אינדרויסן געטראָפֿן אַן עולם יידן פֿון באָם רעטיראָ. פֿרוי קויפֿמאַן האָט אָנגעהויבן וויינען, זי האָט געוואָלט אַרויס־קוועטשן כאָטש אַ קאַרג מעסטל מיט טרערן און נישט געקאָנט. זי איז אַריין אין טויטן־שטיבל און דאָרט שוין געטראָפֿן איר זון זשאָזע. ער האָט אויף איר קיין בליק נישט געטאָן. ער האָט בכלל די אויגן נישט אויפֿגעהויבן צו קיינעם. ער איז דאָרט געווען אין באַגלייטונג פֿון זיינס אַ קאָלעגע, נישט קיין ייד.

אַז די מוטער האָט געזען, ווי איבער דעם ווייסן מאַרמאָר־שטיין, ווו

דער דאַרער גוף פון איר מאַן איז געלעגן, האָבן זיך געברענט צוויי שווערע, וואַקסענע ליכט און אויף דער וואַנט איבער דער גאַנצער ברייט איז געהאַנגען אַ יעזוס אויף דעם קרייץ, האָט זי דערפילט, אַז דאָס איז נישט איר מאַן, אַז אַלץ איז עפּעס אויסגעטראַכט, און כדי זיך צו דערמאָנען איןווירקלעכן אמת, האָט זי אָנגעהויבן מיט אַ וויינענדיקן ניגון צו באַזינגען דעם טויטן, ווי מען האָט עס געטאָן ביי זיי אין דער היים.

דער זון האָט זיך געשעמט פון דער מוטערס באַקלאָגן, איז ער אַרויס־געגאַנגען און ערשט צוריקגעקומען צומאָרגנס אינדערפרי, ווען כמעט אַלע יידן זענען געווען פאַרזאַמלט פאַר דעם טויטן־שטיבל און געוואַרט אויף דער לוויה.

די מוטער איז געזעסן איינע אַליין אויף אַ שטיינערנער באַנק אין גאָרטן. זי האָט אויסגעזען דערשלאָגן און מיד. דער זון האָט נישט געוווסט, צי איז זי דאָ אַ גאַנצע נאַכט אַזוי געזעסן, צי איז זי ערגעץ געווען.

עטלעכע יידן האָבן פאַרלאַנגט, אַז דער שוואַרצער צלם פון דעם אָרון זאָל אַראָפּגענומען ווערן. דער זון האָט עס געפּועלט. דער פירער פון „וואָגן״ האָט אַראָפּגעשרויפט דעם הילצערנעם קרייץ און אַריינגעלייגט אינעווייניק דעם קאַסטן מיט נפתלים גוף.

די לוויה איז געווען אַ רייכע, אַן ערשט־קלאַסיקע, קאַטשן זענען געווען גענוג פאַר אַלעמען.

דאָס איז געווען דער ערשטער יידישער מת. יידן האָבן געפילט, אַז מען האָט דאָ כורת־ברית געווען מיט דער נייער ערד, אַז מען ווערט דאָ אַריינגעוואַקסן.

עטלעכע האָבן געוואָלט שלעכטס רעדן אויפן חשבון פון געשטאָר־בענעם, דערציילן זיינע שלעכטע מידות, אָבער קיינער האָט עס נישט געקענט. דאָס ערשטע מאָל, ווי מען ברענגט אַ יידן נישט צו קבר־ישראל, וואָס מען איז מקבר אַ יידן צווישן גויים, — האָט אַלעמען אַריינגעיאָגט אין אַ מרה־שחורה.

אויפן שטאָטישן בית־עולם, ווו מען האָט געבראַכט נפתלין צו קבורה, האָבן די שטאָט־באַאַמטע גראָד אָפּגעגעבן פאַר סעניאָר קויפמאַן אַן

אָנגעזעען אָרט, נישט אַזוי צוליב זיין רייכקייט, ווי דערמיט אַרויסצווייזן רעספּעקט צו דער יידישער באַפעלקערונג.

איז גראָד אין דער אייגענער צייט פאָרגעקומען אַ לוויה פון אַ קריסטלעך קינד. אין דער זעלביקער צייט, וואָס זשאָזע האָט נאָכגעזאָגט דעם קדיש, וואָס אַן עלטערער ייד האָט מיט אים געזאָגט, האָט מיט עטלעכע רייען ווייטער דער קאַטוילישער גלח געזונגען זיינע תפילות. די עדה אַרום האָט נישט געוווסט, ווי זיך נוהג צו זיין מיט די היטלען: זאָל מען אויסטאָן, צי זאָל מען אָנטאָן, ווי דער דין איז ביי אַ יידישער לוויה. זענען עטלעכע געגאַנגען צוגעדעקט די קעפּ, אַנדערע אָפּגעדעקט און אַלע האָבן געפילט, אַז עס קלעפּט זיך נישט.

צוריק פון דער לוויה האָט שוין דער עולם שטאַרקער גערעדט, אַז מען דאַרף זאָרגן וועגן אַ יידישן בית־עולם, און אַז מען וועט נאָך נפתליס ביינער אויך איבערטראָגן. וואָס ער איז געווען, איז ער געווען, אָבער אַ ייד דאַרף נישט ליגן צווישן גויים.

דער קרוב האָט זיך איינגעהאַלטן און צום סוף אַרויסגעזאָגט: „ביים לעבן געהאַנדלט מיט ,שאַלאַמויזן' און נאָכן טויט ליגט ער אַרומגערינגלט מיט צלמים".

*

דער קרוב האָט צוגענומען זשאָזען מיט דער מוטער צו זיך אויף באָם רעטיראָ, ביז איבער דער שבעה: ווו וועט מען דאָרט אין „פּריצישן געגנט" קענען צונויפנעמען אַ מנין יידן קדיש צו זאָגן?

דאָס אייזערנע בעטל, אויף וועלכן נפתלי איז געשלאָפן, איז געשטאַנען אַזוי איינגעדעקט מיט דער פאַרפּעצטער קאָלדרע, ווי עס וואָלט געוואַרט, אַז דער איינגעצערטער גוף פון רייכסטן ייד אין בראַזיליע זאָל נאָך קומען און זיך איינקנוידערן און מורמלען מיט די ליפּן, ווי ער האָט עס אַמאָל געטאָן און וואָס דער קרוב האָט נישט געקענט כאַפּן, צי לייענט ער קריאת־שמע, צי חשבונט ער אַזוי?

כאָטש עס איז געווען ענג ביים קרוב אין הויז פון די צוויי צוגעקומענע מענטשן, האָט דאָך קיינער זיך נישט געלייגט אין נפתליס בעטל. פון

יעדן פֿאַלד, פֿון יעדן קנייטש אין קישעלע און קאָלדרע האָט אַרויסגעיאָגט אַזאַ אומהיימלעכקייט און פּחד, אַז די פֿאַרבליבענע האָבן מורא געהאַט די ליפּן צו עפֿענען פֿאַר אַ וואָרט, וואָס האָט זיך געריסן...

קוים זענען דורך די זיבן שבֿעה־טעג, האָט זיך סיי די מאַמע און סיי דער זון מיטאַמאָל באַפֿרייט פֿון עפּעס אַ לאַנגן, פֿרעסנדיקן ווינטער, וואָס האָט געהאַלטן געשמידט זייערע ווילנס, זייערע פֿאַרלאַנגען זינט דעם ערשטן טאָג פֿון זייער קומען.

זיי זענען צוריקגעפֿאָרן אין זייער פּאַלאַץ אויף אַוועניִדע פּאַוליסטאַ, און כאָטש נפֿתּלי איז דאָרט כמעט קיינמאָל נישט געווען, און מען האָט אים לגמרי נישט אָנגעזען פֿאַר דער לעצטער צייט, האָט זיך די אלמנה אין געדאַנק פֿאָרגעשטעלט, אַז ער פֿעלט איר. זי האָט מורא געהאַט דורכצוגיין איינע אַליין, אַפֿילו בייטאָג, דורך די לאַנגע קאָרידאָרן, ווו עס זענען אָן אַ שיעור געשוווּמען פֿאַר די אויגן טירן און טירן.

זשאָזע האָט דערהאַלטן זייער אַ סך טעלעגראַמעס. הגם די אַלע טעלעגראַמעס זענען געווען טרויער־אויסדרוקן, האָט ער עס אָנגענומען פֿאַר גראַטולאַציעס. דאָס האָט אים פֿאַרדראָסן, ער האָט געפֿילט, אַז מען חוזקט איבער אים. ער אַליין האָט פֿאַרטריבן פֿון זיך יעדן געדאַנק, אַז דערמיט, וואָס דאָס האָט פּאַסירט, איז ער געוואָרן דער רייכסטער מענטש צווישן זיינע קאָלעגן. ער האָט נישט געוואָלט טראַכטן, עפּעס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז גראָד איצט, ווען ער קריגט אַזעלכע אומבאַגרענעצטע מעגלעכקייטן, וועט ער זיין געבונדן, וועט ער זיין צוגענאָגלט צו עפּעס אַזאַ מעכטיקער זאַך, וואָס עס הייסט געלט. ער האָט דערפֿילט אין זיך, ווי עפּעס אַ לאַסט גייט־אויף אויף אים און וועט אים צוזאַמענקוועטשן, צוזאַמענברעכן.

די ערשטע צייט האָט ער גאָרנישט געוואָלט אונטערשיידן זיין איצטיקן לעבן פֿון דער פֿריערדיקן. די פֿריינד זענען געווען נאָך מער צוגעלאָזענער. זיי האָבן אים געוואָלט פֿאַרשאַפֿן אַלערליי תּענוגים. ער האָט איצט אויסגערעכנט, אַז נישט צוליב אים, ווי צוליב זיין געלט האָבן זיי אים געוואָלט צעשטרייען. נאָר ביסלעכווייז, ביסלעכווייז איז ער אַריינגעקראָכן

אין דער פעל פון זיין בייער לאַגע, און ער האָט אָנגעהויבן צו דערפילן די באַקוועמלעכקייט פון זיין עשירות.

די פראַגע פון דערליידיקן די ירושה האָט נישט קיין סך צייט פאַרנומען. דעם פאָטערס פאַרמעגן איז נישט געווען קאָמפּליצירט און פאַרדרייט אין חובות. דאָס, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, איז געווען הונדערט פּראָצענט זיינס. עס איז געווען איינע פון די לייכטסטע ירושה־צעטיילונגען. און אויך דערפאַר, וואָס מיט קיין סך יורשים איז דער ענין נישט באַשווערט געוואָרן. די מוטער און דער זון, ביידע האָבן זיך שוין אין דעם געאייניקט און עטלעכע יונגע אַדוואָקאַטן, זשאָזעס חברים, האָבן די פּראָצעדור פון איבערשרייבן גרינג דורכגעפירט.

אַ דעלעגאַציע פון דער יידישער קאָלאָניע איז געקומען צו דער פרוי קויפמאַן איבעררעדן וועגן עפּעס אַ שיינער נדבה, צושטייער פאַר דער שול, און מאָדנע, זיי אַליין האָבן זיך עפּעס נישט איבעריק באַקוועם געפילט. געוויינלעך, אַז מען קומט צו אַן אבל, כאָטש עס איז שוין אַריבער פערציק טעג, דאַרף מען מיטטרויערן, מיטזאָרגן און דאָ איז גאָר אויסגעקומען: אַז גאָט האָט געהאָלפן, און מען קען, פאַרוואָס נישט געבן ?...

פרוי קויפמאַן האָט געענטפערט מיט ווערדע (פון זיך אַליין האָט זיך דער נגיד אָנגעהויבן פאַרציען איבער דער הויט און אָנגעהויבן אַרויסשיינען פון די רייד), אַז זי וועט אוודאי געבן, נאָר מען מוז וואַרטן אויף איר זון, אויף זשאָזען, אָן אים ווייסט זי נישט ווו־איין, ווו־אויס.

געהייסן האָט עס, אַז זשאָזע איז איצט פאַרנומען מיט געשעפטן. ער איז געווען פאַרשמאַיעט בייטאָג אויף דער בערזע, שוין געהאַט דאָרט אַן אייגענעם קאַבינעטל און אַן אייגן אַדוואָקאַטל. ער האָט געקויפט אַ סך אויסלענדישע וואַליוטע און פאַרלוירן אין דער שפּעקולאַציע. אין אָוונט, — אין דער קאַסינאָ, פאַרטונקען אין שאָטן, אונטער דעם שטראָמיקן ליכט ביים גרינעם, ווייכן טיש פון דער רולעטע.

זשאָזע האָט פאַרשפּילט גרויסע סומעס. ער האָט געשפּילט געוואַגט, אַז זיין שם האָט זיך באַלד צעטראָגן איבער דער גאַנצער געגנט פון בעללעזיניא גאָנזאַגאָ. אין דעם גרויסן לוקסוסדיקן סאַלאָן פון דעם

האָטעל „מיראַמאַר״, זענען תמיד געזעסן אַלערליי מעקלערס, אַדוואָקאַטן, גוטע־פריינד, אַמאָליקע חברים און געוואַרט אויף אים שעהן־לאַנג.

נישט זשאָזע האָט אַרום זיך געשפּרייט אָטעם פון עשירות און גרויסקייט, נאָר די סביבה אַרום האָט אַנגעווייעט אַזאַ ווינט פון חשיבות. אים האָט דווקא אימפּאָנירט זיין פריערדיקע צעלאָזנקייט. און די נישט־דערפאַרנקייט האָט שנעל געפירט דערצו, אַז זיינע פינאַנסן זאָלן זיך נעמען אויסשעפּן.

קיין פרישע הכנסה האָט זיין פאַרמעגן נישט אַריינגעבראַכט. דאָס באַרע געלט, וואָס איז געבליבן פון פאָטער, האָט ער כמעט אַרויסגעצויגן פון די בענק. ער האָט עס אי פאַרלוירן אין שפּעקולאַציע, אי פאַרשפּילט אין רולעטע, אי אָפּגעגעבן חובות די חברים פאַר זייערע אַמאָליקע טובות און נאָך זיי געליען געלט, אי זיך אַ ביסל צעפירט די הענט און אַ לעב געטאָן.

די חובות, וואָס האָבן געקומט זיין פאָטער, האָט זשאָזע קיין איינעם נישט איינגעמאָנט. ערשטנס, זענען ווייניק דאָקומענטן וועגן אָט די חובות געבליבן. עס איז נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן, ווו דער פאָטער האָט געהאַלטן די וועקסלען. פון דעם פאַרשמאַלצענעם קעשענע־ביכעלע, פאַר־שריבן אין יידישן כתב, האָט דער זון נאָר געקאָנט אַרויסנעמען איינצלנע פערזאָנען, מיט וועלכע ער אַליין האָט געהאַט אַמאָל צו טאָן, ער האָט די ענינים איבערגעגעבן זיינע קאָלעגן, די נאָר־וואָס גענדיקטע אַדוואָקאַטן. צי יענע האָבן איינגעמאָנט? — איז אים נישט באַוווסט געווען, און ווען אַפילו יאָ, וואָלט ער אויך ביי זיי קיין געלט נישט צוריקגעזען...

דערצו נאָך האָבן די גרויסע, ליידיקע פּלעצער, וואָס נפתלי קויפמאַן האָט געהאַט געקויפט ביים לעבן און זענען געשטיגן כסדר, אויך איצט אָנגעהויבן צו פאַלן.

עס איז געווען אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה. בראַזיליע האָט נישט געהאַט אויסצוזעצן גאָרנישט קעגן די דייטשן, וועלכע האָבן אין די מדבריות פון ריאָ גראַנדע און סאַנטאַ קאַטאַרינאַ פאַרוואַנדלט די ערד אין גן־עדנס, שאַפנדיק מוסטער־קאָלאָניעס פון אַגריקולטור און געבויט אַן אינדוסטריע אין סאַן־פּאַולאָ. נאָר אויפן ווונק פון די „עליאַדעס״

האָט זיך דאָס לאַנד אַריינגעפּלאָנטערט אין קריג מיט דייטשלאַנד און איר פֿאַרבינדעטן — עסטרייך. עס איז צונויפֿגעשטעלט געוואָרן אַ רעגולערע אַרמיי, אַרויס צו די ברעגן און אין די אָפֿענע וואַסערן, אָנעקסירט עטלעכע הונדערט דייטשע שיפֿן, וואָס, אַגב, די דייטשע אינזשעניערן איידער זיי האָבן איבערגעגעבן דעם זאַק־רויב, האָבן זיי צוערשט די שיפֿן צעשרויפֿט און רויִנירט...

די אַלגעמיינע מלחמה־שטימונג איז געווען אַן אויפֿגעבלאָזענע. דער פּאַטריאָטישער גייסט האָט געזונגען איבער די גאַסן, אָבער די אינדוסטריע איז געליימט געוואָרן, די דייטשע אינזשעניערן און פֿאַבריק־ספּעציאַליסטן זענען באַזייטיקט געוואָרן, דער פּרייז אויף לעבנס־מיטל איז געשטיגן און דער ווערט פֿון באָדן איז געפֿאַלן.

די ירושה פֿון נפֿתלי קויפֿמאַן, די גרויסע שטחים לאַנד, איז געפֿאַלן מיט אַזאַ קראַך, ווי אַן אָפּגעריסענער שטיין פֿון אַ הויכן שפּיציקן פֿעלדז. זשאָזען אָבער האָט עס נישט געאַרט. ער האָט ריכטיק נישט באַגריפֿן די לאַגע. צו־לייכט, צו־גרינג איז אים אָנגעקומען אָט דאָס אַריינקריכן אין דער נייער הויט, אין דער אָנגענעמער ראָל פֿון זיין אַ רייך מענטשל, און אַזאַ לייכט, לופֿטיק לאַנד ווי בראַזיליע האָט אים געהאַלטן באַרוישט.

שפּעטער איז ער יאָ באַזאָרגט געוואָרן און דאָס האָט טאַקע געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף זיין לעבן. עס איז גראָד אויסגעקומען די צייט, וואָס מיט געלט און אונטערנעמונגס־גייסט האָט מען געקענט שאַרן מיליאָנען, ווען אין דער וועלט האָבן די מלחמה־פֿלאַמען אַלץ מער און מער פֿאַרשלונגען די לענדער און דאָ איז יעדע קלייניקייט געשטיגן אין פּרייז, נאָר נישט ערד און הייזער. די שפּעקולאַציע אויף אַרטיקלען, וואָס זענען געווען נייטיק פֿאַרן אייגענעם געברויך אין לאַנד, איז געווען אין־לשער. מען האָט אָנגעהויבן אויסאַרבעטן די אייגענע רוישטאָפֿן און יעדע אונטערנעמונג איז באַגלייט געוואָרן מיט גאָלדענע קרוינען פֿון גליק און עשירות. דעמאָלט, ווען צו דעם יונגן זשאָזע קויפֿמאַן אַלס אַ גביר (ער איז נאָך אַלץ געווען שטאַרק רייך און מען האָט אַפֿילו איבערגעשאַצט אויך) איז מען געקומען, אַז ער זאָל פֿינאַנסירן געוויסע אונטערנעמונגען, איז שוין זיין גייסט, זיין מוט, זיין לעבנסמונטערקייט געווען געבראָכן.

ער איז קראַנק געווען. ערנסט קראַנק געווען אויף יענער „נאַציאָ־נאַלער" קרענק, וואָס וואַרפט אַריין דאָס לאַנד אין די אָרעמס פון געבראָכענע ווילנס, אויסגעלאָשענער ענערגיע און צעקריפּלונג.

*

אייגנטלעך איז דער יונגער קויפמאַן שוין פון לאַנג קראַנק געווען אויף דער חולאת. נאָך פון די צייטן, ווען ער האָט זיך געפּלאָנטערט צווישן די געסלעך פון מולאַטישן אָפּפאַל און האַלבע־וועלט־דאַמען פון די קאַסינאָס. ער האָט אַליין נישט געוווּסט און נישט געדענקט פונוואַנען און דורך וועמען. צום ערשטן האָט ער געפילט, ווי זיין גוף ווערט אים עפּעס אויסערגעוויינלעך שווער און די טריט נאָכשלעפּנדיק. די צונג איז אים געוואָרן ווייס און דאָס שפּייעכץ ווי געדיכטע לייכעץ. אַז ער האָט געשפּיגן, האָט עס בשום־אופן נישט געוואָלט אַראָפּגליטשן זיך פון די ליפּן.

האָט ער זיך אָנגעהויבן צו מיאוסן פון זיך אַליין, בפרט אַז ער האָט געזען אין שפּיגל ווי זיין פּנים ווערט אַזוי געל, ווי אָנגעשמירט מיט לימענע־זאַפט. ענדלעך האָט ער זיך פאַרטרויט פאַר אַ קאָלעגע און באַלד האָט מען עס געוווּסט אין קליינעם קרייז צווישן זיינע באַקאַנטע.

די קאָלעגן האָבן די זאַך אויפגענומען מיט אַ געוויינלעכן שמייכל, זיך מיט אים גוט־ברודעריש צעקלאַפּט אין די פּלייצעס און איינער האָט אַפילו אין דער קאַפּע הויך אויסגעפּייערט:

— איצט, זשאָזע, ביסטו אינגאַנצן אַן אונדזעריקער! שעמען זאָל זיך שעמען דער יונגערמאַן, וואָס איז נישט כאָטש דריי מאָל קראַנק געווען אויף דער מחלה פון דער יוגנט. הוראַ, מיר זענען שטאָלץ מיט דיר!

און כדי אים צו פאַרגרינגערן, האָט אים יעדער איינער דערציילט אַ געשיכטע פון אייגענער „דערפאַרונג". איינער האָט זיך אַפילו באַרימט, אַז צומאָרגנס נאָך דעם, ווי ער האָט זיך דערוווּסט, אַז ער איז קראַנק געוואָרן, איז ער אַוועק צו „יענער פרוי" און איר אַזאַ כראַקע געטאָן אין פּנים אַריין, אַז שפּעטער האָט אויף דעם אָרט גענומען פוילן די הויט אירע!

זשאָזע האָט אויפגעשוידערט פון די אומצייליקע „געשיכטעס״, וואָס די חברה האָט אים אָנדערציילט, און פאַר זיינע אויגן איז שוין געשטאַנען אַ שפּיגל, ווי ער גייט אַרום פאַרבונדן די נאָז, ווי עס פאַלן אויס שטיקער פליייש פון זיין גוף, ווי די האַנט ווערט קלעפּעדיק און די פיס — שלאַבעריק.

פונדעסטוועגן האָבן אים די קאָלעגן געפירט אין די שטאָטישע שפּיטאָלן, ווו ער האָט באמת געזען, אַז ער איז נישט אַליין, אַז הונדערטער, הונדערטער יונגעלייט, דאַרע מיט איינגעצערטע פלאַמען אין די שוואַרצע אויגן זיצן אויף ווייסע קאָכלענע בענק, לייענען צייטונגען רויק, געלאַסן און וואַרטן אויף זייער ריי אויפגענומען צו ווערן פון די דאָקטוירים.

שפּעטער, אַז ער אַליין האָט זיך געפונען אין דעם צימער, האָט ער אוודאי געזען, אַז ער איז נישט אַליין מיט דער „מתנה״, אַז דאָס איז אַ געוויינלעכע דערשיינונג אין דעם לאַנד, אַז אויף די טישן ליגן אויסגעצויגן צו צוויי און צו דריי מיטאַמאָל, אַז די זעלביקע רפואה, וואָס מען גיט איינעם, איז אויך גילטיק פאַרן אַנדערן, פאַרן דריטן און בכלל האָט ער געזען, ווי מען מאַכט קיין שום טראַגעדיע נישט דערפון — ווי אין דער צייט פון אַ מגיפה...

פילנדיק זיך אַ ביסל בעסער — די צייט האָט אַ ביסל אָפּגעווישט דעם רושם, וואָס דער פאַל האָט אויף אים לכתחילה געמאַכט — האָט זשאָזע שוין אָנגעהויבן פרייער צו טראַכטן פון דער וועלט און אירע שיינקייטן. די ערשטע עטלעכע וואָכן האָט ער זיך אָפּגעהיטן פון „אַ לעב טאָן״, ער איז געוואָרן אַ בעל־תשובה, ער וועט מער נישט גיין אויף הייסע קוילן, וויבאַלד ער האָט זיך אַזוי אָפּגעבריט...

אָבער ער איז צוגעוווינט געוואָרן און פאַרגעסן און אויך אָנגעהויבן קומען זעלטענער, ווייניקער, ביז ער איז אינגאַנצן נישט געקומען זיך קורירן אין שפּיטאָל.

נאָכן פאָטערס טויט, ווען ער האָט זיך מיט אימפּעט אַ וואָרף געטאָן אַריין אינעם לעבן, איז די קראַנקייט געקומען צוריק צו שווימען, זיך

אַריינגעגאָסן אין זיינע בלוטן, ווי פאַרסמט בליי און האָט אונטערגע־בראָכן זיינע קניען.

און אַזוי ווי ער האָט געהאַט געגוג געלט זיך קעגנצושטעלן, האָבן אים די קאָלעגן רעקאָמענדירט צו די גרעסטע ספּעציאַליסטן, וואָס זייערע נעמען זענען געווען אַנזעעוודיק אויף די שילדן פון אַלע עפּנטלעכע פּלעצער, און זשאָזע קויפמאַן האָט געהאַט אַ נייע עובדא — זיך קורירן.

גאָר גיך האָט זשאָזע איינגעזען דעם טעות דערפון, ער האָט זיך איבערצייגט, אַז וואָס מער ער באַהאַנדלט זיך, אַלץ מער צעגליט זיך די קרענק אין זיינע גלידער, אַלץ מער לעשט זיך אָפּ די פאַרב פון זיין פּנים, אַלץ מער ווערן מאַטער זיינע אויגן־אַפּלען און אַלץ מער ווערט זיין אָטעם אָפּגעהאַקטער און פייכטער.

ער האָט זיך דערוווּסט, אַז די דאָקטוירים „ספּעציאַליסטן” האַלטן אים אין די הענט, ווי אין אַ פאַסטקע, מיט „מיטלען”. זיי האָבן אַריינגעשאָסן אין זיינע בלוטן אַ מין קוועקזילבער, וואָס זאָל די קראַנק־הייט צעיאָגן איבער אַלע אברים, אַז ער זאָל זיך שוין קיינמאָל נישט באַפרייען, ער זאָל ווי אַ געשמידטער ביי זייערע שוועלן ליגן און זיי זאָלן אייביק, אייביק צאַפּן פון אים געלט און געלט! — האָט ער זיי אינגאַנצן אַוועקגעוואָרפן.

## קאַפּיטל ניין

זשאָזע האָט זיך אַליין נישט געגלויבט, אַז דאָס זעט ער זיין מאַמען, אַז די גרינע, צעצויטנטע יידענע שטייט פאַר זיינע אויגן, אַזוי יונג, אַזוי פריש און גרויסאַרטיק.

דורך דער צייט, וואָס זשאָזע איז נישט געווען אין דער היים, איז אַ גאַנץ איבערקערעניש פאָרגעקומען דאָ אין קאָנדאָס פּאַלאַץ.

עס האָבן געאַרבעט גערטנער, וועלכע האָבן אויסגעוואָרצלט דאָס ווילדע גראָז, אַרומגעשניטן די ביימלעך, איבערגעזעצט די פּאַלמען, פאַרפלאַנצט בלומען־בייטן און טיף אין די טאָלן, ווו די בערגלעך האָבן זיך אָנגעבויגן און אַראָפּגעלאַכט מיט סאַמעטענער גרינקייט, זענען געווען

צוגעשלאָגן בענק אונטער דיביימער און אַלטאַנקעס געמאַכטע פון ווייַנטרויבן־צווייגן.

דער פּאַלאַץ גופא האָט ממש אַריינגעלויכטן זשאָזען אין די אויגן אַריין. אמת, קיין נייע, קיין רייכע מעבל האָט ער נישט געזען, דערצו האָט נאָך געפעלט געשמאַק ביי דער מוטער, עס איז אַפילו נישט געווען איינגעאָרדנט ווי ביי זיין פריינדס עלטערן, וועלכע זענען נישט מער ווי אָנגעשטעלטע אין אַ פאַבריק פון זיידנצייג, וואָס אַלץ נעמען זיי ביים פעדלער אויף אויסצוצאָלן. דערפאַר אָבער איז דאָ געווען אַ רחבות ווי ביי די נגידים אין דער היים, אַזויפיל צימערן זענען געשטאַנען ליידיק און געוואַרט אויף אָטעם פון מענטשן, ווי עס האָבן געוואַרט די ווענט, מען זאָל זיי פאַרדעקן, באַשטעלן מיט מעבל־שטיקער.

די פרוי קויפמאַן האָט שוין אַ לאַנגע צייט נישט געהאַט געזען איר זון. זי האָט זיך אַפילו נישט געריכט אים אַזוי גיך צו זען אויך. זי האָט זיך געטראַכט: אַ נגידיש קינד, זאָל ער אַ ביסל אַרומהוליען, ווינציק האָט ער זיך דאָס אָנגעליטן ביים טאַטן זייַנעם?

איבעריקנס, זי איז אַליין געווען פאַרנומען מיט זיך. מיט ברענגען דאָס הויז צו אַ מדרגה, מיט דעם, וואָס זי האָט יעדן טאָג געדאַרפט פאָרן צום דענטיסט און זיך אַריינשטעלן אַ מויל ציין. זי איז אויך געווען ביי דער שניידערין אויף רואַ זשאָזע פאַולינאַ און זיך געמאָסטן...

מען האָט אַפילו אין דער „קאָלאָניע" גערעדט, אַז עס וועט גאָרנישט לאַנג נעמען, און זי וועט אוודאי חתונה האָבן. מען האָט שוין אָנגעהויבן איבערצורעכענען, ווער עס איז דערצו ראוי, — אַ קלייניקייט, מען פאַלט אַריין אין אַזאַ פאַרמעגן? נאָר דאָ צווישן די יידן איז נישט געווען, נישט קיין אַלמן און נישט קיין גרוש און אַז זי זאָל נעמען אַ בחור, — האָט זיך נישט געגלויבט. צווייטנס, וואָס וועט יאָסעלע זאָגן?

דער קרוב איז יעדן טאָג געקומען אויף „באַזוך" צו זיין רייכער קרובה. ער האָט זיך געקליבן עפּעס צו האָבן פון איר אַ טובה, נאָר דאָס קלייבן זיך האָט זייער לאַנג געדויערט. עס האָט אים תמיד אויסגעפעלט מוט דערצו, מען זאָל נישט זאָגן, אַז ער האָט עפּעס כוונות

דערמיט, וואָס ער איז געוואָרן אַן עצה־געבער און אַן אָנפּאַרטרויטער מענטש ביי דער פרוי קויפמאַן.

האָט ער עס יעדעס מאָל אָפּגעלייגט אויף אַן אַנדער טאָג, און פון אַנדערן אויפן דריטן, ביז די צייט איז דורך און ער האָט עס ווידער אָפּגעלייגט.

דער קרוב האָט איינמאָל איר דערציילט, וואָס מען רעדט אויף באָם רעטיראָ, מכוח דעם, וואָס עס וואָלט גלייך געווען, אַז זי זאָל אַ שידוך טאָן, אַז עס איז נישט קיין לעבן אַזוי; בפרט, אַז עס פעלט נישט פון שענסטן און בעסטן.

פרוי קויפמאַנס פנים איז רויט געוואָרן ווי צוריק מיט צוואַנציק יאָר, און אויף די שאַרפע ליפּן איז געווען גרייט אַן ענטפער:

— וואָס זאָל איך זיך איילן? זאָל מיר צום ערשט גאָט העלפן מיט זשאָזען!

האָט דער קרוב זיך מיישב געווען, אַז ער וועט שוין וואַרטן מיט דער „טובה" ביז איינער פון די ביידע וועט אַ שידוך טאָן, און אַזוי ווי נישט קיין אַנדערער ווי ער וועט דאָס קענען דורכפירן, האָט ער באַשלאָסן געדולדיק צו זיין.

✶

די פרוי קויפמאַן האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט איר זון; זי האָט זיך גאָרנישט געריכט, אַז ער וועט זיך אַזוי גיך באַווייזן. אין איר פרייד האָט זי אַפילו נישט באַמערקט, ווי אַ טיפע זאָרג איז איינגעקריצט אין די פלאַכע פאַלדן פון זיין שטערן, און אַז דער שמייכל אַרום די ליפּן האָט זיך גענומען שטעלן אין דער קרים, אַז דער קאָפּ איז אַראָפּגעבויגן און אונטערן אויפגעשטעלטן קאָלנער פון מאַנטל האָט די פּלייצע זיך קאַפּויר געשטאַרט ווי אַ קליינער הויקער; און אַז ער האָט געשטעלט טריט מיט ברייט־צענומענע פיס...

זי איז געווען מער פאַרנומען מיט זיך, ווי מיטן זון, זי האָט געוואָלט, אַז ער זאָל מיט איין אויגנבליק באַמערקן איר גאַנצן פלייס, איר אויפטו. זי האָט געוואָלט, אַז ער זאָל מסכים זיין, אַז זי איז פעיִק צו זיין גלייך

מיט אים, דעם יורש פון גרויסן פאַרמעגן. זי האָט זיך אַפילו באַקלאָגט אויף די שווערע אויפגאַבן, וואָס זי האָט, פונקט ווי זי וואָלט געווען אַ שותף, וואָס האָט אַריינגעלייגט אַנשטאָט געלט אין שותפות — אַ סך מי, ענערגיע און אַרבעט.

זשאָזע האָט פאַרנומען כמעט אַ גאַנצן דעפּאַרטאַמענט אויף דער „סובראָדע" — דעם ערשטן שטאָק פון זייער פּאַלאַץ. זיין שלאָפצימער האָט געהאַט די מעלה, וואָס עס איז דאָרט געווען אַ באַזונדער אַריינגאַנג צו אַ באָד־צימער. עס איז אַפילו אַ ביסל קאַרגלעך אויסגעמעבלירט געוואָרן, אָבער דאָס איז נישט געטאָן געוואָרן פון קמצנות, נאָר ווער ווייסט ליגט עס אין זינען ?...

די ערשטע צייט האָט זשאָזע געפילט, ווי די מנוחה הייבט זיך אַרויף טיף פון די גרינע טאָלן, דרינגט אַריין דורך די האַלב־קיילעכדיקע פענצטער און העגנט זיך אויס אויף די ווענט. ער האָט גרויס הנאה געהאַט פון אָט דער שטילקייט און האָט אָנגעהויבן פאַרשטיין, פאַרוואָס מענטשן האָבן אַזוי ליב רו און דאָרשטן צו איינזאַמקייט.

שוין יאָרן, ווי ער האָט רעכט קיין ביכל נישט געהאַלטן אין דער האַנט — אַז זיין גאַנץ לייענען איז באַשטאַנען אין די צייטונגען, דערצו נאָך די פלאַכע, אויבנאויפיקע אַרטיקלען, וואָס האָבן געשמעקט מיט גאַס און סענסאַציע. דאָ אין אָפּגעזונדערטקייט האָט ער אויך גענומען אַריינקוקן אין אַ בוך. אמת, ער האָט נישט געלייענט מיט קאָפּ, וואָרעם ווי נאָר ער האָט אַריינגעקוקט אין די געדיכטע, שוואַרצע שורהלעך, אַזוי זענען אַרויסגעשווומען פון די אותיות קאַפּיטלעך פון זיין אייגן קורצן לעבן. דאָס איז געווען אפשר דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער האָט זיך אַריינגעטראַכט אין זיין אייגענעם איך, אַז אייגנטלעך מיט זיינע מיטלען און מעגלעכקייטן וואָלט ער באַדאַרפט זיין באַרעכנטער און קליגער און נישט האַנדלען בלויז לויט דעם אויפבליץ פון מאָמענט; אַזאַ האַנדלונג פירט צו דער רוין נישט נאָר פון זיין פאַרמעגן, נאָר פון זיין נשמה, און אַז זיין גוף צעפאַלט ווי אַן איבערגעברענטע וואַנט — דאָס ווייסט ער און דאָס פילט ער.

ער ווייסט, אַז ער וואָלט געדאַרפט האָבן עפּעס אַ מין אייבערמאַכט

איבער זיך, דאָס, וואָס ער איז געוואַקסן ווילד, אָן אייגנטלעכער השגחה, האָט געפירט צו דעם, אַז ער האָט נישט געהאַט קיינמאָל צוליב וואָס און צוליב וועמען צו זיין אַמביציעז אין לעבן, און נישט האָבנדיק קיין אַנלען פאַר זיין נשמה, איז זיין וועג געוואָרן גליטשיק און פון אַ גליטשיקן וועג איז לייכט צו זינקען אין תהום.

דער איינציקער אַנלען קען אים איצט זיין נאָר אַ פרוי. אַ פרוי, וואָס זאָל קומען צו אים מיט אַ גלי, וואָס זאָל נישט בלויז צינדן, נאָר זאָל אויך אַנוואַרעמען אַלע ווענט פון זיין ענג לעבן. און אַז די ווענט זאָלן זיך אַרויסרוקן, זיך אויסברייטערן; אַ פרוי, וואָס זאָל אויפלייכטן אין אים די איינגעדרעמלטע ווינקעלעך, זי זאָל אים אָנגיסן מיט ענערגיע, מיט קראַפט, זי זאָל זיין זיין טרייב־כוח, זי זאָל אין אים אויפוועקן דעם חשק צו לעבן, אים ווייזן אַ זין, אַ דרך.

ער האָט אָבער זיך אַליין פאַרשעמט פאַר די דאָזיקע געפילן; ווי קען ער גאָר טראַכטן וועגן אַזאַ אוממעגלעכקייט, אַז ער איז אין אַזאַ צושטאַנד, ווי אַ באַגראָבענער אונטער די אייגענע חורבות?

פונדעסטוועגן האָט די אומבאַקאַנטע בענקשאַפט אים נישט אָפּגעלאָזט. צום ערשט האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער חלומט נאָך מער, אַז ער אַליין רופט אַרויס דעם חלום אין זיך און וויקלט זיך אין אים אַזוי לאַנג, ווי לאַנג ער וויל. דערנאָך האָט ער זיך דערטראַכט: אַז וויבאַלד דער דאָזיקער ווייטער חלום קומט שוין צו אים אַליין און עס פאַרשאַפט אים הנאה, מן הסתם איז נאָך דער כוח נישט אָפּגעטעמפּט, אַז די בלוטן רייסן זיך נאָך מיט קראַפט, אַז זיין גוף איז נאָך אומשטאַנד צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד די מחבלים פון דער בייזער קרענק, און אַז זיין נשמה קען זיך נאָך אָנצינדן מיט באַגייסטערונג. אין זיין האַרץ צעגיסן זיך שוין אָט די געפילן פון ליבע און גליק צו דער פרוי, וועלכע שווימט נאָך דערווייל אַרום אין נעפּל פון זיינע חדרים אין טויזנטער, טויזנטער געשטאַלטן.

אָן אַ פּלאַן, נישט מיט קיינעם זיך מישב געווען, האָט ער אַליין גענומען אויפפּאַסן אויף זיך זעלבסט. האָט זיך אָנגעהויבן ווינציקער צו קורירן ביי די דאָקטוירים און גענומען פלייסיק שטודירן די מעדיצינישע ביכער, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיט דער דאָזיקער קרענק. אָבער די

ביכער האָט ער שנעל אָוועקגעוואָרפן. עס האָט אים אָנגעהויבן צו איבלען פון די פאַרשידענע טערמינען און פיגורן־אילוסטראַציעס. ער האָט מורא געהאַט, אַז ער זאָל זיך אַליין נישט אָנהייבן פאַרמיאוסט צו ווערן, און דאָס וואָלט זיכער נישט גוט געווען פאַר אים. עס וואָלט אָפּגעטויט זיין גרויסן ווילן זיך אַרויסצורייסן פון די נעגל פון פאַרלענדונג. האָט ער אָנשטאָט ביכער זיך אַליין צונויפגעשטעלט פאַרשידענע מעדיקאַמענטן און האָט געגלויבט, אַז עס מוז אים בעסער ווערן.

אין דער אייגענער צייט האָט ער אויך באַנייט זיין טעטיקייט אויף דער סאַנטאָסער בערזע און סאַן־פּאַולער געלט־מאַרק. זיין נטיה צו קויפן דווקא אויסלענדישע געלטער, האָט אים גראָד געגליקט.

אַחוץ קליינע פאַרדינסטלעך, איז דאָס געווען די איינציקע גרויסע אונטערנעמונג, וואָס עס האָט זיך דעם יונגן קויפמאַן איינגעגעבן און ער האָט זיך געפילט געשטאַרקט און געמוטיקט.

ער האָט זיך אָנגעהויבן צו דערנענטערן צו די יידן פון באָם רעטיראָ, געגעבן גרעסערע סומעס געלט פאַר די „סאָסידאַדעס”, וואָס זענען דאָרט געגרינדעט געוואָרן. ווען עס האָט אויסגעבראָכן אַ גרויסע טיפוס־עפּידעמיע באַגלייט מיט געלן פיבער, איז ער געווען צווישן די גרויסע מנדבים. די מוטער זיינע האָט ער אַפילו באַוויגן, זי זאָל עפּעס טאָן פאַר די קראַנקע אויף באָם רעטיראָ, און ווען די גרויסע שול איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ הקדש, אַז די קעלערס, די גאַלעריעס, דער הויפּט־זאַל איז געוואָרן אַ שפּיטאָל, איז פרוי קויפמאַן געווען איינע צווישן די „דאַמען”, וואָס האָבן אויפגעפּאַסט און אַכטונג געגעבן אויף די קראַנקע.

ער פלעגט קומען אין די עטלעכע יידישע מעבל־געשעפטן און קאָנפעקציע־שניידערייען, אָבער קיין איינע פון די יידישע מיידלעך איז נישט געווען ענלעך צו די זעונגען, וואָס ער האָט געזען דורך די ברילן פון פאַנטאַזיע צווישן די ווענט ביי זיך אין דער היים.

דאָס זענען געווען קורצע און דיקלעכע בעסאַראַבער מיידלעך, מיט רויע פּנימער און געזונטע, נאַטירלעכע פאַרבן אין די באַקן און זענען שוין סיי־ווי געווען פאַרקנסט צו בחורים פון סאַן־פּאַולאָ גופא און פון אַנדערע שטעט.

האָט זיך דערוויִיל דער חותם פון אַלט־בחורישקייט אַריינגערוקט צו זשאָזען אין די ווינקלען פון די שליפן, און די מחלה, וואָס ער אַליין האָט טיף פאַררוקט אין זיך, האָט פונדעסטוועגן געטאָן אירס.

איינמאָל, ווען זשאָזע איז נישט געווען אין דער היים, האָט די מאַמע זיינע אין זיין באָד־צימער געטראָפן אַן אָפן שאַפּקעלע און איבעוויייניק פאַרשידענע דאָקטאָרישע מכשירים, רערלעך, גומענע קישקעלעך, גלעז־לעך, ליקעס, שפּריצערס, פּילן, פּראָשקעס, און אַנדערע סמען.

איר האַרץ האָט אָנגעהויבן צו קלאַפּן. עס איז איר געוואָרן קאַלט און הייס, און די שפּיציקע גאָמבע איז געוואָרן פייכט פון אַרויסגעזעצטן שווייס. נאָך דעם אייגענעם אָוונט האָט זי געהאַט אַ שמועס מיט איר קרוב ביי אים אין הויז.

פאַר דעם קרוב איז דאָס אָבער קיין נייעס נישט געווען. גאַנץ באָם רעטיראָ האָט געוווּסט דערפון, און אַז מיט דעם „יינגל" האַלט שמאָל.

די קניען האָבן זיך איר אונטערגעבראָכן, זי האָט געשלונגען פריש וואַסער פון אַן ערדענער קרוג, געריבן מיט גרינע, נישט־צייטיקע לימענעס אירע בלוילעכע ליפּן און זיך אַלץ געהייסן אַן עצה געבן.

אין דעם זעלבן אָוונט האָט זשאָזע קויפמאַן געהאַט אַ וויכטיקן צוזאַמענקונפט אין גרויסן עס־זאַל פון האָטעל פּלאַזאַ. האָט זיך דאָרט געטראָפן מיט צוויי יידישע „וויאַזשאַנטן" פון אַ גרויסער פראַנצויזישער פירמע אין ריאָ־דע־זשאַניירא.

עס האָט זיך געהאַנדלט אין דעם, וואָס די סיניאָראַ קאַסטאָראָ פון ריאָ נעגראָ האָט זיי אַמאָל האַלב אין שפּאַס און טיף ערנסט געזאָגט:

— אפשר ווייסן זיי עפּעס פון אַ לייטישן יונגנמאַן, זי וויל אַ שידוך טאָן מיט איר טאָכטער.

האָבן די צוויי „וויאַזשאַנטן" אויסגעזוכט אין דער מחשבה, ווו נאָר עס איז פאַראַן אַ יידישער יונגערמאַן, וואָס זאָל ווערט זיין צו האָבן די סיניאָרינאַ קאַסטאָראָ פאַר אַ כלה. נאָר אַזוי ווי אַלע באַקאַנטע זענען „קליענטעלטשיקעס" און וועלן נישט קענען נאָכקומען דער מאַדאַם קאַסטאָ־ראָס פאָדערונגען, האָבן זיי זיך שוין געהאַט מייאש געווען פון גאַנצן עסק. נאָר „גליקלעכערווייז" האָבן זיי זיך דערמאָנט אין סעניאָר קויפמאַן.

האָבן זיי איבערגערעדט מיט דער מאַדאַם קאַסטאַראַ און זי האָט זיי געהייסן די זאַך צונויפברעגנגען, נאָר קיינער זאָל נישט וויסן... דאָס הייסט, אַז זי, סיניאָראַ קאַסטאַראַ, זאָל „נישט וויסן", אַז די פאַמיליע קויפמאַן וועט קומען זען די כלה. עס זאָל הייסן, מכלומרשט, אַז מען קומט וועגן געשעפטס־ענינים.

זיי האָבן אויך מיטגעבראַכט אַנדזשעלינעס פאָטאָגראַפיע, ווי זי איז פאָטאָגראַפירט מיט אַן אָפּגעדעקטן נאַקן, אַרומגענומען ביי דער ברוסט מיט אַ דינעם דורכזיכטיקן שאַל.

זשאָזע איז געזעסן ביים טיש, די מאכלים זענען געשטאַנען און קאַלט געוואָרן. פון אונטער די געזימסן האָבן אַרויסגעשלאָגן שטראָמען טונקל ליכט. די ווייסקייט פון די וועגט האָבן זיך געשאָטנט פון די אָן אַ שיעור ליכט־לעמפּלעך, וואָס האָבן געברענט אונטער פאַרביקע אַבאַזשורן. פון אַ גאַלעריע, וואָס איז געווען, ווי אַרויסגערוקט פון דער וואַנט, האָבן זיך געגאָסן מעלאָדיעס פון אָפּערעס און טאַנגאָס. דער אָרקעסטער איז באַשטאַנען פון פייערלעך־געקליידטע קאַוואַלערן, צווישן זיי — אַ דאַמע אין אַ העל־בלוי קלייד, האָט געשפּילט אויף אַ פידל.

זשאָזע האָט בלויז איין קוק געטאָן אויף דער מיידל, וואָס רייסט זיך דווקא אַרויס מיט איר דינעם טאָן אויף דער וויאָלין פון דעם גאַנצן אָרקעסטער, ווי זי שווימט איבער די כוואַליעס פון די קלאַנגען, און עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז דאָס רייסט זי זיך צו אים, אַז זי שטרעקט איר ניגון צו זיינע אויערן.

נאָר נישט די, וואָס זיצט מיט דער קאַפּעלע אויף דעם באַגילדטן באַלקאָן איז עס, עס איז אַן אַנדערע, אָט די פון דער פאָטאָגראַפיע מיט די ליכטיקע ווייסלען אין די אויגן, מיט די אויפגעהויבענע אַקסלען פאַר־רונדיקט צו די אָרעמס אַראָפּ, און מיט דעם לענגלעכן חן־גריבעלע אויף דער רעכטער באַק, וואָס עס האַלט דאָרט אויף אַזאַ צויבערדיק שמייכעלע.

דעם אָוונט האָט נאָך זשאָזע מיט זיי פאַרבראַכט אין אַ קאַבאַרעט, אַפילו געהאַט ביי זייער טיש דריי דאַמען. זשאָזע איז נישט אָפּגעשטאַנען פון זיינע נייע פריינד, געטרונקען שאַמפּאַן, כאָטש ער האָט נישט געטאָרט

נוצן קיין שאַרפע זאַכן, אַ סך געטאַנצט מיט פרויען, און בכלל זיך גוט געפילט.

פאַרנדיק אַהיים, האָבן זיך ראָזע שטרייפן געפלאַכטן איבערן הימל, דער יונגער טאָג האָט זיך אַרויסגעשיילט פון אַ בלוילעך איי־שאָל. די לופט איז געווען לויטער און טרוקן. זשאָזע האָט געזופּט לופט מיטן מויל, מיט דער נאָז און אַפילו מיט די אויערן. דער זיסלעכער ווײַן האָט גענומען אין אים זויער ווערן און דאָס קלעפּיקע שפּייעכץ האָט זיך ווידער באַהאַפטן צו זײַן צונג און נישט געוואָלט זיך אָראָפּגליטשן פון זײַנע ליפּן.

דאָך האָט ער מער געטראַכט וועגן דעם מיידל פון ריאָ נעגראַ, איידער פון דער סכנה, וואָס האָט געלויערט אויף אים. ער האָט געהייסן דעם שאָפער עטלעכע מאָל דורכפאָרן איבער אַוועניִדע פּאַוליסטאַ, איידער ער איז צוגעפאָרן צום אייזערנעם טויער מיט די בראָנזענע גאַלקעס פון זײַן פּאַלאַץ.

✶

אויף די שפּיץ־פינגער איז די מאַמע עטלעכע מאָל אַרײַנגעגאַנגען אין זײַן שלאָפצימער און געזען, ווי ער שלאָפט.

זי אַליין האָט שוין יענע נאַכט קיין אויג נישט צוגעמאַכט. מוראדיקע בילדער האָבן געטאַנצט פאַר אירע אויגן. זי האָט זיך פאַרגעשטעלט, ווי זי אַליין מיאוסט זיך צו געבן די האַנט איר אייגן קינד, אַז זי שרעקט זיך אײַנצוּאָטעמען זײַן אָטעם, אַז זי אַליין וועט מוזן פון אים ווייכן.

נאָר זעענדיק אים פאַרזונקען אין טיפן שלאָף, האָט זי זיך באַרויִקט און איז געגאַנגען צוגרייטן אַ יום־טובדיקן מיטאָג. פאַרוואָס עפּעס אַ יום־טובדיקן? האָט זי אַליין נישט געוווּסט.

ביים עסן האָט זשאָזע געזאָגט:

— מאַמע, דו וואָלסט געוואָלט איך זאָל אַ שידוך טאָן?

די מאַמע האָט נישט געענטפערט. זי האָט בכלל נישט באַנומען, וואָס ער האָט געזאָגט. איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער חוזקט פון זיך אַליין, האָט זי נאָך שאַרפער אויפגעריסן די אויגן, אַרײַנגעקוקט אים אין פּנים, ווי זי וואָלט געוואָלט דערגיין, וואָס ביי אים אין בלוט טוט זיך.

זשאַזע האָט נישט געוואָרט, וואָס זי וועט אים זאָגן; ער האָט איר געוויזן די פאָטאָגראַפיע און צוגעגעבן:

— אויב דאָס מיידל געפעלט דיר, וועט זיין אַ שידוך.

האָט די מאַמע ווידער נישט פאַרשטאַנען און געפרעגט:

— זי איז אַ יידישע?

— זיכער אַ יידישע! — און זשאַזע האָט איר דערציילט, ווער זי איז און פונוואַנען. אַלע פּרטים, וואָס די „וויאַזשאַנטן" האָבן אים איבערגעגעבן, האָט ער איבערגעחזרט.

די מאַמע האָט געקוקט אויף דער פאָטאָגראַפיע און אַ ליכטיקע פרייד האָט אריינגעשיינט אין איר האַרץ, אָבער בלויז איין זייטיקער בליק אויף איר זונס אויסזען, און דער אויפשיין האָט זיך געגומען לעשן.

זי האָט דערפילט, אַז קוים וועט איצט פינצטער ווערן אין איר געמיט, וועט זיין זייער שטאַרק, זייער טיף חושך, האָט זי באַשלאָסן אָנצווועגדן אַלץ אין דער וועלט, אַבי דאָס ליכט זאָל נישט אויסגיין. האָט זי פאַרגעסן אין אַלץ און זיך געוואָרפן דעם זון קושן און קושנדיק האָט זי געצויגן זיין אָטעם, געשלונגען זיין ריח, ווי זי וואָלט געוואָלט פון אים אַלדאָס בייז אויסזויגן.

אין אָוונט איז שוין דער קרוב און זיין ווייב געווען צו־גאַסט ביי דער פרוי קויפמאַן. די באַלעבאָסטע האָט די געסט אויפגענומען מיט אַ סך כיבוד און איז געווען צוגעלאָזן. זי האָט געקראָגן לשון און גערעדט, פאַר פייער און וואַסער, קיינעם נישט געלאָזט אויסרעדן אַ וואָרט און סיי דער קרוב און סיי די קרובה זענען ענדלעך געוווּיר געוואָרן, אַז זשאַזע האַלט ביי אַ שידוך טאָן און אַז זי פרעגט ביי זיי אַן עצה.

דער קרוב האָט נישט געקענט קיין עצה געבן, ווייל די גאַנצע צייט האָט ער געטראַכט, אַז אייגנטלעך איז זיין „טובה" שוין פאַרפאַלן, אַז וויבאַלד זי, די פרוי קויפמאַן, איז זיך אין אַזאַ וויכטיקן ענין באַגאַנגען אָן אים, ווי קען ער שוין בעטן ביי איר די געפעליקייט?

ביי זיך האָט פרוי קויפמאַן באַשלאָסן נישט אַראָפצופאַלן, צו שטיין

שטאָל און אייזן פאַר איר זון, נישט צו פאַרשלייערן אים וואָלוול, ווייזן, אַז זי איז אַ מאַמע און איר קינד איז נישט אַ ליאַדע ווער...

און זי האָט זיך גענומען גרייטן פאָרן „אַנקוקן״.

## קאַפּיטל צען

די מחותנים קאַסטאַראַ האָבן מיטגעבראַכט קיין ריאָ נעגראָ אַ שטיק וואָלקן פון סאַן־פּאַולער טריבע טעג.

ראַזינאַ האָט דעם גאַנצן צוריק־וועג פון דער חתונה נישט געוואָלט צוגעבן, אַז זי האָט די טאָכטער פאַרשלייערט אין אַן אומגליק. איר איז נישט אָנגעשטאַנען פאַרן מאַן, האָט זי, כאָטש דאָס האַרץ איז נישט געווען דערביי, געהאַלטן אין איין לויבן די קויפמאַנס עשירות און דעם חתנס גרויסאַרטיק באַנעמען זיך.

בערנאַרד כּץ אָבער האָט געטראָגן אין די רויטע געליאַמעוועטע אויגן דעם טרויער, וואָס האָט זיך געוויקלט איבער אַנדזשעלינעס קאָפּ, בעת זיי האָבן זי איבערגעלאָזט אין דער פרעמדער שטאָט, אין אַלטן פּאַלאַץ, אין אומהיימלעכן גאָרטן און אויף די הענט פון מאַדאַם קויפמאַן.

וועגן דעם איידעם זיינעם, זשאָזען, האָט בערנאַרדאָ מורא געהאַט צו טראַכטן; עפּעס אַזוי ווייט און פרעמד איז ער אים אויסגעקומען. אים האָט זיך געדאַכט, אַז אַ שטיק טויט דרייט זיך אַרום פאַר זיינע אויגן, און ווען ער איז געשטאַנען ביי דער חופּה, האָט דעם חתנס צילינדער געגלאַנצט אין זיינע אויגן אַריין ווי דער אָפּשיין פון אַ טויט־ליכט ערגעץ אין אַ שויב.

ס׳איז מאָדנע: ער איז געזעסן לעבן איידעם און אים נישט געזען, ער האָט קיין איין בליק נישט געטאָן אין זיין זייט אַריין; און ווען זשאָזע האָט געזאָגט דעם „הרי־את״, האָט זיך אים געדאַכט, אַז די שטים זאָגט זיך עפּעס אַרויס פון אַן ערדענער קרוג.

אָבער העלפן האָט ער זיך גאָרנישט געקאָנט. ער איז ביי ראַזינען אין די הענט, און כאָטש ער ווייסט, אַז אויך זי איז נישט אינגאַנצן מיט זיך שווה־בשווה, אַז אינגאַנצן צופרידן מיטן „זיווג״ איז זי אויך נישט, איז

זי אָבער אַן עקשן, זי שפּאַרט זיך אַליין איבער און כדי צו ווייזן, אַז איר וואָרט איז אַ וואָרט און איר מיין איז אַ מיין, פֿאַרבייסט זי מיט די ליפּן און נישט נאָר זי שווייגט, נאָר גיט נאָך צו, אַז זי האָט גוט געטאָן און אַז זי האָט געטראָפֿן מיטן שידוך, אַז דער יונגערמאַן איז פֿון אַן איידעלער משפּחה, און אַז ער האָט זי באַהאַנדלט ווי אַ „טוליע”, און וואָס דאַרף אַ פרוי מער, ווי צו זיין אַ מאַדאַם פון אַ שיין הויז, זיך באָדן אין אַלדאָס גוטס און דער מאַן זאָל איר דערלאַנגען אין בעט אַריין דאָס טעלערל פון הימל ?

די מאַדאַם קאַסטראָ האָט זיך אַליין פאַרשריען, זיך געוואָלט אַליין איבערצייגן אין דעם, וואָס זי האָט קוים געגלויבט, ווייל צומאָרגנס נאָך דער חופּה האָט זיך דער טאָכטערס פּנים געברויטלט און אין דער רויטקייט זענען שוואַרצע פלעקן אָנגעלאָפן.

די מאַמע איז שוין גוט אַ מבין אויף אַזעלכע זאַכן. אַז דאָס וויסטע לאַנד איז אַזוי, וואָס קען זי העלפן, און אַן אַנדערער איז דען בעסער ? אָבער אַז עס זאָל האַלטן אַזוי שלעכט, האָט זי זיך נישט פאַרגעשטעלט און נישט געוואָלט זיך פאָרשטעלן, געמאַכט זיך האַרץ, איינגערעדט זיך אַ שטאַרקייט פון כאַראַקטער און מיט דער איינרעדעניש פאַרפאָרן צו זייער טיר, צו דער קאַזאַ אַלעמאַן.

עס איז געווען אינדערפרי, סך־הכל עטלעכע טעג זינט איר אַוועקפאָרן, און זי האָט דאָס הויז נישט דערקענט. גלייך שדים וואָלטן עס איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס קאַפּויר.

אַלע טירלעך צו די שאַפּקעס זענען געווען איבערגעדרייט און אָפּגעריסן. די פאַרהענגלעך אָפּגעפליקט, די בעטן צעקנייטשט און צעחזרט און אויף די קלאָרע ליילעכער האָט זי דערקענט צייכנט פון איינגעבלאָ־טיקטע זוילן, אַ סימן, אַז מען איז דאָ געלעגן אין שטיוול און אין שיך. גלעזלעך זענען געשטאַנען אָנגעשטעלט, ווו נאָר עס איז געווען אַ שטיקל אָרט אויף אַ טיש, פלעשלעך פון וויין און שנאַפּס האָבן זיך געוואַלגערט, און די גרויסע גאָנשערס, וואָס ראָזינאַ האָט אין זיי אַליין איינגעשטעלט היימישע וויינער, זענען געווען כמעט אויסגעליידיקט.

ראָזינאַ האָט מיט איין בליק געטאָן אַ מעסט אָפּ די שטוב, און מיט

איר מעסטן האָט זי שוין אויך אַרומגענומען דעם מאַן, וועלכער איז געשטאַנען ווי אַ פאַרשולדיקטער, גלייך די זינד פון דער וועלט וואָלט אַרויסגעקומען פון אים. ער האָט געוואָלט זאָגן: נו, מילא, איז וואָס? האָט מען זיך אַ ביסל לוסטיק געמאַכט, עס איז דאָך סיי־ווי געווען אַ שמחה. אָבער ער האָט עס נישט געזאָגט. זי האָט געציטערט פון כעס און אויפרעגונג. זי האָט זיך דאָס ערשטע געכאַפּט: די קראָם! זי איז שוין בדיל־הדל! זי איז אַריין אין געשעפט, אַלץ האָט זי געטראָפן ווי געווען, בלויז די פענצטער־לאָדן פאַרהאַמערט, דורך די שפּאַלטן האָבן זיך געריסן דינע גאָלדענע שטעקעלעך און דער ריח פון פאַרלעגן פלייש איז געשטאַנען געדיכט און האָט געפרעסט דעם אָטעם.

ראָזינאַ האָט געוווסט, אַז קיין געלט האָט זי נישט איבערגעלאָזט, פונדעסטוועגן האָט זי, צוהאַלטנדיק זיך די נאָז, געלאָזט זיך צו די שופלאָדן און ביים שיין פון די דורכרייסנדיקע שטראַלן האָט זי געזוכט, גענישטערט און נערוועז געוואָרפן די פינגער צווישן די פאַפּירן.

אָן אַ וואָרט איז זי צוריקגעלאָפן אין ווינונג און דאָ האָט זי געטראָפן אַ פרעמדן פרויען־שאַל. זי האָט אים אויפגעהויבן, באַטראַכט. דער אויסגע־לאָשענער פאַרפום פונעם שאַל האָט זיך אַריינגעריסן אין אירע נאָזלעכער, האָט זי עס געגעבן אַ וואָרף אַוועק מיט אַ שפּיי דערויף, ווי טויזנט איבלען וואָלטן געלעגן אין איר האַלדז, און אויסדרייענדיק זיך פלינק צום שוחטל, האָט זי אַרויסגעפּייערט:

— זיין טריפה געביין זאָל זיך מער דאָ נישט געפינען!

✶

עס זענען אַוועק טעג און דאָניע איז ווי אין וואַסער אַריין. ראָזינאַ האָט נאָך געפּרוווט דערמאָנען זיין נאָמען מיט פאָרוווּרף, אַז עס איז אַן עבירה אויף די פרעמדע זיך מרחם צו זיין. זי האָט זיך איינגעשפּאַנט אין יאָך פון איר קראָם און אין דער אַרבעט האָט זי געוואָלט פאַרגעסן אין אַזוינס, וואָס האָט גראָד געגומען נאָגן איר אינגעווייד.

דעם שוחטל איז דווקא באַנג געווען, וואָס דער יונג איז נישטאָ. פאַר זיך אַליין האָט ער זיך פאַרענטפערט, אַז עס איז פאַראַן צופיל אַרבעט און

עס איז נישט פאַר זיינע כוחות דאָס אַליין דורכצופירן. אָבער אין דער אמתן האָט ער די ליידיקייט פון אַנדזשעלינעס פעלן אַרויפגעוואָרפן אויפן יונגס חשבון, און געמיינט, אַז די אומעטיקייט נעמט זיך דערפון, וואָס דער יונג איז נישטאָ.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט בערנאַרדאָ דערציילט זיין ווייב, אַז דער יונג געפינט זיך ערגעץ אין אַ „ראַנטשע", אַז עס איז אַ גאָטס רחמנות אויף אים, און אַז גאָט האָט אים שוין גענוג געשטראָפט, לכן וואָלט געווען אַ יושר, אַז ער זאָל צוגיין צו אים, אַ שפּאַן אַריבער די דריי הונדערט מעטער, און אים צוריקברענגען — זאָל ער זיך ווידער שטעלן אַרבעטן.

אַז ראַזינאַ האָט געשוויגן, האָט ער זיך משער געווען, אַז זי באַשטייט אויף דעם, וואָס ער שלאָגט פאָר, — איז ער אַוועק אויסזוכן דאַניען און אים צוריק אַרויפפירן אויפן גלייכן וועג...

ווען דאָס שוחטל איז צוגעקומען צו דער „ראַנטשע", האָט ער דערזען אַ ליים־שטיבל ביי אַ שמאָלן דורכגאַנג אין וואַלד. פון דערווייטנס האָט געערוישט אַ לויפנדיקער טייך און אַ וואַסער־פאַל.

דאָס שטיבל האָט געהערט צו פעדראָ אראזשא, אַ מאַן, אָדער אַ ברודער פון דעם מיידל אין „פראַנסעס", איבער וועלכער דאָס איז געשלעג איז פאָרגעקומען.

דאָס מיידל אַליין האָט געהייסן כואַנאַ און געזאָגט האָט זי, אַז זי קומט פון וואַלפּאַראַיסאָ, די טשילענישע שטאָט, וואָס טונקט זיך אין דורכזיכטיקע בלויע נעכט, ביים פּאַציפישן ים.

נאָר גלויבן גלויבט מען עס נישט, הגם עס איז קיין שום ספק נישט, אַז זי שטאַמט פון שפּאַניש בלוט; דאָס קען מען אויך דערקענען פון דעם, וואָס זי שיידט זיך נישט אָפּ פון דער רויטער רויז, וואָס וועלקט תמיד ביי איר אין די האָר, נישט ווייט פון רעכטן אויער. מען גלויבט גיכער, אַז זי איז אַן אַרגענטינערין און דווקא פון דער קאָרדאָבער פּראָווינץ — די פרומקייט און מורא פאַר גאָט טונקט זיך אין אירע אומענדלעך פינצטערע אויגן, אין איר רעדן איז זי פאַרהוילן און פאַרבאָרגן, ווי אין טיפע היילן.

עס איז אַ סברא, אַז זי איז אַן אורוגוואַיערין. דער אייגענער פּעדראָ, וואָס האָט אַליין געפּלאָנטערט מיט דער צונג, בעת מען האָט אים געפרעגט, וואָס כואַנאַ איז פאַר אים, אַ ווייב אָדער אַ שוועסטער, האָט זיך מודה געווען, אַז זי קומט פון „קאַפּיטאַל דעל אָריענטע" מאָנטעוווידעאָ.

אַ פאַקט איז, אַז זי שטאַמט פון די „גאַיעגאָס", זי רעדט זייער נישט קיין קאָרעקטן פּאָרטוגעזיש און דווקא אַ פּליסיקן שפּאַניש. די ווער־טער פליען פלינק אַפּיר פון אונטער דער צונג און דער ניגון זינגט זיך אַרויס פון צווישן די ציין. די געסט, די קאַוואַלערן אירע, טראַכטן נישט איינמאָל: ווען איר פּנים וואָלט אַזוי באַחנט געווען, ווי אירע ליפּן בשעת זי רעדט, וואָלט זי אַלע טעמים געהאַט.

צי כואַנאַ איז אַמאָל שוין געווען אין אַ „הויז", ווייסט מען נישט. זי אַליין פאַרזיכערט, אַז נישט. נאָר די געסט פון ריאָ־נעגראָ גלויבן עס קוים. נישט דערפאַר, וואָס כואַנאַ זעט שוין אויס אויסגעמאַטערט און אָפּגעצערט, נאָר פשוט, ווי קומט עס אַ מיידל אַהער, איידער זי זאָל זיך האָבן אַרומגעשלעפּט איבער אַנדערע גרויסע שטעט, אויב נישט אין ריאָ־דע־זשאַניירא — איז כאָטש סאַנטאָס.

אָבער כואַנאַ פאַרזיכערט, אַז נישט. און טאָמער וויל מען נישט גלויבן, ברענגט זי אַ ראיה פון איר ראַנטשאָ ביים דורכלויף־טייכל אין וואַלד. די ראַנטשאָ האַלט זי פאַר אַן עדות, וואָס באַשטעטיקט איר יחוס, אַז די ערשטע שטאָט פאַר איר זינדיק לעבן איז ריאָ־נעגראָ און אויב די איינ־וווינער נעמען זיך דערמיט נישט איבער, פאַרגעסט זי אָבער נישט דאָס צו דערמאָנען דער מאַדאַם אירער דאָנאַ עספּיראַנסאָ.

כואַנאַ האָט געוואָרפן איר בליק אויף דעם „רוסאָ" דאָניען נאָך אַ סך פריער, איידער ער האָט עס באַמערקט. זי האָט אים געבאָדן אין דער טיפער שוואַרצקייט פון אירע אויגן און מיט די אָפּגעשטאַנענע וויעס געגלעט זיין ווייס־ראָזעווע פּנים.

זי האָט אָנגעווענדט אַלע קונצן, ער זאָל זי באַמערקן, ווען נאָר ער פלעגט קומען צו זיי אין „הויז". זי האָט אים פאַראינטריגירט, אָבער נישט מיט דעם געוויינלעכן מיטל, ווי אַלע מיידלעך טוען עס ביים אויסנעמען זיך פאַר זייערע געסט. ער איז געווען עפּעס אַ שטיק ליכטיקייט פאַר איר.

זי איז אָפּטמאָל געזעסן אויף דער קני ביי אַ יונג און געחלומט פון אים, פון העלן רוסאַ. זי האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז זיי זיצןביידע אויף דער שוועל פון איר ראַנטשאַ און האַלטן די פיס אין שטראָמיקן טייכל און רויט־גאָלדענע פישעלעך קלאַפּן זיך אָן אין זייערע קנעכלעך. ער רעדט צו איר אויף זיין לשון, זי האַלט אָפן די אויגן, און דאָס מויל איז אויפֿגעפראַלט. ער פאַרהאַקט זיך אין די ווערטער און זי העלפט אים אַרויס מיט די הענט, זי שאַרעוועט מיט די פיס אין וואַסער און פאַריאָגט אַלע פישעלעך פון אַרום.

אַזוי חלומט זי און טוליעט זיך צו אים אין די רעיונות. און ער זאָל דאָס אָנהייבן צו וויסן ?...

זי איז געקומען אָפּטמאָל צו די „אַלעמאַנס" אין „קאַזאַ" אַריין מיטן אויסרייד עפּעס קויפן. האָט זי געקויפט בענדלעך און זיך פאַרקוקט, ווי דאָניע פליט מיט די פינגער איבער דעם זייטל פלייש. ווען אויף זיין שטערן זענען אַרויסגעקומען טראָפּנס שווייס, האָט זיך איר געוואָלט צוקומען צו אים הינטן־אַרום און אָפּווישן, אויסטריקענען און אַ קוש טאָן.

אָבער ער האָט זי נישט באַמערקט, דער תם. אַפילו נישט געדענקט, אַז זי האָט שוין מיט אים מער ווי איין מאָל גערעדט. זי איז שוין מיט אים געשטאַנען ביי דער שוועל פון איר „צימער", גרייט צו גיין, אָבער אַ צווייטער איז אָנגעקומען, האָט זי אים, דאָניען, אומישנע געלאָזט שטיין אַ צעצונדענעם און אויפגעפלאַמטן און איז פאַרשווונדן מיט יענעם. פאַרוואָס זי האָט עס געטאָן, האָט זי אַליין נישט געוווּסט, עפּעס האָט זי געוואָלט זיך אַ רייץ טאָן מיט אים, לאָזן אים אַזוי פאַרצערן, ווי ער לאָזט זי, ווי ער פייניקט זי.

✶

יענעם אָוונט, ווען דאָס געשלעג איז אויסגעבראָכן, האָט כוּאַנאַ געפילט, אַז זי איז אים נאָענט מיט אַלע נאָענטקייטן פון אַ לאַנגער, טיפער באַקאַנטשאַפט. זי האָט אַ רגע פאַרגעסן, אַז ער ווייסט אַפילו נישט איר נאָמען און ער געדענקט נישט איר געשטאַלט. נאָר קוים האָט מען אים אָנגעטאָן אין קייטלעך, האָט זי נישט איינגערוט, אַרויסגעריסן זיך פון

הויז אין פאָדער־צימער, געכאַפּט עמעצנס אַ רעקל, עס אָנגעטאָן אויף זיך און געלאָפן אויסאיבן איר איינפלוס אויף דער פּאָליציי, עס זאָל אים חלילה קיין בייז נישט געשען.

זי איז יענעם אָוונט געווען גליקלעך. זי האָט געפילט, ווי אַ מאַמע, וועלכער עס האָט זיך איינגעגעבן איר קינד אַרויסצורייסן פון דעם מלאך־המוותעס הענט. אין שטוב ביי זיינע באַלעבאַטים האָט זי אים צוגעלייגט וואַסער צום פאַרבלוטיקטן שטערן, מיט אַ מעסער איינגעקוועטשט די בלויע ביילן, וואָס זענען אויפגעשוואָלן ביי זיינע שלייפן. זי האָט פון אים אַראָפּגעצויגן די שיך און מיט צערטלעכקייט אַרויסגענומען די בלאָטע פון צווישן זיינע פינגער, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן פון אַ טאָג אַרומיאָגן זיך. און כדי צו זיין גערעכט צו די צוויי פּאָליציי־לייט, וואָס זי האָט מיטגערופן טרינקען, האָט זי אויסגעטאָן איר שוך און דערנאָך אַראָפּגע־שלעפּט איר זאָק און פון דאָרטן אויסגעטרייסלט אויפן טיש אַ פולן הויפן פּאַפּירענע מילרייס און מעטאַלענע מטבעות.

זי האָט אַפילו נישט געוואָלט ציילן און עס אַלץ אונטערגערוקט צו די צוויי שומרים. יענע האָבן אָנגעקוקט צום ערשט כואַנען, דערנאָך דאָמינגאָן, דערנאָך דאָס געלט, און ענדלעך עס צוריקגערוקט צו איר, און איינער האָט געזאָגט:

— אַ טרונק איז עפּעס אַנדערש, אָבער געלט?

דאָניע האָט זיך מיט איין האַנט צוגעהאַלטן דעם נאַסן טוךביים שטערן און מיט דער אַנדערער געפּרעסט די פלאַך פון אַ מעסער ביי די שלייפן און מיט די אויגן האָט ער געגעבן באַפעלן צום צעקנוילטן מיידל, זי זאָל וויסן, ווו דער שנאַפּס געפינט זיך.

די טירלעך, וואָס האָבן זיך נישט אונטערגעגעבן, זענען אויפגעריסן געוואָרן מיט דער הילף פון די שווערדן. אויפן טיש האָבן זיך באַוויזן פלעשער און גאָנשערס און די שופלאָדן האָבן זיך גענומען אויסליידיקן.

איין פּאָליציימאַן האָט דווקא געוואָלט, מען זאָל צוריקגיין אין „סאַנטאַ אַמאַראָ" און אויפוועקן נאָך צוויי מיידלעך, עס זאָל זיין פּאַר אַלעמען; דער אַנדערער איז געווען ניכטערער און נישט געלאָזט. ער האָט אָבער געוואָלט זיך אַראָפּכאַפּן די עטלעכע טרעפּלעך, וואָס פירן צו דער קראָם, און

אויסקלייבן עפעס פאַר דאָנאַ כואַנען און אויך עפעס אַהיימברענגען פאַרן ווייב. דאָניע האָט אָבער קורץ באַטאָנט:

— פון דער שטוב מעגט איר נעמען אַלץ, פון געשעפט — קיין ברעקל נישט.

דאָניעס באַפעל איז פאַר כואַנען געווען נאָך מער ווי הייליק. האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער טיר פון קלייט און געוואָרנט:

— איר זאָלט זיך נישט דערוועגן אַראָפצוגיין! — און מילדער האָט זי צוגעגעבן:

— איך וועל אייך קויפן אַלץ, וואָס איר ווילט, נאָר נעמען נישט!

האָט זיך דער ערשטער פּאָליציימאַן אָנגערופן:

— אפשר איז דאָרט פאַראַן נאָך שנאַפּס?...

האָט דאָניע אַוועקגעוואָרפן דעם נאַסן האַנטעך און דאָס מעסער, אַראָפּ דורך דער קלייט־טיר אין קעלער און אַרויפגעקומען מיט אַ פולן אָרעם פלעשער וויין.

*

דאָניע האָט זיך אויפגעכאַפּט; ער האָט דערפילט, ווי עפּעס אַ שווערער שטיין ליגט אים אויף די פיס. האָט ער געפּרוווט באַפרייען זיינע פיס פון דער משא, נאָר די שווערקייט האָט אַלץ מער געדריקט אויף אים און פאַרכאַפּט אים ביז די קני׳ען.

ער האָט אויפגעריסן די אויגן און געזען, ווי דאָס בייז באַגעגעניש — די פּאַדלע ליגט איינגעקנוילט אויף זיינע פיס, זי אָטעמט מיט איר גאַנצן לייב־און־לעבן און בלאָזט זיך אויף ווי אַ פענכער ביי יעדן אָטעם־צי.

דער ווייַן, דער שנאַפּס און דער ווישניק האָבן אָנגעפילט דעם קאָפּ מיט אַ זויערלעכער שווערקייט. אויף דער צונג איז געלעגן אַ גאַנצער מיסטקאַסטן און זיך געדעמפט מיט אַ ריח פון נישט־פרישע אייער און אין די שלייפן האָט געהאַמערט. ער האָט זיך דאַן דערמאָנט, אַז ער ליגט דאָס אויף דער מאַדאַמס בעט; און פלינק האָט אויפגעבליצט דער זכרון ביי אים, ער האָט זיך אין אַלץ דערמאָנט, און מער ווי אין אַלץ — אין

אַנדזשעלינען און דאָס פּרעסעניש איז אויפגעשטאַנען אין אים מיט באַנייטע כוחות.

ער האָט גענומען זיך ענדלעך באַפרייען פון כואַנעס לאָסט, זי האָט זיך מיטגעשאַרט מיט זיין יעדן ריר און געוויקלט אירע הענט אַרום זיינע קני׳ען ווי אַ שלאַנג.

ווען ער איז שוין געשטאַנען אויף דער ערד און געפּרוווט פילן די זיכערקייט פון זיינע טריט, האָט זי אים אַריינגעקוקט מיט הינטישע לאַסקעס אין די אויגן. זי האָט געשלונגען מיט די בליקן זיין יעדער מינע און איז גרייט געווען איר האַלדז אויסצוציען פאַר זיין מינדסטן פאַרלאַנג.

נאָך קיינמאָל איז ער נישט אַזוי שיין געווען ווי איצט, כאָטש דאָס פּנים איז געווען געקנייטשט און די האָר צעפלאָנטערט. אָבער אין יעדן קנייטש פון דער הויט האָט זיך אויפגעהאַלטן אַ פאַרבאָרגענע ליכטיקייט, ווי די לעצטע זון־שטראַלן פאַרנאַכט אין די פאַלדן פון די בערג. די אַפּלען זענען געווען טרוקן און מאַט. זי האָט געזוכט איר שאָטן, איר אָפּבילד אין זיי און נישט געפונען. דאָס האָט איר געמאַכט אומרו׳יק און ציטערדיק. נאָר נישט דעם יונג פון איצט האָט זי געזען שטיין אין זיין גאַנצער פאַרלוירענער אומבאַהאָלפנקייט, נאָר דעם „רוסאָ" פון נעכטן ביינאַכט, וואָס האָט זיך גראַציעז געוואָרפן אויף אַלעמען: פלינק, צערייצט און פאַרצווייפלט, און איר האָט זיך איצט אויסגעוויזן, אַז אַ גרויסער ריז שטייט דאָ צעחושט, אומבאַהאָלפן ווי אַ קינד, בעת אַ שטורעם טראָגט זיך דורך איבער זיין קאָפּ.

האָט זי זיך דערפילט געשטאַרקט, און דאָס נאַטירלעכע געפיל, וואָס ביי יעדער פרוי אין אַזעלכע מאָמענטן: אַ מאַמע! — האָט זיך אויפגעהויבן אין אַלע ווינקעלעך פון איר נשמה. זי איז אָנגעגאָסן געוואָרן מיט געשטאַרקטקייט און זיכערקייט. ער איז פאַר איר געוואָרן איצט אַ קליין און ציטעריק שעפּסעלע און זי אַזאַ גרויסע, אַזאַ צעוואָקסענע און שטאַרקע.

זי האָט אים זיכער אַזוי געזען; ווען נישט, וואָלט זי אירע אָרעמס נישט אַזוי ברייט פונאַנדערגענומען, אים איינצודריקן אין זיך. אָבער אין דער אמתן, ווען זי האָט אים געוואָלט אַרומנעמען, האָבן אירע הענט

נישט געקענט זיך צונויפקומען, אַרומגעוויקלטע אַרום זיין ברוסט און פּלייצע. נאָר ער, דאָניע, האָט זי געגעבן אַ ריס אָפּ פון זיך און אַ שליידער געטאָן, אַז זי איז געפאַלן אַן אויסגעצויגענע אויף דעם פּאָל צו דער טיר.

קיין סימן פון כעס האָט נישט אָגעצונדן אירע אויגן. זי איז דערמיט צופרידן געווען. ווי אַ באַפרידיקונג פאַר איר צעברענט האַרץ איז געווען אָט־דער וואָרף. זי האָט געשלונגען דעם בייזן פלאַם, וואָס האָט זיך געשלענגלט אַרום זיינע עטוואָס אויסגעקרימטע ליפּן, זי איז אים אפשר געווען דאַנקבאַר.

ער האָט זיך אָבער דערמאָנט, אַז עס איז נישט יושרדיק; אַז וואָס איז זי שולדיק, די ניכפה? ער האָט זיך דערמאָנט, ווי זי האָט אים מיט אַזויפיל צאַרטקייט צוגעלייגט קאַלטע קאָמפּרעסן צום שטערן און איינגעפּרעסט די ביילן. — אַ כוח האָט אים געטריבן, ער זאָל זי אויפהויבן און איבערבעטן, נאָר דער עקשן האָט זיינע הענט געהאַלטן געבונדן, ווי אַרומגענומען מיט שטייפע פאַרזשאַווערטע דראָטן.

ווען זי האָט זיך אַליין אויפגעהויבן, האָט עס אים שטאַרק פאַרדראָסן און געברענט. אויף דער צעקנייטשטקייט פון זיין פּנים האָבן זיך געראַנגלט שנירלעך פון בושה. האָט ער זיך אָנגערופן ווייכער:

— וואָס איז דאָס זיצן דאָ?

זי האָט אויפגעלויכטן פון זיין מילדן וואָרט און געוואַרט מיט אַן אָפן מויל, ער זאָל נאָך עפּעס זאָגן.

— דאָמינגאָ! — האָט זיך איר קול אַרויסגעריסן פון איר קעל מיט אַ געזאַנג; און אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס זינגט זיין נאָמען אויס אַ לאַנגער סמיטשיק אויף דער דינסטער סטרונע פון אַ פידל.

— דאָמינגאָ! — האָט זי איבערגעחזרט — און איר קאָפּ האָט זיך איינגעגראָבן אין זיין ברוסט.

ער האָט זי אָפּגעריסן פון זיך. זי האָט זיך געזעצט אויף דער ערד באָענט צו זיינע פיס און מיט די אַרויסגעגלייזטע אויגן געקוקט צו זיינע ליפּן, וואָס האָבן זיך געשוימט פון שפּייעכץ און כעס.

— ווען זענען זיי אַוועק, די בערנטרייבער? — האָט ער געפרעגט ביים שפּאַנישן מיידל אין זיין רויען יידיש.

זי האָט נישט פאַרשטאַנען, נאָר געוווּסט, אַז ער פרעגט עפּעס. זי האָט זיך מצער געווען, וואָס זיין לשון איז פרעמד צו איר. אָט דאָס איז דער גרויסער חילוק, וואָס ליגט צווישן זיי, די וואַנט. זי איז געוואָרן צונויפגעקאָרטשעט אין זיך: אַבי זי האָט געמיינט, אַז זי פאַרשטייט אים אינגאַנצן, אינגאַנצן...

ער האָט נישט געוווּסט, אַז זי באַמיט זיך איצט אים צו פאַרענטפערן, אַז זי וואָלט איצט אין פייער געגאַנגען, אַבי צו קאָנען אים געבן אַ באַשייד צו זיין וואָרט. אין דער אמתן האָט ער דאָך נאָר געפרעגט סתם אַזוי, ווייל דאָס וואָרט האָט זיך אַליין אַרויסגעגליטשט פון אים, און וואָס שייך די פּאָליציאַנטן, וואָס גייען זיי אים אָן, צי זיי זענען יאָ אַוועק, צי נישט?

אַז זיין בליק האָט זיך אויפגעהויבן צו דער טיר פון אַנדזשעלינעס חדרל, האָבן עפּעס בראַנדיקע פינגער פאַרשטעלט זיינע אויגן, ער האָט געטאָן עטלעכע האַסטיקע שפּאַן אויף צוריק.

## קאַפּיטל עלף

אין דרויסן האָט דער גרויסער טאָג גערוישט הינטער די פענצטער. קינדערישע קולות האָבן זיך דורכגעריסן דורך די ווענט און צוגעשפּאַרטע לאָדנס, און עמעצער, משמעות אַ קונה, האָט געקלאַפּט אין דער טיר.

— מיטן קאָפּ! — האָט דאָניע באַגלייט יעדן קלאַפּ מיט זיין וואָרט. כּואַנאַ האָט זיך משער געווען, אַז דאָס שעלט ער אַזוי. זי איז געווען צופרידן דערפון.

— היינט וועל איך גישט עפענען די קראָם — האָט ער זיך געווענדט צו איר און אין יידיש ווידער צוגעלייגט — זאָל עס פאַרשטונקען ווערן.

האָט כּואַנאַ אויפגעטאַנצט און מיטגעשטימט:

— איך אויך נישט, איך אויך נישט. דאָמינגאָ, קום מיט מיר — האָט

זי זיך שקלאַפּיש ביי אים געדרייט: קום מיט מיר, ווזין מיט מיר, אין מיין ראַנטשאָ, אויף מיין בעט, קאַוואַלער מיינער, בחור שיינער.

און אַז ער האָט פינצטער אַריינגעשוויגן אין אירע רייד, האָט זי ווייטער אָנגעכאַפּט דעם פאָדעם:

— זע, איך האָב אַזוי פיל געלט, נעם עס דיר, כ׳וועל אַרבעטן פאַר דיר, דאָמינגאָ, קערידאָ, קערידאָ!

דאָניע, וואָס האָט בכלל געבענקט נאָך צאַרטקייט פון אַ פרויען־האַנט, האָט זיך געפילט צעווייכט אין אירע לאַסקעס. פאַר אים איז איצט קיין נפקא־מינה נישט געווען, וועלכע פרוי עס צערטלט אַזוי זיינע אָנגעצונדענע געהירן. אין פנים אַריין האָט ער מורא געהאַט איר צו קוקן. ער האָט זיך געפילט גוט און דאָך זיך נישט געפונען קיין אָרט.

*

אין דער ראַנטשאָ האָט ער ברייט אַריינגעאָטעמט אין זיך די פרישע לופט, וואָס האָט זיך אָנגעטראָגן פון טייכל. די שטילקייט פון וואַלד האָט די ערשטע צייט געזשומעט אין זיינע אויערן און האָט ביסלעכווייז אויפגעהערט. בחינם האָט כואַנאַ געוואָלט, אַז איר חלום זאָל פאַראמתט ווערן, אַז ער זאָל זיך מיט איר זעצן צופוסנס פון טייך־פלוס און ביידע זאָלן דאָרטן לאָזן שווענקען זייערע פיס. דער יונג האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער „קאַטרע״, וואָס איז געשטאַנען אין דער ראַנטשאָ, און געשוויגן ווי דער וואַלד, וואָס האָט זיך אָנגעגליט מיט הייסער לופט און איז איינגע־פרעסט געוואָרן.

כואַנאַ האָט אים געלאָזט שווייגן. מיט קיין איין וואָרט, מיט קיין איין ריר האָט זי אים נישט באַלעסטיקט. זי האָט זיך אַרומגעפּלאָנטערט צווישן די געדיכטע ווילד־פאַרדרייטע צווייגן און בייטן, האָט תפילה געטאָן, געזונגען אין זיך „אַווע מאַריאַ״ און געבעטן, אַז דער ווייטער רויש פון די וואַסערפאַלן זאָל זיין רו נישט צעשויבערן.

זי האָט נישט געוווסט פון דעם עסעניש אין זיין האַרץ, אַז וואָס מער ער וויל אויסמעקן אַ געשטאַלט פון פאַר זיינע אויגן, אַלץ בולטער קריכט עס אַרויס, אַלץ דייטלעכער צייכנט עס זיך אָן. האַלט ער אָפן די אויגן,

שטייט זי פאַר אים, אַנדזשע, מיט דער מלכותדיקער רויקייט, ווי זי מעסט דאָס זיידגעצייג און שמייכלט אין זיך. און ווען ער האַלט צוגעמאַכט די אויגן, זעט ער זי, אַזאַ איינגעוויקלטע אין בלויען אָפּשיין, אַזאַ איינגעטונקטע אין שטילער ליכטיקייט און שווייגט פרום, הייליק.

כואַנאַ האָט זיין געפּרעסט שווייגן צוגענומען אויף איר חשבון. זי האָט גערעכנט, אַז נעכטן איז ער אַנדערש געווען, אַז פון נעכטן ביינאַכט אָן האָט זיך עפּעס אין אים איבערגעקערט און אַז זי איז די סיבה דערפון, אַז מיט דעם, וואָס זי איז נישט קיין שיינע, קיין גראַציעזע, ווי די אַנדערע. קערט זיך זיין האַרץ אָפּ פון איר און זיינע אויגן ווענדן זיך אַוועק. באַר געפילט האָט זי, אַז דער שיינער בחור, דער „רוסאָ", וועט נאָך, להכעיס אַנדערע, זיין איר „קאָמפּאַניעראָ", און אפשר גאָר...

זי האָט אינדרויסן, זיצנדיק אויף דער שוועל, איבערגעציילט איר געלט, וואָס די פּאָליציאַנטן האָבן נישט געוואָלט נעמען. זי האָט באַשלאָסן, אַז עס איז צו־ווייניק, אַז זי זאָל דאָמינגאָן געפעלן דערמיט, האָט זי פאַרנאַכט־צו, גאָרנישט זאָגנדיק גענומען דאָס מענערישע רעקל אויף זיך און איז פאַרשווונדן ביז דעם צווייטן פאַרטאָג.

✶

דאָניע האָט געוווסט, ווו זי איז געגאַנגען: צוריק אין מייזנלאָך אַריין; נאָר וואָס האָט עס אים געאַרט? וואָס איז אים אַן אונטערשייד, וואָס די פּאַדלע טוט דאָרטן? ער איז איר ברודער, אָדער חבר? אים איז גוט געווען אַזוי צו ליגן און זען, ווי עס ווערט אַלעמאָל פינצטערער און פינצ־טערער און דאָס זשומעריי פון אַלערליי זשוקעס הויבט זיך אויף פון די טאָלן. אים האָט זיך געדאַכט, אַז אין יעדן זשום הערט ער אַן אַנדער געוויין און אַן אַנדער געשריי, אין קול האָט ער געקאָנט דערקענען יעדנס אויסזען.

ווען כואַנאַ איז געקומען פאַרטאָג איינע אַליין צוריק אין דער ראַנטשאָ, האָט זי דאָמינגאָן געטראָפן אַלץ אין דער זעלבער אויסגע־צויגנקייט ליגן, ווי זי האָט אים געלאָזט.

אַ גאַנצן טאָג האָט ער נישט געהאַט גענומען אין מויל אַריין,

זי אַליין ווייסט נישט, פאַרוואָס זי האָט גאָרנישט איבערגעלאָזט. זי האָט פאַרגעסן אַזאַ זאַך, ווי עסן. ער איז עפּעס פאַר איר געווען אַ פיל העכערער באַגריף ווי דאָס געוויינלעכע, ווי דאָס ערדישע.

ווען זי האָט דערזען זיינע ליפּן פאַרבלייכט און פאַרשמאַכט, האָט זי געהאַט דאָס געפיל, ווי אַ מאַמע, וואָס פאַרלאָזט איר קינד און גייט אין פעלד אַריין אָדער אין פאַבריק אַ גאַנצן טאָג אַרבעטן. עס האָט איר אַרומגענומען אַ רחמנות און כדי אים מפייס צו זיין, האָט זי אים דערלאַנגט אַ פולע האַנט מיט פּאַפּיר־געלט, ווי זי האָט עס בעכטן געטאָן צו די פּאָליציאַנטן.

דאָניע האָט נישט אויסגעשטרעקט די האַנט, נישט ער האָט גענומען און נישט ער האָט עס אָפּגעשטופּט. ער האָט געגלאָצט מיט די אויגן, אויף זיין פּנים איז געשטאַנען אַ פוילע רויקייט.

האָט זי דאָס געלט אַרונטערגעשטופּט אים אונטערן צוקאָפּנס און אַליין אַ מידע, אַן אויסגעגאָגטע, האָט זי זיך צוגעשפּאַרט האַרט לעבן זיין זייט און איינשלאָפנדיק האָט זי געזויגן אין זיך זיין אָטעם, ווי איינער, וואָס ליידט אויף אַסטמע, ציט אַריין אין זיך די פּראָסטיקע לופט פון געעפנטע פענצטער.

ווען ער האָט זיך געוואָלט אויפהייבן, האָט ער מיט די פיס זי אַראָפּגעקאָפּעט פון דער „קאַטרע", זי איז געווען שטאַרק פאַרשלאָפן און אים געפרוווט צוהאַלטן. אָבער קוים האָט ער זיך געשטעלט אויף זיינע פיס, איז זי שוין געווען אויף און אַזוי וואַכעדיק, ווי זי וואָלט אַ גאַנצע, לאַנגע נאַכט געשלאָפן אין אומגעשטערטער רו.

דעם זונטיקדיקן טאָג איז זייער רו אַ ביסל געשטערט געוואָרן, ווייל אַלעמאָל איז אַן אַנדערער דורכגעגאַנגען מיט דער שמאָלער סטעזשקע אין וואַלד.

כואַנאַ איז אַ דערציטערטע אַריינגעשפּרונגען אין ראַנטשאָ, ווען זי האָט פּלוצלונג דערזען, אַז איבער דער ברייט פון שטעג האָט זיך עפּעס אַריבערגעצויגן. צום ערשט האָט זי נישט דערקענט, נאָר ווען זי האָט געזען עפּעס אַ גרינער פּאַס וויקלט זיך איבערן וועג, האָט זי גלייך דערפילט, אַז דאָס איז אַ שלאַנג. דאָמינגאָ איז אַרויסגעגאַנגען געלאַסן.

זי האָט געזען ווי ער שמייכלט אין זיך, ווי זיין פּנים ווערט אָנגעגאָסן מיט אַ העלקייט און די אויגן ווערן אויסגעלייטערט. האָט זי זיך אַליין דערפילט גרינגער און לייכטער.

ער איז מיט לאַנגזאַמע טריט צוגעגאַנגען צום טאָל, וווּ די שלאַנג האָט זיך שוין געהאַט אַריינגערוקט אין אַ באַרג מיט אָנגעפאַלענע בלעטער. עס האָט זיך געזען מיט עטלעכע שפּאַן ווייטער, ווי דאָס בערגל מיט בלעטער דרייט זיך איבער און באַלד האָט דער שלאַנגס קאָפּ זיך אַרויסגעהויבן און זיך געווענדט צו אים מיט אַן אָפן מויל און אַ צינגל ווי אַ רויכל פון אַן אויסגעלאָשן ליכט האָט זיך גענומען וואַרפן אַרויף און אַראָפּ.

כואַנאַ איז געשטאַנען אַ פאַרציטערטע. אָבער דאָניע האָט געקראָגן ערגעץ אַ גראָבן שטעקן און זיך דערנענטערט צו דער שלאַנג, זי געטראָפן אין קאָפּ בעת זי האָט זיך מיט אַ שנעלן זיגזאַג געצויגן אין די ווילד־הויכע גראָזן אַריין.

דער בלענדנדיקער זיגזאַג איז פאַרלאַנגזאַמט געוואָרן, זיך נאָך געוואָרפן אַ צייט ביז ער איז געבליבן ליגן, אין דער גאַנצער פּראַכט פון קאָלירן, גלייך און אויסגעצויגן.

דאָניע האָט זיך אַ גאַנצן טאָג געשפּילט מיט דער טויטער שלאַנג, געגלעט איר גרין־געלע פעל, אַריינגעקוקט מיט נייגעריקייט אין מויל אַריין. דערנאָך זי אויפגעהאָנגען אויפן דעכל, וואָס האָט באַדעקט די ראַנטשאָ.

כואַנאַ איז געוועןאיבערגליקלעך פון דעם, וואָס זיין צעשטרייטקייט איז צערונען. ער האָט איר געקוקט מילד אין פּנים אַריין, זי האָט נישט אויסגעהאַלטן און אים באַדעקט מיט הייסע, באַגערלעכע קושן.

זי איז געווען פרום און אָבערגלויבעריש. זי האָט געזען אין דער שלאַנג אַ סימן פון אַ העכערער זאַך, אַ זאַך, קעגן וועלכער ער, דער רוסאָ, וועט זיך נישט קאָנען אַנטקעגנשטעלן.

ביי אַ פייער, וואָס זי האָט פונאַנדערגעלייגט אין וואַלד פון טרוקענע צווייגן און פאַרדאַרטע בלעטער, האָט זי געמאַכט אַ געקעכץ פון „מאַנדיאָקע״־מעל. ער האָט עס געגעסן און עס האָט געהאַט אַ טעם פון

קלייען, וואָס מען מאַכט פאַר חזירים. די קעל איז אים פאַרקלעפּט געוואָרן, נאָר געגעסן האָט ער און גערעדט וועגן דער שלאַנג.

ווען די זון האָט זיך גענומען אָנצינדן מיט גאָלדענער רויטקייט אויפן בוידעם פון וואַלד, איז זי געוואָרן אומרויִק, האָט אַלע רגע געווענדעט איר בליק צום אָפענעם וועג, וואָס גייט אַרויס פון וואַלד. זי האָט אים געצערטלט און געבעטן:

— דאָמינגאָ מיינער, דאָמינגאָ. אַ סך געלט וועל איך היינט ברענגען, זייער אַ סך. עס איז זונטיק. אינגאַנצן וועל איך עס דיר געבן, אינגאַנצן דיר. דו וועסט דאָ וואַרטן אויף מיר. ניין, דו וועסט נישט אַוועקגיין? ניין? גוטע זאַכן וועל איך מיטברענגען און מאָרגן וועל איך זיין מיט דיר, אינגאַנצן מיט דיר, דאָמינגאָ מיינער!

האָט דאָניע גאָרנישט געזאָגט. ער איז בלויז געוואָרן אומרויִק. די בענקשאַפט האָט זיך אין אים אויפגעכאַפּט און האָט אָנגעהויבן טליען, ווי קוילן אין אַש.

זי איז געוואָרן דרייסט און האָט אַרויסגעשאָסן:

— דאָמינגאָ, איך האָב דיך ליב, ווױן מיט מיר, זיי מיט מיר.

דאָניע האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס זי וויל, וואָס זי שמייכלט מיט טרערן, וואָס זי ברעכט זיך דעם „מאַזשגאַר״ — דאָס מאַלפּע־פּנים און וואָס זי הענגט זיך אָן אין זיינע אַקסלען.

האָט זי ווייטער געבעטן:

— אַלע האָבן דיך ליב „קערידאָ״, און איך נאָך מער פון אַלע. דאָס גאַנצע געלט וועל איך דיר אָפּגעבן. איך וועל גנבענען ביי דער דאָנגאַ עספּיראַנסאָ, איך וועל פאַרלייקענען פאַר איר און עס דיר ברענגען, „קערידאָ מיאָ!״

האָט דאָניען אָנגעהויבן קלאָר ווערן, וואָס זי פאַרלאַנגט איינגטלעך פון אים — האָט ער אויסגעשפּיגן און איז געגאַנגען זיין וועג.

כואַנאַ איז אָבער נישט אָפּגעטראָטן, קוים האָט זיך ביי איר געעפנט דאָס לשון, האָט שוין אַ מבול פון רייד געשטראָמט פון איר מויל, און זי איז אים נאָכגעגאַנגען.

ער האָט זיך אָנגעצונדן און געפרעגט:

— וואָס ווילסטו?

— חתונה האָבן מיט דיר, ווינען מיט דיר — האָט זי געענטפערט ווי אָפּגעהאַקט.

ער האָט אויסגעשפּיגן און געוואָלט זי איבערלאָזן.

האָט זי זיך אַרומגעוויקלט אַרום זיין האַלדז, ווי ער האָט עס אַליין געטאָן פריער מיט דער שלאַנג. פון איר בוזעם האָט עפּעס געשלאָגן אַ ריח, וואָס ער האָט נישט געקאָנט וויסן, צי איז עס פּאַרפום, צי בראַנפן, נאָר אלץ איינס, ער האָט אָנגעהויבן באַזיגט ווערן און באַגערן האָבן זיך גענומען רייסן פון אונטער זיין הויט.

האָט ער זי שוין נישט אָפּגעלאָזט און געזופן צו דער קאַטרע.

— צו וואָס?

— איך וויל.

— ניין. האָט זי זיך געעקשנט. אַז מיר וועלן חתונה האָבן.

— און דאָרט, אין סאַנטאָ אַמאַראָ?

— ס'איז עפּעס אַנדערש. מיט דיר וויל איך חתונה האָבן.

אַז ער איז געשטאַנען פאַרזונקען אין גאָרנישט, נאָר בלויז זיין אָנגע־צונדענער אינסטינקט האָט אים געהאַלטן אין שוויגן, האָט זי געמיינט, אַז ער טראַכט נאָך פון דעם, וואָס זי האָט פאָרגעשלאָגן, האָט זי איבער־געחזרט דאָס פריערדיקע:

— דאָס גאַנצע געלט וועל איך דיר ברענגען, דאָס גאַנצע.

— ווילסט חתונה האָבן מיט מיר? — האָט ער פּשוט געפרעגט.

זי האָט אויפגעשטראַלט און נאָכגעלאָפן מיט אַן ענטפער:

— יאָ, טייערער!

האָט ער אויף יידיש איר אַריינגעזאָגט:

— דו טליקעסט זיך מיט די יונגען?

זי האָט נישט פאַרשטאַנען. נאָר געמיינט האָט זי, אַז ער זעצט פאָר די פראַגע, האָט זי נאָך אַמאָל באַשטעטיקט:

— יאָ, טייערער!

האָט ער זי אַוועקגעוואָרפן פון זיך און געדונערט:

— נאָך נישט דאַר איז מיר מיין קאָפּ, אַז דו זאָלסט מיין ווייב ווערן!

— איך געפעל דיר נישט?

— פאַר אַ כפּרה!

— איך קען זיין אַ בעסער ווייב, ווי אַנדערע מיידלעך.

די „אַנדערע" האָט זי געמיינט די ייִנגערע און שענערע, נישט נאָר פון זייער „הויז", נאָר פון בעלאַ סאָפּיעס „פּענסיאָן" אויך.

ער האָט אַרויסגעברומט:

— אַז דו ביסט דאָך אַזאַ...

ער האָט נישט דערענדיקט, נאָר זי האָט קלאָר פאַרשטאַנען זיין מיין, אין די אויגן האָט זי דאָס געלייענט, אין זיין באַוועגן זיך האָט זי דאָס געפילט. דאָס איז דאָס ערשטע מאָל, זינט זי איז אין דעם ברויט, אַז מען זאָל איר פאָרוואַרפן, אַז דאָס, וואָס זי איז „אָנגעשטעלט" אין אַזאַ הויז, זאָל איר זיין אַ שטערונג צו איר גליק. אין משך פון אירע אַלע יאָרן, איז זי געווען אַ גלייכבאַרעכטיקטער מענטש אין דער געזעלשאַפט. אויב זי האָט ווייניקער גענאָסן אויפֿ־מערקזאַמקייט, איז עס נאָר געווען דערפאַר, וואָס זי איז נישט קיין שיינע...

אָבער, דער דאָ, אַז ווי באַלד ער טראַכט גאָר וועגן דעם, איז דאָך די לעצטע פעסטונג, איר איינציקע האָפענונג — געלט — אַן אונטער־געמינעווועטע.

זינט זי איז אין דעם לעבן, האָט זי דאָס ערשטע מאָל געפילט, ווי די בושה איז אָנגעצונדן אויף אירע באַקן. ביי יענעם, ביי דעם, נאָך וועלכן עס איז געבליבן די ראַנטשאָ, איז דער פאַל געווען אַן אַנדערער. יענער האָט געטריבן ווי מיט ריטער, אַז זי זאָל וואָס ווייניקער זיין אין הויז און אָפטער אין „פּענסיאָן", און אַז עס האָט געטראָפן אַ טריפנדיקע רעגנדיקע נאַכט, ווען דאָס פאַרדינסט, אָדער קאַפע־געלט, וואָס די געסט לאָזן איבער איז אַזוי מאָגער געווען, דעמאָלט האָט זי דאָך מורא געהאַט אַהיים צו קומען.

כּוּאַנעס מידער גוף האָט געבענקט נאָך דער שטאַרקייט פון אַ מאַן און אונטערן מאַן זאָל בליען אַ היים, אַ הויז, אָדער אַ ווינקל. זי וואָלט באַשטאַנען ביז אין טיפן עלטער אַריין אַזוי אָפּצוזיין אין

אַזעלכע „הייזער״, אַבי האָבן וועמען דאָס געלט אָפּצוגעבן. איר נשמה האָט אויך געבענקט נאָך דער פרומקייט פון לעבן. זי איז געווען די איינציקע, וואָס האָט אויף דער נאַקעטער ברוסט געטראָגן אַ ביינער־נעם צלם אויסגעזעצט מיט קליינע דימענט־שטיינדלעך, אויף דער לינקער האַנט האָט זי געהאַט אַרומגעוויקלט אַ שנור מיט שוואַרצע קרעלן און אויך מיט אַ צלם. איבערן בעט איז געהאַנגען אַ גרויס בילד פון דער הייליקער יונגפרוי, און איידער זי האָט פאַרלאָזט דעם „פּענסיאָן״ איז זי אפשר פופצן מינוט געשטאַנען אויף די קני, פאַרזונקען אין תפילות.

זי האָט אָבער געוווסט, אַז דאָס אַלצדינג קען זי נישט האָבן בחינם, אַז זי מוז קויפן, און כדי דאָס צו דערגרייכן, האָט זי אַלע קונצן אָנגע־ווענדט, וואָס מער אַרויסצוקריגן פון די געסט, זיך געחנפעט און געלאַש־טשעט. זי האָט געהאַט אַ ספּעציעלן אָפּמאַך מיט דער באַלעבאָסטע, אַז זי זאָל זען די געסט זאָלן וואָס מער טרינקען קאָניאַק און ביר און זי זאָל מיטטרינקען, אָבער אָנשטאָט שאַרפע געטראַנקען, האָט מען איר דערלאַנגט אַ גלעזעלע געפאַרבט זיס וואַסער און דער „קאַוואַלער״ האָט שוין באַצאָלט דערפאַר ווי פאַר בראָנפן. דערפון האָט זי אויך גענומען אַ חלק.

זי האָט נישט געוווסט פאַר וועמען און פאַרוואָס זי האָט געזאַמלט דאָס געלט. אַ הונדערטער צו אַ הונדערטער האָט זי צונויפגעלייגט, עס אַוועקגעטראָגן אין באַנק און ווייטער געזאַמלט.

פונדעסטוועגן איז זי געווען זיכער ביי זיך, אַז נאָר געלט וועט אים ווייכער מאַכן און ער וועט איינוויליקן צום דעם, וואָס זי שטרעבט. בפרט, אַז ער איז שוין נישט אַזוי פינצטער, ווי נעכטן, און אויב זיינע אויגן ווערן טיילמאָל טרויעריק און פאַרטראַכט, זענען זיינע ליפּן לייכט־שמייכל־לענדיק, ווי דער אָפּשיין פון אַ ווייטן טאָג וואָלט אויף זיי גערוט. האָט זי באַשלאָסן, עס זאָל זיין, וואָס עס וועט זיין, אים נישט געזאָגט קיין וואָרט, און זי איז ווי נעכטן פאַרשלונגען געוואָרן ערגעץ אין רויש פון די וואַסער־פאַלן.

✶

ווען בערנאַרדאָ קאַסטאַראָ איז צוגעקומען צו דער ראַנטשע, האָט ער געטראָפן דעם יונג שטיין ביי אַ קאַסטן און שינדן די פעל פון דער שלאַנג. ער האָט עס געטאָן מיט זיין מעסער אַזוי פּאַרזיכטיק, ווי ווייבער בעת זיין שניידן־אויף די בייכער פון לאַנגע שלייען.

בערנאַרדאָ, כאָטש ער איז געווינט געווען צו אַזעלכע אכזריותן, זייענדיק אַליין אַ שוחט, האָט אָבער אויפגעציטערט, זעענדיק ווי דער קינזשאַל גליטש זיך אַרונטער אונטער דער הויט און שאָבט אַרויס פלייש, וואָס האָט געהאַט אַן אויסזען ווי די מילך פון אַ הערינג.

דערצו נאָך האָבן די אָנגעזאַמלטע בלעטער, וואָס האָבן געפוילט פאַרנט פון דער ראַנטשאָ, געטראָגן פון זיך אַ געדעמפטן ריח. ער האָט געמוזט זיך צוהאַלטן די נאָז.

דאָניע האָט זיך אומגעדרייט און געזען זיין באַלעבאָס, האָט ער אויפגעריסן זיין בליק און אים געוואָלט דערזען מיט מער ליכטיקייט.

ער האָט אין שכנות פון שוחטל געאָטעמט אַנדזשעס אָטעם, עפּעס ווי אַ פלוצלונגדיקער גרוס פון אַ נאָענטן, טייערן מענטשן. ער האָט מיטן שאַרף פון מעסער געטאָן אַ שמיר איבער זיינע הויזן און עס אַריינגע־שטעקט אין גאַרטל און מיט אַן אָפענעם שמייכל זיך דערנענטערט צום באַלעבאָס זיינעם, וואָס איז געשטאַנען האַלב־איינגעטונקען אין שאָטן.

— זאָל זיין מיט מזל — האָט דאָס שוחטל אים געווונטשן און גע־שטרעקט די האַנט.

האָט דאָניע געמיינט, אַז דאָס חוזקט ער און רייצט זיך נאָך מיט אים, און ווי יעדעס מאָל אין אַזאַ פאַל, האָט גענומען עטלעכע רגעס ביז ער האָט זיך אָנגעצונדן. האָט בערנאַרדאָ דערווייל פאָטערלעך זיך אָנגערופן:

— וואָס פאַר אַ תכלית איז דאָס? קום שוין, קום!

דאָניע האָט זיך נישט געקענט קעגנשטעלן — און אפשר נישט געוואָלט — נאָך אַלעמען האָט ער דאָך געבענקט נאָך יענעם ווינקעלע, יוו אַנדזשעס אָטעם האָט געהויכט, און איז מיטגעגאַנגען צוריק צו דער אַרבעט אין „קאַזאַ אַלעמאַן".

## קאַפּיטל צוועלף

כּוּאַנאַ האָט מורא געהאַט זיך צו פֿאַרשיטן, איז זי יענעם אָוונט נישט צוריקגעגאַנגען אין איר ראַנטשאָ און איז געבליבן פֿאַרטאָג שלאָפֿן אין איר צימער אין „פּראַנסעס״.

זי איז יענעם פֿאַרטאָג לענגער געשטאַנען אויף די קני פֿאַרן בילד פֿון דער הייליקער יונגפֿרוי און אירע ליפּן האָבן האַסטיקער געמורמלט די תּפֿילות.

די זונטיקדיקע נאַכט האָט זי שטאַרק אויסגעמאַטערט. דערצו האָט נישט כּסדר געקענט אָנגיין די קונץ פֿון טרינקען געצוקערט וואַסער מיט אירע געסט, זי האָט געמוזט אויך טועם זיין פֿון אמתן שטאַרקן געטראַנק — איז זי שוין נישט בכּוח געווען צו טראַכטן אַפֿילו פֿון דעם „רוסאָ״ און איז איינגעשלאָפֿן שווער אויף אירע שוואַכע גלידער און צעבראָכענע ביינער.

שפּעט אויפֿן טאָג שוין האָט זי איינגעקויפֿט פֿאַרשידענע עסנוואַרג און זיך געוואָלט לאָזן צו דער ראַנטשאָ, נאָר דורכגייענדיק פֿאַר דער „קאַזאָ״, האָט זי דערהערט אַ פֿלינק האַקן אין פֿלייש־קלאָץ. דער קלאַפּ האָט עפּעס אָפּגעפּויקט אין איר ליידיקער ברוסט. זי האָט דערקענט עפּעס היימישעס, אייגנס. זי איז צוגעגאַנגען און געזען ווי דאַניעס האַק הייבט זיך אויף און לאָזט זיך אַראָפּ אויף אַ צעפּערטלטן שעפּס. האָט זיך איר געדאַכט, אַז די שווערע האַק לאָזט זיך גאָר אַראָפּ איבער אירע אייגענע זייטן און זי הערט ווי עס טרעשטשען אירע אייגענע ביינער.

זי איז אַריין אין געשעפֿט און די מאַדאַם קאַסטאַראָ האָט איר, ווי אַלע קונים, באַגעגנט מיט אַ שמייכעלע, וואָס האָט זיך אויסגעצויגן ווי גומע, און האָט זיך אַזוי שנעל נאָכגעלאָזט, ווי שנעל זי האָט זיך איבערצייגט, אַז עס לוינט נישט צו שמייכלען.

— וואָס פֿאַרלאַנגט איר, סיניאָריטאַ?

דאָס מיידל האָט געקוקט צו דאַניען מיט צעמישטע אויגן און אַרויסגעשטאַמלט:

— אַנטשולדיקט, סיניאָראַ, איך האָב דאָ פֿאַרגעסן אַ שאַל.

ראָזינע האָט זיך אָנגעצונדן און שוין געוואָלט אַרויפֿשיטן אויף איר

קאָפּ אַ בינטל קללות, נאָר זי האָט זיך תיכף דערמאָנט, אַז עס וועט נישט טויגן צום געשעפט, האָט זי טרוקן, קאַלט און אומהיימלעך געענטפערט:

— אינדרויסן, דורך דער קיך, אויפן פּאַרקן.

און וואַרפנדיק אַ פאַרביסענעם בליק צו דאַניעס זייט, האָט זי איבערגעחזרט:

— אַ חתונה האָבן זיי מיר דאָס אָפּגעשפּילט, אַז איך מיאוס זיך אַ שטיקל ברויט אויפצועסן.

✶

אַ גאַנצן טאָג איז כואַנאַ געשטאַנען אויף די פיס און זיך געדרייט אין די זייטיקע געסלעך אַרום קאַסטאַראָס הויז מיט דער האָפענונג, טאָמער וועט זי אים טרעפן אַרויסגיין. זי האָט געלויערט אויף זיין שאָטן, וואָס האָט זיך אַזוי מוראדיק הויך אויפגעהויבן אין דער קלייט, ווען מען האָט אָנגעצונדן דעם גאַזאָלין־לאָמפּ. דער שאָטן, ווי אַ ריזיקע אומפאַר־שטענדלעכע חיה, האָט זיך איינגעבראָכן אויפן סופיט, אַז די שוואַרצע האַק האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט זיין האַנט, מיט אים אינגאַנצן.

די פאַרבייגייער, וואָס האָבן זי באַגעגנט שטיין אויף די „עסקינעס", האָבן אַריינגעשמייכלט אין אירע טריבע אויגן אַריין און איר פאַרגעלייגט זייער געזעלשאַפט.

עס האָט איר געאַרט, וואָס די מענער זענען אַזוי, וואָס זיי רעדן אַזוי געוויינלעך צו איר ווי צו זייערס גלייכן. זי האָט פאַרגעסן איר שייכות מיט „סאַנטאַ אַמאַראַ" און די „פענסיאָנען", דאָ לאָקערט איר בליק אויף איר געליבטן, אויף איר אַנטרונען גליק און עפּעס אַ ניגון אַ ווייטער האָט זיך אָפּגעזוכט אין איר האַלדז און אַן אומפאַרשטענדלעך וואָרט האָט זיך געשטעלט אויף אירע ליפּן, ווי אַ ווייסע טויב אַ פאַר־בלאָנדזשעטע איבערן ים, שטעלט זיך אויף אַ שפּיץ פון אַ פעלדז:

— אַמאָר מיאָ, אַמאָר מיאָ...

ענדלעך איז ער אַרויס פון קלייט, געגאַנגען איז ער מיט שטאַרקע טריט. די אָרעמס זענען ביי אים געווען באַלאָדן מיט צוויי רויטע, געפלאָכטענע קוישן.

זי האָט אים אָפּגעשטעלט:

— דאָמינגאָ!

— וואָס ווילסטו, פּאַדלע? — האָט ער געקריצט דאָס וואָרט אין יידיש.

זי האָט זיך ווייטער געבעטן:

— אַמאָר מיאָ, אַמאָר מיאָ!

ער האָט אַ שפּיי געטאָן און זיך געלאָזט גיין.

זי איז אים נאָכגעגאַנגען און פון בוזעם האָט זי אַרויסגעצויגן אַ האַנט פול מיט פּאַפּיר־געלט און עס אים געשטופּט צו די אויגן:

— ס'איז דיין געלט. נעם, איך האָב נאָך, איך האָב נאָך, דאָמינגאָ.

ער האָט אַזוי פאַרשנעלערט זיינע טריט, אַז אַ ווינט איז אָנגעלאָפן. דאָס פּאַפּיר־געלט איז זיך צעפלויגן. ער האָט געשפּאַנט האַסטיק אין דער נאַכט אַריין און זי איז געבליבן שטיין אַ פאַרווירטע, אַן אָפּגעריסענע פון אַ זיסן חלום.

עס האָבן זיך אַרומגעקליבן מענטשן און אויפגעקליבן דאָס געלט, עס איר דערלאַנגט מיט אַ סך העפלעכקייט. זי האָט קיינעם נישט געדאַנקט. מען האָט איר פאָרגעלייגט הילף פון פאַרשידענע זייטן. אַנדערע, מיינענדיק, אַז דער „רוסאָ" האָט זי באַליידיקט, האָבן אַפילו געצויגן זייערע מעסערס פון די גאַרטלען. זי האָט נישט אויסגעהאַלטן. און פון די אויגן האָבן אַ שטראָם געטאָן טרערן, וואָס האָבן זי אינגאַנצן פאַרפלייצט, פאַרשטיקטע קוואַלן האָבן זיך געעפנט, עס האָט געוויינט איר גוף, איר נשמה, אירע חלומות, אירע פאַרגאַנגענע טעג, איר צער, איר בענקשאַפט.

און אין וויינען האָט די ליבע געזונגען, געזונגען ווי אויף אַ פאַרכי־שופטער סטרונע, און עס איז איר אַזוי זיס געוואָרן פון דעם געזאַנג, אַזוי ענג, איינגעדעקט און איינגעוויגט.

מען האָט זי צוגעטראָגן צו דער שוועל פון דער „קאַזאַ אַלעמאַן" און דאַנאַ ראָזינאַ האָט אַרויסגעברענגט אַ גלאָז אייז־וואַסער, געהאָלפן אויפרייסן די פאַרהאַקטע ציין און איר געריבן די שלייפן, דערביי זיך געקרימט פון דעם ביליקן פּאַרפום, וואָס האָט געשלאָגן פון דעם מיידלס האָר און זיסלעך געקיצלט איר אין נאָז...

# דריטער טייל

# פּאַלמען־שאָטן

## קאַפּיטל איינס

די וועלט־אויסשטעלונג לכבוד בראַזיליעס הונדערט־יעריקער באַ־פרייונג האָט זיך געעפנט מיט גרויסע פייערלעכקייטן.

הגם די אַרבעט אַרום דער אויסשטעלונג איז נאָך ווייט נישט געווען פאַרענדיקט, אַ ריי פּאַוויליאָנען זענען ערשט געווען אינמיטן בויען, די אויסשטעל־מכשירים, סחורות און פּראָדוקטן, זענען נאָך נישט געהאַט אָנגעקומען, האָט עס אָבער נישט געשטערט דעם אימפּאָזאַנטן איינדרוק, וואָס די „עקזיבוסיאָן סענטאַנאַריאַ" האָט אַרויסגערופן.

דאָרט, ווו מען האָט פאַרטריבן דעם ים פון די ברעגעס אַוועק, איז אויסגעוואַקסן אַ פּרעכטיק באַבויטע אַווענידע, מיט פּאַוויליאָנען אין סטילן פון פאַרשידענע לענדער און געגנטן.

עס האָבן זיך געהויבן צו די וואָלקנס טורעמס, שאַרף פאַרשפּיצטע, און קיילעכדיקע, איינגעטונקענע אין בלומען און איינגעוויקלטע אין פענער. דעכער, פלאַכע און באַדעקטע מיט פאַרביקע דעכלקעס; בילדער און עמבלעמען פון ווייטע לענדער. די פּראָוויזאָרישע ווענט פון די בנינים, געבויט פון דיקן פּאַפּיר און גיפּס, האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט לופטיקע ווילעס, ערגעץ אויף אַ פאַנטאַסטיש־אינטערנאַציאָנאַלן אינדזל.

יעדעס לאַנד האָט זיך דאָ רעפּרעזענטירט מיט איר אייגנאַרטיקייט און פאָלקסטימלעכקייט. אַן אינטערנאַציאָנאַל פון סטילן, פון אַרכיטעקטור, פון פאַרבן, פענער און הערבן. יעדער פּאַוויליאָן איז געווען אַ מלוכה פאַר זיך. דערביי זענען די פאַרקויפער און אָנגעשטעלטע געווען אָנגעטאָן אין

זייערע טראַדיציאָנעלע, נאַציאָנאַלע מלבושים, און דאָס אַלץ האָט געשאַפן אַ בונטע פאַרביקייט, וואָס האָט אויפגעריסן דאָס אויג פון די באַזוכער.

ביי דער זייט פון יאַפּאַנישן בנין, מיט די לייטערלעך און לופטיקע גאַניקעס, האָט זיך אָנגעהויבן דער מאַסיווער פּאַוויליאָן פון גרויס־בריטאַניע. דער פּאַוויליאָן האָט שוין נישט אויסגעזען ווי אַ צייטווייליקער, נאָר געבויט פעסט און פונדאַמענטאַל — אַ סימבאָל פון איר הערשאַפט: דאָ, ווו זי ציט זיך אַריין, איז עס נישט אויף דערווייל, צייטווייליק, נאָר מיט דער כוונה צו פאַרבלייבן אויף תמיד. אין פאַרגלייך מיט אַנדערע פּאַוויליאָנען, האָט זיך דער בריטישער אַרויסגעזען ווייט און ברייט, הגם אין פּוץ און באַציר איז ער געווען הינטערשטעליק לגבי אַנדערע: אַ ווייסער, מאַסיווער בנין, עטלעכע קאָלומנעס זיילן, ברייטע טרעפּ און ביי די אָנלענען — צוויי לייבן — דער סימבאָל פון איר הערשאַפט.

דער נאָרד־אַמעריקאַנער פּאַוויליאָן האָט זיך אויסערלעך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין אייגנאַרטיקער אַרכיטעקטור און נישט אַפילו מיט קיין ספּעציעלן סטיל.

אַ הויכע, טונקעלע געביידע פון ברוינעם האָלץ אין קאָלאָניאַלן סטיל, ווייסע רעמלעך ביי די פענצטער מיט אַ סך קליינע, פּירקאַנטיקע שויבן. ווען נישט די געשטרייפטע פאָן מיט די ווייסע און רויטע שטערנדלעך, וואָס האָט פונדערווייטנס געפלאַטערט, וואָלט מען קיין ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט דעם פּאַוויליאָן נישט געשענקט.

אין דער צייט, ווען אַלע בנינים האָבן אַזוי חנעוודיק געשמייכלט מיט העלקייט און פרישקייט, ווען אויסערלעכער פּוץ און באַציר האָט אַריינגעקוועלט אין יעדנס אויג אַריין, איז דער אַמעריקאַנער פּאַוויליאָן געווען פּשוט, ערנסט און האָט אויסגעזען ווי פאַרטראַכט איבער אַ וויכטיקערער אָנגעלעגנהייט, ווי זיך צו שלייערן.

און באמת, די וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אַנונג אין דער פּאָליטיק, וואָס איז אָנגעגאַנגען הינטער די קוליסן אַרום דער אויסשטעלונג, האָבן די זאַך אויפגענומען פון דער יום־טובדיקער און דעקאָראַטיווער זייט.

פאַר די ביידע לענדער: נאָרד־אַמעריקע און ענגלאַנד, האָט די אויסשטעלונג געהאַט גאָר אַן אַנדערע באַדייטונג. זיי זענען געקומען אַהער

באַוואָפנט, ווי צו אַ שלאַכט — פאַרכאַפּן עקאָנאָמישע פּאָזיציעס אין לאַנד, אָדער נאָך מער: איינער דעם אַנדערן אַרויסצושטופּן פון דעם באַקוועמען, גאָלדענעם בעט, וואָס הייסט בראַזיליע.

צפון־אַמעריקע האָט זיך נאָך דער מלחמה געוואָלט אַריינשפּאַרן אין די לענדער פון איר קאָנטינענט, וואָס איז צענדליקער יאָרן געווען באַ־הערשט פון ענגלאַנד. האָט זיך ענגלאַנד באַמיט מיט אַלע מיטלען צוריק־צוּוואַרפן דעם קאָמערציעלן אָנגריף; זי האָט דעריבער געמאַכט אַ גרויסע אָנשטרענגונג איבערצושטייגן די אויסשטעלונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן. אַזוי אַרום איז אָנגעגאַנגען אַ העפטיקער קאַמף צווישן די צוויי „פריינד־לעכע״ מדינות.

בראַזיליע אַליין איז געווען גאָר יום־טובדיק און אויפגעהייטערט. כמעט אַלע שטאַטן פון איר לאַנד זענען געווען באַזונדער פאַרטראָטן, סיי דורך באַזונדערע פּאַוויליאָנען, סיי אין דעם אַלגעמיינעם נאַציאָנאַלן בנין. די גרעסטע סוחרים האָבן זיך באַטייליקט. וואָכן פריער האָבן אַרטיסטן זיך געגרייט און דעקאָרירט. ס׳האָט געזאָלט זיין אַ געהויבענער מאָמענט פאַר בראַזיליע צו ווייזן דער וועלט איר רייכקייט און פּראָגרעס.

אירע מוסטערן פון פיינעם האָלץ, איר גומע, קאַווע, וואָל; אירע מינעראַלן: גאָלד, זילבער, אייזן און צינק. אירע פעלד־פּראָדוקטן און אַפילו שטאָטישע אינדוסטריע. היינט אירע מאָדערנע איינריכטונגען: פון שפּיטאָלן מיט מאָדערנע אַפּאַראַטן, פייערלעשער, טורמע־וועגענער — אַלץ האָט געבלאַנקט פון בייקייט.

חוץ דעם זענען געקומען די מאָדערנסטע כלי־זין, וואָס בראַזיליע האָט זיך איינגעשאַפט. די מיליטערישע מכשירים זענען שוין געווען היפּשלעך אויסגעשטעלט און האָבן געזאָלט אויפרייסן די אויגן. נאָר אין דעם פּרט איז די הויפּט־מחותנטע נישט געווען קיין אויסנאַם, ווייל דער פּאַוויליאָן פון טשילי, באָליוויע און פּאַראַגוויי האָבן אויך אויסגעשטעלט די בייסטע כלי־זין און דאָס האָט געזאָלט זיין אַן אָנצוהערעניש:

— נאַט און זעט!

בראַזיליע האָט אויך אויף דעם פּלאַץ פון דער אויסשטעלונג געעפנט דעם נאַציאָנאַלן בנין, אַ פּאַוויליאָן, וואָס האָט לויט דעם פּלאַן געזאָלט

בלייבן שטיין אויף תמיד אַלס אַ פּלאַץ פאַר יום־טובים און פייערלעכקייטן.

די געביידע, וואָס האָט געהייסן „פּאַוויליאָן דאָס פּיעסטאָס״, איז באמת געווען דער שענסטער און מאַסיוועסטער בנין פון דער גאַנצער אויסשטעלונג. דער צוגאַנג צו דעם פּאַוויליאָן איז געווען פון אָפענעם ים. הונדערטער לאָמפּן האָבן ביינאַכט דורך פאַנטאַסטישע אַבאַזשורן געוואָרפן אויף איר זייער ליכט. דער קופּאָל איז געווען ווי אַ טונקעלער טורעם אויסגעזעצט מיט דימענט־שטיינער. דאָס זענען געווען מאָזאַיִק־שטערנדלעך, וואָס האָבן זיך געשפּילט בייטאָג מיט די שטראַלן פון דער זון און ביינאַכט זיך גערייצט מיטן פאַרביקן שיין פון די רעפלעקטאָרס.

די מיליטערישע עסקאַדראָנען האָבן אַרומשפּאַצירט איבער די גאַסן אויסגעפּוצט און אויפגעשליירט. זיי האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די געל־גרינע כאַקי־אָנטועכץ און אַרויפגעצויגן די פייערלעכע מונדירן. אַלע הייזער פון דער שטאָט האָבן זיך געטונקען אין פענער און גירלאַנדן. אַלע האָטעלן זענען געווען פאַרנומען. די שיפן, וואָס זענען צוגעפאָרן צו די ברעגעס, האָבן מיטגעבראַכט טויזנטער אויסלענדער.

דער אַלגעמיינער עולם האָט אָבער אויפגענומען די אויסשטעלונג קאַלט און אומצופרידן.

דאָס לאַנד, וואָס איז אַזוי אויך געווען עקאָנאָמיש שטאַרק געדריקט, האָט אונטער דער לאַסט פון ביידע אָפּצאָלונגען פאַר דער אויסשטעלונג — נייע שטייערן, אָנגעהויבן נאָך מער צו שמאַכטן. און דאָס איז געווען דער ערשטער רעזולטאַט פון די פייערלעכקייטן.

דערצו איז די אויסשטעלונג אויסגעפאַלן בכלל אין אַן אומגליקלעכער צייט פאַרן לאַנד.

איידער זי האָט זיך געעפנט, זענען פאָרגעקומען די וואַלן פאַר אַ נייעם פּרעזידענט. אַזעלכע וואַלן צייכענען זיך געוויינלעך אויס מיט געהעריקער רויִקייט און בירגערלעכן ישוב הדעת. דאָס הייסט פאַר די, וואָס דאַרפן זיך אײַנטיילן מיט דער מאַכט.

דער אַוועקגייענדיקער פּרעזידענט באַשטימט שוין פון פריער זיין „יורש עצר״. ער טרעט אים אָפּ די שטול אויף פיר יאָר, כדי דערנאָך זאָל ער „געזעצלעך״ ווידער קענען זיך אַרויפזעצן אויף דער כסא־המלוכה...

די מעשים אָבער פון דעם לעצטן פּרעזידענט זענען געווען אַזוי אויגן־שטעכנדיק, אַז אַפילו די בירגערלעכע פּרעסע האָט עס שוין נישט מער געקענט פאַרשווייגן און צווישן פאָלק האָט זיך אָנגעהויבן אַן אָנזאָג פון מרידה.

אַ רעגימענט פון פעדעראַלן מיליטער אין דער קאַפּיטאַל־שטאָט, אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל וועלאָזע, האָט זיך אָפן געשטעלט קעגן דעם פּרעזידענט און זיינע נאָכפאָלגער. עס האָט אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד. די אָפיצירן האָבן געשווירן טרייהייט זייער גענעראַל ביים דענקמאָל פון „טיראַ־דענטעס״, און פונקט ווי טיראַ־דענטעס האָט זיך געלאָזט אַרויסרייסן זיינע ציין אין קאַמף פאַר בראַזיליעס פרייהייט, אַזוי האָבן זיי געשווירן זיך לאָזן רייסן אברים פון זייער לעבעדיקן לייב און פאַרניכטן די קאַסטע פון די איבערגעקויפטע הערשער.

צוליב דעם, וואָס דאָס איז געווען אַ מיליטערישער אויפשטאַנד און אויך נאָר פון איין רעגימענט, און צוליב דעם, וואָס דאָס פאָלק האָט בכלל נישט געגלויבט אין די הבטחות פון גענעראַל וועלאָזע, וועלכער האָט אגב אַליין געוואָלט ווערן פּרעזידענט פון לאַנד, האָט זיך די רעוואָלוציע נישט אויסגעשפרייט ווייטער ווי אין די רייען פון דער קאַזאַרמע.

פאַר דער רעגירונג איז אָבער געווען אַ גוטער מאָטיוו צו דערקלערן קריגס־צושטאַנד אין לאַנד. נאָך אַ בלוטיקן ווידערשטאַנד פון דעם צעבונטעווען רעגימענט מיט דער פּאָליציי, איז דער רעגימענט פונאַנדער־געטיילט געוואָרן אין פאַרשידענע מיליטער־אָפּטיילונגען. די רעוואָלטירנדיקע אָפיצירן און דעם גענעראַל וועלאָזע האָט מען געפאַנגען און זיי זענען דורך „געהיימע אומשטענדן״ דערשאָסן געוואָרן אין די תפיסות.

דער קריגס־צושטאַנד איז אָפּגעהיט געוואָרן אין די ערשטע צייטן זייער האַרב. די צענזור אויף פּרעסע און פאַרזאַמלונגען איז געווען אַ שטרענגע. די פעדעראַלע מאַכט האָט אויפן גאַנצן לאַנד אַרויפגעלייגט איר האַנט און ביי דער לאַגע זענען דורכגעפירט געוואָרן די „געזעצלעכע וואַלן״, און פּרעזידענט איז געוואָרן דער, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אין רעגירונגסהויז.

## קאַפּיטל צוויי

דער עקאָנאָמישער מצב איז געפאַלן אין לאַנד, ווי דער קוועק־זילבער אין טערמאָמעטער אונטער דער זעראָ.

די אומצופרידנקייט פון די מאַסן האָט זיך שוין גענומען אַרויסשיילן. אויף „פּראַזאַ מאַוּאַ" האָבן זיך שוין פאַרזאַמלט טויזנטער אַרבעטער מיט הונגעריקן פלאַם אין די אויגן, מיט פּראָטעסט אויף די ליפּן און די קנאָכיקע פויסטן האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפבײַלן.

אַ טאָג נאָך דעם אַוועקגיין פון פּרעזידענט האָט מען אָנגעהויבן אויפצודעקן די שיינע מעשים. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין משך פון פריערדיקן „פּעריאָד" זענען גאָלדענע אברים אָפּגעריסן געוואָרן פון לאַנד און אַוועקגעשענקט געוואָרן צו אויסלענדישע קאָמפּאַניעס אַלס מתנות. גאָלד־גרובן, דימענט־פעלדער זענען פאַרקויפט געוואָרן בחצי־חינם. און מינעס, וואָס האָבן געהערט צו דער נאַציע, זענען פשוט אַוועקגעגנבעט געוואָרן.

אונטערן אויסרייד פון קריגס־צושטאַנד האָט מען לייכט געקענט פאַרשטופּן די מיילער פון די „העצערישע" צייטונגען. די שעף־רעדאַק־טאָרן זענען אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן אויף אומבאַוווינטע אינדזלען.

כדי אויסצומיידן אַן ענטפער איז דער אַראָפּגייענדיקער פּרעזידענט תיכף צומאָרגנס נאָך זיין פאַרלאָזן דעם העכסטן אַמט, אָפּגעפאָרן קיין רוים. באַפרייענדיק זיך פון די „פליכטן" אַלס ערשטער בירגער צווישן עטלעכע און דרייסיק מיליאָן, האָט ער געוואָלט זיך אַ ביסל אָפּרוען און נעמען אַ ברכה פון געגעזונג ביים פויפּסט אין וואַטיקאַן, וועלכער האָט געהאַט אין פּרעזידענט אַ נוצלעכן דינער פאַר דער קאַטוילישער קירך אין בראַזיליע.

„פּראַזאַ מאַוּאַ", דער זוניקער טויער צו בראַזיליעס ליכטיקער הויפּט־שטאָט, איז געווען באַלאַגערט פון מענטשן. עס איז געווען אַן אויפגע־שרויפטער יום־טוב. די רעגירונגס־באַאַמטע, וואָס ציילן זיך אין די צענד־ליקער טויזנטער, די רעזערוו־פּאָליציי, דאָס פעדעראַלע מיליטער פון די ריאָ־דע־זשאַניירא־רעגימענטן, מאַטראָסן פון קריגס־שיפן, שפּיאָנען, דעלעגאַ־

ציעס פון פאַטריאָטישע פאַראיינען, אָנגעשטעלטע פון קלויסטערס, גלחים, הייליקע שוועסטער און קינדער פון די רעגירונגס־שולן — אַלץ איז געווען פאַרזאַמלט. יעדע אָפטיילונג מיט איר פאָן, מיט איר אָרקעסטער און עמבלעם. די זייטיקע גאַסן און אַווענידעס זענען געווען אָנגעפּאַקט, אַ פאַר־פלייצונג פון שטרויענע היט, זיידענע פּאַראַסאָלן און פאַרביקע בענדער. דעם פּאַרקער פון די „באַנדאַס״ און אויטאָמאָבילן האָט מען געלענקט דורך די זייטיקע גאַסן. קאַוואַלעריע אויף פערד און אַרטילעריע מיט אַלערליי מאַשין־געווער און גרויסקאַליבערדיקע האַרמאַטן — אויף די הויפּטגאַסן.

פאַר נייגעריקייט איז שוין געשטאַנען אַ גרויסער עולם אין די פענצטער, אויף די באַלקאָנען, מען האָט געקלעטערט אויף די טעלעגראַף־סלופּעס און טורעמס פון די דעכער. דאָס איז געווען דער טאָג, ווען דער נייער פּרעזידענט האָט איבערגענומען די מאַכט און דער אַלטער איז אַוועקגעפאָרן קיין רוים.

מען האָט נאָך קיינמאָל נישט געמאַכט אַזאַ פּאַראַד, אָבער די פייער־לעכקייט איז געווען דער סימן פון שרעק פאַרן אייגענעם שאָטן. מען האָט דעמאָנסטרירט, מען האָט מיט די מאַניפעסטאַציעס געוואָלט ווייזן, אַז דאָס פאָלק איז מיט דעם נייעם הערשער, און געזעגנט זיך פייערלעך מיט דעם אַוועקגעגאַנגענעם.

נאָר אין דער אמתן איז דאָס פאָלק אָנגעקומען פון אַנדערע וועגן: דורך זייטיקע געסלעך האָט געשטראָמט אַ פינצטערע מחנה, וואָס האָט אויסגעזען ווי שאָטנס. עס זענען אָנגעקומען אַן ערך עטלעכע טויזנט ים־אַרבעטער און פּאָרט־טרעגער. די איינגעריסטע פּנימער, איינגעפּעצטע פון אייל און שווייס, האָבן זיך געקרימט פון צאָרן און פאַרדרוס. אַ טייל האָבן געטראָגן קויטיקע רעקלעך, אַנדערע אין ברודיקע צעריסענע העמדער. די פיס זענען געווען אײנגאַנצן אָדער כמעט באָרוועס און דער צעגליטער אָספאַלט האָט געבריט זייערע טריט.

צווערשט האָט מען פאַר זיי אָפן געלאָזט דעם וועג צו דער „מאַוואַ״, אָבער באַלד האָט זיך אַן אָפּטיילונג פון רייטער־פּאָליציי אויף אויסגעצירטע

אייזל־פערד געלאָזט אַנטקעגן דער מחנה און זיי גענומען פונאַנדערטרייבן און צעיאָגן.

עס האָט אָנגעהויבן ווערן אַ טומל. אַ בלאַנקע שווערד האָט, ווי אַ ווייסער שטראַל, געגעבן אַ בליץ אין דער בלוי־גאָלדענער לופט. איבער די קעפּ האָבן זיך אַראָפּגענייגט שטילעטן פון ביקסן און די שפּיאָנען אין ציווילע מלבושים האָבן שוין געשלעפּט איינציקווייז די אָנגעקומענע שאָטנס פון דחקות, שלאָגנדיק מיט הענטלעך פון רעוואָלווערן איבער קעפּ און פּלייצעס.

דער פּאַראַד איז כמעט נישט געשטערט געוואָרן. ווייל נאָך איידער די פּאָליציי האָט באַוויזן אָוועקצושלעפּן די לעצטע מולאַטן, האָבן זיך שוין געהערט הוראַ־אויסגעשרייען, באַראַבאַנעוועו אויף פּויקן און אַ טרומיי־טערן, וואָס האָט פּאַרטויבט די אויערן.

אין דעם: אַ טרובען פון אַ שיף, וואָס איז געשטאַנען געאַנקערט ביים ברעג, איינגעהילט אין גרינע פּענער, מיט אַ ריזיק גאָלדענער אויפשריפט: „אָרדען אי פּראָגרעס!" — בראַזיליעס נייער, נאַציאָנאַלער לאָזונג...

עס איז אָנגעקומען דער אַוועקגייענדיקער פּרעזידענט, מיט זיין סוויטע. ער האָט זיך באַגריסט צום יובלדיקן עולם און, פּאַר אַלעמען אין די אויגן, האָבן זיך ביידע פּרעזידענטן פון לאַנד אַרומגענומען, אָרעם אין אָרעם, ברוסט צו ברוסט, זיך געגלעט איבער די פּלייצעס און לסוף זיך צעקושט.

דאָס האָט אַריינגעבראַכט דעם עולם אין התלהבות און אפשר איז דאָס געווען אַן ענטפער אויף דעם פריערדיקן אָנגערוקטן שאָטן פון די עטלעכע טויזנט אַרבעטער. דער עולם האָט הייס אַפּלאָדירט אָט דעם דאָזיקן אַקט, געדרייט מיט די היט, געוואָרפן מיט טיכלעך און געשריגן הוראַ, ביז די שיף האָט זיך אַרויסגערוקט אין אָפענעם ים אַריין.

✶

אין דער זעלבער צייט, וואָס אַלע הויפּט־באַאַמטע פון דער שיף, פון קאַפּיטאַן ביז צו דעם הייצער, זענען געשטאַנען ביי דער הויפּט־טיר לכבוד בראַזיליעס עקס־פּרעזידענט, איז דורך דעם וועג, וואָס פירט מיט

אַ בריקל־לייטער צו דעם דריטן קלאַס, אַרויפגעגאַנגען אַ מענטש, אַפילו אַנגעטאָן אַ ביסל ריינער און רייכער, ווי אַ געוויינלעכער דריטער־קלאַס־פּאַסאַזשיר, אָבער קיינער האָט אים נישט איבעריק באַטראַכט, וואָס איז דען דער חידוש מיט אַ פּאַסאַזשיר, וואָס פאָרט קיין איטאַליע?

דער דאָזיקער פּאַסאַזשיר איז געווען דאָקטאָר אַלפרעדאָ ריאָ מאָטאָראָזאָ, אַן אַלטער פּראָפעסאָר פון יוריספּרודענץ, אַ דעפּוטאַט אין נאַציאָנאַלן קאָנגרעס און רעדאַקטאָר פון דער צייטונג „אָ גלאָבאָ".

אַלפרעדאָ ריאָ מאָטאָראָזאָ איז געווען קאָמפּלוסטיק, שאַרף־שפּיציק אין זיינע אַרטיקלען, אָבער שטענדיק געשטיצט די רעגירונג, פאַרמאַכט די אויערן, ווען אין דער גאַס האָבן זיך געטראָגן „קלאַנגען" וועגן „געוויסע" אויפדעקונגען. ער האָט פּאָלעמיזירט, בייסנדיק, מיט נישט וויכטיקע צייטונגלעך, וואָס האָבן געוואָלט אין עפּעס זיך אָנכאַפּן, כדי עס זאָל באַרעכטיקן זייער עקזיסטענץ. ער האָט מיט איין פעדער־שטריך אַוועקגעלייגט אַלע שונאים פון דער הערשנדיקער מאַכט. אין פּאַרלאַמענט האָט ער באַקעמפט יעדן פּרווו פאַר ליבעראַלע געזעצן. ער איז אַפילו געווען קעגן איינפירן אַ שול־צוואַנג. ער איז געווען דערפאַר, אַז די דאָזיקע פראַגע צו באַהאַנדלען זענען מסוגל בלויז די פּראָווינציעלע פּאַרלאַמענטן און מען טאָר זייער רעכט נישט אַוועקנעמען. אָבער זינט דער מרידה פון גענעראַל וועלאָזע, האָט זיך דאָקטאָר ריאָ מאָטאָראָזאָ אינגאַנצן פאַרענ־דערט. צו אים זענען אַריינגעפאַלן דאָקומענטן, וואָס ווען ער פאַרעפנט־לעכט זיי, וואָלטן זיך די יסודות פון בראַזיליע אַזאַ וואַקל געטאָן, אַז דאָס פאָלק וואָלט אַריין אין גערעכטן צאָרן און וואָלט תיכף אָפּגעשאַפט די אָרדענונג און איבערגענומען די מאַכט אין די הענט.

ריאָ מאָטאָראָזאָ איז געווען דורך און דורך קאָנסערוואַטיוו. דער שאָטן פון קאָמוניסטישן רוסלאַנד איז געשטאַנען פאַר זיינע אויגן, און די קאָמוניסטישע רעגירונגס־פּרווון אין אונגאַרן און דייטשלאַנד האָבן געהאַלטן אָפן און וואַכזאַם זיין אויג. ער האָט געוווסט, אַז אין דער לופט טראָגט זיך אַרום אַ ריח פון פּולווער, און צו די ברעגעס פון בראַזיליע קומען טעגלעך הונדערטער אויסלענדישע דריטע־קלאַס־עמיגראַנטן. זיי קומען פאַרקויפן זייער אַרבעט און פלייס, אָבער צוזאַמען מיט זיי קומט־מיט

דער צאָרן. אמת, דערווייל נאָך אין אַ פּאַראַליזירטן צושטאַנד, אָבער ער וועט אָנצינדן, אויפּברויזן און דאַן וועט בראַזיליע ווערן געגליכן צו דעם זקן, אייראָפּע, און דאָס יונגע לאַנד וועט צו גרונט גיין איבער זינד פון די אַלטע לענדער.

צוליב דער דאָזיקער מורא האָט ער נישט פאַרעפנטלעכט די מאַטעריאַלן, וואָס וואָלטן דעם פּרעזידענט און די מיניסטאָרן געשטעלט אין זייער נישט קיין שיינעם ליכט. און נאָך מער — אַ סך סענאַטאָרן און דעפּוטאַטן זענען געווען פאַרמישט אין גרויסע נאַציאָנאַלע שווינדלערייען. אָבער די „קאָלעגיאַלע עטיק" האָט אים נישט דערלויבט די פאַקטן אַרויסצוברענגען אין דער עפנטלעכקייט.

מיט דעם גענעראַל וועלאָזאָ האָט זיך דאָקטאָר ריאָ מאָטאָראָזאָ ענג צונויפגעבונדן. צוזאַמען מיט אים האָט מען אויסגעאַרבעט די פּלענער פאַר אַן אויפשטאַנד. ער האָט געשטיצט דעם גענעראַל מיט עצות און געלט, נאָר איין זאַך האָט דער גענעראַל נישט געקענט פּועלן: ער זאָל פאַרעפנטלעכן די דאָקומענטן, וואָס וואָלטן זיכער געגעבן דעם פּרעזידענט און זיינע נאָכפאָלגערס אַ טויט־קלאַפּ.

מאָטאָראָזאָ האָט עס נישט געקענט פּועלן ביי זיך. ער האָט געזעצן אין דעם פאַרראַט. חוץ דעם וואָלט דאָס פאָלק געוויס גענומען אַ שטעלונג אין דעם ענין און מאָטאָראָזאָ האָט וויכטיק געוואָלט, אַז דאָס פאָלק זאָל זיך צופיל פאַרנעמען מיט „אינערלעכע" אָנגעלעגנהייטן אין דער פּאָליטיק.

אויף דעם גרונט זענען אַנטשטאַנען שאַרפע אינצידענטן צווישן דעם גענעראַל וועלאָזאָ, זיינע אָפיצירן און דאָקטאָר ריאָ מאָטאָראָזאָ. עס האָט געהאַלטן אַפילו, אַז מען זאָל חושד זיין דעם דאָקטאָר אין צוויי־פּנימדיקייט, אין רייטן אויף צוויי פערד.

דעמאָלט האָט זיך ריאָ מאָטאָראָזאָ צוריקגעצויגן אַלס דעפּוטאַט פון קאָנגרעס, כדי מיט זיין זיין דאָרט זאָל ער נישט געבן אַ הסכמה אויף די מעשים, וואָס די פּאָליטיקער פירן אָן אין לאַנד.

נאָכדעם, ווי די רעגירונג האָט אַזוי ברוטאַל און שאַרף אונטער־דריקט דעם אויפשטאַנד פון גענעראַל וועלאָזאָ, פאַרשיקט און דערהרגעט זיינע אָנהענגער, דערקלערט קריגס־צושטאַנד און פאַרשלאָסן דאָס מויל

פון דער פּרעסע און פרייע פֿאַרזאַמלונגען, האָט זיך דער דאָקטאָר ריאָ מאָטאָראָזאָ אַרומגעזען, ווי נישט גערעכט ער איז געווען, ווי פֿאַלש זיין באַהויפּטונג איז, אָבער עס איז געווען צו־שפּעט עפּעס צו טאָן. פּרעזידענט איז געוואָרן אַ נאָכפאָלגער פון פריערדיקן, די שווינדלערייען מיטן נאַציאָנאַלן אייגנטום וועלן זיך אַפילו אויף איין טאָג נישט איבער־רייסן. דעמאָלט איז ער ערשט אַרויס מיט אַן אַטאַקע אין זיין „אָ גלאָבאָ״ קעגן די הערשער און האָט אָנגעוויזן:

— דאָס עשירות פון לאַנד ווערט אַרויסגעצויגן פון פרעמדע קאַפּיטאַלן, ווערט אָנגעלאָדן אויף פרעמדע שיפן און אָפּגעשיקט צו פרעמדע האַפנס, און דאָס פאָלק, דאָס אייגענע יונגע פאָלק — בראַזיליע, ווייקט זיך אין דחקות און ווערט איינגעצערט אונטער דער לאַסט פון פאַרמשכנטע רייכטימער.

זיין אַטאַקע האָט אָבער נישט אַרויסגערופן קיין באַזונדערע אויפ־מערקזאַמקייט צווישן פאָלק. מען ווייסט עס אַליין אויך, האָט מען געמורמלט. די אויפרעגונגען זענען שוין געווען נאָך דער צייט. דערצו האָט מען מיטן אויסרייד פון דער וועלט־אויסשטעלונג איינגעאָרדנט אַלערליי לאַנדס־פייערלעכקייטן און פאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציעס און מען האָט אָפּגעצויגן דעם אינטערעס פון עולם פון „הויך־פּאָליטיק״.

איינמאָל איז דער „אָ גלאָבאָ״ אַרויס מיט אַ לייט־אַרטיקל געשריבן פון ד״ר אַלפרעדאָ ריאָ מאָטאָראָזאָ, ווו ער האָט פשוט דערקלערט: גענע־ראַל וועלאָזע און זיינע מיטאַרבעטער זענען דערמאָרדעט געוואָרן אָן אַ געריכט.

דער אַרטיקל איז באמת געווען אַן אויפרייצנדיקער און פון דער שאַרפקייט האָט זיך געטראָגן דער בליק פון געצויגענע שווערדן. גענעראַל וועלאָזע איז געווען באַליבט ביי די העכערע מיליטערישע אָנפירער. זיין דערמאָרדונג האָט געשטאַמט פון די פעדעראַלע פּאָליציי־אָרגאַנען. דאָס וואָלט געקענט פירן צו אַ צוזאַמענשטויס צווישן מיליטער און פּאָליציי. אין די קרייזן פון דער רעגירונג האָט מען באַשלאָסן אונטערן אויסרייד פון קריגס־צושטאַנד, דעם „אָ גלאָבאָ״ צו פאַרמאַכן און דעם רעדאַקטאָר מאָטאָראָזאָ צו אינטערנירן.

אין דער צייט, וואָס אין ריאָ־דע־זשאַנייראָ איז אָנגעגאַנגען די פייערלעכקייט, איז דאָקטאָר ריאָ מאָטאָראָזאָ געזעסן אין אַ ווילע אין דער געגנט פון סאַן־פראַנציסקאָ, אָפּגעזונדערט פון אַלץ און אַלעמען, און זיך געגרייט אַרויסצוטרעטן מיט אַזאַ אַקט, אַז עס זאָל דאָס לאַנד אויפרודערן.

זייענדיק אָפּגעזונדערט פון מענטשן, האָט ער זיך פאַרלאָזט אַ באָרד און לאַנגע האָר, זיך צוגעוווינט צו טונקעלע ברילן, אַזוי, אַז זיינע באַקאַנטסטע האָבן אים מער נישט דערקענט.

ער האָט אויסגעפּלאַנט, אַז אין טאָג, ווען דער עקס־פּרעזידענט וועט זיך אויפזעצן אויף דער שיף, זאָל ער אויך פאָרן ווי אַ געוויינלעכער אימיגראַנט אין זיין היימלאַנד, איטאַליע.

דעם גאַנצן וועג האָט קיינער נישט באַמערקט, אָדער געטראַכט, אַז דער דאָזיקער „לאָקש", דער מיט די לאַנגע האָר און באָרד, איז דער באַרימטער אַדוואָקאַט, דעפּוטאַט פון נאַציאָנאַלן קאָנגרעס און רעדאַקטאָר פון דער גרעסטער בראַזיליאַנער צייטונג.

ער איז געזעסן מיט נאָך עטלעכע „צוריקפאָרער", געוועזענע אימי־גראַנטן, וואָס זענען אַמאָל אַהער געקומען מיט חלומות, וועגן ברויט און פאַרדינסט, וועגן שפּאָרן געלט און קויפן לאַנד, און צוריק זענען זיי געפאָרן צעקאַרבטע און אין יעדן קנייטש פון זייערע פּנימער איז געלעגן אַנטוישונג, קראַנקייט, אויסגענאָגטע ענערגיע און צעבראָכענער ווילן.

ביים טיש האָט זיך דער דאָקטאָר באַגעגנט מיט פאַרשידענע טיפּן. מיט איינעם האָט ער זיך גאָר נאָענט באַקענט. דאָס איז געווען אַ יונג מיט אויגן, ווי צייטיקע פלוימען, אַ בלויילעכן סאַמעט אין די אַפּלען, הויך און גלייך געוואָקסן, ווי אַ פאַלמע.

ריאָ מאָטאָראָזאָ האָט אים איינמאָל געפרעגט:

— ווּהין פאָרסטו, מיין פריינט?

— צוריק אין מיין לאַנד, אין מיין נעאַפּאָל.

— אַך, נעאַפּאָל!

— זייט איר שוין געווען אַמאָל אין נעאַפּאָל, סעניאָר?

— ניין, איך פאָר דאָס ערשטע מאָל קיין איטאַליע.

— און איך האָב געמיינט, אַז איר זייט אַן אָפּערע־זינגער.

— פונוואַנען דרינגסטו דאָס ?

— פון אייערע לאַנגע האָר און פאַרפּלאָנטערטער באָרד.

— ביסט נישט לאַנג געווען אין בראַזיליע ? — האָט דער דאָקטאָר געפרעגט.

דער יונג האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי איינער, וואָס וואָלט געוואָלט זיינע פליגלען אויספּרוּוון :

— געווען, געווען סעניאָר, נאָך לענגער, ווי מען האָט געדאַרפט.

שפּעטער זענען שוין ביידע געזעסן פאַרשטעקט צווישן די רעדער און מאַשינען אויפן דעק ביים „באָז״ פון דער שיף. דער יונג האָט כסדר דערציילט זיינע איבערלעבונגען אין בראַזיל. דער דאָקטאָר איז געזעסן, געוואָרן ערנסטער און פאַרטראַכטער. ערשט איצט, הונדערטער מיילן ווייט פון זיין לאַנד און זיין ערד, האָט ער ערשט דערקענט זיין „פּאַטריאָ״. דורך דעם מויל פון אַ פּשוטן מענטשן, דורך אַ פרעמדן, אַן אויסלענדער, האָט ער זיך דערוווּסט אַזוי פיל אמתן וועגן דעם גרויסן אומגעזעענעם שקר, וואָס הערשט, וואָס רעגירט אין זיין הייס־געליבטן פאָטערלאַנד.

דער יונג איז געווען אַ קלוגער וואַגאַבונד און האָט אַלץ פאַרשלונגען אין זיין בליק. ער האָט מיט ווינציק מיטלען דורכגערייזט דאָס גאַנצע לאַנד : פון די ווילדענישן אין מאָטאָ גראָסאָ, ביז די גומע־פּלאַנטאַציעס און די אַמאַזאָנען. געווען אַ מאַטראָס אין נאַציאָנאַלן פלאָט און געאַרבעט אין די קעז־פאַבריקן פון מינע זשאַרייס. זיך געבראָטן אויף די קאַווע־פּלאַנטאַציעס פון סאַן־פּאַולאָ און געפירט פאַרפוילטע קאַרטאָפל פון די פוילישע קאָלאָניעס אין פּאַראַנאַ, קיין ריאָ־דע־זשאַניירא. געטריקנט דעם שווייס אין די צוקער־פאַבריקן פון פּערנאַמבוקאָ און געלייגט רעלסן ביי בייע אייזנבאַנען אין וויקטאָריע. אַ גאַנצע וועלט האָט דער יונגערמאַן דורכגעמאַכט, פון אומעטום געפרוּווט ציען אַן אָרעם שטיקל ברויט און אָפּשפּאָרן די בויטיקע סומע מילרייס, כדי זיך צונויפצוקומען מיט איר, מיט זיין אַמאַליאַ.

און ווייל זיין פּנים איז געווען טונקל, די האָר פייכט און גלאַנציק,

און ווען ער האָט גערעדט האָט ער געמאַכט מיט די הענט, האָט מען אים נישט צוגעלאָזט צו די מאַשינען און צו קיין העכערע שכירות. זיין פאַרדינסט האָט זיך מיט גאָרנישט אונטערשיידט פון די אָרעמע פאַרדינסטן פון די בראַזיליאַנער. דאָס האָט ער געהאַלטן פאַר אַ גרויסער עוולה. אמת, ער שטאַמט טאַקע אויך פון דער לאַטיינישער ראַסע, אָבער, וואָס שייך אַרבעט, טאָר מען אים נישט קלאַסיפיצירן צוזאַמען מיט די פּאָרטו־געזער, וואָס שטעלן זיך צופרידן מיט דריי־פיר מילרייס אַ טאָג, האָבן חתונה מיט מולאַטישע פרויען און אַמאָל מיט פשוטע שוואַרצע.

האָט ער דעריבער געוואָרפן די אַלע אַרבעטן און זיך צוריק אומגע־קערט צו דער „קאַפּיטאַל פעדעראַל" מיט דער האָפענונג, אַז ער וועט דאָרט פאָרט קריגן עפּעס אַ לייטישע באַשעפטיקונג. דעמאָלט וועט ער זיך אָנשטענדיק אָנטאָן, זיך פאָטאָגראַפירן און אַהיימשיקן זיין אַמאַליען אַ בילד פון זיך.

ער וואָלט שוין אַפילו באַשטאַנען צו גיין צום פּאָרט אָנלאָדן שיפן, וואָס גייען אַוועק מיט כל טוב פון בראַזיליע אין דער ווייטער וועלט אַריין, אָבער ער האָט צו דעם אויך קיין מזל נישט געהאַט. זיין מזל האָט אים נישט געדינט פון דער ערשטער מינוט אָן, זינט ער איז געבוירן געוואָרן.

ער האָט בשום אופן נישט געקאָנט קריגן קיין אַרבעט אַפילו נישט אין אַ רעסטאָראַן, ווייל עס זענען געווען בילכערע פון אים, — די וואָס האָבן געאַרבעט בלויז פאַרן עסן.

ביי אַנדערע אומשטענדן וואָלטן שוין אין זיינע מחשבות געקומען ראַדיקאַלע געדאַנקען, נאָר ער האָט אָנגעהויבן געפינען מזל אין די געסלעך, אין די פּענסיאָן־הייזער. און אויב נישט זיין נשמה, האָט אָבער זיין מאָגן געקראָגן אַ באַפרידיקונג, און די טענות זענען אינגאַנצן איינגעשטילט געוואָרן, וואָרעם ער האָט שטאַרק נושא־חן געווען ביי די באַלעבאָסטעס פון די צימערן.

— איך בין געוואָרן אַ מין אויבער־קעלנער. באַדינט די געסט, צוגענומען זייערע קאָפּעליושן, זייערע שטעקנס און איידער זיי זענען געגאַנגען מיט די מיידלעך, האָבן מיר אַפילו געטרונקען צוזאַמען.

...די געסט האָבן די ערשטע צייט געדרייט מיט די נעז, עפּעס אַ געפּיל פון בושה האָט אַרויסגעשלאָגן אויף זייערע פּנימער. עפּעס איז זיי נישט אָנגעשטאַנען, וואָס איך, אַ מאַנסביל, בין אַ גאַנצער מחותן אין אַזאַ הויז. אָבער שפּעטער האָבן זיי איינגעזען די נוצלעכקייט פון מיין מיסיע, ווייל אַ פאַרשוין, וואָס האָט איבערגעלאָזט אויף טרינקגעלט נישט נאָר דעם מיידל, נאָר מיר אויך, האָט שוין געקענט זיין זיכער, אַז איך וועל אים באַשיצן פון אַ סך פּורעניות.

דער איטאַליענער האָט דאָ אויסגערעכנט אַ צעטל מיט חטאים אויפן חשבון פון דער רעגירונג, איבערהויפּט אויף דער ריער מוניציפּאַליטעט, דערפּאַר, וואָס זי לאָזט אויף הפקר די „געזעלשאַפטלעכע נויטווענדיקייט", פּשוט גערעדט, וואָס זי נעמט נישט אונטער איר שוץ די געוויסע הייזער. זי אָנערקענט נישט, אַז אין שטאָט געפינען זיך אַזעלכע נעסטן. אויב עס זענען פאַראַן „ווייסט זי נישט". כאָטש עס איז אוממעגלעך דורכ־צוגיין, נישט נאָר אין דער געגנט פון לאַפּי, נאָר אויך אויף פּאָנטאַ־שיק און אַפילו אויף דער פּראַזאַ מאַרשאַל פלאָריאַנאַ, ביים מוניציפּאַל טעאַטער, אַז מען זאָל זיך נישט אָנשטויסן אויף „זיי".

דערצו זענען פאַראַן אַזוי ווינציק פרויען אין לאַנד. און צו די בראַזיליאַנער ברעגעס שווימען צו טאָג־טעגלעך שיפן פון אַלע טיילן פון דער וועלט. און די שיפן שטויסן אַרויס הונדערטער מענער: צי דאָס זענען רייכע אויסלענדער, וואָס קומען אַהער זיך קוויקן מיט דער שיינקייט פון די סאַנטאַ־טערעזע בערג, וואָס ציען זיך, ווי אַ קייט לענג־אויס דעם ים־אויסגוס; צי עס זענען פאַרזאָרגטע און פאַרכמורעטע פּאָרטוגעזער, וואָס קלאַפּן אָן אין די טירן פון די פייכטע באַרג־שטיבלעך ביי מולאַטן אָדער נעגערס, און בעטן אַ ביסל „פּאַזשאַן" מיט רייז און אַ געלעגער איבדרויסן, ביי זייערע שוועלן.

און אַמאָל — זענען עס טערקן, גריכן און יידן, וואָס אַ שעה נאָך זייער אָנקומען אין לאַנד זענען שוין זייערע פּלייצעס איינגעשפּאַנט אונטער דער לאַסט פון אַרטיקלען, וואָס זיי גיבן אויף אויסצוצאָלן — פּעדלעריי.

אַ סך וואָלטן גערן זיך דאָ „אָפּגעשטעלט", ווען עס זאָל זיין מיט

ווען חתונה צו האָבן און אויפצושטעלן אַ שטיקל היים. אָבער די היגע פרויען פאַרלאַנגען, אַז דער לוקסוס זאָל רינען גלייך פון דער שטראָלנדיקער זון גלייך צו זיי אין די הייזער אַריין...

אַ פשוטן מאַן איז אוממעגלעך צו קאָנען פאַרשאַפן דעם געהעריקן ווילטאָג פאַר זיין געליבטער, כלה אָדער זיין פרוי.

— אַפילו נאָך דער חתונה, — האָט דער איטאַליענער ווייטער גערעדט — נאָך דער חתונה הויבט זיך ערשט אָן אַ מעשה מיט היטן. מען מוז דאָס אייגענע ווייב היטן, ווי פון אַ בייז אויג. וואָרעם אין דער אמתן, ווי האָט מען געזען אַזויפיל אויגן זאָלן זיך אויסשפּיזלען און אַזויפיל קעפּ זאָלן זיך אויסדרייען בעת אַ פרוי גייט אַליין אַריבער די גאַס?

דער שאָרך פון אַ פרויאיש קליידל איז ווי דער כישוף פון פליגל. ליידיקגייער זיצן ביי די קאַפע־טישלעך, אויף די מאָזאַיק־געפלאַסטערטע טראָטואַרן, אויף דער אַווענידאַ ריאָ־בראַנקאָ, מיט הויכע, שטייפע קעלנער און קליינע שוואַרצע שניפּסעלעך, און זאָגן נאָך „פסוקים" יעדער פאַרבייגייענדיקער פרוי.

און ווען אַ פרוי זעט, ווי די פנימער פון די מענער צעגיסן זיך פון תענוג, בעת זי גייט אומגערן אַ וואָרף אַ בליק אויף זייער זייט, נעמט זי זיך איבער, ווערט שלעכט צום מאַן, קאַפּריזנע. הויבט דער מאַן אָן חושד צו זיין און די שלאַנג פון אייפערזוכט נעמט נאָגן אין ברוסט. דאַכט זיך אים, אַז אַן אומבאַקאַנטער, ווען ער קען נישט און ווייסט נישט, ווען ער זעט נישט, טרעט נישט אָפּ פון אים און מיט אַ גרויסן לעפל גיסט ער אַריין אין זיין אינגעווייד צעגליטן בליי. גלאַנצן שוין אויף די אויגן צוזאַמען מיטן שטילעט ביים שיין פון גאַס־לאָמפּ.

— דערפאַר, מיין הער — האָט דער יונג געפּרוווט פאַרענדיקן — זענען פאַראַן אַזוי פיל מאָרדן אינעם דאָזיקן לאַנד. אַזוי פיל קוילן ווערן אַריינגעשאָסן אין אייגענע און פרעמדע ברוסטן. אָפּן מעגן דאָ זיין די טירן פאַרן גאַנצן האָב און גוטס, נאָר נישט די טיר פון צימער, וווּ אַ פרוי געפינט זיך.

✶

אין משך פון דער רייזע זענען ביידע זייער שטאַרק באַפריינדט געוואָרן. דער דאָקטאָר ריאָ מאַטאַראַזאָ האָט זיך שוין נישט איינמאָל שיר אויסגעבען, אי מיט זיינע רעוואָלוציאָנערע פּאַטריאָטישע אַרגומענטן, אי מיט זיין ברייטקייט פון הייסן די קעלנער, פּאַר עקסטרע געצאָלט, ברענגען די בעסטע שפּייזן און וויינען פון דעם ערשטן קלאַס.

אין דעם דאָזיקן איטאַליענישן בחור האָט ער געזען די גאַנצע מיינונג, וואָס מען האָט אין אויסלאַנד וועגן בראַזיליע. און אין האַרצן האָט ער זיך געפרעגט: נו, אין פראַנקרייך איז דען בעסער? איז דאָס גאַנצע צעהוליעטע לעבן נישט קאָפּירט פון פּאַריז? איז עס דען נישט אַן איבערגעפלאַנצטע מידה פון מערב־אייראָפּע, דאָ אַהער איבער דער זייט עקוואַטאָר? איז דען נישט אַזוי אין בוענאָס־איירעס? אין סאַנטיאַגאָ דע טשילי? ער האָט דאָך דאָרט געזען אַזויפיל פאַרדאָרבנקייט, אַז די פּעסט פון דער סיפיליס־מגיפה שפּאַנט אַרום אין לאַק־שיך איבער די דאָרטיקע רייכע קוואַרטאַלן.

ער ווייסט דאָס אויסגעצייכנט. ער איז אַמאָל אַרומגעפאָרן מיט אַ קאָמיסיע בראַזיליאַנער פּראָפעסאָרן איבער גאַנץ דרום־אַמעריקע — כלומרשט וועגן אַן אַנדערן ענין; זייענדיק, אין בוענאָס־איירעס, איז דאָס פּראָבלעם זייער שטאַרק אַרומגערעדט געוואָרן פון אַ גרופּע מעדיקער, וואָס האָבן דעם ענין זייער ערנסט באַטראַכט. ער געדענקט, אַז כמעט אַלע האָבן זיך, פּונקט ווי דער בחור דאָ, געוואָרפן מיט טענות אויף בראַזיליע, אַז זי פאַר־שפּרייט די צרעת אין דרום־אַמעריקע. און ווען ער וואָלט איצט אויך גערעדט, נישט נאָר אויסגעהערט, וואָלט ער דעם יונגנמאַן אַ פרעג געטאָן:

נו, און ביי אייך, אין איטאַליע, איז בעסער? זענט איר נישט, צוגלייך מיט דער גאַנצער לאַטיינישער ראַסע, אָנגעגריפן און אַדורכגעפרעסן? ביי קיינעם איז נישטאָ קיין טראָפּן רויטע פאַרב אין פּנים; דאָס לאַכן איז עפּעס ווי קרענקלעך; ווען נישט דאָס האָבן אַ סך קינדער, וואָס וואָלט פון אייך געבליבן? — אַ פאָלק, וואָס גייט זינגענדיק אונטער.

— די „נאָרדער”, אָדער, ווי מען רופט זיי היינט — די אַנגלאָזאַקסן, — האָט דער טונקלהויטיקער יונגערמאַן מיט די פייכטע מאַנדלאויגן אַנגע־

הויבן אַ נייע מעשׂה. נאָר דאָס מאָל איז אים ד״ר מאָטאָראָזאָ אַריינגעפאַלן אין די רייד:

— איטאַליע איז קליין פאַר איר באַפעלקערונג, און דאָס איז אַ נס. מיליאָנען איטאַליענער וואַנדערן אויס, צעשפּרייטן זיך איבער דער וועלט, איבער דער גאַנצער לענג פון נייעם וועלטטייל — אַמעריקע. פון פאָרט טשימאָ אין קאַנאַדע, ביז טיעראַ דעל פועגאָ, ביים אויסלאָז פון דרום־קאָנטינענט. און דאָס איז גוט, אַזוי וועלן זיי זיך דערהאַלטן ביים לעבן.

דעם איטאַליענער איז דאָס נישט געפעלן. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער האָט עפּעס אָן אומאָנגענעמע זאַך צוגעקלעפּט מיטן אייגענעם שפּייעכץ.

איינמאָל, ווען דער דאָקטאָר האָט אים געפרעגט: — „צו וואָס פאָרסטו אַהיים אין דער אָרעמקייט פון דיין לאַנד? האָסטו דען נישט געקאָנט אַריבערברענגען דיין סעניאָריטאַ, אַמאַליע און זיין גליקלעך דאָ, אין בראַזיל, מיט איר?״ האָט דער יונג אויסגעשאָסן אויף אים אַ פּאָר פלאַמען פון די אויגן אַרויס, און אַ חשד האָט זיך אָנגעצונדן ביי אים אין מוח. יענער חשד, וואָס בליצט אויף ביי יעדן בראַזיליאַנער, בעת אַ פריינד גיט אים אַ גוטע עצה, און אין דער גוטער עצה איז פאַרמישט אַ טובה פאַר זיין פרוי, כלה, אָדער געליבטער.

דאָקטאָר אַלפרעדאָ האָט געוווּסט, וואָס עס איז אַזוינס אויפגעגאַנגען אין דעם בחורס חושים. ער האָט אים באַרויִקט און זיך אַנטשולדיקט.

## קאַפּיטל דריי

לויטן פּלאַן האָט די שיף געזאָלט גיין ביז טריעסט זעכצן מעת־לעת. נאָר אַזוי ווי ביי די פּאָרטן פון באַהיאַ, רעסיפע און די פּאָרטוגעזישע אינדזלען האָט די באַפעלקערונג געמאַכט אָוואַציעס דעם דורכפאָרנדיקן עקס־פּרעזידענט, קאָמיטעטן פון קלובן און רעגירונגס־אינסטיטוציעס האָבן דורכגעפירט פייערלעכקייטן, האָט דאָס שוין גורם געווען, וואָס די שיף איז נאָך נישט געהאַט צוגעקומען צו דער מיט פון דער וועלט, צום עקוואַטאָר, און געהאַט פאַרשפּעטיקט אויף דריי מעת־לעת.

דער איטאַליענער האָט אַרויסגעזאָגט זיין ווונטש צום נייעם, געהיימען פריינד:

— פון מיינטוועגן מעג די שיף גיין און גיין און אַפילו קיינמאָל נישט דערשווימען צום ברעג.

— אַזאַ שאָד איז דיר אָוועקצופאָרן פון בראַזיליע?

— פון בראַזיליע? — אַ שוים האָט זיך באַוויזן אין ווינקל פון זיין מויל. נאָך אַ ווײַלע קלערן, האָט ער זיך ענדלעך אָנגערופן:

— סעניאָר! זאָל מיין נאָמען בלייבן אַ סוד. גאָרנישט, זיך געטראָפן מיט אַ יונג, אַן איטאַליענער, אַפילו נישט קיין ריכטיקער נעאַפּאָליטאַנער, וואָס איז דער חילוק? זאָל זיך אייך דאַכטן, אַז איך בין פון סיציליע, איז גוט?

דער דאָקטאָר האָט נישט פאַרשטאַנען אָט־די הקדמה און האָט געלאָזט דעם יונג רעדן:

—איר פאַרשטייט, סעניאָר, יעדער מענטש האָט זיך זיין וואָרעם, זיין שלאַנג, אַפילו איר זייט אויך נישט פריי פון דעם. ווען נישט, וואָלט איר נישט געטראָגן אַזאַ געדיכטע באָרד און די האָר לאָזן שוין באַלד אייער פנים נישט אַרויסזען. אָט אַזוי איז אין די געדיכטע ווילדענישן פון ריאָ קלאַראָ, ווו מען עסט נאָך נישט מיט קיין לעפל און מען טרינקט מילך פון אַ האָרן. איך בין אַפילו געווען ביי די ווילדע, וואָס לעבן נאָר פון פאַנג און ווינען אויף צווייגן, אָבער דאָס וועל איך אייך נישט דערציילן, סעניאָר. דאָס איז אַ שפּילכל קעגן דעם, וואָס איך האָב איבער־געלעבט. און אַז איך דערמאָן זיך, דאַכט זיך מיר, ווי מען האָט אַרויסגע־שאָבן אַלע געדערעם פון מיר און איך דריי זיך אַרום עפּעס אַזאַ אויסגעהוילטער.

נישט קוקנדיק דעם דאָקטאָר אין די אויגן אַריין, וואָס האָבן זיך גראָד אויפגעריסן, גלייך ער וואָלט געוואָלט אין זיין בליק דעם גאַנצן יונג, ווי גרויס און אַלט ער איז, איינשלינגען, האָט דער יונגער איטאַ־ליענער ווייטער גערעדט, גערעדט אָן אָפּרו, אָן אָפּשטעל, אַזוי אַז דעם דאָקטאָר, וואָס האָט אָפּט געהאַט צו טאָן מיט קאָרעגירן פרעמדע אַרטיק־

לען, האָט זיך אים איצט אויסגעזען, ווי ער לייענט אַ מאַנוסקריפּט, נאָר אָן פּינטעלעך, אָן קאָמעס, אָן פראַגע־צייכנס...

— איר ווייסט אפשר פון אַ מאָדע־געשעפט „לע פראַנסעס" אויף רוא דאַ־ווידאָר? — נאָר איידער זיין צוהערער האָט געענטפערט יאָ, אָדער ניין, איז שוין דער איטאַליענער ווייטער געלאָפן מיט זיין מויל און די ווערטער האָבן זיך געשאָטן גיך, גיך:

— בעת איך בין געווען אַ באַדינער און פריינד אין די פענסיאָנען, האָבן זיך צו מיר געווענדט פאַרשידענע מענטשן מיט אַזעלכע פאָרשלאָגן, אַז ווען איך וואָלט נישט קיין מורא געהאַט צו מאַכן סקאַנדאַלן אין אַזעלכע הייזער, וואָלט איך מיין שטילעט דורכגעבויערט דורך יענעמס זייטן. איך בין געווען געדולדיק און געהאָרכזאַם. פאַר אַ גוטן טרינק־געלט האָב איך געקאָנט אָנווייזן אַ קאַוואַליערא, וועלכעס מיידל עס איז געזונט, און ביי וועלכער ער קען קריגן די „מתנה"...

— מען האָט עס שנעל אויסגעפונען און מיך ממש אַרויסגעוואָרפן. צוגעוווינט בין איך שוין געווען צו לייכטע פאַרדינסטלעך און געשמאַקע מאכלים, בין איך גאַנצע טעג געזעסן אין אַ קאַפע־הויז אויף רוא דאַ רעפּובליקאַ און געטרונקען קליינע שוואַרצע קאַוועלעך, איינס נאָכן אַנדערן.

— איינמאָל איז צוגעקומען צו מיר אַ הער, אַפּנים, אַן אויסלענדער, זיכער אַ גריך. ער האָט מיך שוין עטלעכע מאָל געהאַט געזען אין לאָפּע און אָן קונצן געפרעגט, צי איך וויל אַ פרנסה.

— אייך מוז איך זאָגן, אַז נישט אַזוי צוליב מיר, ווי צוליב אַמאַליען — האָב איך געענטפערט: „יאָ". און איך בין נייגעריק געווען צו הערן, וואָס אַזוינס ער וועט מיר פאָרשלאָגן. איך בין זיך מודה, ווי שטאַרק איך בין געווען ביי זיך געפאַלן, וואָלט איך פונדעסטוועגן נישט געווען קיין בעלן צו גיין אָנלאָדן גרינגע באַנאַנעס פאַר די אויסלענדישע שיפן. דער גריך האָט אָבער גאָרנישט בדעה געהאַט אַזאַ אוממעגלעכקייט פון מיר צו פאַרלאַנגען. ער האָט מיר געגעבן אַן אַדרעס און געפרווווט שמייכלען צו מיר, כאָטש דאָס פּרצוף זיינס האָט זיך געריינצלט און די ציין האָבן געשטשירעט.

— נו, דערציילן אייך ווייטער, סעניאָר, איז נישט אַזוי וויכטיק, וואָרעם איר ווייסט גאַנץ גוט, ווו די רואַ דאָ־ווידאָר איז, אַז די גאַנצע גאַס איז אַזוי שמאָל, ווי דער טיש אין אונדזער עס־זאַל, און אַז פֿון די אויסשטעל־פענצטער דאָרט בלענדט אַרויס מיט אַלע רייכקייטן פֿון דער וועלט, אַז די בריליאַנטן פינקלען אונטער דעם בלוילעכן שיין פֿון טאָג־ליכט־לאָמפּן, און אַז דו גייסט אַפילו דורך מיט די ברידערלעכסטע געפילן צו דער גאַנצער וועלט און צו אַלע מענטשן, קאָנסטו נישט ביישטיין דעם נסיון און זינדיקסט אין געדאַנק, דיר שטעלט זיך פֿאָר, אַז דו ביסט אַ רויבער און מיט איין שלאָג מיט די פויסטן אין דער שויב... און אַז דו זעסט, ווי די יונגעלייטלעך זענען אויסגעשטייפּט, די דאַמען אויסגעפּוצט און מען שפּאַצירט אַזוי געמיטלעך, מיט אַזויפיל רויִקייט אין די אויגן, מיט אַזוי פיל פשטות צו די אַלע זאַכן, טראַכסטו, אַז ס'איז פֿאַראַן ערגעץ אַ באַהאַלטן גליק, נאָר מיר האָבן נישט דעם שליסל דערצו, און מיר ווייסן נישט דעם סוד אויפצושליסן, ווען מיר זאָלן שוין אַפילו האָבן דעם שליסל.

— נו, אָט אין אַזאַ לאַגע בין איך געווען, ווען איך האָב דער מאַדאַם פֿון מאָדע־געשעפט דערלאַנגט דעם בריוו. יענע האָט מיך אָנגעקוקט, כאָטש איך האָב געפילט, אַז דער קוק געפעלט מיר נישט, האָט עס מיך אָבער געלאָקט, בפרט, זי האָט מיר געהייסן קומען אין אַ שעה אַרום און אויב מעגלעך אָנגעטאָן עלעגאַנטער...

— דאָס ערשטע האָב איך געקאָנט זייער לייכט אויספירן; וואָס שייך איבערבייטן מיין אַנצוג, איז דאָס פּראָבלעם נישט אַזוי לייכט געלייזט געוואָרן...

דעם דאָקטאָר האָבן די אַלע רייד אָנגעהויבן צו ווערן איבערדריסיק. נישט ווייל דאָס דערציילטע האָט אים נישט פֿאַראינטערעסירט, נאָר ווייל דער יונג האָט די מעשה אויסגעצויגן און זיך נישט געקאָנט אַרויספּלאָנ־טערן פֿון די אייגענע רייד.

ד"ר ריאַ מאָטאַראַזאַ האָט זיך געפּרוּווט אויפשטעלן, נאָר מאַנועל האָט אים צוגעהאַלטן, פֿאַרשפּאַרט דעם וועג און אַרויסגעשאָסן מיט אַ דירעק־טער פֿראַגע:

— נו, אין וואָס מיינט איר, איז באַשטאַנען מיין אַרבעט אין מאָדע־הויז ?

דער דאָקטאָר האָט נישט געענטפערט ; ער האָט אָבער געפילט, אַז דאָ וועט עפּעס אַרויספאַלן פון יונגס מויל, וואָס וועט אים אויפשוידערן.

— איך בין געווען אַ קעפּס־מאַן.

דער דאָקטאָר האָט נישט פאַרשטאַנען. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיין מאַרך איז אים מיטאַמאָל פאַרוואָקסן געוואָרן.

דער איטאַליענער האָט אָבער הנאה געהאַט פון זיין דערציילן און פאָרגעזעצט :

— איך האָב געהאַט אַ באַזונדער צימער אויף דער סובראָדע. שטיל איז דאָרט געווען, ווי אין אַ קעלער. מיינע אייגענע טריט זענען פאַרזונקען געוואָרן אין דעם טיפן פליוש פון די טעפּיכער. די ווענט זענען געווען אויסגעהאָנגען מיט זיידענע פאָרהאַנגען. פאַרבאָרגענע באַלייכטונג, דורך רויטע פאָנאַרן, איינגעהילט אין טיול און גאַזע. ס׳האָט אויסגעזען, ווי אַ באַלדאַכין איבערן קאָפּ. איך אליין האָב געמוזט זיין אָנגעטאָן אין זיידענע פּידזשאַמעס, מיט געהאָפטענע שנורן איבער דער ברייט פון דער ברוסט, זיידענע זאָקן מיט זילבער־שטרייפן אין דער לענג און רויט־לעדערנע שטעק־שיך. מיינע האָר האָבן געמוזט זיין אָפּגעצויגן מיט אַ שרינט אין דערמיט, אויסגעגלאַנצט.

— ווען נישט דאָס קלאַפּן פון מיין האַרץ, וואָלט איך די ערשטע צייטן געווען שטאַרק צופרידן פון דעם דאָזיקן. וואָרעם, ווי מיינע קאָמפּאַניעראָס, וואָס האָבן זיך געפונען אין די שכנותדיקע צימערן, האָבן מיר אַמאָל דערציילט, ווייסן מיר קיינמאָל נישט מיט וועמען מיר האָבן צו טאָן.

— אַלע דאַמען קומען אין שלייערן פאַר די אויגן, מיט פאַרדעקטע פּנימער. פאַראַן אַזעלכע, וואָס מען פאַרליבט זיך אין זיי אויף אַן אמתן. די פאַרשטעלטע פּנימער רייצן, רופן אַרויס געפילן, וואָס מען ווייסט נישט, וואָס אַזוינס דאָס איז. דאָ קומט אַ פרוי צו דיר פאַר אַ באַשטימטן ציל און זי איז דיר ווייט און פרעמד.

— טיילמאָל האָב איך געהאַט דאָס געפיל, ווען איך האָב געזען אַ

שיינע פּרוי אויף דער אַווענידאַ צענטראַל, האָט זי געמעגט זיין אין דער באַגלייטונג פון איר מאַן, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז די פּרוי איז געווען ביי מיר אין צימער... אַז זי איז פאַרלוירן געוואָרן ביי מיר אין די אָרעמס. איך האָב געבענקט נאָך איר. נאָך יעדער איינער האָב איך געבענקט...

— מיינע קאָלעגן זענען געווען ראַפּינירט, ציניש, פרעך און כיטרע. פונדעסטוועגן האָב איך געהאַט מער דערפאָלג, ווי זיי. דאָס האָט די מאַדאַם מיטן פראַנצויזישן נאָמען אַליין געזאָגט. איך האָב אָבער געפילט, אַז לאַנג וועל איך דאָ נישט קאָנען זיין. די כוחות האָבן זיך אַרויסגע־גליטשט דורך אַלע אברים מיינע און די קראַפט איז ווי אויסגערונען דורך די פינגער.

ד״ר אַלפרעדאָ ריאָ מאָטאָראַזאָ איז געזעסן און רעדער האָבן זיך געדרייט פאַר זיינע אויגן. ער אַליין איז אריינגעדרייט געוואָרן און צוזאַמען מיט אים — די גרינע פאָן מיטן בלויען גלאָבוס אויף דעם גאָלדענעם גרונט.

נישט עפּעס אַ יונג, אַ צופעליקער אימיגראַנט רעדט דאָס אין אים אַריין, נאָר אַ נביא, אַן אָנזאָגער פון בראַזיליעס דעגענעראַציע און דער אָנהויב פון איר אונטערגאַנג.

ניין. ער האָט נישט געוואָלט גלויבן; קיין איין וואָר וואָרט רעדט דער יונג נישט אַרויס. שוין דערפאַר, וואָס ער דערציילט נישט קלאָר און פשוט, נאָר מאָלט, צייכנט אין בילדער, איז אַ סימן, אַז ער אַליין זוכט אַן אָנלען פאַר זיין וואָרט, זוכט אונטערצולייגן אַ פעסטקייט פאַר זיין ליגן. יענער האָט ווייטער גערעדט:

— איך האָב לענגער נישט געקענט זיין אין דעם דאָזיקן הויז, ווייל די בושה האָט געברענט מיינע באַקן, ווען איך האָב זיך דערמאָנט אין אַמאָליען.

— אַז איך האָב געהאַט געלט גענוג, בין איך געוואָרן אַן אָפטער גאַסט אין „קאָפּאָקאַבאַנאָ״, געשטעלט אין רולעטע צוגלייך מיט די גרויסע קאָמערציאַנטן און פאַרשפּילט, פאַרשטייט זיך, ווי אַ נישט־געניטער.

— אַן אַנדערער אויף מיין אָרט וואָלט שוין נישט פֿאַרפֿאַלן געוואָרן, וואָרעם, ווען איך וואָלט כאָטש געהאַט איין אַדרעס פֿון אַ דאַמע, וואָס איז געקומען צו מיר, וואָלט איך שוין געקאָנט ציען און ציען. אָבער דאָס האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן, פֿאַרשטייט זיך, ווייל איך בין נישט געווען געניט אין די זאַכן.

איך האָב געפּרוּווט אויסגעפֿינען ביי דער „מואַדמאַזעל" די אייגנ־טימערין פֿון דעם מאָדע־סאַלאָן, האָט יענע גערופֿן געהיים־אַגענטן און מיך נאָך געלאָזט אַרעסטירן.

— איך האָב געטענהט צום הויפּט פֿון דער פּאָליציי, אַז דאָרט איז נישט קיין מאָדע־סאַלאָן נאָר אַ „ראַנדעוווּ־הויז", האָט מען מיך אַראָפּ־געלאָזט אין אַ קעלער פֿון איין זייט און אַרויסגעצויגן האָט מען מיך מיט אַ שטריק פֿון אַן אַנדערער זייט. מען האָט גערעדט צו מיר מיט די פֿויסטן אונטער דער גאָמבע. געהייסן מיר אונטערשרייבן פּאַפּירן, געקלעפּט מאַרקעס און צום סוף האָט מען מיר געגעבן אַ שיפֿסקאַרט און מיך אַריינגעוואָרפֿן דאָ אַהער, אין דריטן קלאַס און „פֿאַר אין דיין פּאַטריאָ". אַז פֿאַרשאָלטן זאָל ווערן די גאַנצע וועלט!...

דער איטאַליענער האָט געקאָנט מיינען, אַז דאָס האָט זיך זיין „שיפֿס־ברודער" אַזוי דורכגענומען מיט זיין דערציילן, אַז ער איז בלייך געוואָרן פֿון רחמנות צו אים און איז שוין גרייט געווען יענעם איינצונעמען מיט נאָך אַזוינע עטלעכע „מעשהלעך".

אין דער אמתן האָט ריאָ מאַטאַראַזאָ אויפֿגעהערט צו זען און צו הערן דעם יונגן איטאַליענער, ווייל אַ זשום פֿון טויזנטער רעדער און רימענס האָט פֿאַרקלונגען זיינע אויערן.

דאָס האָבן אין אים זיך געצונדן אויפֿשטייענדיקע כּוחות, כּוחות צו פֿאַרניכטן, צו צעשטערן, חרובֿ צו מאַכן, ווערן אַ שמשון הגיבור, אָננעמען מיט זיינע הענט די זיילן פֿון בראַזיליע, אַ וואַקל טאָן און דאָס לאַנד זאָל פֿאַרשאָטן ווערן אונטער די אייגענע חורבות.

ער האָט שוין־לאַנג דערנאָך געטראַכט, אַז אייגנטלעך, פֿאַלט אויף אים אַליין די שולד פֿאַר דער דאָזיקער דעגענעראַציע. איז ער דאָך געווען דער באַרופֿענער דאָס צו פֿאַרהיטן. אַז דערמיט, וואָס ער איז פֿון דער

נאָטור אויסגעוויילט געוואָרן צו זיין אַ זשורנאַליסט, אַ פּובליציסט און געדיינט, אָדער געדאַרפט דינען, די אַלגעמיינע אינטערעסן פון זיין לאַנד און פאָלק, האָט ער זיין פעדער איינגעשפּאַנט אין דינסט פון איין קאַסטע. און געטאָן האָט ער עס אומבאַוווסטזיניק, נישט דערפאַר, וואָס ער האָט עפּעס געהאַט אייגענע נוצן דערפון, אָדער פּערזענלעכע טובות. ער האָט עס געטאָן, ווייל ער האָט געגלויבט אין דעם; ער האָט געגלויבט, אַז דער קלאַס, די רייכע, זיי זענען עס די אמתע פּאַטריאָטן. אַז אין זייער בלוט איז פאַראַן אַן איינגעבוירענע ליבע צום פאָטערלאַנד. אַז דאָס איז אַ ירושה־געפיל פון דור־דורות.

ער האָט נישט געגלויבט, אַז דאָס פאָלק, די פּראָסטע מאַסן זענען ביכולת אויפצונעמען אין זייערע הערצער אָט דאָס גרויסע געפיל. ער האָט נישט קיין פאַראיבל אויף דעם פעבל, די אייביקע אביונות לאָזט נישט צו זיך צו קיין שום דערהויבונג, נאָר דאָס לעצטע, כמעט אומבאַמערקטע וואָרט פון מאַנועלן, אָט דאָס איז אויפגעשטאַנען אין אים און האָט אַריינגעדרייט פייערדיקע צוואַנגען אין זיין נשמה און געצויגן, גערופן צו מעשים; נישט צו פאַרשווייגן!

עס ווייסט, אַז נישט קיין גרינגע מלאכה איז דאָס איבערצואַנדערשן; אַז צו טיף און פאַרפלאָנטערט איז דער לאַבירינט פון קאָרופּציע, אַז אַפילו דער ראש פון דער מלוכה קען גאָרנישט טאָן, אַז עס איז באַשאַפן געוואָרן אַ גולם. וואָס איז איבערגעוואָקסן אין קראַפט, אין פאַרניכטונגס־קראַפט, זיין באַשעפער. אַז עס וועט קיינער נישט דערגיין די געהיימע וועגן און אונטערוועגן פון דער פּאָליצייאישער אָרגאַניזאַציע, אַ מאַכט, וואָס האָט אַרויפגעלייגט איר חותם איבער אַלץ און אַלעמען, און האַלט אין איר האַנט דאָס אידעאַלסטע פון אַ זעלבשטענדיק לאַנד — די יוסטיץ.

דאָקטאָר אַלפרעדאָ ריאָ מאָטאָראָזאָ האָט זיך אָנגעהויבן צו שרעקן פאַר די ראַדיקאַלע רעיונות, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו גרייכן אין זיינע מחשבות אַריין.

ער האָט מורא געהאַט פאַר דעם, וואָס ער אַליין גייט טאָן. ער איז איצט געפאָרן מיט אַ מסירת־נפש־מיסיע. ער איז איצט געווען אין דער לאַגע, ווי אַ רעוואָלוציאָנער, וואָס דער גורל איז אויף אים געפאַלן,

ער זאָל זען אויספירן אַן אַטענטאַט אויף עמעצן. ריאָ מאָטאָראָזאָ האָט אַליין באַשטימט זיין גורל נאָך ביי זיך אין דער ווילע אין ביקטערוי. ער האָט נישט קיין חרטה און קיין איין רגע איז אים נאָך נישט איינגעפאַלן, ער זאָל אָפּשטיין פון זיין פּלאַן.

ער האָט געפילט, אַז כאָטש ער פאָרט איצט טאָן אַ גרויסע, פּאַטריאָטישע זאַך, איז עס נישט מער, ווי אַן אָנהייב צו אַ רעוואָלוציאָנערער שפּיל און ווער ווייסט, מיט וואָס זיין לאַנד קען נאָך אויסשפּילן פון דער דאָזיקער קאָרט.

## קאַפּיטל פיר

מיט אַלעמען, וואָס ער איז געווען באַקאַנט אויף דער דריטער קלאַס־דעק, האָט ער זיך פאַרלוירן. דאָס שטיקל ערד ביים פּאָרט אין טריעסט האָט אַלעמען פונאַנדערגעשאָטן און צעוואָרפן, גלייך אַ שטורעם־ווינט וואָלט איינעם פון צווייטן אָפּגעריסן.

ד״ר מאָטאָראָזאָ איז גלייך דעם זעלבן טאָג אָפּגעפאָרן קיין רוים און שפּעטער מיט עטלעכע טעג האָט ער שוין אויסגעפונען, ווו דער „עקס״ פון בראַזיליע שטייט איין.

די ערשטע עטלעכע טעג איז געווען אוממעגלעך צוצוקומען צו אים. ער איז געווען דער גאַסט פון בראַזיליעס אַמבאַסאַדאָר, דערצו איז ער תמיד געווען אַרומגערינגלט מיט צייטונגס־לייט, מיט באַאַמטע פון דער אַמבאַסאַדע און מיט הויכגעשטעלטע דאַמען פון דעם בראַזילישן אַדל, וואָס ווילן אין אויסלאַנד און וואַרטן אין רוים אויפגענומען צו ווערן אינעם וואַטיקאַן.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז געגעבן געוואָרן אַן אינטימער באַנקעט לכבוד אַן איטאַליענישן פּשוטן בירגער, וואָס האָט געקראָגן אין בראַזיליע אַ טיטל פון אַ באַראָן פאַר זיינע פאַרדינסטן לטובת דעם לאַנד, דערפאַר וואָס ער האָט איינגעשטעלט אין סאַן־פּאַולאָ פאַבריקן פון קינסטלעכן זייד. צוזאַמען מיט דעם טיטל האָט ער זיך אויך דער־וואָרבן אַ מדרגה פון דעם ערשטן רייכסטן מענטש אין בראַזיליע. דער

באַראָן האָט זיך גאַנץ אָפּט געפונען אין זיין היימלאַנד, איטאַליע, פונוואַנען ער איז אַוועק מיט עטלעכע לירעס אין קעשענע און איז צוריקגעקומען קויפן, אויב נישט גאַנצע שטעט, איז ווייניקסטנס עטלעכע גאַסן אין רוים.

דער באַנקעט איז באַשטימט געוואָרן אין אַ זייטיקן קליינעם עסזאַל פון האָטעל „סאַוואָי". ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָרט וועט אַרומגערעדט ווערן די פראַגע פון פאַרקלענערן דעם טאַריף־אָפּצאָל אויף איטאַליענישע אַרטיקלען, וואָס ווערן אַריינגעפירט קיין בראַזיליע.

אַן ערך צען פערזאָנען זענען דאָרטן געווען פאַרזאַמלט — דורכויס מענער.

דער „עקס" איז נאָר געווען אין באַגלייטונג פון זיין פּריוואַטן סעקרעטאַר. קיין פאָרשטייער פון דער אַמבאַסאַדע איז נישט בייגעווען.

ווען דער קליינער עולם האָט שוין געטרונקען די קאַווע, סערווירט אַ־לאַ „סאַן־פּאַולאָ", איז אין האָטעל אַריינגעקומען דאָקטאָר אַלפרעדאָ ריאָ מאָטאָראָזאָ. זיין באָרד איז געווען ברייט פונאַנדערגעקעמט, זיינע האָר אין בעסטער אָרדענונג. ער איז געגאַנגען אין אַ שפּאַציר־פראַק מיט געשטרייפטע הויזן. אין לאַץ האָט געשטעקט אַ קליינער גאָלדענער עמבלעם פון בראַזיליעס מלוכה־הערב, אונטער דעם — אַ שלייפעלע מיט דריי קאָלירן: געל, גרין און בלוי. ער האָט געהאַלטן איין אויסגע־טאָענע הענטשקע, און אין דער לינקער באַהענטשיקטער האַנט האָט עפּעס אַרויסגעשטאַרט.

דער האָטעל־דינער, וואָס איז געשטאַנען, ווי אַ וועכטער ביי דער טיר פונעם פּריוואַטן עסזאַל, האָט גאַנץ העפלעך אים געפרעגט צו וועמען ער פאַרלאַנגט.

ריאָ מאָטאָראָזאָ האָט געענטפערט אין פּאָרטוגעזיש, אַזוי אַז דער דינער האָט נישט געקענט דרינגען, וואָס ער זאָגט. האָט ער זיך נאָר בלויז פאַרנייגט, ווען דער גאַסט האָט ברייטלעך אַריבערגעשפּאַנט די שוועל צו דער געהויבענער געזעלשאַפט.

אַלע אין עסזאַל האָבן זיך מיט חידוש אומגעקערט צו דער טיר, בעת צו זייער אויער האָבן זיך געטראָגן שנעלע און פעסטע טריט.

קיינער האָט זיך נישט דערוועגט אַרויסצולאָזן די פּאַרע פון מויל, הגם אַלע האָבן געפילט, אַז דאָ טראָגט זיך עפּעס אַ שטורעם, וואָס וועט באַלד אויסברעכן.

נאָר נאָך איידער דער אומבאַקאַנטער האָט זיך דערנענטערט, האָט זיך געהערט זיין שטים:

— איך בין דאָקטאָר אַלפרעדאָ ריאָ מאָטאָראָזאָ, שעף־רעדאַקטאָר פון „אָ־גלאָבאָ".

אַלע האָבן זיך געגעבן אַ שטעל־אויף און זיך פאַרנייגט, נישט צוליב דרך־ארץ, נאָר צוליב דער געהיימניש, וואָס עס האָט פאַרשאַפט אָט־דער באַזוך און דאָס קול פונעם אומבאַקאַנטן באַזוכער.

דער איינציקער, וואָס איז געבליבן זיצן, איז געווען דער „עקס". זיינע יאָרן פון פּרעזידענטשאַפט האָבן אין אים איינגעפלאַנצט די דאָזיקע זיכערקייט און אומדערשראָקנקייט.

מאָטאָראָזאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן גאַנג און געענטפערט אויף זייער פאַרנייגונג. ער האָט אַ בליק געטאָן צו דעם הויכן גאַסט און געזען, ווי יענעמס פּנים איז אַראָפּגעלאָזט.

און באמת, דער עקס־פּרעזידענט האָט זיך געפילט אין אַ פאַר־לעגנהייט. דער דאָזיקער אויפהעצער איז זיין גרעסטער שונא. ער האָט עס אָבער נישט געוואָלט אַרויסווייזן. ער האָט געטראַכט, אַז דאָ אין אויסלאַנד, זענען אַלע בראַזיליאַנער מילדער און נאָכגיביקער אַזוי, אַז עס לוינט נישט צו זיין אָנגעכמורעט. ווען אַלע האָבן זיך געזעצט, האָט זיך ערשט דער עקס־פּרעזידענט אויפגעהויבן און אויסגעשטרעקט זיין האַנט.

— מיך פרייט אייך דאָ צו זען!

נאָר אָנשטאָט דער דאָקטאָר זאָל אים צוריק דערלאַנגען די האַנט, האָט ער מיט אַ קאַנטשיק, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ קיילעכדיקן לעדער, ווי אַן אָנגעשטאָפּטע קישקע, אַ שמיץ געטאָן איבער דער לענג פון עקס־פּרעזידענטס פּנים, און גענומען אַרומוויקלען דעם רימען איבער זיין פויסט עטלעכע מאָל.

דער „עקס" האָט זיך צוריקגערוקט און אָנגעכאַפּט ביי דער באַק.

ער איז געוואָרן טויט־בלאַס. די איבעריקע געסט האָבן זיך געגעבן
אַ וואָרף צום דאָקטאָר און אים געוואָלט צעטראָגן.

דער עקס־פּרעזידענט וואָלט באַשטאַנען, אַז דער „סיכסוך" זאָל
בלייבן דערשטיקט דאָ צווישן די ווענט. ער האָט בלויז געשטאַמלט:
אַ משוגענער. אָבער פון יענער זייט טיר האָבן אָנגעהויבן קומען מענטשן,
מערסטנס די פאַרוואַלטער און הויפּט־באַאַמטע פון האָטעל. מען האָט
דעם ענין דערקלערט פאַר נישט וויכטיק. ווען אַן אָנגעשטעלטער האָט
געבראַכט אַ פּאָליציימאַן, איז נישט דערלויבט געוואָרן דעם אָנפאַלער
צו אַרעסטירן.

פון דער אַמבאַסאַדע האָט מען זיך שוין באַמיט, אַז דער „ענין"
זאָל נישט קומען אין דער פּרעסע, הגם עס האָט נישט אויסגעמיטן
ס'זאָל אינגאַנצן פאַרשוויגן ווערן.

די פאַרוואַלטונג פון האָטעל האָט געשיקט אַן אַנטשולדיקונגס־
בריוו אין דער בראַזיליאַנער אַמבאַסאַדע. דער בריוו איז צוריקגעשיקט
געוואָרן, אַלס סימן, אַז מען האָט די זאַך נישט גענומען ערנסט.
פונדעסטוועגן איז דער דינער, וואָס איז געשטאַנען ביי דער טיר, און
האָט דורכגעלאָזט דעם דאָקטאָר ריאָ, אָפּגעזאָגט געוואָרן פון דער שטעלע.

*

אַן אָפּגעגאָלטער און אָפּגעשוירענער איז דאָקטאָר ריאָ אָפּגעפאָרן
אַהיים צוריק אין בראַזיליע.

ער איז געווען זיכער, אַז אין בראַזיליע ווייסט מען נישט וועגן דעם,
מען ווייסט אַפילו נישט, אַז ער קומט צוריק. דאָך, ווען ער איז אַראָפּגע־
גאַנגען ביים האַפן אין ריאָ־דע־זשאַניירע, זענען גלייך צוגעקומען צו אים
צוויי אַגענטן פון דער געהיים־פּאָליציי און אים אַרעסטירט.

פאַרן שעף פון דער פּאָליציי האָט דאָקטאָר ריאָ מאָטאָראָזאָ
דערקלערט:

— איך האָב געשלאָגן אַ פּריוואַטן בירגער אין אַן אַנדער לאַנד
דערפאַר, וואָס ער האָט באַגנבעט אונדזער לאַנד און עס פאַרקויפט צו
אויסלענדער. דאָס איבעריקע וועל איך דערקלערן פאַרן געריכט.

דערווייל האָט זיך דער עקאָנאָמישער קריזיס אין לאַנד אָנגעהויבן שטאַרקער צו פילן: מאַסן באַנקראָטן זענען געוואָרן אַ געוויינלעכע דערשיי־נונג. דער מילרייס איז לגבי דער אויסלענדישער וואַלוטע געוואָרן געגליכן צו אַ זעראָ.

די געשעפטן, וואָס גיבן זאַכן אויף אויסצוצאָלן, זענען פון שעה צו שעה געוואָרן בדיל־הדל. דערצו מוזן שוין ווערן אַריינגערעכנט די עטלעכע טויזנט פעדלערס, יידן און טערקן. די קונדן האָבן מיט פאַרגעניגן אָפּגעצאָלט זייערע אַלטע חובות, וואָרעם וואָס פאַר אַ פאַרגלייך איז דען די עטלעכע מילרייס קעגן דעם ווערט פון די סחורות, ווען זיי וואָלטן עס היינט גענומען?

האָבן די הורטאָוונע געשעפטן, וואָס האַנדלען מיט די אימפּאָרט־הייזער לויטן ענגלישן פונט אָוועקגעטראָגן זייערע ביכער אין טריבונאַל און זיך דערקלערט באַנקראָט.

די עקספּאָרט פירמעס אין ענגלאַנד און די גרויסע שטאָף־פאַבריקאַנטן אין מאַנטשעסטער זענען געוואָרן שטאַרק באַזאָרגט וועגן דעם ענין. זיי האָבן גוט געוווּסט, אַז דאָס פאַלן פון דער בראַזיליאַנער וואַלוטע איז זייער אומגליק. עס וועט זיך אָנהויבן אַרויסצוגליטשן פון זייערע הענט אַ דער־וואָרבענער אָפּזאַץ־מאַרק און אַז צפון־אַמעריקע וועט זיכער נישט שווייגן, זי וועט שוין אַריינקריכן מיט „הלוואהלעך...״

כלומרשט אויף דער בקשה פונעם בראַזיליאַנער קאָנגרעס איז אַראָפּ־געקומען פון בריטאַניע אַ קאָמיסיע פון פינאַנץ־עקספּערטן כדי אויסצו־פאָרשן די ירידה פונעם מילרייס.

די עקספּערטן האָבן דערקלערט, אַז די פינאַנציעלע לאַגע פון דער רעגירונג איז אַ פעסטע און אַ געזיכערטע; אַז עס זענען פאַראַן געגוג אוצרות אין גאָלד און אַנדערע מינעראַלן, וואָס זאָלן דעקן דעם ווערט פון פּאַפּיר־געלט. אַז צו דער מלחמה (ערשטע וועלט־מלחמה) האָט בראַזיליע גאָרנישט דערלייגט. פאַרקערט: זי האָט נאָך פאַרכאַפּט פאַר זיך אַ גרויסן טייל פון דייטשן פּלאַץ. די מהומה ווערט אַרויסגערופן דורך אַ געהיימער האַנט — און צוגעגעבן: נאָרד־אַמעריקע.

פאַר די פּלאַנטאַטאָרן, דערקעגן, איז צפון־אַמעריקע איצט געוואָרן

דאָס צויבער־וואָרט. נאָך קיינמאָל פריער זענען די לאַסט־שיפן נישט אַוועק פון סאַנטאָס אַזוי שווער אָנגעלאָדן מיט קאַווע, ווי גראָד איצט, אין גרויסן קריזיס... נאָרדאַמעריקע האָט מיט איינמאָל געמאַכט אַ קנין אויף קנאַפּע פופציק מיליאָן זעק קאַווע (אַ העלפט פון דעם געוואָרפן אין ים אַריין) און ענגלאַנד איז פון דעם קאַמף אַרויס זייער בלייך און אָפּגעשוואַכט.

אַמעריקאַנער פינאַנץ האָט זיך דערוויל גענומען אַריינרוקן אין די אַמאַזאָנען דערגרייכנדיק די גומע־פּלאַנטאַציעס און אַנדערע גרויסע רייכ־טימער, וואָס דרעמלען אין די טיפענישן פון דער ערד זינט ששת־ימי בראשית.

די אויספאָרשונג פון די ענגלישע עקספּערטן האָט פאַרן לאַנד קיין שום ממשות נישט געהאַט; זיי זענען אַוועקגעפאָרן מיט דעם, וואָס זיי זענען געקומען. די לאַגע איז געוואָרן ערגער, אָנגעצויגענער, געפערלעכער.

צוריקגעפירט האָט די קאָמיסיע בלויז וויכטיקע דאַטעס, ציפערן און אינפאָרמאַציע, וואָס איז ענגלאַנד שטאַרק צונוץ געקומען.

דער עקאָנאָמישער קריזיס האָט זיך אויסגעצויגן אויף ריאָ בעגראָ, ווי מיט צוויי ריזיקע לאַפּעס, און מיט נעגל האָט ער זיך טיף איינגעגעסן אין דעם שטעטלס פּנים.

די „קאַזאַ אַלעמאַן" האָט אָנגעהויבן פילן דעם אָנקום פון שווערע צייטן און דעם שוחטלס זיפצן זענען געוואָרן אָפטער, העכער און הייזעריקער.

מאַדאַם קאַסטאָראָ איז אַרומגעגאַנגען „ווי אָן אַ קאָפּ". די „פּראַגעזן" האָבן זיך אָנגעהויבן ווינציקער צו ווייזן פאַר דער ליכטיקער שיין. מיינסטנס זענען נעלם געוואָרן די, וואָס האָבן געהאַט קרעדיט און האָבן טאַקע געבאָרגט איינס איבערן אַנדערן.

חוץ דעם איז געווען אוממעגלעך צו האַלטן געוויסע אַרטיקלען, וואָס זענען אימפּאָרטירט געוואָרן פון אויסלאַנד. דער מילרייס איז שטאַרק געפאַלן און צאָלן האָט מען שוין הייַנט געמוזט לויט דעם ווערט פון דעם נאָרד־אַמעריקאַנער דאָלאַר. דאָס האָט געמאַכט אומ־מעגלעך צו האַנדלען, ווייל דער קונה האָט זיך נישט געקאָנט צונויפ־

קלייבן אין געדאַנק: וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט טייערקייט? פאַר אים איז דער „מיל״ תמיד צען דישטאָן, אָדער טויזנט רייס...

ראָזינאַ האָט געהאַט אַ טרייסט: אַנדזשעליטאַ. זי האָט געוווּסט, אַז די טאָכטער איז רייך, אַז דעם איידעמס מסחרים גייען גוט און אין ערגסטן פאַל וועט מען פאַרהאַקן טיר־און־טויער, איבערלאָזן „דאָס דאַרף״ און זיך אַריבערציען קיין סאַן־פּאַוּלאָ.

בערנאַרד כּך האָט אָבער געהאַט אַן אַנדערע אויסרעכענונג. ער האָט געוווּסט, אַז זיין טאָכטער וועט מיט איר זיווג „קיין זאַק מיט בוריקעס נישט אויפעסן״, אַז פריער אָדער שפּעטער וועט עס געשען, אַז צו די שלעכטע געשעפטן וועט נאָך צוקומען אַ גרושה, אָדער אַן עגונה אויף זיין קאָפּ.

ער האָט מער געוווּסט, ווי זיין ווייב, ווי עס האַלט אין דער וועלט. מעגלעך, אַז ראָזינאַ האָט אויך געוווּסט, נאָר זי האָט זיך נישט וויסנדיק געמאַכט. ער אָבער, נאָך זייענדיק אין סאַן פּאַוּלאָ, האָט מען אים אַרייַנגערופן אין אַ הויז אויף בראַז און געזידלט, למאי אַ טאַטע פירט זיין אייגן קינד צו דער שחיטה...

דורך דער צייט איז ער שוין געווען עטלעכע מאָל אין סאַן־פּאַוּלאָ צוליב מסחר, און עס פאַרשטייט זיך, אַז ער שטייט שוין איין ביי זייניקע.

די טאָכטער מיינט, אַז ער ווייסט גאָרנישט און פאַרשטייט גאָרנישט. אָבער אין דער אמתן גייט קיין זאַך נישט פאַרלוירן פון זיין בליק אונטער די טונקעלע אויגן־גלעזער. ער זעט בולט און קלאָר, אַז דער בראָך איז גרויס.

אמת, זשאָזע קויפמאַן זיצט מערסטנטייל אין הויז; ליגט אויסגעצויגן אויף דער לעדערנער קאַנאַפּע, אין זיין חדרל, אין פּאַלאַץ אויף דער אַוועגידא פּאַוּליסטאַ; שפּייט אין אַ ויידן טיכעלע אַריין און כאַפּט זיך מיט דער געלער האַנט פאַרן שטערן, ווי ער וואָלט וועלן פאַרשטיקן דאָס העלישע פייער, וואָס צינדט זיינע געהירן. אָבער נאָך ערגער איז, וואָס אנדזשעלינא טאָר נישט אַרויסגיין אויף דער ליכטיקער שיין.

פון איין זייט זשאָזע, וואָס פּייניקט זי מיט זיינע קאַפּריזן און

קרענקלעכע באַגערן. פֿון דער צווייטער זייט די שוויגער, די מאַדאַם קויפֿמאַן, וואָס נעמט נישט אַראָפּ אירע בליקן פֿון אַנדזשעס טריט און שלייכט זיך נאָך, שלינגט דער שנורס שיינקייט און פֿאַרגינט עס איר נישט. זי פֿילט, אַז די ראַזקייט פֿון הינטער דער ווייסער הויט שלאָגט זיך דורך נישט כדי צו צערטלען דאָס געלע פּנים מיט די טונקעלע פֿלעקן פֿון איר זון, נאָר אויפֿצוּלויכטן פֿאַר עמעץ אַנדערש.

מאַדאַם קויפֿמאַן האָט געוואָלט, אַז אַלץ דאָ אַרום מוז און דאַרף זיין אַזוי געטריי און איבערגעגעבן צו איר זון, ווי זי איז אַליין, און דאָ ווו איר זון האָט נישט געקאָנט אַריינדרינגען און זיך מיטפֿרייען, האָט זי עס אָפּגעשאַפֿט.

זי איז געווען די ערשטע, וואָס האָט כמעט אַלע איר זונס קאַלעגן אָפּגעזאָגט און געמאַכט אַזוי, אַז זיי זאָלן מער נישט קומען אים באַזוכן. איר חשבון איז געווען פּשוט: אַ יונג ווייבל, בלוט און מילך; און דער מאַן — אַ חורבה.

געמיינט האָט זי, אַז זי טוט דעם זון אַ טובֿה דערמיט, אָבער זי האָט זיינע קראַנקע אבֿרים אָנגעגאָסן מיט גליענדיקן צינק פֿון אייפֿער־זוכט. זי האָט אים געצווונגען אויפֿצורייסן די אויגן, כאָטש עס איז נישט נייטיק געווען. אָבער קוים איז דער צעגליטער בליי אַריינגעדרונגען אין זיינע מחשבֿות, האָט עס שוין קיין רו נישט געגעבן. האָט ער אָנגעהויבן טיפֿער אַריינצוקוקן אַנדזשען אין די אויגן אַריין, ער האָט אַרויסגעזויגן דעם גלאַנץ זייערן, ער האָט אַנאַליזירט איר קוש, אים געמאָסטן אין דער טעמפּעראַטור, פֿאַרגליכן די וואַרעמקייט פֿון אירע רייד און די צערטלעכקייט פֿון אירע ווערטער מיט די בעכטיקע, מיט יענע־וואָכעדיקע, געפּרווּוט אויסגעפֿינען, וועמען פֿון זיינע פֿריינד זי האָט גערן. ער האָט זי גערייצט נישט ווילנדיק, איר געבעטן, זי זאָל זיך דורכפֿאָרן, אָדער גאָר גיין אין „סינעמאַ", און ווען זי איז באַשטאַנען, האָט ער מיט שפּיציקע אויגן געפּאָרשט איר צופֿרידנקייט, געמאָסטן און געוויגן יעדן קער אירן און צום סוף זיך „געמאַכט" פֿילן אַזוי שלעכט, אַז זי זאָל פֿון זיך אַליין פֿאַרשלאָגן נישט אָוועקצוגיין פֿון הויז.

און צו דעם אַלעם האָט די שוויגער צוגעהאָלפֿן, אָנגערעגט און

אויפגערייצט. די ערשטע צייטן האָט אַנדזשעע עס אָנגענומען אַלס אַ זאַך, וואָס אַזוי מוז עס זיין. זי האָט זיך אַליין פאַררוישט מיט דעם פּאַלאַץ, וואָס איז אירער, און מיט דעם גרויסן פאַרמעגן, וואָס איז איר מאַנס, מיט דער גרויסשטאָטיקייט און גאַלאַנטקייט פון איר זשאָזען און זיינע קאַוואַלערן.

זי אַליין וואָלט אפשר נישט אַריינגעטראַכט זיך אין דעם, אַז זי דאַרף אַמאָל זיין אומצופרידן דערמיט, וואָס ער איז קראַנק, זי האָט זיך נישט פאַרטראַכט און עס נישט אויסגעחשבונט. די אומצופרידנקייט האָט אָבער אַריינגעטראָגן די שוויגער אירע. צום ערשט מיט קרעכצן, דערנאָך מיט מוסר זאָגן, נאָך שפּעטער מיט פאָרווורפן, אַזוי אַז דער גיהנום האָט זיך אַליין גענומען אָנצינדן, אויפברענען און צעפלאַקערן.

אַנדזשעס געדאַנק האָט גענומען טאָגן, אויפגיין מיט בלייכקייט און אַריינקוקן אין זיך אַליין. עס האָט איר קיינער, חלילה, נישט געזאָגט, וואָס זיין שלאַפקייט איז, אָבער זי האָט עס אַליין אויסגעפונען, זי ווייסט נישט ווי אַזוי, זי האָט בכלל קיין אנונג נישט געהאַט אין אַזעלכע זאַכן, אָבער עס איז אַנטפּלעקט געוואָרן.

## קאַפּיטל פינף

דאָקטאָר מאָטאָראַזאָס „שמיר״ איבער דעם עקס־פּרעזידענטס באַק האָט וואָס אַמאָל מער געקראָגן אַן אָפּקלאַנג אין לאַנד. וואָס אַ טאָג, האָט מען זיך דערוווסט מער פּרטים. דער עולם איז בכלל געוואָרן מער פאַראינטערעסירט און מען האָט געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען דער שלאָס אויף דער פּרעסע וועט אַראָפּגענומען ווערן און מען וועט הערן, וואָס ער אַליין, דאָקטאָר ריאָ, האָט צו זאָגן.

ריאָ מאָטאָראַזאָ האָט צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים געשוויגן. דאָס איז געווען אַ דיפּלאָמאַטיש שטיל־שווייגעניש, הגם ער וואָלט געקענט האָבן פאַרשידענע מיטלען, דירעקט און דורך דריידלעך צו קומען צום וואָרט. עס איז אָבער זייער נייטיק געווען פאַר זיין קאָרט, אַז דאָס פאָלק

זאָל אַליין קאָמענטירן, רעדן צווישן זיך און דאָס אויפכאַפּן אויף די פליגל פון פאַנטאַזיע.

אין די לאַגערן פון די אומצופרידענע, באַזונדערס אין די רעוואָלו־ציאָנערע שטאַטן, ווי ריאָ גראַנדע, דאַ סול, פּאַרטאָ אַלעגראָ און אַנדערע, איז דער אינצידענט אויסגעוואַקסן צו אַ גרויסער געשעעניש. נישט איין ווידערשפּעניקער האָט געחלומט דאָס נעמלעכע נאָכצוטאָן. נישט איין אויג האָט אויסגעמאָסטן זיין האַנט, צי וועט זי זיין מסוגל מיט איין „שמיר" אָפּצוקלינגען אויף דער באַק פון גובערנאַטאָר, וואָס הערט נישט אויף צו הערשעווען איבער פּאָרטאָ אַלעגראָ שוין דרייסיק יאָר נאָכאַנאַנד.

ריאָ נעגראָ, דאָס פּיצעלע שטעטל, וואָס איז געלעגן צוגעדריקט צו דער גרענעץ פון פּאַראַנאָ און ס'רוב איינוווינער זענען טאַקע געווען פּאַראַנאַיער, איז געווען כמעט ווי אַ רעוואָלוציאָנערער שטאַב פון די ריאָ גראַנדער רעבעלן.

פּאָרטאָ אַלעגראָ האָט געהאַט היסטאָרישע טענות צו ריאָ גראַנדע. צוליב דער באַוווּסטער מלחמה, וואָס די צוויי שטאַטן האָבן אַמאָל געפירט, אַ מלחמה טאַקע צוליב דער שטאָט, ריאָ נעגראָ: איין פּראָווינץ האָט געטענהט, אַז די שטאָט געהער צו איר און די צווייטע האָט דערקלערט, אַז דאָס איז איר טעריטאָריע.

ערשט ווען די פעדעראַלע רעגירונג האָט זיך אַריינגעמישט און דאָס נאַציאָנאַלע מיליטער האָט אָפּגעשטעלט די בלוט־פאַרגיסונג צווישן די אַרמייען פון ביידע פּראָווינצן, האָט זיך די מלחמה געענדיקט דערמיט, וואָס ריאָ נעגראָ איז איבערגעגאַנגען אין די הענט פון ריאָ גראַנדע דאַ סול. די פּאָרטאָ אַלעגרער רעגירונג האָט פאַרשטאַרקט די וואַך ביי דער גרענעץ צווישן איין „עסטאַדאָ" און דער צווייטער. איינגעפירט אַ גרענעץ אָפּצאָל אויף אַרטיקלען, וואָס קומען פון פּאַראַנאַיער שטאָט.

דן־דאָמינגאָ האָט נישט געוווּסט, מיט וואָס מען עסט אָט די אַלע היסטאָרישע תביעות, און נישט פאַרשטאַנען דעם אונטערשייד פון איין פּראָווינץ ביז דער אַנדערער. אים איז אָבער געפעלן די רעוואָלוציאָנערע מחנה צוליב זייער אומצופרידנקייט. אין אים אַליין האָט געלעבט עפּעס אַן אייביק אינטערדריקטער פאַרלאַנג. וואָס אַזוינס ווייסט ער נישט, נאָר זיין

נשמה איז תמיד פול מיט פראָטעסט. דעריבער איז ער אַריין אין לאַגער פון די רעוואָלוציאָנערן און זיי געדינט איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן.

דאָניע פלעגט שטיין אין אַ קעמערל און לאָזן שפּריצן פונקען פונעם שלייפשטיין אונטער דער שאַרף פון זיין מעסער. ער האָט נישט געגוי־געוווּסט, ווען און צו וועמען ער וועט עס דאַרפן באַנוצן, אָבער ער פלעגט טרעטן אויפן ברעטל פון שלייף־שטיין מיט באַזונדערער התמדה, שאַרפן זיין שטילעט און דערביי זינגען:

„פאָניע, פאָניע גנב —

פאָניע, פאָניע ג—נ—ב!

אַ חוץ דעם שטילעט האָט ער אויך געפּוצט און גערייניקט זיין רעוואָלווער, אַריינגעקוקט מיט איין אויג אין דעם רערל אַריין. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָרט, אין דער טיפער פינצטערניש ליגט דער סוד פון אומענדלעכקייט.

איינמאָל איז דאָניע געשטאַנען אָנגעשפּאַרט מיט איין פוס אויף אַ שטול און מיט דעם צווייטן אויף דער ערד און געשניטן מיט זיין שאַרפן שטילעט אַ צונויפגעדרייט שטעקעלע טאַבאַק. געשניטן האָט ער עס אין קליינע שטיקעלעך און די שטיקעלעך זענען געבליבן אין זיין האַנט אונטער דעם שטילכל פון מעסער. דערנאָך האָט ער עס צעריבן אין שטויב, אַ טייל דערפון אַריינגעשאָטן אין מויל און געקייט, און אַ טייל — זיך געוויקלט סיגאַרעטלעך. ער האָט דערזען ווי אַן אויטאָמאָביל שניידט זיך דורך אין וואָלקנס פון רויטן זאַמד. דער אויטאָמאָביל שטעלט זיך אָפּ לעבן דער „קאַזאַ אַלעמאַן" און אַ דאַמע שטייגט איילנדיק אַרויס און ווערט נעלם אין דער ברייטער טיר פון דער קראָם.

דאָניע האָט נישט דערקענט די דאַמע, אָבער ער האָט געפילט, אַז דאָס איז זי, אַנדזשע.

קיין גרויס שייכות צו דער קראָם האָט דאָניע איצט נישט געהאַט. זינט דעמאָלט, ווען דער „פלאַטשיקער קאָפּ" האָט געמאַכט די „חתונה" פאַר דער טיר פון געשעפט, איז ער מער נישט צוריקגעקומען. און

שטאַרק נייטיק געהאַט האָט מען אים אויך נישט. ער איז געווען זיכער, אַז „דאָס מענטשל" — בערנאַרדאָ קאַסטאַראָ — וועט אים אָפּזוכן און צוריקרופן צו דער אַרבעט. נאָר אַזוי ווי ער האָט עס נישט געטאָן, האָט דאָמינגאָ אינגאַנצן אויפגעהערט אַהין צו קומען און זאָל עס זיך אָנצינדן...

נאָר איצט, אַפילו נישט זייענדיק אינגאַנצן זיכער, אַז דאָס איז זי, „די טאָכטער", האָט זיך די אַלטע אומרויִקייט אויפגעכאַפּט אין אים. אַ ציטער האָט זיך געגומען אָנגיסן אין אַלע זיינע אברים. נישט בלויז זיינע אויערן, נאָר אויך זיינע אויגן האָבן זיך געוואָלט איינ־הערן אין אַ שאָרך, וואָס איז געקומען פון דער טיר ביי זיינע „פּאַטראָנס".

ערשט ווען דער עולם אַרום דער „פאָנדע" האָט דערציילט, אַז דעם „אַלעמאַנס" טאָכטער איז געקומען, האָט זיך דאָגיע אויפגעכאַפּט ווי פון אַ חלום און געגומען אַוועקגיין, מכלומרשט ווי מיט פאַמעלעכע טריט, כדי עס זאָל קיינער נישט חלילה חושד זיין, אַז זיין האַרץ קלאַפּט און די קני ציטערן; נאָר וואָס ווייטער ער האָט זיך אָפּגערוקט פון זיין קאָמפּאַניע, אַלץ האַסטיקער האָט ער געשפּאַנט. געגאַנגען איז ער אַרום־און־אַרום דעם „פּאַטראָנס" הויז, ווי אַמאָל, ווי דעמאָלט, ווען דער „יאָלד" איז געקומען תנאים שרייבן מיט איר. ער האָט איצט געקוקט אין הימל אַריין, געזען רויטע, בלוטיקע שטרייפן, וואָס האָבן זיך דערנענטערט איינער צום צווייטן און פאַרגאָסן דעם לעצטן שפּור פון הימל. אַזוי מוזן איצט זיין זיינע אויגן, פול מיט גלי און אָנגעלאָפענעם בלוט. טרערן אַזעלכע זודיקע, הייסע, רייסן זיך פון די וויִעס, נאָר ער פאַרבייסט מיט די ליפּן און פאַרהאַמערט דעם האַלדז, עפּעס בלייבט שטעקן אין ברוסט; עס איז נאָך געגוג ליכטיק, ער זאָל וויינען, האַלט ער זיך איין און קרייזט עטלעכע מאָל אַרום דאָס הויז.

דורך דער זייט פון דער הינטערטיר איז ער צו, צוגעשפּאַרט זיין שטערן צו דער וואַנט און זיך צעוויינט. אָן אַ שיעור קוואַלן האָבן זיך געעפנט פון זיינע אויגן, און דאָס גאַנצע האַרץ האָט זיך געעפנט און אַרויסגערונען. דאָס האָבן געוויינט זיינע אַלע יאָרן פון קינדווייז אָן ביז

אויף דעם היינטיקן טאָג. זיין גאַנצער כעס און האַס האָט באַכגעלאָזט, ווי עס לאָזט נאָר דער פראָסט. יעדער ניצוץ פון נקמה איז צעשוווּמען געוואָרן. ער האָט געפילט אַ דערלייכטערונג, אַז עפּעס ווערן שווערע, שווערע שטיינער אַראָפּגעשווענקט פון אים. אַז זיין נשמה וועט זיך באַלד אויפהייבן, אַזוי גרינג און אַזוי לייכט. ער איז געווען זיכער, אַז זי, אַנדזשע, וועט דאַרפן דורכגיין די טיר און וועט אים טרעפן וויינען, נאָר זי וועט נישט בייז זיין, פאַרקערט, זי וועט גוט זיין צו אים, זי וועט רעדן מילד און אים וועט ווערן העל פון אירע קלאָרע אויגן. זי וועט זיך בייזערן אויף אים מיט גוטסקייט און ער וועט זיך נישט שעמען, וועט ווייטער וויינען, וויינען ווי אַ קליין קינד און זי וועט אונטערהאַלטן אירע הענט און אויפכאַפּן זיינע טרערן.

נישט אַנדזשע און נישט קיינער פון דער שטוב איז אַרויסגעקומען. פונדעסטוועגן איז אים זייער גרינג געוואָרן. ער האָט מסכים געווען צו זיין אייגענעם פאָרשלאָג, אַז ער זאָל אַריינגיין אינעווייניק. וואָס האָט ער מורא צו האָבן? אויפעסן וועלן זיי אים נישט...

געמיינט האָט דאָניע, אַז ווי נאָר ער וועט אַן עפן טאָן די טיר, וועלן אַלע איבעראַשט ווערן און די מאַדאַם וועט געבן „צו לייזן" אַ פּאָר גוטע קללות און אויף אַ צולייג — אַ שמייכעלע. דער „פּאַטראָן" וועט אַרויפרוקן די שוואַרצע ברילן און שאָקלען מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט מוסר געזאָגט, און אַנדזשע וועט זיך גאָר, גאָר צעשמייכלען.

אָבער געטראָפן האָט ער גאָר אַנדערש. מען האָט אים אויפגענומען, גלייך ער וואָלט גאָר קיינמאָל נישט אַוועק. דער באַלעבאָס האָט געקרעכצט, אָבער דאָניע האָט געפילט, אַז די קרעכצן זענען נישט אויף זיין חשבון. און אַנדזשע? זי איז געזעסן אבלדיק צווישן זיפצנדיקע טאַטע־מאַמע.

— באָ׳נאָיטי! — האָט ער געשטאַמלט נאָך אַ רגע וואַרטן. אַנדזשע האָט נישט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אָבער ער האָט געפילט, אַז דאָס איז נישט פון שטאָלצקייט און האָט איר פאַרגעבן.

ראָזינע האָט זיך אָבער אָנגערופן צו אים אַזוי פּשוט, ווי עס וואָלט גאָרנישט נישט געווען פאָרגעקומען:

— גיי, דאָמינגאָ, די קראָם איז אַליין און גיב אַכטונג, אַ קונה...

האָט דאָניע געפּאָלגט און געגאַנגען. אייגנטלעך האָט ער זיך פאָרגע־שטעלט, אַז אַזוי וועט עס זיין. ער האָט געפילט, אַז אַנדזשע איז עפּעס געקומען מיט אַ שווער געמיט, און אַז אויף יעדן פון זיי ליגט אַ פּוד שטיינער אויפן האַרצן. אפשר שלאָגט ער זי, דער אויסגעווייקטער יאָלד, דער מאַן אירער? און מאָדנע: וואָס מער ער האָט געפילט, אַז טאַטע־מאַמע און טאָכטער איז שווער אויף די הערצער, אַלץ לייכטער איז אים געוואָרן.

ער האָט גערעכנט, אַז דאָס איז צוליב דעם, וואָס ער האָט זיך אויסגעוויינט, האָט ער געפּרווט אין דער קראָם נאָכאַמאָל וויינען, אָבער עס זענען שוין קיין טרערן נישט געווען און חוץ דעם, האָט אין האַרצן אויפ־געטייעט אַן אומבאַשטימטע פרייד. האָט ער גענומען באַקרעכצן אַנדזשע־ליטעס גורל און אָנשאַרפן די האַק פונעם פלייש־קלאָץ, וואָס איז דורך זייער צייט שיר נישט פאַרזשאַווערט געוואָרן.

*

דאָס איז געווען אויף צומאָרגנס. דאָניע איז געשטאַנען אין דער קראָם. נישט בלויז ביי דער אָפּטיילונג פון פלייש, נאָר אומעטום זענען געווען זיינע אויגן. דער „פּאַטראָן" און די „פּאַטראָנאַ" זענען נישט געווען, געגאַנגען זענען זיי צום אַדוואָקאַט מכוח אַן ענין, וואָס איז דאָניען נישט באַוווּסט געווען, און אַנדזשעליטאַ, וואָס האָט לכתחילה אויך באַשטימט מיטצוגיין צום אַדוואָקאַט, האָט זיך די לעצטע מינוט פאַר עפּעס פאַרשעמט און האָט זיך צוריקגעצויגן. זענען טאַטע־מאַמע אַוועק זיך דורכרעדן, אַזוי צו זאָגן, בלויז דערווייל איינפעדעמען אַ נאָדל און דערנאָך וועט מען שוין זען, וואָס און ווען.

אַנדזשע איז געבליבן אין איר אויסגעפּוצטן קאָסטיום שטיין אַזוי אין געשעפט. זי איז געשטאַנען לעבן רעגיסטער און דערנאָך זיך האַלב אַריבערגעבויגן איבערן מוסטעראַדאָר־טיש און געפּרווט שמייכלען פון דעם, וואָס דאָמינגאָ ווייסט צו דערציילן.

און אַנדזשע האָט זיך נאָך מער געחידושט, וואָס אָט דער יונג, וועמען זי האָט אַפילו קיין בליק נישט געשאָנקען, רעדט אַזוי פריי און אַזוי פליסיק מיט איר וועגן זאַכן, וואָס איר מאַן רעדט אַזוי זעלטן. אמת, די

אויסשפּראַך, דער קלאַנג פון וואָרט איז ווייט נישט אַזאַ, ווי זי הערט פון איר מאַן און פון זיינע קאָלעגן, נאָר זאַפּטיקער איז זיכער זיין, דאָמינ־גאָס, וואָרט. עפּעס דערפילט זי אין זיינע רייד אַזאַ טעם פון געזונטקייט, פון דאָרפישן כוח, פון טונקל ברויט.

זי פּרוווט פאַרגלייכן אים, דאָניען, צו איר מאַן, נאָר זי קען נישט. עפּעס האָט זי איר זשאָזען פאַרלוירן פון זיכרון. ערשט צוויי טעג איז זי פון אים אַוועק און געדענקט גאָרנישט ווי ער זעט אויס. אַפילו נישט פון איר שוויגער, די מאַדאַם קויפמאַן. דער פּאַלאַץ איז גאָרנישט איר פּאַלאַץ. עס איז געווען אַ דערוויילן, עפּעס אַ סטאַציע — און ווייטער געהערט זי זיך גאָרנישט אָן מיט זיי. דאָ איז איר היים. יאָ, זי האָט איבערגעלאָזט עטלעכע זאַכן איידער זי איז אַוועקגעפאָרן אין דער גרויסער שטאָט, אין סאַן־פּאַולאָ — איז זי אַ בעלן צו זען, צי זענען זיי נאָך פאַראַן, און פאַרוואָס נישט? וויבאַלד דאָס איז איר היים. ווער זאָל עס רירן?

אַנדזשעע איז געווען אויסגעהונגערט נאָך געזונטקייט און פון דאָניעס פּנים האָט ממש געשפּראָצט גבורה. זי האָט געקוקט אויף זיינע באַקן, וואָס האָבן זיך געראָיטלט ביי יעדער מאָל, ווען זיינע אויגן האָבן זיך באַגעגנט מיט אירע. און נאָך מער האָט זי איבערראַשט, וואָס דער בחור איז געוואָרן אַזאַ גאַנצער „פּאָליטיקער".

ער האָט איר דערציילט וועגן די פאַרשידענע פּלענער, וואָס די ריאָ־נעגרער רעוואָלוציאָנערן האָבן בדעה דורכצופירן, אַפילו אָפּרייסן ריאָ־גראַנדע־דאָ־סול פון בראַזיליע און זיך צונויפקומען מיט אורוגוואַי, דעמאָלט וואָלט אַ האַלבע שטאָט געהאַט אַמטן אין דער רעגירונג, און ער אפשר אויך.

אַנדזשעע, וואָס האָט אַמאָל געלערנט געאָגראַפיע און וועגן די גרענעץ־לענדער פון בראַזיל, האָט פונדעסטוועגן נישט געקאָנט כאַפּן די שייכות פון ריאָ־גראַנדע מיט אורוגוואַי, דערצו איז פּאָליטיק איר כמעט נישט אָנגעגאַנגען, האָט זי בלויז אויסגעהערט דאָמינגאָן פון קוריאָז. אַפילו די מעשה מיט דאָקטאָר ריאָ מאָטאָראָזאָס שלאָגן דעם עקס־פּרעזידענט, וואָס קינדער אין די גאַסן האָבן זיך דערציילט, און מען זינגט שוין אַפילו לידער וועגן דעם, האָט זיך אַנדזשעלינאַ ערשט דערוווסט פון דאָניען. די

מעשה אַליין האָט איר נישט אינטערעסירט, נאָר דער אופן פון דאָניעס דערציילן, פון זיין צוקלאַפּן צום טאַקט מיט דער שאַרפער האַק אין די ביינער פון אַ זייטל פלייש, פון זיין וואָרט, ווי ער אַליין וואָלט עס געשלאָגן דעם עקס־פרעזידענט, און מיט יעדן זעץ מיט דער האַק האָט ער געוואָלט צולייגן אַ סטעמפּל, וואָס זאָל באַשטעטיקן זיינע רייד אין אירע אויגן, אַז דאָס איז אַ ריינער אמת.

נאָך מער ווי אַנדזשען, האָט דאָניען אַליין געוווּנדערט פון זיינע אויפגעקלערטע רייד, וואָס ער האָט צו איר גערעדט.

עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז זיינע אויערן הערן צום ערשטן מאָל, וואָס זיין צונג רעדט, און ער האָט קיינמאָל נישט געוווּסט, אַז ער ווייסט אַזוי פיל וועגן פּאָליטיק, נישט ערגער, ווי אַ הי געבוירענער.

עס האָט גענומען אַ סך צייט, איידער טאַטע־מאַמע זענען צוריק געקומען פון אַדוואָקאַט און דורך דער צייט איז דאָניע שטאַרק היימיש געוואָרן מיט אַנדזשען. ער האָט איר אַפילו דערציילט עטלעכע פּרטים, וואָס האָבן צו טאָן מיטן געשעפט און פאַרוואָס די פרנסה איז געבראָכן, געגעבן עטלעכע פּלענער. מיטן טאַטן אירן וואָלט ער אַלץ געמאַכט, נאָר איר מאַמע הערט זיך נישט צו. האָט זיך אַנדזשע געפילט נאָענט און צוגעלאָזן צו אים. געמאַכט עסן, און מיט אים געגעסן ביי איין טישל הינטער דעם וועגטל, וואָס האָט אָפּגעטיילט די קראָם מיט דער שטוב, און פונוואַנען מען האָט געקאָנט אַלעמאָל כאַפּן אַ בליק אַריין אין געשעפט, ווען עס האָט זיך באַוויזן אַ קונה.

דאָניע האָט לכבוד דעם עסן זיך גוט אַרומגעוואַשן די הענט. יעדעס שפּרינקעלע בלוט אָדער פעטס פון פלייש האָט ער פאַרווישט.

ווען זי האָט זיך צוגעלייגט אויף דער קאַנאַפּע אין „סאַליע”, באָכן עסן, איז ער אַליין געוועזן אין קלייט און באַזאָרגט די קונים, גלייך עס וואָלט געוועזן די קראָם פון זיין שווער און שוויגער... אָנשטאָט קנעכלעך, האָט ער אין זיינע פיס געהאַט שרויפן און ספּרונזשינעס. זיין טראָט האָט געטאַנצט הינטער אים, און די אַרבעט האָט אַרויסגעזונגען פון צווישן די פינגער.

אים האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז דאָרט, אויף דער סאָפע, ליגט זי, זיין

באַשערטע. פאַר דער חתונה, צי נאָך דער חתונה — דאָס האָט ער געווּי נישט געקאָנט וויסן.

בלויז אין אַ צוויי שעה האָט דאָניע איבערגעדרייט די קראָם: ער איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ שמאַטע און געווישט דעם שטויב, געפּוצט די שויבן, די ראַמען, אויסגערייניקט דעם פּאָל און אויסגעקערט פון אַלע ווינקעלעך אַרויס.

דאָס האָט ער געמאַכט אַ „מתנה" די באַלעבאַטים, וואָרעם ער אַליין הויבט נישט אָן צו וויסן, ווי אַזוי „פאַרלאָזט מען דאָס אַזוי אַ געשעפט ?..."

ער איז געווען זיכער, אַז די „פּאַטראָנעס" וועלן קומען, וועלן זיי דאָס באַוווּנדערן און ער וועט ווייל געפעלן אין אַנדזשעס אויגן... אַז אַנדזשעע איז אויפגעשטאַנען פונעם שלאָף, האָט זי אויסגעזען בלייכער און נערוועזער. ער איז אומישנע געבליבן שטיין מיט דער שמאַטע אין דער האַנט, כדי זי זאָל אים טרעפן אין דער אַרבעט, אָבער זי האָט ווינציק אַכט געלייגט אויף אים, געפרעגט עפּעס און נישט געקוקט אין זיין זייט.

האָט ער זי איבערגעלאָזט און אַליין ערגעץ־פאַרשוווּנדן. ווען ער איז צוריקגעקומען, איז ער געווען אָנגעטאָן אין אַ גרינעם כאַקע־אַנצוג, געמאַכט האַלב־מיליטעריש, האַלב־ציוויל. אַ העמד פון זעלביקן קאָליר און אַ שניפּס פון דעם אייגענעם שטאָף. דער אַנצוג איז געלעגן אויף אים געפּאַסט און ער האָט אויסגעזען שלאַנקער. ער איז געווען זיכער, אַז זי וועט אים באַמערקן און באַוווּנדערן און אויסשרייען מיט אַנטציקונג: אָ, ווי שיין דו זעסט אויס, דאָמינגאָ! און ער וועט איר דערקלערן, אז דער אַנצוג איז נישט סתם אַזוי אַ הילוך, נאָר די, וואָס האָבן זיך איבערגעשניטן די הויט ביי די אָדערן פון די הענט און געשווירן טרייהייט דער רעוואָלוציע, זיי גייען אַזוי אָנגעטאָן.

אין אייגנוועגס וועט ער איר שוין אויך ווייזן דעם רעוואָלווער, וואָס ער האָט תמיד מיט זיך, און דעם קינזשאַל מיט אַ הענטל פון העלפאַנטביין, וואָס איז אַריינגעדרייט אין זיין פּאַסיק.

אָבער אַנדזשע האָט אים גאָרנישט געפרעגט. דער פריערדיקער ביטול האָט זיך צוריקגעקערט צו איר. זי האָט נאָר נערוועז געוואָלט וויסן ווען

דער „פּאַפּאַ״ און די „מאַמאַ״ וועלן צוריקקומען, גלייך מען וואָלט אים געזאָגט וווהין זיי זענען געגאַנגען?

בערנאַרדאָ און זיין ווייב ראָזינע זענען צוריקגעקומען, ווען דער ערב־בלויער פאַרנאַכט איז שוין געשטאַנען הינטער דער טיר. דאָניע האָט כאָטש געוואָלט, די מאַדאַם זאָל אַ בליק טאָן אויף זיין אָפּגעטאָענער אַרבעט, אָבער זיין רצון איז נישט מקוים געוואָרן, וואָרעם ווי נאָר זיי זענען אַריינגעקומען, האָט מען תיכף געכאַפּט אַנדזשען אין אַ ווינקל אַריין און מיט איר דאָרט איינגעטענהט. ער, דאָניע, איז אַליין געשטאַנען אין געשעפט און נישט געוווסט, וואָס צו טאָן מיט זיך, אפשר זאָל ער אַרויסגיין און זיי לאָזן דאָ אומגעשטערט רעדן? האָט ער עס אָבער נישט געטאָן. עס איז אים שווער אָנגעקומען צו פּועלן ביי זיך, ער זאָל מודה זיין, אַז ער איז דאָ נישט מער, ווי אַ פרעמדער, און ווען עס האַנדלט זיך אין אַ פאַמיליע־זאַך, איז ער אַן איבעריקער.

פון דעם, וואָס די דריי האָבן גערעדט צווישן זיך, האָט דאָניע נישט געקענט כאַפּן קיין וואָרט, ווייל צו זיין אויער איז נאָר דערגאַנגען דער ש—ש—ש, דער שאָרך פון זייערע רייד, און מיט עטלעכע מינוט שפּעטער אין די מאַמע אַריינגעלאָפן אין שטוב און באַלד צוריקגעקומען מיט אַנדזשעס הוט...

דאָניע האָט שטאַרק דערפילט, אַז ער איז דאָ אַ פרעמדער, דער ווייטסטער מענטש אין דער וועלט איז ער דאָ, ביי דער פאַמיליע קאַסטאָראָ. אַז וויבאַלד מען היט זיך אַזוי מיט אַ וואָרט פאַר אים, וואָס האָט ער דאָ צו טאָן? וואָלט דען נישט גלייכער געווען, אַז ער זאָל איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַוועק און מער קיינמאָל זיך נישט אומקערן, אַז ער זאָל זיין דאָרט, ווו זיין יעדעס וואָרט איז אַ חכמה, זיין יעדער ווונטש ווערט אויסגעפירט, און צו זיין עצה — זיך צוגעהערט? און אַנדזשע? ער ווייסט דאָך ווויל, אַז זי איז פאַר אים פאַרלוירן, אַז דאָס, וואָס זי איז היינט געווען גוט צו אים, איז נאָר אַזאַ שפּיל פאַרן טייוולס וועגן, כדי אויפצומונטערן די צרות, וואָס זענען שוין געלעגן פאַרקאָפּעט אין אַש. ווען זי קומט נישט נעכטן צו פאָרן, וואָלט שוין געווען פיל גלייכער, וואָרום ער האָט זיך שוין געהאַט אַריינגעפּאַסט אין אַן אַנדערער ראַם.

פונדעסטוועגן האָט מען איבערגעלאָזן די גאַנצע קראָם אויף זיין קאָפּ און אַלע דריי זענען אַוועקגעגאַנגען.

## קאַפּיטל זעקס

ער האַלט אַנדזשעס מיטלסטן פינגער אין זיין צוגעמאַכטער פויסט פעסט פאַרקאַרקעוועט...ביידע אָרעמס זענען איצט צונויפגעשלאָסן. אָט דערגרענטערט ער זיך צו איר, זיין אָרעם רירט אָן אירע אַקסלען, אָט דער־ווייטערט ער זיך, אָבער בלויז אויף אַ האַלבן שפּאַן, ווייל ער פילט, אַז זי וועט אַזוי לייכט איר פינגער פון זיין האַנט נישט אַרויסציען. אָט גייט ער גאָר מיט איר איבער די שטיקער אָפּגעריסענע פעלדזן, וואָס ליגן אינמיטן פון שמאָלן טייכל, און ער שפּאַנט מיט איר פון שטיין צו שטיין. און ווען עס איז אַ ווייטער שטח, מוז ער גאָר זי נעמען מיט איין האַנט אונטער די קני און מיט דער אַנדערער ביי דער פּלייצע אונטער די אָרעמס און זי טראָגן. ווּוהין — ווייסט ער נישט, ער זעט נישט די ווייטקייט און פילט נישט די שווערקייט. ער זעט נאָך, ווי איר קלייד מאָרעט זיך אין וואַסער און ער, דאַניע מיט אַנדזשען, זענען עפּעס אַזוי אָפּגעשפּיגלט אין טייך, ווי אַ צונויפגעקלעפּטער קנויל.

ער טראָגט זי צום אינדזל קאַשועראַ. ער קאָן גאָר נישט געדענקען צו וואָס. אפשר צו דער קאָרטן־לייגערין, וואָס וווינט דאָרט אין דער ראַנטשאָ, ווו ער איז אַמאָל געוועזן מיט דער זויערער לימענע — כואַנאַ? ניין. און אפשר איז זי, כואַנאַ אַליין, גאָר די קאָרטן־וואַרפערין? זי האָט דאָך אים פאָראויסגעזאָגט, אַז עס שטייט אים פאָר אַ ווייטע רייזע איבער ימען... און אַז ער ליבט אַ „רוביא" — אָבער היטן מוז ער זיך פאַר די „רוביאס". די בלאָנדע זענען פאַלש. ער זאָל בעסער נעמען די „מאַראָטשאַ", ווייל די מיט די שוואַרצע האָר איז אין אים פאַרליבט און וועט אים גליקלעך מאַכן...

ווערזשע איז די בלאָנדע? אַנדזשע? ניין, זי איז דאָך גאָר זילבער. אָט אַזוי ווי ער טראָגט זי איצט, גייט די לבנה מיט און רוט אויף איר קאָפּ. פונקט, ווי אויף דער „סאנטא מאריאס", אַרום שטערן לייכט זיך

עפּעס אַ רעדל, וואָס פאַרבלענדט. ער וויל איר אַריינקוקן אין די אויגן, האַלט זי זיי פאַרמאַכט. „סאָן לאָס יונז דע לאַ נאַטשע״. — זינגט ער איר. אָבער נישט ער זינגט דאָך, דאָס זינגט גאָר זי, כואַנאַ. און זי האַלט זיין קאָפּ ביי זיך אין שויס און זיין באַק קוועטשט זיך אָפּ אויף אירע אַרויס־געשטאַרצטע ביינער... טאָ, ווו איז אַנדזשע אַהינגעקומען? ניין, דאָס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז די פאַדלע איז דאָ. דאָס איז בלויז איר קול, איר שטים אַליין איז געקומען, אָן איר.

אָבער ווו איז דער וועג אַהינגעקומען? ער געדענקט גאָרנישט ווי אַזוי ער איז אַהער געקומען דאָ אין קאַשוערע. עס איז אַ ווילסטער פּאָס וואַלד, פון ביידע זייטן זעט מען וואַסער, און פאַרוואָס שטייען דאָ עפּעס שטיגן? וווהין פירן די טרעפּ, אין ערגעץ נישט? אַז קיין טיר זעט ער נישט און קיין הויז געפינט זיך דאָ נישט, טאָ ווו ענדיקן זיך די שטיגן און אין וואָס שפּאַרן זיי זיך אָן?

דאָניע האָט זיך אַ שטאַרקן צאַפּל געטאָן און אויפגעכאַפּט. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז די טרעפּ, וואָס זענען געשוועמען אין דער לופטן, זענען אַראָפּגעפאַלן און ער — מיט זיי.

שוין אין דער ערשטער רגע האָט דאָניע געוווסט, אַז דאָס איז געווען אַ חלום. און כאָטש ער האָט זיך גוט אָנגעפּלאָגט אין דעם חלום, האָט אים באַנג געטאָן, וואָס ער האָט זיך פאַרענדיקט. האָט ער מיט צוגע־מאַכטע אויגן געפּרווט ווייטער צו ציען. האָט ער אָבער נישט געקאָנט צוריק איינשלאָפן און האָט געמוזט דאָס איבעריקע דערטראַכטן. און ער האָט זיך טאַקע דערטראַכט דערצו, אַז נאָך היינט פאַרנאַכט וועט ער איינלאָדן אַנדזשען, זי זאָל מיט אים גיין איבערן טייך שפּאַצירן. ער וועט איר ווייזן די הייל, וואָס ער האָט אַליין אויסגעזוכט. דאָס איז אַזאַ מין עפּענונג אין אַן אויסגעהוילטן שטיין און דאָרט טריפט וואַסער. אַז מען וויל אַריינגיין, מוז מען זיך אויסטאָן באָרוועס.

ער וועט מיר איר זיין אין דער הייל און וועט איר ווייזן ווי עס הענגען אַראָפּ פון די שפּיצן אַזעלכע הענג־לייכטערס פון שטיין, פּונקט אַזעלכע הענג־לייכטערס ווי ביי אים אין שטעטל אין בית־מדרש... זי וועט

זיך פרייען און ביים אַרויסגאַנג, ווען זי וועט זיך ווענדן צוריק אַנטאָן די שיך, וועט ער זיך איינבויגן און געבן אַ קוש איר אין די פיס.

מיט דער פאַנטאַזיע איז דאַניע צוריק איינגעשלאָפן. און ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער זיך דערוווּסט, אַז עס איז געקומען אַ גאַסט, — אַנדזשעס מאַן, סעניאָר זשאָזע קויפּמאַן.

דאַניע האָט נישט געוווּסט ווען דער „יאָלד" איז געקומען: שפּעט ביינאַכט? פאַרטאָג? אָדער שוין אינדערפרי? ווען ער איז אַריינגעקומען פון זיין חדרל, נאָך אַלץ אָנגעטאָן אין גרינעם האַלב־מיליטערישן, האַלב־ציווילן כאַקע־אָנצוג און געוואָלט, אַז אַנדזשעלינע זאָל אים געבויער און נענטער באַמערקן און אויף זיינע ליפּן איז געווען אָנגעגרייט דער „באָם דיאַ" אָנגעשמירט מיט אַ געזאַנגעלע, האָט ער אָבער באַמערקט, ווי אין עס־צימער זיצן טאַטע־מאַמע אָנגעכמורעט. ער האָט דערקענט, אַז מיט זיין אַריינקומען האָט ער איבערגעשלאָגן אַ בינטל בייזע רייד...

אַנדזשע איז געווען אָנגעטאָן אין אַ רויטן שלאָף־ראָק מיט גאָלדענע בלעטער און פון די ברייטע, פּאָפּישע אַרבל זענען אַרויסגעהאָנגען צוויי ווייסע הענט. די פינגער זענען געווען איינגעשלאָסן איינס אין אַנדערן, ווי די ציין־רעדלעך אין אַ מאַשין. זי איז געשטאַנען אויסגעדרייט, כמעט אָנגעלענט מיט דער פּלייצע אין דעם שפּיגל־שענקל, ווו עס שטייען די שיינע טעלער און געשליפענע גלעזער. דאַניע האָט געזען, אַז אונטער אירע אויגן האָבן נאָך געפינקלט נישט אויסגעווישטע טרערן.

דאַניע האָט געקוקט אין איר פּנים און אין דער אייגענער צייט אויך געזען איר האַלדז זיך אָפּשפּיגלען אין שפּיגל.

דער „יאָלד" האָט זיך אַרומגעדרייט איבער דער שטוב הין און צוריק. ער איז געווען זייער עלעגאַנט אָנגעטאָן. דער קאָפּ איז געווען אויסגע־גלאַנצט מיט אַ שמעקנדיקער פּאָמאַדע. דאָס פּנים איז געווען אָפּגעשאָבן, אָפּגעריבן אַזוי, אַז דאָס בלוט האָט זיך געשפּאַרט פון אונטער דער געלער הויט אַפּיר.

זשאָזע האָט זיך געביסן די שפּיצן פון זיינע נעגל. דאַניע האָט באַמערקט, אַז די נעגל זענען רויטער פון זיינע פינגער און גלאַנציקער פון זיינע אויגן. ער האָט זיך געטראַכט, אייגנטלעך איז שוין זיין גאַנצע

מי אומזיסט. אַז וויפל דער יאָלד זאָל זיך נישט פּלייסן וועט ער איר, אַנדזשען, שוין נישט געפעלן.

דאַניעס אַריינקומען האָט צעשטערט אַ שאַרפן און אימפּעטיקן אויס־טויש פון ווערטער. אויף זשאָזעס פּנים האָבן זיך נאָך געקרימט אָנגעלאָ־דענע רייד. ווייזט אויס, מען האָט נישט געקאַרגט קיין חטאים אויף אים. די מאַדאַם קאַסטאַראָ, וואָס איז געווען פאַרן שידוך און האָט פריער געהאַלטן מיט אים, איז איצט געווען די ערשטע, וואָס איז אַרויס מיט מענה־לשון און אים אויסגערעכנט אַ צעטל, אַז ס'איז אים פינצטער און ביטער געוואָרן פאַר די אויגן.

דער מאַן אירער, ברוכל, האָט זיך געטראַכט: ווי וויניק ער קען זיין ווייב; אַז דאָס, וואָס זי זאָגט יאָ, מיינט זי גאָר — ניין.

סעניאָר בערנאַרד קאַסטאַראָ האָט נישט איבעריק שטרענג גערעדט. פאַרקערט: ער איז געווען גאָר געלאַסן און אָנגעוויזן, מיט אַ משל פון תלמוד, אַז מילא, עס טרעפט אַן אומגליק, דאַרף מען זיך צעגיין, גטן, ווי עס פירט זיך ביי יידן. איז זיין ווייב אַריינגעפאַרן אין די רייד און אַרויסגעפּלאַצט:

— זי איז אַ יונג קינד, בלוט און פלייש און דאַרף האָבן אַ געזונטן מאַן, נישט אַן אויסגעווייקטע שמאַטע אין בעט...

סיי זשאָזע און סיי אַנדזשע זענען פייערדיק רויט געוואָרן. זשאָזעס רויטקייט האָט זיך פאַרוואַנדלט אין גרינקייט, גלייך ווי אַ גאַל וואָלט זיך צעגאָסן אויף זיין פּנים. און אַנדזשעליטען האָט דאָס רויטקייט זיך צעשמירט אונטער איר הויט און געשטאָכן אין די אויערן־לעפּלעך.

זשאָזע האָט גאָרנישט געקענט זאָגן. ער האָט עס נישט געקענט אָפּלייקענען. ער איז געשטאַנען פאַרשולדיקט, אָבער אין האַרצן האָט ער אַפּעלירט פאַר רחמנות:

— און אַז איך בין קראַנק איז וואָס — האָט ער זיך געטראַכט — איז דען נישטאָ קיין מיטלייד מיט מיר? זייט איר דען נישט מיין טאַטע און מיין מאַמע?

לויט זיין השגה, האָט גאָר אַנדזשע געדאַרפט אָנועקמאַכן אַלץ אין דער וועלט און זיך נאָר אָפּגעבן מיט אים, אים גרינגער מאַכן און

לינדערן די יסורים. און ווען זי טוט עס נישט, הייסט עס דאָך, אַז עס איז נישטאָ קיין געטריישאַפט, און אַז יעדער, מעג עס זיין אַן אייגן ווייב, האָט נאָר זיך אין זינען, און אַז ווען ער וואָלט געווען שטאַרק און קרעפטיק צו זיין אַ מאַן, וואָלט זי אים געווען אַ גוט ווייב. און וויבאַלד אַזוי, איז זי דאָך פון דער ווייטנס, פרעמד, און אָפּגעזונדערט, טאָ פאַרוואָס אַרט עס אים אַזוי, וואָס זי האָט זיך איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט אַנגעטאָן און גאָרנישט געזאָגט קיינעם, פאַרשווונדן פון דער שטוב און אַ גאַנצע נאַכט נישט אַהיימגעקומען?

זשאָזע וויל זיך אַליין איינרעדן, אַז עס האָט אים נישט געאַרט, נאָר די מאַמע האָט אַ גאַנצע נאַכט אים געטריפט קוועקזילבער אין די אָדערן אַריין; אַז אַ מאַן טאָר נישט זיין אַזוי, אַז זי פאַרהוליעט זיך מיט אַנדערע יונגעלייטלעך, און זי חנדלט זיך צו זיינע קאָלעגן, און אַז זי איז אַנטלאָפן פון אים, וועט די בושה פאַלן אויף זייער גאַנץ הויז. און אַז אַ ווייבס אָרט דאַרף זיין לעבן איר מאַן, והראיה זי אַליין, ווייניק האָט זי זיך אָנגעליטן פון טאַטן זיינעם מיט די משוגענע שטיק — נו, איז זי אַנטלאָפן?

זשאָזע איז אַ ביסל געווען איינגערעדט, אַז ער איז אַ מאָדערנער מענטש, דעריבער האָט ער געפּרווט עס זאָל אים נישט אַרן וואָס אַנדזשע איז אַוועק. ער האָט גערעכנט, אַז זי איז געגאַנגען מיט איינעם פון זיינע פריינד, טאָ איז וואָס? און אַז די גרינע ראַדיאָ־ווייזערס האָבן געוויזן אויף די שוואַרצע נומערן פונעם וייסן ציפערבלאַט פון זיין טיש־זייגער דריי פאַרטאָג, האָט זיך אים געדאַכט, אַז אין דער פינצטערניש קרימט זיך דאָס גרינע פנים פון טייוול און וויזט מיט די צוויי שפּיציקע פינגער אָט דעם געהיימנישפולן ציפער.

און אַז זי איז צומאָרגנס אויך נישט אַהיים געקומען, האָט ער שוין אָנגעהויבן צו ווערן אומרויק. טאָמער האָט חלילה מיט איר עפּעס פאַסירט? כאָטש ער האָט געוווסט: ווען עס זאָל עפּעס טרעפן, וואָלט מען אים גלייך געלאָזט וויסן, חוץ דעם האָט ער איבערגעלייענט אַלע צייטונגען, נאָכגעזוכט די פאָליצייאישע בייעס און צווישן די איבערגע־פאָרענע, פאַרווונדעטע אין גאַס, האָט ער קיין באַקאַנטן נאָמען נישט

געפונען. האָט עס דאָך אים געדאַרפט הנאה טאָן, האָט עס אים אָבער געאַרט. ער וואָלט זיך געוווּנטשן, אַז מיט זיין ווייבל זאָל זיך האָבן געטראָפן אַ קליין אומגליק.

פאַרנאַכט, ווען זיין מוטער האָט אַרויסגעזאָגט איר השערה, אַז „די ציג" האָט געמוזט אַנטלויפן צו דער מאַמען, האָט ער עס באַשטעטיקט, און כדי אַנדזשען צו באַרעכטיקן פאַר איר טאַט, האָט זשאָזע געזאָגט אַ ליגן פאַר זיין מוטער, אַז ער האָט זי באַליידיקט, אַז זי איז גערעכט, און ער מוז דעריבער פאַרן זי איבערבעטן.

✶

אַממערסטן געליטן פון דאַניעס אַריינקום האָט נישט קיין אַנדערער, ווי דער באַשולדיקטער, זשאָזע אַליין.

אים האָט זיך געוואָלט, אַז אַלע דריי זאָלן זיך אַראָפּרעדן פון די הער־צער. ער האָט געפילט, אַז פון דעם אַליין וועט אים ווערן גרינגער. דעם יונגס אַריינקום האָט אָנגעבראַכט נאָך מער אומהיימלעכקייט פון די פריער אַרויס־געזאָגטע ווערטער.

די ערשטע, וואָס האָט געראַטעוועט די סיטואַציע, איז ווידער געווען מאַדאַם קאַסטאָראָ, מיט איר איינפאַכן באַפעל:

— די קראָם איז אַליין. גיי, דאָמינגאָ, אַריין, אַ קונה וועט קומען.

שפּעטער האָבן אויך טאַטע־מאַמע איבערגעלאָזט דאָס „פאָרפאָלק" אַליין: זאָל זיך דאָס „קינד" מיט אים אויסטענהן, און געבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס בעסטע וועט זיין — זיך גטן.

איז ראָזינע געווען אין קלייט און אויסגעקוקט אַ קונה און בערנאַרדאָ האָט זיך געווישט די אַרומגעליאַמעוועטע אויגן פון הינטער די טונקעלע אויגן־גלעזער, און אין דאַניעס האַרצן האָט איצט געברענט איין באַגער: זאָלן זיי כאָטש אַ קוק טאָן און באַמערקן, ווי ער האָט נעכטן איבערגעע־דרייט דאָס געוועלב פון קאָפּ ביז די פיס און אַז אַלץ בלאַנקט און שיינט...

שפּעטער מיט עטלעכע שעה, האָבן אַלע דריי אין דער קראָם געהערט עפּעס שטיקער געוויין רייסן זיך אין צימער, פּונקט ווי עס רייסט זיך אַ

שטיק זיידנשטאָף אונטער די פינגער פון ראַזינעס הענט, ווען זי מעסט אָפּ פּאַר אַ קונה.

דאָס געוויין, אויסגעמישט מיט היסטעריקע, האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעחזרט, אַזוי, אַז אַלע דריי אין דער קראָם האָבן שוין נישט געקאָנט רויִק בלייבן און זיך געגעבן אַ לאָז צו דער טיר, וואָס האָט געפירט צום צימער.

און אין צימער האָבן זיי געזען, ווי אַ ברעג טיש איז געשפּרייט מיט אַ ווייסן טישטעך, דערביי איז געזעסן זשאָזע און אַ צוגעגרייטע שפּייז איז געשטאַנען לעבן אים, האַלב אָנגערירט. עס איז קענטיק געווען, אַז אַ שאַרף וואָרט פון אַנדזשעליטאַ האָט אים געטראָפן, ווען ער האָט געהאַלטן דעם ביסן אין מויל, וואָרעם דער ביסן, אַ צעקייטער, איז געלעגן אַרויס־געפאַלן פון צווישן זשאָזעס ציין.

וואָס אַזוינס אַנדזשעליטאַ האָט אים געזאָגט, ווייסט מען נישט, אָבער אַ מאַנסביל זאָל אַזוי ספּאַזמירן, איז נישט קיין שטייגער. קיין טרערן האָבן זיך נישט געוויזן אין זיינע אויגן, גלייך ווי די טרערן וואָלטן פאַרגליווערט געוואָרן און רייסן זיך אַרויס שטיקערווייז פון זיין האַלדז.

אַנדזשע, וואָס האָט געהאַלטן אירע הענט אויף זשאָזעס אַקסלען און אים געוואָלט באַרויִקן, איז צוגעלאָפן צו דער טיר און כמעט אַלע דריי מיט איר האַנט צוריקגעשטופּט, זאָגנדיק דערביי: „עס איז גאָרנישט, גאָרנישט, גאָרנישט"

די מאַמע האָט זיך ערשט רעכט געוואָלט געבן אַ וואַש צו אים, אַז עס האַלט שוין יאָ אַזוי, האָט זי דערפילט, אַז וויין ספּאַזמירן איז אַ גוט געוועגער קעגן איר טאָכטער: צי זי וועט יאָ וועלן צי ניין, וועט זיך איר האַרץ איבערקערן צו אים. דאָס איז געווען אַ געפערלעך שפּיל.

און באמת. אַזוי ווי איר האַרץ וואָלט עס פאָראויסגעוווּסט: אַ רגע שפּעטער האָט אַנדזשע מיט פאַרטרערטע אויגן געזאָגט מיט געמאַכטער צאַרטקייט:

— באַרויִק זיך, זשאָזע, איך פאָר צוריק, איך פאָר מיט דיר קיין סאַן־פּאַולאָ, באַרויִק זיך.

דעם גאַנצן אָוונט איז אַנדזשע געווען אויפגערעגט, געקרענקט און

געוואָרפן מיט ענטפערס אויף די געשטעלטע פראַגן, ווי מען וואַרפט מיט עפּעס, וואָס פּלאָנטערט זיך אונטער די פיס.

עס האָט אויסגעזען, אַז איר באַשלוס צוריקצופאָרן אין „גיהנום״ אַריין איז נישט צוליב זשאָזען, אַפילו נישט צוליב דעם, וואָס זי איז זיך גרייט צו ברענגען פאַר אַ קרבן, נאָר אָפּצוטאָן אַ „שטיקל״ טאַטע־מאַמע, וואָס האָבן זי אַזוי פאַרשלייערט.

די שולדיקע זענען טאַקע דאָס מאָל געווען טאַטע־מאַמע. זיי האָבן אַפילו קיין מוט נישט געהאַט זי אָפּצווועגדן פון דעם שריט. אַ געוויסע דערלייכטערונג איז פאָרט פאַר זיי געווען. עס האָט זיך זיי אויסגעוויזן, אַז דאָס מאָל פאַרקנסט זי זיך אַליין, אָן זייער ווילן און צושטימונג.

אַז אַנזשעליטאַ איז שוין געווען עטלעכע טעג אַוועקגעפאָרן, האָט זיך די שווערקייט אין הויז נאָך מער געלייגט, אַ וואָלקן איז געהאָנגען איבער די קעפּ. נישט עס האָט גערעגנט און נישט די זון האָט זיך געקענט דורכרייסן. און דער וואָלקן האָט געפּרעסט, ווי ער וואָלט געווען אָנגעפּילט מיט הייסער פּאַרע.

*

ביי די קאַסטאָרעס האָט זיך דער קנויל גענומען וואָס אַמאָל מער פאַרפּלאָנטערן. די „קאַזאַ״ איז שוין געווען אַזוי שלעכט, אַז בערנאַרדאָ האָט געמוזט זיך דערקלערן אין „קיעברע״. עס איז נאָר געווען אַ ווייטאָג, וואָס נאָכן באַנקראָט וועט אַפילו נישט בלייבן מיט וואָס אַ דירה צו דינגען.

עס איז שוין פאַר זיי מער קיין ספק נישט געווען, אַז מען מוז אַרויס פון ריאָ־נעגראָ. ווי וועלן זיי קאָנען די אויגן אויפהויבן און קוקן מענטשן גלייך אין פּנים אַריין, ווען דער בראָך איז אַזוי גרויס?...

די האָפענונג, אַז מען וועט זיך קאָנען אָנלענען אין „אַנדזשעס שווערן וואָגן״, איז צערונען געוואָרן. ערשטנס, ווי האָט מען דאָס אַ האַרץ צו קומען צום „קינד״ נאָך געלט. זי וועט דאָך זיכער זאָגן, אַז צוליב דעם האָט מען זי פאַרשלייערט צו דער אויסגעשפּילטער קאָרט — צו איר צעפּאַלענעם מאַן. צווייטנס, עס איז שוין אַריבער אַ שיין שטיקל צייט און זי שרייבט קיין וואָרט נישט, און ענטפערט אַפילו נישט אויף דער דעפּעשע,

וואָס מען האָט איר געשיקט, אַז זי זאָל שרייבן, וואָס זי מאַכט אין געזונט.

זיי וויסן, אַז דאָס „קינד" איז נעבעך אָפּגעצערט. ווער־זשע איז איר שולדיק? זי וואָלט נישט געווען קיין „שוואַכע פרוי", וואָלט זי זיך נישט געמאַכט דערפון, וואָס ער האָט ספּאַזמירט, וואָלט זי שוין איצט געווען געגעט, און — כ׳לעבן, זי וואָלט לאַנג נישט געדאַרפט זיצן...

ביידע האָבן באַשלאָסן אַרויס פון ריאָ־נעגראָ, וואָס גיכער, איידער מען טייטלט זיי נאָך אין גאַס.

צו יענער צייט האָבן זיי שוין געהאַט געהערט קלאַנגען, אַז אין דער קאָלאָניע קוואַטראָ אירמאַאָס טוט זיך עפּעס. עס איז אַראָפּגעקומען אַ נייער דירעקטאָר פון פּאַריז, און אַז מען זאַמלט צוריק איין די אַנטלאָפענע יידישע קאָלאָניסטן. איז פאַר בערנאַרדאָ קאַסטאַראָ נישט געבליבן קיין אַנדערע ברירה, ווי צוריק ווערן ברוכל כץ, אומקערן זיך אין דער קאָלאָניע, בפרט, אַז זיין שטיק ערד איז היינט עפּעס מער ווערט געוואָרן.

זיין יידענע האָט ער איינגערעדט, אַז דאָס וועט זיין אויף דערווייל, ביז מען וועט זיך פון דאָס ניי צו עפּעס דערשלאָגן. זאָל זיך איר דאַכטן: אַ שריפה. ווו לויפט מען נישט נאָך אַ שריפה? דערצו האָט זיך אים צוגעגעסן צו זיין תמיד צווישן גויים. מען מוז דאָך עפּעס קלערן אַ תכלית אויך. אָט, גייען ימים־נוראים, אַ ראש־השנה, אַ יום־כיפור, עס איז צייט זיך אין עפּעס דערמאָנען, אייביק לעבט נישט אַ מענטש...

ראָזינע האָט געהאַט אַנדערע חשבונות, צוליב וואָס זי האָט מסכים געווען אַריבערצוגיין אין „וויסטן העק" אין דער קאָלאָניע: כדי דער כעס פון דער טאָכטער זאָל זיך אַ ביסל לעשן, דערנאָך וועט זי אַריבער און זיך אַזוי איינהילן אין די קויפמאַנס, אַז זיי וועלן דאַנקען גאָט, אויב אַנדזשע וועט נעמען אַ גט פאַר אַ מיליאָן מילרייס!

נאָך דעם ווי די „קאַזאַ אַלעמאַן" איז געשטאַנען עטלעכע טעג פאַר־מאַכט מיט אַ געריכטס־צעטל אָנגעקלאַפּט ביי דער טיר, האָט זיך ברוך כץ אַריינגעזעצט אין דער באַן צוזאַמען מיט זיין ווייב. צווישן די זאַכן, וואָס ער האָט מיטגענומען, איז אויך געווען דער חלף, וואָס איז געלעגן אין שיידל.

# פערטער טייל
# דער געלער שאָטן

## קאַפּיטל איינס

דאָניע איז אַוועק פון די קאַסטאָרעס הויז נאָך פריער, איידער אַנדזשע־ליטאַ איז אָפּגעפאָרן. ער האָט נישט געקאָנט איבערלעבן די אייגענע מאָמענטן ווי דעמאָלט, בעת אַנדזשע איז געפאָרן צו איר חתונה. צי זיין האַרץ איז איצט געווען גרינגער, צי זיין כאַראַקטער — שטאַרקער, דאָס האָט ער נישט געוווסט. איין זאַך: ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען, איז ער נישט געווען צעטראָגן, נישט צעטומלט, אפשר דערפאַר, וואָס ער האָט טיף געפילט, אַז אַנדזשע איז נישט אַזוי גליקלעך מיט איר מאַן. איינס ווייסט ער נאָר, אַז ווען ער איז אַוועק, האָט ער שטאַרק געגלויבט, אַז אַנדזשע וועט נישט פאָרן, און אַז דער „אויסגעוווייקטער יאָלד" וועט זיך אַליין אָפּטראָגן, און ער מיט אַנדזשען...

און ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז אַנדזשע האָט געהאַלטן וואָרט און איז יאָ געפאָרן, האָט עפּעס אין אים אָנגעהויבן צו ציטערן און גרימען. האָט ער באַשלאָסן קיין איין מינוט נישט צו זיין אַליין, אַרויסנעמען כואַנען, גיין מיט איר, ווו זי וועט נאָר וועלן, און זאָל זיך די וועלט אונטערצינדן.

אין אַ מיטן טאָג איז ער צו צום „פּענסיאָן פּראַנסעז" אויף רוּאַ סאַנטאָ אַמאַראָ, אָנגעקלאַפּט אין די צוגעלענטע לופט־לאָדנס. פון אַ צע־שויבערטן קאָפּ האָר האָט אַרויסגעבליקט אַן אויג און געזען דאָניע, האָט זיך באַלד דער לאָדן ברייט געעפנט און אַ צעמאַזשעט פּנים, איינגעטונקען אין פּעטס, האָט מיט אים גערעדט.

ווען דאָס מיידל האָט געהערט, אַז דער „רוסאָ״ פרעגט זיך אויף דער „עספּאַניאָלאָ״, האָט די פּעטקייט זיך אויף איר נאָר מער צעגלאַנצט. זי איז פאַרשווונדן פון פענצטער און באַלד זיך נאָכאַמאָל באַוויזן, דאָס מאָל מיט נאָך מיידלשע פּנימער. אַלע האָבן גערעדט אינאיינעם, ווי עס וואָלט זיי שטאַרק אָנגעגאַנגען דער ענין. אַ טייל האָבן זיך ממש געפרייט, וואָס די אָרעמע קואַנאַ (נישט אַלע האָבן געקאָנט אַרויסזאָגן די „כ״), ווערט אויפגעלויכטן. „איי, רוסאָ, האָט זי דיך ליב!״ — האָט איינע ווי אויסגעזונגען.

ענדלעך האָט ער זיך דערוווּסט, אַז כואַנאַ איז אין „קאַפּיטאַל פעדעראַל״, זי מוז שוין האָבן אַ סך געלט, ווייל זי איז „אַנגעשטעלט״ אין אַ גרויס הויז.

די ערשטע, מיטן פּנים פעטן קרעם, האָט אים אַרויסדערלאַנגט כואַנעס אַ פאָטאָגראַפיע, גענומען פון אַ קליינעם היימישן אַפּאַראַטל. אויף דער פאָטאָגראַפיע האָט זיך אָנגעזען אַ האַנט און אַ האַלב פּנים פון נאָך אַ מיידל, וואָס איז נישט אינגאַנצן „אַרויסגעקומען״, און אויף דער אַנדערער זייט פון בילד איז געווען אָנגעשריבן דער נאָמען פון „פּענסיאָן״, די גאַס, דער נומער און די שטאָט, ווו כואַנאַס מידע ביינער זענען פאַרוואָרפן געוואָרן.

✶

פאַר דאָניען איז דאָס געווען איינס פון די גרעסטע וווּנדער: ער איז דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן געווען אין אַזאַ גרויסער שטאָט, ווי עס איז ריאָ־דע־זשאַנייראָ, — די קאַפּיטאַל־פעדעראַל.

ביים אַראָפּגיין פון דער באַן האָט ער זיך ווי פאַרלוירן. זיינע אויערן זענען נישט געווען געוווינט אויפצונעמען דעם גערויש, וואָס האָט זיך געטראָגן פון קלינגענדיקע „באָנדאָס״ און זייער שניידן זיך אויף די טרוקענע שינעס. דער רעש האָט געשריגן אין זיינע אויערן אַריין ווי מען וואָלט דאָרט אַריינגעפּויקט אויף בלעכענע פּויקן. די אויטאָס האָבן געבלאָזן, דער גאַזאָלין האָט אַרויסגעזאָטן און די מאָטאָרס האָבן גערוישט. דערצו האָט נאָך אויפגעציטערט די לופט פון דעם אויפרייסן דעם אַספאַלט פון דער גאַס מיט שאַרפע, עלעקטרישע שטאַנגען. עס האָט אַזוי גערוישט, אַז

אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די בערג, וואָס הויבן זיך הינטערן וואָקזאַל וועלן זיך באַלד אַראָפּלאָזן און אַלץ איינדעקן.

נאָר דאָניע איז נישט געווען אַליין; זיין באַגלייטער איז געווען איינער, אַ דאָן פּאַסקואַל, וואָס האָט פּאַרקויפט צייטונגען און לאָטעריי־צעטלעך אין די וואַגאָנען אויף דער שטרעקע סאַן פּאַולאָ — ריאָ־דע־זשענייראָ. דאָניע האָט זיך מיט אים באַקענט די לעצטע נאַכט, ווען ביידע האָבן געפונען אַ מקום מנוחה אויף צוויי רויע בענק אין צווייטן קלאַס פון דער באַן. דאָניע האָט זיך אונטערגעלייגט דעם אָרעם צוקאָפּנס, און דאָן פּאַסקואַל — אַ פּעקל מיט צייטונגען.

דאָן פּאַסקואַל האָט געהאַט צייט צו פּאַרברענגען מיט דאָניען דעם גאַנצן טאָג, ביז זיין „טריים" וועט צוריק אָפּפאָרן. האָט ער אים טאַקע נישט אָפּגעלאָזט און אים געוויזן אַלע חידושים פון זיין שטאָט.

ער האָט אים אַריינגעפירט אין אַזאַ געביידע, וואָס פאַר ווייניק געלט זאָל ער קענען געניסן פון אַלע תענוגים אויף דער וועלט. דאָס איז געווען אַ פּאַרבויטער פּלאַץ, מיט הילצערנע בנינים. דאָרט זענען געווען קאַרוסעלן מיט הילצערנע פערדלעך, אָנגעטאָן אין עכטע, אמתע זאָטלען, די בריטשקעלעך האָבן זיך נישט נאָר נאָכגעדרייט די פערדלעך, נאָר האָבן זיך גלייכצייטיק געוויגט אין דער קרים און אין דער ברייט. פּאַרשידנערליי געשליפענע שפּיגלען האָבן זיך מיטגעדרייט מיט דער קאַרוסעל, און שטיקער זון זענען מיטגעפלויגן מיט די צעגאַלאָפּעטע פערדלעך.

עס זענען געווען פּאַרשידענע אַנדערע פאַרוויילונגען, ווי דאָס שפּילן אין באַלאָט, אַריינקוקן אין שפּאַקטיוון און זען נאַקעטע מיידלעך. ער האָט אויך געקאָנט אויספּרווון זיין כוח, אָננעמענדיק אַ האַנטאַבע און שלעפּן און מנצח זיין דעם עלעקטרישן כוח. ער האָט אויך געקאָנט טאָן אַ זעץ מיט אַ האַמער אין אַן אייזערנעם קלאָץ און אַ רינג זאָל זיך קאָפּויער הויבן ביז צום סאַמע שפּיץ פון מאַסטבוים, אין דער הויך זאָל עס אַ קלונג טאָן און ער זאָל נאָך דערפאַר קריגן אַ גוטן, באַהיאַנער ציגאַר.

דאָן פּאַסקואַל איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ פולער האַנט דראָבנע מטבעות, געשטעלט, געצאָלט און געשפּילט אויף וואָס זיין אויג איז נאָר געפאַלן.

דאָניען אָבער האָט צום מייסטן אינטערעסירט די אָפּטיילונג פון שראַנקען, ווו מען קען שיסן די קאַטשקעלעך, וואָס וויגן זיך אויף דער וואַנט ווי דער אומרו פון אַ זייגער.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער קען גוט צילעווען, ווייל כמעט אַלע ברענענדיקע ליכט האָט ער פאַרלאָשן מיט זיין שאָס און די קאַטשקעלעך זענען אַראָפּגעפאַלן אין דעם אויסגעמאָלטן וואַסער אַריין...

אַרום דאָניען האָט זיך געקליבן אַ רעדל. אַלע, וואָס זענען געווען באַ־שעפטיקט מיט דער אייגענער עבודה — שיסן, האָבן אַוועקגעלייגט די ביקסן און זיך צוגעקוקט ווי דער „פּראַגעז" טרעפט איינס נאָך איינס.

דאָן פּאַסקואַל האָט זיך ממש געבאָדן אין נחת. אונטער אַ האָגל פון אַפּלאָדיסמענטן האָט ער דאָניען אַוועקגעשלעפּט, פאַרזיכערנדיק אים, אַז אַלס שיסער איז ער ווערט אַ מעדאַל.

— דער פּאַסקודנער „טריים" שלעפּט זיך אַוועק אַכט אַזייגער. ווען נישט, וואָלט ער מיט אים גערן פאַרבראַכט דעם אָוונט און ערשט רעכט געוויזן, וואָס עס איז אַזוינס ריאָ־דע־זשאַניירא!

דאָניע איז אָבער נישט געווען דער ערשטער באַקאַנטער פּאַסקואַלס. דאָס איז שוין געווען כמעט ווי אַ טבע ביי אים, יעדן טאָג האָט ער אָפּגעזוכט אין „זיין וואַגאָן" עפּעס אַן אַנדער פּראָווינציעלן פאַרשוין, וואָס פאָרט דאָס ערשטע מאָל אין דער קאַפּיטאַל־פּעדעראַל, און פאַר פּאַסקואַלן איז דאָס געווען דער גרעסטער גענוס פאַר יענעם זיך צו באַווייזן מיט די וווּנדער פון „זיין שטאָט"...

ביי יעדער מאָל ווייזן די שטאָט האָט אים טאַקע געקאָסט דאָס, וואָס ער האָט געמאַכט אויף דער רייזע, און טיילמאָל האָט ער אַפּילו נישט געהאַט אָפּצוצאָלן פאַר די לאָטעריי־צעטלעך, אָבער עס האָט אים נישט געאַרט. ער וועט דאָך נישט לאָזן, אַז יענער, וועמען ער האָט איינגעלאַדן צו ווייזן די שטאָט, זאָל פון זיין אייגענער קעשענע צאָלן. דאָן פּאַסקואַל איז אַ „קאַוואַלערא".

ווען דאָניע האָט זיין נייעם פריינד געבעטן, ער זאָל אים ווייזן ווי מען גייט אויף דער און דער גאַס (ער האָט אים געוויזן די פאָטאָגראַפיע מיטן אַדרעס פון כואַנען), האָט זיך פּאַסקואַל אַזש צעקראַצט דעם קאָפּ אינמיטן

דער גאַס. ער האָט געחשבונט צי וועט נאָך קלעקן זיין פאַרמעגן אויף צו באַצאָלן פאַר אַ „טאַקסאָמעטער״, נאָר אַזוי ווי ער איז געווען אין ספק, האָט ער אים אָנגענומען ביי דער האַנט און צוגעהוסט:

— אינגאַנצן איז עס אַ טויזנט שפּאַן. קום.

✶

— ד־אָ־מינ־ג־אָ!

איבער אַ געסל, וואָס איז געווען אַ דריי מעטער די ברייט, האָט זיך דורכגעשניטן עפּעס אַ דין קול און זיך אַריינגעדרייט אין זיין אויער.

אַלע אין געסל האָבן זיך אומגעקוקט און געזען, ווי אַ מיידל איז ממש געפלויגן מיט אַ צעפּאָכעטן שאַל אויף אירע אַקסלען, און ווען דאָס מיידל האָט זיך דערנענטערט צו דאָניען, איז דער שאַל אַראָפּגעפאַלן און עמעצער, אַ דורכגייער, האָט אים אויפגעהויבן און אַריינגעטראָגן אין דעם פּעדער־הייזל, פון וואַנען דאָס מיידל איז אַרויסגעלאָפן.

כואַנאַ האָט געוווסט, אַז דאָניע איז געפאָרן צו איר, דאָס האָט איר חברטע פון „פראַנסעז״ איר מיטגעטיילט.

כואַנאַ האָט געפילט, אַז זיין האַרץ האָט זיך סוף־כל־סוף גענייגט צו איר, ווייל עס איז נישט מעגלעך, די הייליקע מאַריאַ זאָל נישט האָבן צוגעהערט זיך צו אירע תפילות און נישט האָבן פאַרנומען אירע טרערן, מיט וואָס זי האָט נאַכט נאָך נאַכט איינגעווייקט אירע קישנס.

זי האָט געפילט און געווען זיכער, אַז דער רוסאָ וועט קומען צו איר. זי האָט זיך געריכט דערויף און האָט פולער געמאַכט איר באַנק־ביכל מיט ציפערן.

כואַנאַ האָט אים אויסגעקוקט... ווען נאָר זי האָט געהאַט אַ פרייע מינוט, איז זי שוין געשטאַנען אין דרויסן, אויף די טרעפּלעך, וואָס האָבן געפירט צו איר „הויז״ און געוואָרפן בליקן אויף אַלע זייטן.

דאָמינגאָ האָט, פון אַלטער געוווינהייט, געוואָלט אַראָפּרייסן אירע הענט, וואָס האָבן שוין געהאַט אַרומגעוויקלט זיין האַלדז, ער האָט זיך אָבער באַדענקט און אַראָפּגעלאָזט זיינע הענט. ער האָט געזוכט זיין בייעם פריינד, דאָן פּאַסקואַל, אָבער יענער איז ווי פון אויג אַנטרונען.

אין די געסלעך איז געשטאַנען אַ זשום. אין פּאָרט איז אָנגעקומען אַן אַמעריקאַנער קריגס־שיף. די מאַטראָסן האָבן זיך ווי דאָרשטיקע אַ לאָז געטאָן אין די געסלעך. געגאַנגען און געפאַלן פון די פיס.

די געסלעך אין „לאַפּע" זענען געלעגן ווי אַ בינטל שלאַנגען אַריינ־געדרייט איינס אין אַנדערן. אויף איין אָרט אַ קנויל, אַלע צוזאַמענגענומען און פון דער צווייטער — האָבן זיך באַזונדערע געסלעך אַרויסגעוויקלט.

אין די ראָגן זענען געווען קאַפע־הייזער און פון די קאַפע־הייזער האָבן געשפּילט אַלערליי אויטאָמאַטישע שפּיל־קאַסטנס. עס האָבן געגרימפּלט פּאָפּולערע טאַנגאָס. איבער די קאַפעען זענען געווען די טאַנץ־קלובן און פון דאָרט ווידער האָבן אַראָפּגעזשומעט אָרקעסטערס, באַגלייט אויף גרויסע אַמעריקאַנער זשאַזבאַנד־פּויקן.

פאַר דאָניען האָט דאָס געסל אויסגעזען עפּעס אַ מאָדנער יום־טוב. פאַרן אויג האָבן זיך געדרייט פאַרבן: העל־רויט, ווייס, הימל־בלוי, גרין און גלאַנצנדיק גאָלד.

דאָס זענען געווען די קליידלעך, די זאָקן און די שאַלן אויף די מיידלעך, וואָס זענען געשטאַנען גרופּנווייז און זיך געוויגט אויף זייערע אָפּצאַסן.

כואַנאַ, — אויפגעגליקט, האָט אים אַריינגעפירט צו זיך אין צימער; אָבער לאַנג נישט געלאָזט וואַרטן אויף זיך. זי האָט פאַרבעט דאָס בעט, אויסגעלאָשן דעם לאָמפּ, וואָס האָט געברענט טונקל אונטער אַ פּיאָלעטענעם אַבאַזשור, און אויף זיך געכאַפּט אַ שפּאַציר־קאָסטיום, אַ הוט און אין איין האַנט גענומען די זיידענע פאַראַסאָלקע, מיט דער אַנדערער — דאָניען אונטערן אָרעם און שטאָלץ מיט אים דורכגעגאַנגען פאַר די אויפגעריסענע אויגן פון אירע חברטעס.

✶

דאָס, וואָס דאָן פּאַסקואַל האָט נישט באַוויזן בייטאָג, האָט כואַנאַ אים דערלייגט אינאָוונט: צום ערשטן אַ גרויסאַרטיקן רעסטאָראַן, נאָכן רעסטאָראַן איז זי מיט אים אַוועק אין אַ סינעמאַ. דאָניע האָט נישט קיין גרויס געדולד געהאַט צו זען די בילדער און אפשר איז ער טאָקע מיד

געוועז אויך פון אַ גאַנצער נאַכט נישט שלאָפן און אַ גאַנצן טאָג זיך אַרומשלעפן, איז ער איינגעשלאָפן זיצנדיק מיטן מיידל ביי דער זייט.

כואַנאַ האָט געפילט, אַז ער שלאָפט, האָט זי געקוקט אויף די בילדער און אויך גאָרנישט געזען. זי האָט איצט געזען אירע אייגענע בילדער, איר אייגן לעבן אויסגעקריצט אויף אַזאַ שיינעם טאָוול. עפּעס האָט פון די הויכע הויכקייטן אַראָפּגענידערט דאָס גליק אויף איר קאָפּ און אַזוי ווייך זיך אַרומגעלייגט אַרום איר האַרץ...

ער האָט אַלעמאָל געגעבן אַ ציטער, אַ הייב אויף דעם קאָפּ, אַן עפן אַן אויג און אויסגעשטאַמלט:

— קאָן לוסענסיאַ!

האָט כואַנאַ אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף זיין שטערן און פון שטערן האָט זי אַראָפּגעגליטשט די האַנט אויף דער נאָז, פילנדיק דערביי זיינע אויגן צי זיי זענען פאַרמאַכט.

דער רעסטאָראַן־קאַבאַרעט, ווו זי איז מיט אים נאָך דער פאָרשטעלונג געגאַנגען, איז געוואָרן וואָס אַמאָל אָנגעפילטער מיט מענטשן. עס זענען מערסטנס געקומען מיידלעך באַזונדער און מענער באַזונדער, אָבער מען האָט זיך תיכף באַקענט, זיך צונויפגעזעצט ביי טישלעך און אַרויס איז שוין כמעט יעדע פרוי געגאַנגען אין באַגלייטונג פון אַ מאַן.

כואַנען האָט זייער הנאה געטאָן, וואָס זי איז נישט אַליין, וואָס זי דאַרף נישט צווינקען צו וועלכן קאַוואַליער און אויסהערן די טויזנטער מאָל געהערטע קאָמפּלימענטן און זופן דאָס שטאַרקע געטראַנק, וואָס איז סם פאַר אירע לונגען.

זי האָט דאָניען געוואָלט פאַראינטערעסירן מיט דער טענצעריין, וואָס האָט געטאַנצט נישט ווייט פון זייער טישל. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ דינער גאַזע, און דער שטאַרקער רעפלעקטאָר, וואָס איז געפאַלן אויף איר, האָט בולט אַרויסגעוויזן די גלידער פון איר לייב.

עטלעכע עלטערע הערן זענען דערפון אַזוי באַגייסטערט געוואָרן, אַז זייערע הענט האָבן זיך שיר צעריסן פון אַפּלאָדירן.

דאָס מיידל האָט נישט געוואָלט איר אויסגעוויינטן בחור אָפּלאָזן. אהיימנעמען אים צו זיך איז נאָך צו פרי געווען. דער יאַריד איז נאָך אין

איר „פּענסיאָן״ נישט איינגעשטילט, האָט זי גענומען אַ שפּאַציר אין אַן אויטאָמאָביל ביז לעמאָ.

דער אויטאָמאָביל איז געפאָרן לאַנגזאַם, זיך געגליטשט אויף די אויס־געוואַשענע אַספאַלטן איבער דער אַווענידע אַטלאַנטיקאָ. די גרינע טעראַסעס זענען געווען איינגעדעקט אין טונקלקייט. די מאַטע פאַנאַרן האָבן אַריינגע־קוקט מיט אַ בלוילעכן אָפּשיין אין אויטאָמאָביל און איבער דער גאַנצער לענג פון זייער פאָרן האָט דער ים גערוישט מיט ווייסן שוים און זיך געריסן אַריבערצושפּרייזן דעם צעמענטענעם צוים, וואָס האָט זיך געצויגן ווי אַ לאַנגער באַריער.

ערשט פאַרטאָג איז זי מיט אים צוגעקומען צו איר „הויז״. דאָס געסל האָט געהאַט אַן אויסזען ווי אַ טישטעך נאָך אַן עסן. די מערסטע יאַפּאַנישע לאָמפּן — אויסגעלאָשן, און די פענצטער — פאַרהאַקט.

ער איז געזעסן אויף אַ שטול, לעבן אַ קליין טישעלע און געוואַרט, נישט וויסנדיק אויף וואָס. כואַנאַ איז אַרויסגעקומען פון אונטער אַ שפּאַניש װענטל, אָנגעטאָן אין לופטיקע קליידער און צעלאָזן די האָר. איר פּנים האָט ער נישט גוט געזען, ווייל טונקל האָט געברענט דער שיין אין פיאָלעטענעם לאָמפּ. זי האָט אויסגעזען עפּעס פאַנטאַסטיש אין זיינע אויגן, עפּעס פרעמד און געהיימנישפול. און ווען ער האָט געזען ווי זי לאָזט זיך אַראָפּ אויף די קני, לייגט צונויף די הענט, שפּאַרט זיי אָן אויפן בעט און דאָס פּנים הייבט זיך אויף צו דער „מאַטקע באָסקע״, וואָס איז געהאָנגען איבער איר בעט, אויף דער וואַנט, האָט ער זיך דערפילט אומהיימלעך און געקלעמט.

## קאַפּיטל צוויי

די ערשטע, וואָס האָט זיך דערוווסט, אַז דאָמינגאָ איז אַ „קיגעלע״, איז געווען מאַניעלע, די „ענגלישע מלכה״.

די דאָזיקע פרוי איז נישט געווען קיין באַלעבאָסטע פון „צימערן״, נישט געווען קיין מאַדאַם פון אַ „פּענסיאָן״ און אַפילו זיך נישט געמישט אין דעם „מסחר״ פון די מענטשן, מיט וועמען זי האָט געהאַט צו טאָן.

זי איז געווען אַ שטיק צייט קעפּסווייב פֿאַר אַ זיד־אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין ריאָ־דע־זשאַנײראָ.

אָבער דאָס איז שוין געווען לאַנג, צוריק מיט יאָרן. זי אַליין, מאַניעלע, איז געווען פֿון די ערשטע „פּאָלאַקאָס", וואָס זענען געגאַנגען „ווינען" מיט רייכע בראַזיליאַנער, מיט דיפּלאָמאַטן און הויכע באַאַמטע. עס איז דעמאָלט געווען אַזאַ מאָדע און עס איז באַטראַכט געוואָרן פֿון מענער פֿאַר אַ מין ריטערלעכקייט צו האָבן אַ קעפּסווייב.

מאַניעלע איז געקומען קיין ריאָ דורך עפּעס אַן אומדערקלערלעכן, סודותפולן וועג. זי, מיט נאָך עטלעכע מיידלעך פֿון זייער שטעטל, זענען מיטאַמאָל פֿאַרשווונדן געוואָרן. שפּעטער האָט מען דערציילט, אַז עפּעס אומבאַקאַנטע פֿאַרשוינען זענען געקומען צו פֿאָרן און זיי אויפֿגעכאַפּט.

ווו יענע מיידלעך זענען אַהינגעקומען, ווייסט נישט מאַניעלע. ווייל אויפֿן וועג האָט מען זיי צעשיידט. וועגן זיך דערציילט זי די געשיכטע פּשוט און אָן שום קונצן:

„...אַז איך בין אָפּגעווען אַ שטיקל צייט אין „הויז", איז „ער" איינמאָל געקומען, מיך דערזען און זיך אַזוי איינגעליבט אין מיר, אַז ער האָט שוין נישט געקאָנט די אויגן אָפּרייסן.

„בין איך געגאַנגען מיט אים. ער האָט מיך באַהאַנדלט ווי אַ קייזערינע. איך האָב אים יעדע נאַכט אויסגעליידיקט זיינע קעשענעס, און גאָט האָט אים אויסגעליידיקט די נשמה. ער איז געשטאָרבן און איך בין געבליבן ווי אַ וויסטע אלמנה, מיט אַ שיין פּנימל, אָן אַ דישטאָן ביי דער נשמה.

„וואָרעם דאָס, וואָס איך האָב נישט אויסגעליידיקט פֿון זיינע קעשענעס, דאָס האָב איך נישט געהאַט. ער איז געווען אַן אָפּגעקומענער מאַגנאַט. תמיד געזעסן איבער ביכער, אָדער געלייענט, אָדער געשריבן און דאָס ערגסטע איז געווען, ער האָט נאָך געוואָלט, איך זאָל אויסהערן דאָס וואָס ער האָט געשריבן. אין די אָוונטן פֿלעגט ער מיך פּשוט פֿאַרנודיען.

„און אייפֿערזיכטיק איז דאָס געווען, געברענט ווי אַן אויוון. כאָטש ליג אַ גאַנצן טאָג, שוויג און הער, ווי ער סקריפּעט מיט דער פּעדער אויף די בייגעלעך פּאַפּיר.

„זיין מערכה איז געווען, וואָס ער האָט זיך אָפּגעטראָגן. אַ נישט

וואָלט איך סיי־ווי אַוועק. די ביינער זיינע האָבן זיך שוין אָנגעהויבן קרישלען, בין איך אויסגעלייזט געוואָרן פון גלות״.

פונדעסטוועגן איז מאַניעלע נישט צוריק אָנגעקומען אין אַ „הויז״. זי האָט צופיל שטאָלצירט מיט איר שיינקייט. אירע אויסגעלערנטע אַריסטאָקראַטישע מאַניערן, איר גראַציעזקייט און דאָס רעדן פּאָרטוגעזיש ווי אַ וואַסער, האָט זי צוריקגעהאַלטן, אַז זי זאָל זיך נישט אַראָפּלאָזן אַזוי נידעריק.

און שוין ביי דעם ערשטן באַזוך אין „ראָיאַל קלוב״ האָט זי זיך באַקענט מיט „איינעם אַ הער״ און איז מיט אים געגאַנגען וווינען אַ שטיקל צייט.

פון דעמאָלט אָן ווייסט זי שוין אַליין נישט און געדענקט נישט וויפל מענער זי האָט איבערגעלאָזט אינמיטן דערינען, אָדער זיי האָבן איר איבערגעלאָזט אַלדאָס גוטס און פאַרשוווּנדן.

מאַניעלע האָט זיך אָבער נישט דערווייטערט פון אירע שוועס־טער און ברידער״. ווען זי האָט געהערט, אַז אויף דער „פּראַזע״ טוט זיך עפּעס אויף טישן און בענק, אַז די „קיגעלעך״ פון דער „אַנזע״ טוען אָן „אין טויט אַריין״, עס גייט אַ מלחמה אויף לעבן און טויט, אַז די „פּיינע״ שלאָגן זיך גאָר מיט אייזערנע דרענגער און מען פאַרטרייבט „ס׳איריקע״ פון דער ליכטיקער שיין, דעמאָלט האָט זי אַראָפּגענידערט פון דער קילער שטאָט, פּעטראָפּאָליס, וואָס געפינט זיך אויף די בערג אין דער הויך איבער ריאָ־דע־זשאַניירא. זי איז געקומען ווי אַ גענעראַל און ווי אַ סאָלדאַט צום שלאַכטפעלד, באַוואָפנט מיט רעקאָמענדאַציעס צו אַלע „הויכע לייט״ פון דער פּאָליציי. זי האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין פאַרטיידיקונגס־קאַמף פאַר אירע ברידער, וואָרעם די מלחמה צווישן די „וויטישע״ און „בלאַטע״ האָט זיך געהאַלטן אין איין צעפלאַקערן.

פונקט ווי אין סאַן־פּאַולאָ, אַזוי האָבן אויך אין ריאָ־דע־זשאַניירא אָנגעהויבן קומען יידן פון דעם קליינעם בעסאַראַבער שטעטל סעקוראַן.

אין ריאָ־דע־זשאַניירא האָבן יידן זיך תיכף געמוזט פאַררופן אויפן „דייטשן אָפּשטאַם״. אָנגעבנדיק זיך אַלס „אַלעמאַנס״, האָבן זיי געוואָלט דערמיט פאַרווישן זייער שטאַם־שייכות מיט די פאַרשוינען, וואָס זענען

דאָ אַהער געקומען מיט צענדליקער יאָרן פריער אַלס פוילישע און זיך פונאַנדערגעשפרייט מיט טונקעלע פרנסות.

ביים ריאָ־דע־זשאַניירער שטאָט־בירגער האָט זיך אָנגעהויבן אויס־בילדן אַ באַגריף, אַז אַלע „פּאָלאַקאָס", וואָס דאָס מיינט מען יידן, זענען „אָנגעשטעלט" ביי דער דאָזיקער באַשעפטיקונג.

בלויז די, וואָס האָבן געהאַט אַן אָפענעם בליק און געקאָנט פונאַנ־דערשיידן, האָבן געוווּסט, אַז די פּראָנצויזן און גריכן פירן אָן מיטן גרויסן פרויען־מסחר אין לאַנד. און אַז יידן זענען מער נישט, ווי נאָכשלעפּערס.

די פראַנצויזן און גריכן האָבן אָבער קיינמאָל נישט עפנטלעך און נישט פּריוואַט דעמאָנסטרירט זייער אָנגעהעריקייט צו זייערע פעלקער. זיי האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט, יעדער איינער, אַ יחיד, אָדער אַלע — מיטגלידער פון זייער וועלט־אָרגאַניזאַציע.

אַנדערש איז געווען מיט די יידן: זיי האָבן אויפגעשטאָכן די אויגן פון די איינוווינער מיט זייער פרום־יידישקייט. ווען אַנדערע פון זעלביקן מין האָבן זיך פאַרשמאָלצן מיט דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון שטאָט, האָבן די יידישן געשאַפן אַ געטאָ פאַר זיך, אָפגעטיילט זיך מיט באַזונדערע פירונגען, מיטגעבראַכט די מנהגים פון זייערע קליינע שטעטעלעך און אונטערגעשטראָכן אין דער ווייטער, פרעמדער מדינה, זייער „פינטעלע ייד"...

די אימיגראַנטישע יידן אין ריאָ האָבן שוין געטראָפן אַן אָרגאַניזירט „יידנטום", מיט כשרע רעסטאָראַנען, מיט אַ שול, אַ קלוב און אַ „סאָסידאַדע פיר הילפע און אונטערשטיצונג".

די ערשטע צייט האָבן די ווייסע שקלאַפן־הענדלער געוואָלט אַרויסווייזן זייער רחמנות און באַרעמהאַרציקייט צו די „ליידנדע ברידער". אָבער די „ליידנדע ברידער", די, וואָס זענען געלאָפן ווי דורך אַ בראַנד פון די אַלטע היימען, זוכן ברויט און אָפּרו, האָבן מיט זייער חוש דערפילט, פון וועלכע קוואַלן עס פליסט צו זיי די באַרעמהאַרציקייט און עס אָפּגע־רוקט פון זיך.

עס איז באַלד אַריינגעטראָטן אַ פיינטשאַפט, אַ שנאה, צווישן די

צוויי קלאַסן פון יידנטום. די נייע אַריבערגעקומענע, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אַנדער וועג צו ציען זייער חיונה, האָבן זיך געלאָזט איינשפּאַנען אונטערן יאָך פון פּעדלעריי און גענומען קלאַפּן איבער די טירן פון די ריאָ־איינוווינער, אויסגעזונגען זייערע סחורות אויף אויסצוצאָלן. און די אַלטע, די איינגעזעסענע „יידן", זענען געווען צעלייגט אין רחבות און זיך געבאָדן אין גאָלד...

פון בוענאָס איירעס איז אָנגעקומען דער נאָמען: „טמאים". און די קליינע מחנה האָט אָפּגעחתמעט דעם גורל: נישט צונויפמישן זיך, נישט צוזאַמענקומען זיך, זיין אָפּגעזונדערט און דערווייטערט פון זיי!

די „טמאים" האָבן געפילט, אַז עס גליטשט זיך אַרויס אַ פּאָזיציע פון אונטער זייערע פיס: „יידישקייט". אַז זיי אַליין וועלן פון איצט אָן שוין מער נישט האָבן די שליטה אויף דעם דאָזיקן ענין. אַ טייל פון זיי האָט זיך משער געווען, אַז „טרוקן וועט מען מיט די וויטישע נישט אָפּשניידן", וואָרעם זיי דערנענטערן זיך צו די ברעגעס פון לאַנד אַלץ מער און מער, און עס קאָן נאָך זיין, אַז די „יאָלדן" וועלן נישט לאָזן די קעפּ אויפהייבן...

דער אימיגראַנטישער עולם האָט געהאַט גענוג סיבות נישט נאָר צו זיין פון דער ווייטנס פון די „טמאים", זיי צו „לאָזן לויפן", נאָר אָנפאַנגען אַ קאַמף. עס איז געווען נייטיק פּשוט דערפאַר, ווייל די גאַנצע געזעל־שאַפטלעכע מיינונג פון ריאָ־דע־זשאַניירא איז געווען, אַז אַלע יידן פון דער גאַנצער וועלט זענען אַזעלכע... עס איז כמעט געוואָרן ווי אַ מאָדע־זאַך ביי די רעפּאָרטערס פון די ריאָר צייטונגען, דווקא צו קומען אין געזעלשאַפט פון „טמאים" און זיי פאָטאָגראַפירן, ווי בשעת זיי דאַווענען, זיצן שבעה נאָך אַ „נקבה", און אין די סאַמע לעצטע צייטן האָבן זיי גאָר איינגעפירט אַ מנהג: צומאָרגנס פון יום־כיפור איז געווען געדרוקט אין אַלע אויסגאַבעס, בילדער פון דער פרויען־הענדלערישער שול, ווי די „מיידלעך וויינען ביי ליכט" און די מענער זענען איינגעהילט אין טליתים מיט ספרי־תורהס אין די הענט...

כמעט יעדער איינער פון די אימיגראַנטן האָט געפילט, ווי דאָס פּנים צינדט זיך אים אָן אין אַ העליש פייער. מען האָט זיך געשעמט, אַפילו צווישן זיך צו רעדן וועגן דעם. און ווייל עס האָבן זיך געפונען עטלעכע

יחידים, פון די ניי־אָנגעקומענע, וועלכע האָבן נישט אויסגעפּרוּווט זייער מזל אונטער דער משׂא פון די שווערע פּעדלער־פּעק און האָבן זיך אומגערן אַראָפּגעגליטשט אין „יענעם" לאַגער אַריין — נישט דירעקט, נאָר אומדיי־רעקט, — זיי זענען געוואָרן אַזוי צו זאָגן אַרויסהעלפערס, „שמשים", דעריבער האָט איינער פאַרן אַנדערן זיך אָנגעהויבן היטן. דער חשד האָט זיך אַרויסגעשאַרפט פון אַלעמענס אויגן.

פון בוענאָס־איירעס האָבן זיך דערטראָגן ידיעות אַז דאָרטן שלאָגט מען זיך פשוט אין די גאַסן. די באַפעלקערונג פון קאַריענטעס און אַרום (יידישע געגנט) שניידט אונטער יעדן טריט פון „טמא", וואָס באַווייזט זיך אויף דער יידישער גאַס. דעמאָלט האָט זיך עס אין ריאָ אויך אָנגעהויבן. מען האָט אָפּגעהאַלטן עטלעכע פאַרזאַמלונגען אין אַ הויז, ווו עס האָבן געוווינט „גרינע", דאָרטן, ווו עס איז זיך אויך צונויפגעקומען דער מנין צום דאַווענען.

די יונגעלייט זענען געווען זייער היציק אין זייערע רעדעס: „מען דאַרף עוקר מן השורש זיין..." און אויף דער „פּראַזאַ" אַרום די יידישע קאַפּעען האָבן אויסגעבראָכן די ערשטע געשלעגן.

פון וועמען די געשלעגן צווישן די חברהלייט און די „וויטישע" זענען פּראָוואָצירט געוואָרן, איז קיינמאָל נישט געלונגען פעסטצושטעלן. אין די „קאָמיסאַריאַס", ווו מען האָט געבראַכט די שלעגערס, האָט דער קאָמיסאַר נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס עס האָבן איינער צום אַנדערן. אין די צייטונגען זענען געווען פאַרצייכנט כראָניק־נאָטיצן, אַז געשלעגן צווישן די „רוסאָס" און „פּאָלאָקאָס" אויף דער „פּראַזע אַנזע" זענען אויסגעבראָכן און די געשלעגן האַלטן אָן אַלץ אָפּטער און מערער.

די טמאים האָבן געהאַט גענוג געלט, כדי צו קאָנען האָבן באַצאָלטע גערעכטיקייט אויף זייער זייט. די אימיגראַנטן האָבן אָבער געגומען זוכן מאָראַלישע סימפּאַטיע צווישן די ליבעראַלע דעפּוטאַטן און פּאָרגעשריי־טענע זשורנאַליסטן. זיי האָבן געוואָלט אַריינציען אין קאַמף איינעם, אַ פּאָר־טוגעזישן ייד, ד"ר אבנר, אַ געלערנטער און אָנגעזעענער פּובליציסט. ד"ר אבנר האָט קיין שום שייכות נישט געהאַט צו די יידן פון מזרח־ און מערב־אייראָפּע. ער איז אַפילו נישט געווען דער טיפּ פון די „יאַהודים". זיינע

עלטער־עלטער־עלטערן זענען אַנטלאָפן פון שפּאַניע קיין פּאָרטוגאַל אין דער צייט פון דער אינקוויזיציע, און פון פּאָרטוגאַל קיין בראַזיליע מיט די ערשטע יידישע האָלענדישע סוחרים. זיין זיידע איז אַזוי אַרום ניצול געוואָרן פונעם שייטערהויפן. ער איז געקומען פון באַהיאַ קיין ריאָ־דע־זשאַניירא און געעפנט אַ געשעפט פון צירונג. זיין פאָטער איז געווען דער גרויסער ברילִיאַנטן־הענדלער אויף דער רוא־דאָווידאָר, און ער, ד״ר אַדאָלף אבנר, איז געווען פּראָפעסאָר אין מעדיצינישן פאַקולטעט און הויפּט־דירעקטאָר פון שפּיטאָל „סאַנטאַ עלענאַ״. ד״ר אבנרס יידישקייט איז בלויז געווען אַן ענין פון יחוס און געלערנטקייט. ער האָט זיך געשפּיגלט אין די העברעיִשע ספרימלעך, אין וועלכע עס איז דערמאָנט געווען עמעצער פון זיין משפחה. ער האָט די ספרימלעך געהאַלטן אין טייערן לעדער איינגעבונדן אונטער שלעסער און שויבן, און זיי גערן און אָפט געוויזן זיינע געאַכטע קאָלעגן, בעת זיי האָבן באַזוכט זיין הויז.

ער האָט נאָר געוווּסט פון יידישקייט, אָבער נישט פון יידן. דער דאָזיקער אינטעליגענטער און געלערנטער האָט כמעט נישט געוווּסט פון דער עקזיסטענץ פון ברייטע און געדיכטע יידישע מאַסן אין אייראָפּע און אַמעריקע. ער האָט נאָר געוווּסט פון די מאַראָקאַנישע יידן בעת זיין באַזוך אין אַלזשיר, און פון די טערקישע יידן, וואָס האָבן געוווינט אין ריאָ־דע־זשאַניירא.

די דעלעגאַציע, וואָס איז געקומען צום ד״ר אבנר אין הויז האָט אים פּשוט דערקלערט:

„יעדער, וואָס איז צונויפגעקניפּט מיטן נאָמען ייד, טאָר אין איצטיקן מאָמענט נישט שטיין פון דער ווייטנס, ווען מיר האָבן אויפגעהויבן דעם קאַמף איינמאָל פאַר אַלעמאָל פעסטצושטעלן פאַר דער גאַנצער קריסט־לעכער געזעלשאַפט, אַז מיר — אַריבערגעקומענע, איינגעוואַנדערטע, וואָס ווילן זיך דאָ פאַרוואָרצלען, לעבן פון ערלעכער אַרבעט און מסחר, האָבן נישט קיין שום שייכות מיט די „טמאים״. און כדי דאָס צו באַווייזן, ווילן מיר זיי פאַריאָגן פון דער געגנט, ווו די יידישע איינוואַנדערשאַפט האָט זיך קאָנצענטרירט און עס וואַקסט אויס אַ יידישער צענטער. מיר ווילן, אַז דאָס דאָזיקע זאָל דערגיין צו דער פּרעסע פון לאַנד און צו די סענאַטאָרן

און דעפוטאַטן פונעם קאָנגרעס און זיי זאָלן אונדז צוהעלפן דעריןָ.

מיר זענען פּשוטע מענטשן און יונג דאָ אין לאַנד, מיט אונדזער קאַרג ביסל פּאָרטוגעזיש קאָנען מיר אין ערגעץ נישט אָנקומען. דעריבער פאַרלאַנגען מיר פון אייך, ד״ר אבנר, איר זאָלט אייך מיט דעם ענין פאַראינטערעסירן און אונדז מיטהעלפן״.

ד״ר אבנר האָט דער דעלעגאַציע נישט געגעבן קיין באַשטימטן ענטפער. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט זיי אַרויסצוהעלפן מיטן תירוץ, אַז ער איז שטאַרק פאַרנומען אַלס דאָקטאָר און זיי געפרווּוט ראַטן, אַז זיי זאָלן זיך אפשר אינגאַנצן אַרויסקלייבן פון ריאָ־דע־זשאַניירא און זיך אַריבער־פעקלען קיין פּאָרטאָ־אַלעגרע.

וואָרעם וואָס וועט אַרויסקומען דערפון, אַז מען וועט די בראַזיליאַנער געזעלשאַפט איבערצייגן? אַז קיין גרויסע סימפּאַטיע ציט די קאָלאָניע צו זיך נישט צו. דאָס, וואָס די מערסטע איינוואַנדערער זענען געוואָרן „קלאָפּערס״, גיבן אויף אויסצוצאָלן און נעמען גרויסע פּראָצענטן, דאָס איז ביים דורכשניטלעכן בראַזיליאַנער נישט קיין קלענערער חטא, ווי דאָס, וואָס „יענע״ טוען...

די דעלעגאַציע, וואָס איז אַוועק פון ד״ר אבנרן אַנטוישט און פאַר־שעמט, האָט געהאַט פאַר אים איין וואָרט: אַנטיסעמיט! און דערמיט שוין געשטעמפּלט אַלע שפּאַניאָלישע יידן, וואָס האָבן געוווינט פון לאַנגע יאָרן אין דער דאָזיקער הויפּטשטאָט.

אָבער איינמאָל איז געשען אַזוינס, וואָס האָט באַוויגן דעם דאָקטאָר אַבנר, ער זאָל פאַראינטערעסירט ווערן און אָנבאָטן זיין מיטהילף.

די „חברה־לייט״, וואָס האָבן זיך אונטערן דרוק פון דער „קאָלאָניע״ געמוזט אָפּטראָגן פון די יידישע געגנטן און זיך איינגעסטן אין באַזונדערע נייע קוואַרטאַלן, האָבן אויך איבערגעצויגן זייערע קלובן, אינסטיטוציעס און שול.

דאָס אַריבערציען די שול האָבן זיי געמאַכט באַזונדערס פייערלעך און געמיינט דערמיט אונטערצושטרייכן, אַז זיי זענען דאָס די אמתע יידן, וואָס יידישקייט איז ביי זיי נישט קיין „קיי און שפּיי״.

וואָכן־לאַנג האָבן זיי זיך געגרייט צו דער דאָזיקער מאַניפעסטאַציע,

וואָס האָט אויסגעזען, ווי אַ צולהכעיס־שפּיל, קעגן דער „יאַלדישער״ קאָלאָניע.

אין אַ באַשטימטן טאָג זענען זיך צונויפגעקומען אַלע מיטגלידער פון דער „סאָסידאַדע״ — דאָס גאַנצע געזינדל, וואָס האָט אַ שייכות, דירעקט אָדער אומדירעקט, צו דער טומאה, דער חזן, אַנגעטאָן אין אַ פּיר־קאַנטיק, סאַמעטענעם היטל, אַ שוואַרצע פּעלערינע מיט אַ ווייסן טלית. אַ כאָר פון קליינע און גרויסע ייִנגלעך — קינדער פון זייער צד — אין קליינע טליתימלעך אַרום די העלדזער, ווי זיידענע שאַלעקלעך.

גאָדעלע אחור, מיטן אַרויסשטאַרצנדיקן בויך, איז געווען דער צערע־מאָניע־מייסטער און האָט אויסגעפאָלגט אַלע באַפעלן פון דער פּרעזידענטין, מאַניעלע, די „ענגלישע מלכה״.

ווען זי איז אָנגעקומען, האָט די מוזיק אויפגעשפּילט דעם בראַזיל־יאַנער הימן. דער עולם, וואָס האָט זיך אויס נייגעריקייט פאַרזאַמלט אויף די טראָטואַרן און באַטראַכט די מאָדנע צערעמאָניעס פון די „פּאַלאַקאָס״, האָט אַראָפּגעצויגן די היטלעך און געבליבן שטיין מיט אַנטבלויזטע קעפּ.

בשעת מען האָט פונאַנדערגעוויקלט די חופּה־שטאַנגען און עס האָט שוין געהאַלטן, מען זאָל אַרויסטראָגן די ספרי־תורהס און גיין מיט פּאַראַד איבער די גאַסן, האָבן זיך אין דעם מאָמענט דורכגעריסן דורך דער וואַנט פון נייגעריקע מענטשן אַ מחנה פון דער „קאָלאָניע״, זיך דורכגעשלאָגן דורך די „טמאים״ גופא און געשטעלט ביי דעם שמאָלן פאָדער־הייזל פון דער שול און איינער האָט אויסגעשריגן:

— איר זאָלט זיך נישט דערוועגן צו גיין איבער די גאַסן מיט די ספרי־תורהס. בלוט וועט זיך גיסן!

אָבער אָנשטאָט צו ענטפערן, אָדער אויסצופאָלגן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ געשריי. דאָס געשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון דעם ענגן קאָרידאָרל און עס האָט אויסגעזען, ווי עס וואָלט דאָרט אַ שריפה אויסגעבראָכן.

דער זייטיקער עולם האָט נישט געוווסט, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. גערעכנט האָבן זיי, אַז דאָס שלאָגן זיך אייגענע מיט אייגענע. אַז אַ גרופּע נוצט אויס דעם מאָמענט פאַר נקמה. פונדעסטוועגן האָט איינער פון זיי אַריינגעלייגט צוויי פינגער אין מויל אַריין און געפּייפט נאָך פּאָליציי.

די „ענגלישע מלכה״ האָט אויף פויליש אויסגעשריען: „איבער זייערע קעפּ זאָלן מיר גיין מיט די ספרי־תורהס״. — האָבן זיך שוין שטעקנס געדרייט אין דער לופטן און קאַפּעלושן האָבן זיך געוואַלגערט אויף דער ערד, נאָקנס האָבן זיך איינגעבויגן און הענט אויסגעצויגן. פון דער באַענטסטער קאָמיסאַריע איז אָנגעקומען פּאָליציי מיטן קאָמיסאַר בראש, האָט מען דאָס געשלעג אָפּגעשטעלט, אַרעסטירט פוןביידע צדדים און אין די אוונט־צייטונגען זענען שוין געווען געדרוקט באַשרייבונגען און בילדער אי פון דער צערעמאָניע אי פון דעם געשלעג.

צו דעם פאַרהער פון די אַרעסטירטע איז אומגעריכט געקומען צו פאַרן ד״ר אַדאָלפאָ אַבנר.

ד״ר אַבנר האָט גערעדט פאַרן קאָמיסאַר און אויפגעקלערט די לאַגע, וואָס דאָ האָט זיך געשאַפן, אַז די „קאָלאָניע״ וויל זיך אָפּטרייסלען פון יענער חברה, פון די, וואָס וואַרפן אַריין דעם יידישן נאָמען אין אייביקער שאַנד, און אַז דערמיט, וואָס זיי פייערן עפנטלעכע רעליגיעזע צערעמאָניעס, זענען זיי אויסן צו שאַפן אַ באַגריף, אַז זיי זענען דאָס דאָס יידישע פאָלק און אַז אַלע יידן פון דער גאַנצער וועלט זענען אַזוי ווי זיי.

פאַרן קאָמיסאַר איז דאָס אָבער געווען אַ שווערער ענין אויפצונעמען. וויפל מאָל ד״ר אַבנר האָט אים דערקלערט, אַז דאָס מיינט מען יידן, האָט ער אַלץ נישט געקאָנט אויפגעקלערט ווערן, וואָס פאַר אַ געמיינזאַמס עס האָבן יענע „פּאָלאַקאָס״ מיט די „רוסאָס״, אָדער „אַלעמאַנס״. אַז זיי זענען פון פאַרשידענע „פּאַטריאָס״...

פאַרן קאָמיסאַר איז געווען קלאָר, אַז דאָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ געשלעג אויף אַ רעליגיעזער פּראָצעסיע, און ער האָט צוגעגעבן:

— אין בראַזיליע זענען די געזעצן ליבעראַל און עס קען קיינער נישט שטערן דעם אַנדערן זיך צו פירן, ווי ער וויל און צו בעטן צו זיין גאָט און אָפּהיטן זיין גלויבן.

מאַניעלע, די „ענגלישע מלכה״, איז שוין אָבער געווען אין דער קאָמיסאַריע פון פריער, איידער ד״ר אַבנר און זיינע באַגלייטער זענען געקומען. זי איז געווען אין דער געזעלשאַפט פון איר נייעם „ליבהאָבער״, אַ באַאַמטער אין אינערן־מיניסטעריום, צו וועמען דער קאָמיסאַר קען אַמאָל

אָנקומען נאָך אַ „פּאַוואָר״. נאָך אין איר קעגנוואַרט האָט מען „זייערע״ אַרעסטירטע באַפרייט.

דער קאָמיסאַר, וואָס האָט זיך געמאַכט, אַז דער גאַנצער ענין גייט אים נישט שטאַרק אָן, און אַז ער איז נאָר אויסן צו טאָן דאָס, וואָס זייַנע פּליכטן פאַרלאַנגען פון אים, איז אין דער אמתן געווען אַ נוגע־בדבר. ער האָט זיך אינטערעסירט מיט דער גאַנצער באַוועגונג, וואָס איז אָנגע־גאַנגען אין זייַן ראַיאָן. ער האָט געוווּסט, אַז מיט דעם, וואָס די „לינקע״ ציִען זיך אַרויס אין אַ געביט פון אַן אַנדערער קאָמיסאַריע, גליטשט זיך אַרויס אַן אומגעהויערער קוואַל פון הכנסה פאַר אים; אַז אין משך, וואָס ער איז קאָמיסאַר אין דער געגנט, זענען צוגעקומען צוויי גרויסע הייזער אויף זייַן ווייבס נאָמען אויף אַווענידע אַסעמבלעאַ, און אַ ווילע אין יאַפּאַנישן סטיל אין דער געגנט פון באַטאַפאָגאָ...

ד״ר אַבנר האָט זיך געהייסן געבן דעם פּראָטאָקאָל, וואָס דער קאָמיסאַר האָט צונויפגעשטעלט, און האָט זיך אָנגעשטויסן אויף דער אייַנזייַטיקייט פון באַריכט, צונויפגעשטעלט מיט בייזוויליקייט, ווי נקמה צו נעמען אין דער „קאָלאָניע״. די אַרעסטירטע, נישט קענענדיק גוט לייענען, האָבן בלינדערהייט אונטערגעשריבן דעם פּראָטאָקאָל. עס איז געווען פאַרפאַלן. עס האָט געדראָט מיט לאַנגער טורמע און פאַרשיקונג ביזן פּראָצעס. ד״ר אַבנר האָט דערקלערט, אַז ער וועט זיי פאַרטיידיקן און ביז דער פּראָצעס וועט פאָרקומען, וועט ער זיך זען מיט דעם שעף פון דער „פּאָליסיע קאַפּיטאָל דע פעדעראַל״.

דער קאָמיסאַר האָט זיך אָבער אין האַרצן אויסגעלאַכט, ווייל נאָך פּריש איז געווען די „טובה״, וואָס ער האָט געטאָן צום באַאַמטן פון אינערן־מיניסטעריום. ער האָט פונדעסטוועגן אייַנגעזען, אַז עס לוינט נישט דער עסק, האָט ער די אַרעסטירטע, אַנשטאָט צו שיקן אין „דעפּאַרטאַמענט״ געשיקט אַהיים און צעריסן דעם פּראָטאָקאָל.

## קאַפּיטל דריי

נאָך דעם דאָזיקן געשלעג, איז מען זיך צוזאַמענגעקומען ביי גאָדעלע אַחור פאַר אַן „אַרומרעדונג" און באַשלאָסן, אַז זיי, די „ווייטישע", „זאָלן פאַלן אויפן גלייכן וועג" און קיינער פון די „ברידער און שוועסטער" זאָלן נישט האָבן צו טאָן מיט זיי, מיט די אַנאַרכיסטן...

אין דער אייגענער צייט איז זיך די „קאָלאָניע" אויך צונויפגעקומען אין דער „קאַזע אַנזע" (געמיינט „דאָס הויז פון עלף", וואָס מען רופט עס דערפאַר, ווייל עס געפינט זיך אויף רואַ וויסקאָנדע איטאַונאַ, לעבן דער פּראַזע פון 11טן נאָוועמבער).

און אַלע האָבן אַ נדר געטאָן אויף דער דאָזיקער אסיפה, אַז קיינער פון די ערלעכע, פיינע יידן זאָל נישט האָבן קיין משא־ומתן מיט יענער „חברה", זיך נישט חברן מיט זיי, זיי נישט ארייננעמען אין קיין שום געזעלשאַפט און אַפילו נישט וועלן לייזן ביי זיי. זיי, זייערע קרובים, זייערע פריינד, זייערע לעבעדיקע און זייערע טויטע זענען אויסגעשלאָסן פון יידישן כלל, דערפאַר, וואָס זיי האָבן דעם יידישן נאָמען געמאַכט צו שאַנד און צו שפּאָט.

אַן אייזערנע וואַנט איז אַריינגעשטעלט געוואָרן, — אַ מחיצה.

די ערשטע צייטן האָבן זיך די צוויי קהילות געוויגט אויף דער אויבערפלאַך פון לעבן. עס איז געווען אַ שאַרפער קאָנטראַסט, אָבער פאָרט צוויי. צו דעם יידישן בית־עולם איז צוגעקומען „זייער בית־עולם".

די „חברה־לייט" האָבן אָבער נישט געקענט, און נישט געוואָלט „אָפּשטיין" פון זייער יידישקייט. פאַרקערט, איצט, ווען זיי האָבן געבילדעט אַ באַזונדערע „קהילה", האָבן זיי, אויף צו־להכעיס די „ווייטישע", דווקא „אויפגעריסן" די אויגן פון די גויים. ביי זיי איז עס געווען אַן ענין אי פון זייער אייגן אויסלעבן זיך אַלס יידן, אי אַלס נקמה פאַר די „יאָלדן". זאָלן זיי צעפּלאַצט ווערן.

מאַניעלע, די „ענגלישע מלכה", האָט נישט גערוט. זינט עס האָט זיך געטראָפן די מעשה מיט אַן „אייגענעם ברודער", וואָס איז געשטאָרבן און די „יאָלדן" האָבן זיין גוף נישט געוואָלט מקבר זיין אויף זייער בית־עולם.

— מילא — האָט זי געטענהט, — איר ווילט זיך נוקם זיין אין אונדז לעבעדיקע, ווערט ראָד־געבראָכן, אָבער אַ טויטער, וואָס איז ער שולדיק? מען וועט דאָך נישט נעמען אַ יידן און אים לייגן מיט אַ צלם צוקאָפּנס אויף די גוייִשע „סעמענטאַריעס״? ווי לאַנג עס איז נישט געווען קיין אייגענער, קיין יידישער, האָט מען געשוויגן, אָבער איצט, וואָס איז ער, אַ געשמדטער?...

מאַניעלעס טענות האָבן גאָרנישט געהאָלפן. אַפילו די אינטערווענץ פון דער פּאָליציי האָט גאָרנישט געקאָנט טאָן. די „קאָלאָניע״ איז געבליבן איינגעעקשנט. קוים איז די מחיצה איינגעשטעלט געוואָרן, טאָר קיין שום געפּיל נישט שמעלצן דעם נדר. און יידישע ייִנגעלייט זענען געשטאַנען אויף דער וואַך אַרום זייער נייעם בית־עולם און געהיט, אַז די „טמאים״ זאָלן נישט קומען ביינאַכט און אין געהיים מקבר זיין זייער מת.

מאַניעלע האָט נישט גערוט. זי האָט פאַרלאָזן די „גאָלדענע נעסט״, אַ ווילע פון רויט־האָלץ מיט אַ וואַנט פון קריסטאַל־שויבן אָפן צום ים אַרויס, וואָס דער „איצטיקער מאַן״ האָט פאַר איר אויסגעבויט. זי איז געגאַנגען פון „הויז״ צו „הויז״ און געזאַמלט געלט פאַר אַן „אייגענעם״ בית־עולם. זי האָט זיך שטאָלץ דורכגעשאַרט, מיט דער פאַרביקייט פון אַ פּאַווע איבער די געסלעך. יעדן טאָג אין אַן אַנדערן קאָסטיום. אָבער יעדער קאָסטיום האָט געמוזט האָבן עפּעס אין זיך פון שוואַרצן סאַמעט. דאָס האָט איר געמאַכט דאַמישער און יידישער. זי האָט זיך פון יידישקייט נישט אָפּגעשיידט, אַפילו ווען אירס אַ מאַן איז געווען אַ פרומער קאַטאָליק. צווישן אירע צירונג־שטיקער האָט זיך געפונען אַ בריליאַנטענע בראָש, מיט איינגעפאַסטע אותיות פון אמתע רובינען, דאָס וואָרט „שדי״. די שפּילקע האָט זי זייער אָפט געטראָגן, און קעגן אַנגעצונדענע לאָמפּן האָט דאָס וואָרט אַרויסגעפינקלט, ווי עס וואָלטן געברענט צעגליטע קוילן.

זי האָט געזאַמלט „נדבות״ ביי די יידישע מאַדאַמען און מיידלעך און ביי נישט־יידישע. זי איז געגאַנגען מיט אַזאַ זיכערקייט אין די יאַפּאַנישע „הייזער״, ווי אין די פראַנצויזישע און אַפילו — פון די מולאַטישע זיך נישט אָפּגעזאָגט.

— פון טויט און פון לעבעדיק וועל איך רייסן — האָט זי געזאָגט

און האָט טאַקע צונויפגעזאַמלט די סומע, וואָס איז נייטיק געווען צו קויפן אַ פּלאַץ הינטער דער שטאָט פאַר אַן „אייגן גוט אָרט".

מיט דעם „אויפסטרויען" דאָס הייליקע אָרט האָט זיך שוין פאַרנומען גאָדעלע אָחור. ער האָט אַזויפיל געטאָן ווי זי. זי האָט געזאַמלט ביי די „פּרויענצימערס", און ער האָט געזאַמלט ביי די מענער. קיין איין „משא־מתן" האָט מען נישט געמאַכט, אויב מען האָט נישט צוערשט אַראָפּגענומען פאַר דעם „הייליקן אָרט"; מען האָט זיך נישט געזעצט צו קיין קאָרט, אויב מען האָט נישט אַוועקגעשטעלט אַ טעלער אַריינצוּוואַרפן נאָך יעדן קאָן... און עס איז נישט געווען קיין אייגער פון דער חברה, וואָס האָט געהאַט מזל ביים „רעדל אין דער קאַסינאָ", אַז ער זאָל נישט געבן מעשר.

אָבער צום מייגסטן האָט ער „אָפּגעלעקט אַ ביינדל" ביי די דין־תורהס. ער האָט קיין פּסק נישט אַרויסגעגעבן, אויב ביידע צדדים האָבן נישט אַנידערגעלייגט פּסק־געלט, אַ גראָבע אַפּותיקא, פאַרן בית־חיים.

גאָדעלע אָחור איז געווען זייער „רב". אַליין מישט ער זיך שוין נישט אין די עסקים אַ צען יאָר. צו וואָס? — אַז גאָט האָט אים געהאָלפן און ער האָט געמאַכט אַ „פאָר פייגל". עס איז נישט פאַר אים. ער איז באַלד פון אָנפאַנג געקומען צו דער פּרנסה מיט דער דעה בלויז צו מאַכן עטלעכע קערבלעך און צוריקפאָרן קיין לאָדזש און ווערן אַ באַלעבאָס אויף באַלוט...

אָבער אַ קערבל ציט צו אַ קערבל, און וואָס מער מען האָט — מער וויל מען. האָט ער איינגעזען, אַז צוריק קיין לאָדזש וועט ער שוין נישט פאָרן; ווער וועט אים דערקענען און ווער וועט אים וויסן? דאָ איז ער אַן עפּעס, און מען האָט פאַר אים דרך־ארץ.

און כדי זיין „פּרעסטיזש" זאָל נישט פאַלן, האָט ער אויפגעגעבן זיין „מסחר", זיך געעפנט אַ געשעפט פון אַלטע קליידער און געגנבעטע זאַכן און אָנגעהויבן פירן אַן „אָנשטענדיק" לעבן.

געמיינט האָט גאָדעלע, אַז מען וועט אים אַריינגעמען אין דער „קאָלאָניע", אָבער ווי אַלע אַנדערע פון זיין מין האָט מען אים אויסגעמיטן, און ווען זיין טאָכטער איז געקומען צו אַ „באַילע", וואָס די יוגנט פון דער קאָלאָניע האָט איינגעאָרדנט, האָט דער קאָמיטעט, וואָס איז געשטאַנען

ביי דער טיר און האָט געהאַט די אויפּזיכט נישט אַריינצולאָזן קיינעם פון „יענע לייט", אויך זי נישט אַריינגעלאָזט.

צוריק צו דער „פּרנסה" איז שוין גאָדעלע אחור נישט געגאַנגען. אָבער זיין שייכות מיט די „חברה־לייט" האָט ער נאָך מער אָנגעהאַלטן, געוואָרן זייער דעה־זאָגער און עצה־געבער. ביסלעכווייז איז ער געוואָרן זייער „רבֿ". מען האָט אָנגעהויבן צו קומען מיט דין־תורהס און אויס־גלייכונגען צו אים.

דעם נאָמען „אָחור" האָט אים מאַניעלע געגעבן. דאָס איז געווען אויס פּראָטעסט, וואָס ער טרעט אַריבער איר קאָמפּעטענץ. אויסצוגלייכן סיכסוכים איז זי איינע נאָר געווען באַרעכטיקט, אָבער אַזוי ווי זי איז געווען פאַרנומען מיט אירע ליבהאָבער און האָט געביטן אַלעמאָל איר אַדרעס, האָט מען קיינמאָל זיך נישט געקענט פאַרלאָזן אויף דעם, וואָס זי וועט אַמאָל קומען. דאָ האָט מען „פּאַסן געשניטן", מען האָט געדאַרפט באַלד פאַר־ענטפערן די טענות.

פונדעסטוועגן, ביי אַ וויכטיקער דין־תורה, האָט מען געוואַרט אויף מאַניעלען, און ביי פּראָגעס, וואָס איז געווען נוגע דעם כלל זייערן, האָט מען קיין פינגער אָן איר נישט איינגעטונקען.

ביים זאַמלען פאַר אַ „גוט אָרט" האָט גאָדעלע געוואָלט זי איבעריאָגן. האָט ער אָפּטמאָל צוגעלייגט אייגענע סומעס פון זיין קעשענע און זיך באַרימט, אַז ער האָט עס געזאַמלט. אָבער אַזוי ווי די איניציאַטיוו צו שטעלן אַ „הייליק אָרט" איז געקומען פון דער „ענגלישער מלכה", האָט ער דעם זכות נישט געקענט איבערשטייגן. איז פאַר אים געבליבן כאָטש „אויסצושטאַטן" דאָס „גוטע אָרט", אַז איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר זאָל זיין אַ נחת דאָרט צו ליגן...

די באַנייונג פון בית־עולם איז דורכגעגאַנגען מיט גרויס פאַראַד און פייערלעכקייט. די „קאָלאָניע" האָט באַשלאָסן זיך נישט וויסנדיק צו מאַכן. עס וואָלט געליטן דער יידישער כבוד, ווען מען פאַרנעמט זיך מיט זיי, און דאָס, וואָס זיי זענען געווען געצוווּנגען צו שטעלן אַן אייגענעם בית־עולם, שטרייכט געגנוג אונטער, אַז די „קאָלאָניע" האָט קיין געמיינזאַמס נישט מיט זיי.

פֿאַר זיכערקייט־וועגן, האָבן די „טמאים" זייערע פּאַראַדן נישט דורכ־געפֿירט איבער די גאַסן, ווי עס איז געווען געפּלאַנט פֿון פֿריער. זיי האָבן די ספֿר־תּורהס פֿון זייער שול און די חופּה־שטאַנגען אַרויסגעפֿירט אויפֿן בית־עולם און עס איז באַשטימט געוואָרן, אַז די צערעמאָניע זאָל זיין אינעווייניק, אויף זייער „טעריטאָריע".

עס זענען געהאַלטן געוואָרן רעדעס וועגן דעם, וואָס „די קערפּערס פֿון שוועסטער" וועלן שוין מער נישט צעקרישלט ווערן אין די קליניקעס און מען וועט זייערע ביינער באַגראָבן ווי יעדער מענטשלעך באַשעפֿעניש.

מאָדנע, קיין שום געפֿיל און שרעק פֿאַרן טויט האָט די צערעמאָניע נישט אַרויסגערופֿן. די מיידלעך האָבן זיך משמח געווען, גלייך עס וואָלט דאָ באַנייט געוואָרן עפּעס אַ קלוב פֿאַר פֿאַרווייַלונגען. די מוזיק, וואָס איז געדונגען געוואָרן, האָט געשפּילט. איין גרופּע האָט געטאַנצט אויף די קבֿרים פֿון דער צווייטער. מאַניעלע איז געווען אויסער זיך פֿאַר פֿרייד. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ שוואַרץ־סאַמעטענער קלייד מיט ווייסן פּוטער געצוימט. די ברילִיאַנטענע שפּילקע מיט די רויטע אותיות „שדי" האָט געפֿינקלט קעגן דער זון. זי איז געווען אין געזעלשאַפֿט פֿון איר „איצטיקן", אַ ריכטער פֿון פֿעדעראַלן טריבונאַל, אַ סך עלטער פֿון איר, און וואָס האָט אַמאָל געהאַט אַ יונג ווייב, איידער מאַניעלע האָט זיך מיט אים באַקענט. מאַניעלע האָט זיך אָבער געהאַלטן ווייט און פֿרעמד פֿון אים, און וואָס מער ער איז איר נאָכגעגאַנגען, אַלץ מער האָט זי זיך אויסגעמישט מיט די איריקע.

דערנאָך האָט זי זיך אויסגעצויגן מיטן פּנים אַרויף, אויף דעם שטיקל ערד, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אַלס איר קבֿר. זי האָט, מיט אַ פֿאַר־טרונקענעם בליק, געמאָסטן אַרום זיך די פֿיר איילן, צי וועט עס זיין גענוג און באַקוועם... דער עולם איז פֿאַרציטערט געוואָרן פֿון איר „אויפֿטו".

איר „קאַוואַלעראָ", דער ריכטער, האָט געמיינט, אַז דאָס איז אַ מנהג אַזאַ. ער האָט אַליין באַצאָלט פֿאַר אָט דער קרקע; דאָס האָט געזאָלט זיין אַ פֿאַמיליע־קבֿר, פֿאַר אים און פֿאַר איר. מען האָט אָבער די ערד אַזוי צעמאָסטן, אַז ער וועט נעבעך מוזן ליגן אויף אַן אַנדערן בית־עולם און זי לאָזן גריסן פֿונדערווייטנס...

ער איז געשטאַנען מיט גרויס יראה, אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און געקוקט אויף זיין שטרוי־הוט, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט.

## קאַפּיטל פיר

דער לעצטער „טמא״, וואָס האָט פאַרלאָזט די פּראָזע־אַנזע און זיך איבערגעפּעקלט צו די „לינקע״, איז געוועזן מאַוריסיאָ האַך, דער „סטאַר״־אַקטיאָר און שוישפּילער פון דער „קייזערלעכער בינע״...

ער האָט נאָר נישט געקענט דערקלערן, פון וועלכער „קייזערלעכער בינע״. אַפילו די רויטע בענדער מיט די אָפּגעלאָשענע גאָלדענע אותיות, וואָס זענען געהאָנגען איבער זיין בעט אויסגעשפּרייט איבער אַ קראַנץ פון בלעכענע בלומען, האָבן אויך נישט געקענט אויסזאָגן דעם סוד.

אַמאָל האָט ער געהייסן משה הויכמאַן. זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט פלאַם, און אין מוח האָט געברענט די פאַנטאַזיע, אַז ער וועט אַמאָל זיין דער גרעסטער אַקטיאָר איבער דער גאָרער וועלט. און כאָטש ער פלעגט נישט מער ווי נאָכטראָגן די הויזן צו דעם, אָדער יענעם אַקטיאָר, האָט ער יעדע ראָל געקענט אויסנווייניק.

פונדעסטוועגן האָט מען אים צו קיין ראָל נישט דערלאָזט, הגם ער האָט געהאַלטן, אַז יאַסי איז צו־קליין פאַר אים, און רומעניע צו־ענג פאַר זיין טאַלאַנט.

האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט איבער דער וועלט ווייזן קונסט. און מען קאָן זאָגן, אַז ער האָט אין אַ סך שטעט אָנגעצונדן דעם נר־תמיד פון יידישן טעאַטער, ווו עס צאַנקט נאָך מיטן שוואַכן פלעמל ביזן היינטיקן טאָג. נאָך אין אַפריקע האָט ער געהערט, אַז אין „ריאָ־דע־זשענעריִע״ קאָן מען שפּילן יידיש טעאַטער, אַז דאָרטן זענען פאַראַן מענטשן, וואָס וואָלטן אים אָפּגעגילדט...

איז ער אויף דער זעקסטער וואָך געקומען מיט אַ קעסטעלע רעקוויזיט און אַ פּעקעלע פּיעסן, גרינדן יידיש טעאַטער צווישן די „צעזייטע יידישע ברידער איבער דער וועלט״.

מאַוריסיאָ האַך האָט אויף זיך גענומען די גרויסע „מיסיאָן״ צו

פאַראייניקן אַלע ברידער־יידן אונטער איין פאַן פון „קונסט". טאַקע שוין ביים ערשטן ספּעקטאַקל „עקידת־יצחק", אָדער „פון טויט לעבעדיק", וואָס ער האָט איינגעשטודירט אין די לעצטע טעג פון חודש, דעמאָלט, ווען די „קליענטעלטשיקעס" האָבן צייט. די פאָרשטעלונג, אַלס אַן ערשטע, האָט געזאָלט זיין באַזונדערס פייערלעך און יום־טובדיק. הגם דער עולם האָט נישט שטאַרק געגלויבט אין די טאַלאַנטן, האָט מען אָבער געוווּסט, אַז דער „קינסטלער" איז שולדיק דירה־געלט און ער דאַרף גלאַט האָבן עטלעכע מילרייס אין קעשענע.

געדונגען האָט מען אַ זאַל פון אַ פּאָרטוגעזישן קלוב אין צענטער פון שטאָט און די גאַנצע קאָלאָניע האָט זיך געגרייט.

אָבער נאָך איידער דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן, האָבן זיך שוין געטראָגן אומצופרידענע מורמלערייען אין סאַלאָן. עס איז נאָך קיין חודש נישט אַריבער זינט די „טמאים" האָבן געעפנט זייער בית־עולם, און הגם עס האָט אויסגעזען, ווי דער קאָלאָניע אַרט עס נישט, איז אָבער פאָרט שווער געווען די בושה איבערצוטראָגן. ווייל פונקט ווי נאָך יום־כיפור, אַזוי זענען צומאַרגנס נאָך דער „דערעפענונג" געווען אין די צייטונגען גאַנצע באַשרייבונגען און פאָטאָגראַפיעס פון די צערעמאָניעס.

אָבער קוים איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן, אַז עס איז נישטאָ קיין שום שייכות צווישן דער „קאָלאָניע" און די „טמאים", איז שוין נישט געווען נייטיק אַרויסצוטרעטן קעגן זיי. און דאָ, פּלוצלינג אין אַ טעאַטער, ביי דער ערשטער פאָרשטעלונג זיך צונויפטרעפן פנים־אל־פנים מיט זיי, מיט יענע, מיט די חברה־לייט?!

נישט געווען קיין איין ריי, קיין איין לאָזשע, וווּ די לייט זאָלן נישט זיצן. די גרויסע ברילייאַנטן אויף די פינגער און אויף די העלדזער האָבן אַראָפּגעשיינט מיט בלויע און פּורפּורנע ליכט און פאַרבלענדט די אויגן. דערצו נאָך האָבן די פעטע און גלאַנציקע פּנימער פון די מענער און אונטערגעפירטע אויגן פון די דאַמען, זיך געהאַלטן היימיש און פאַמיליאַר. מען האָט גערעדט הויך און געלאַכט הילכיק, אַריבערגעשמועסט איינער צום אַנדערן און זיך דערלאַנגט איבער די קעפּ פון פּובליקום קעסטעלעך מיט באָמבאָנעס און שאָקאָלאַד...

נאָך איידער דער פאָרהאַנג האָט זיך אַרויפגעצויגן, האָט זיך אָנגעהויבן הערן אַ טופּען פון פיס, דערנאָך — אַ רוקן מיט די שטולן און ענדלעך — אַ פייפעריי.

מאַוריסיאָ האָך, דער דירעקטאָר און הויפט־שוישפּילער, האָט גערעכנט, אַז דאָס „שטורעמט" מען אַזוי, ער זאָל זיך באַווייזן. האָט ער געפונען פאַר נויטיק אַרויסצוגיין פאַר דעם פאָרהאַנג, זיך פאַרנייגן פאַרן „ווערטן פובליקום" און דערקלערן דעם צוועק פון דער היינטיקער „פּעסטפייערונג". און אויך אויפקלערן, וואָס עס איז אַזוינס די פּיעסע „עקידת־יצחק", אָדער „פון טויט לעבעדיק", כדי גרויס און קליין זאָלן פאַרשטיין.

איז געוואָרן פינצטער אין סאַלאָן און ליכטיק פאַרן פאָרהאַנג. אַ רגע האָט עס געווירקט, מען איז שטיל געוואָרן. אָבער קוים האָט זיך מאַוריסיאָ האָך באַוויזן און דאָס ליכט איז געפאַלן אויף זיין לאַנגער, ווייסער צוגעקלעפּטער באָרד, האָט אויפסניי אויסגעבראָכן אַ שטורעם. האָט ער ווידער געמיינט, אַז דאָס אַפּלאָדירט מען אים אַזוי צו זיין דערשיינען, האָט ער אַרויפגעלייגט די האַנט אויף זיין לינקער ברוסט און פאַרנייגט טיף דעם קאָפּ ביזן גאַרטל.

דער שטורעם האָט אָבער נישט אויפגעהערט. להיפּוך: פון פאַרשידענע ווינקלען האָט מען געשריען: „זאָלן אַרויסגיין די „לינקע!", „נידער מיט די טמאים!", „גיב צוריק דאָס געלט!", „פאַרקויפטע נשמה!".

דער ליאַרעם האָט זיך צעוואַרעמט און עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אַ פייערדיקע לאַווע רוקט זיך און פאַרפלייצט דאָס טעאַטער און באַלד וועט עס דערגרייכן צו דער בינע.

עס איז געוואָרן ליכטיק און מאַוריסיאָ האָך האָט דורך זיינע צוגע־קלעפּטע לאַנגע, ווייסע ברעמען געזען, ווי אין זאַל איז ווייט פון צו זיין אָרדענונג.

ער האָט זיך באַלד אָריענטירט אין דעם, וואָס דאָ קומט פאָר, האָט ער באַשלאָסן צו ראַטעווען די סיטואַציע, אָדער נאָך בעסער: זיין פּאָזיציע. ער האָט דערפילט, אַז ער וועט בלייבן הענגען נישט אַהין און נישט אַהער, אז די „ריאָ איז אַ שטאָט פאַר טעאַטער, זאָל איך מיר שוין האָבן אַזאַ ליכטיק יאָר..." האָט ער אַרויסגעכאַפּט דאָס שטעקעלע פון דעם

דיריגענט און דערמיט געקלאַפּט אין סופליאָר־קאַסטן אַזוי הויך, אַז אַ רגע האָט ער איבערגעקלאַפּט דעם געפּילדער און עס איז שטיל געוואָרן.

— סעניאָרעס, אחינו בני ישראל! — האָט ער אויסגעשריען אין אַ טאָן פון אַ קעניג, בעת ער וויל איינגעמען דאָס פאָלק, וואָס ברעכט אויס אין מרידה. — אַלע זענען מיר שוועסטער און ברידער! אַ טעאַטער איז געגליכן צו אַ באָד, און אַלע קלאַסן פון דער מענטשהייט מעגן קומען זיך טובל זיין!

אָבער ווען ער האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, איז שוין געווען אוממעגלעך. פּאָליציי האָט זיך באַוויזן אין די טירן. די חברה־לייט האָבן זיך די ערשטע אָפּגעטראָגן און דער „סטאַר" האָט געמאָלדן, אַז די פאָרשטעלונג ווערט אָפּגעלייגט.

*

דאָס דאָזיקע געשעעניש האָט געגעבן מער צו רעדן סיי אין דער „קאָלאָניע" און סיי ביי דער „חברה", ווי אַנדערע געשעענישן, וואָס האָבן געהאַט אַ פיל־גרעסערן באַטייט.

די „ענגלישע מלכה", וואָס איז אַליין נישט בייגעווען די פאָרשטעלונג, האָט זיך אַממיינסטן געהיצט:

— אַז זיי ווילן גאָר אויף די אויגן נישט לאָזן! אַז אַן אַקטיאָר מאַכט זיך אַ בענעפיס, וועלן זיי דעם ביסן פון מויל אַרויסרייסן?

און כאָטש זי האָט זיך אַזוי געהיצט, איז פונדעסטוועגן נישט געווען מעגלעך ביי איר צו פועלן, אַז זי זאָל די זאַך איבעררעדן מיט איר „אויסהאַלטער", דעם ריכטער. זי אַליין האָט געוווסט, אַז זי טאָר דאָס נישט טאָן. זי טאָר פון אים איצט גאָרנישט פאַרלאַנגען. זי האַלט שוין שמאָל מיט אים.

אין דער „קאָלאָניע" איז פאָרגעקומען אַ שטיקל דין־תורה. דער אַקטיאָר איז געקומען אין דער קליינער שול „אוהל־יעקב" און געפאָדערט מען זאָל אים זאָגן, פאַרוואָס מען האָט אים „געקוילעט"?

האָט מען אים דערקלערט: די קאָלאָניע וויל זיך נישט צונויפקומען מיט „יענע" אונטער איין דאַך.

אַפילו זיינע טענות, אַז דאָס איז „קונסט״ און וואָס האָט קונסט צו טאָן מיט פּאָליטיק, האָט אויך נישט געהאָלפן.

— אָדער מיט אונדז, אָדער מיט זיי — האָט מען אים געגעבן די ברירה.

האָט מאַוריסיאָ האָך צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיין מיט דער „פּראַזע״, אַז וואָס טויגן אים די חברה־לייט, כדי ער זאָל זיין נאָמען נישט קענען ריינוואַשן? האָט מען אים געגלויבט. אָנגענומען זיין תשובה, און ער האָט זיך גענומען צוגרייטן אַ ניי „שטיק״ אונטער נאָמען „ביידע קוני לעמלס״, אָדער „צוויי קעץ אין איין זאַק״. מען איז אָבער געוויר געוואָרן, אַז עפּעס האָט דער אַקטיאָר יאָ צו טאָן מיט „יענע״, אַז אָפּט קומט ער צו זיי און ער גייט אַפילו צו די „לינקע״ אויף שמחות, און זינגט אויס די לידלעך, וואָס ער וועט דאַרפן זינגען אויף דער פאָרשטעלונג.

פעסטשטעלן האָט מען נישט געקענט. ער אַליין האָט עס געלייקנט. פונדעסטוועגן האָט זיך דער חשד פאַרשטאַרקט און נישט צונויפגערעדטער־הייט, האָט קיינער נישט געוואָלט קויפן קיין בילעטן צו דער פאָרשטעלונג.

איז ער אַרויסגעגאַנגען און אַ שפּיי געטאָן אויף דער גאַנצער „פּראַזע״, געזאָגט, אַז זיי זענען ערגער ווי די גוים, און אַריבער אַהין, ווו מען האָט אים אויפגענומען ווי אַן אייגענעם, וואָרעם צי ער האָט יאָ געקענט דאַוונען צי נישט, צי ער האָט יאָ געהאַט אַ שטימע, צי נישט — פאַלן האָט מען אים נישט געלאָזט און ער איז געוואָרן זייער חזן.

## קאַפּיטל פינף

דאַניע וואָלט שוין באַשטאַנען צו לעבן מיט דער „פּאַדלע״, אַפילו חתונה האָבן מיט איר, ווען נישט די „מאַטקע באָסקע״, וואָס הענגט איבערן בעט, און דער צלם, וואָס זי טראָגט אָנגעהאָנגען אויף אַ קייטעלע ביי איר האַרץ.

זי אַליין איז עפּעס אַנדערש געוואָרן, ווי זי איז געווען דאָרט, אין ריאָ נעגראָ. זי איז געוואָרן שענער. איר בוזעם איז געוואָרן רונדער און איר באַנעמען זיך צו אים איז געווען אָפּגעציטערט און באַזאָרגט.

זי איז געוואָרן צו אים דאָס, וואָס אים האָט תמיד געפעלט: געטריישאַפט פון אַ מאַמע און צערטלעכקייט פון אַ שוועסטער־געליבטער.

קיין גרויסן חשבון פון דעם, וואָס זי טוט, האָט ער זיך נישט אָפּגעגעבן. זי האָט אים אויסגעהאַלטן, ווי אַ קייסער. אין אירע פרייע שעהן פלעגט זי קומען צו אים און מיט אים פאַרברענגען. זי איז קיינמאָל נישט געקומען מיט ליידיקע הענט; נאָר, ווי אַ מאַמע, תמיד עפּעס געבראַכט: אַ זיידן העמדל, זאָקן, אַפילו אַ ברילּיאַנטענער רינג האָט אָנגעהויבן אַראָפּצופינקלען פון זיין פינגער.

כואַנאַ האָט מיט אַ כיוון אים אַזוי אַרומגענומען מיט צערטלעכקייט, מיט זאָרגזאַמקייט און באַקוועמלעכקייט, אַז ער זאָל ביי קיין אַנדערער דאָס קיינמאָל נישט האָבן, און ער זאָל קיין רגע נישט קענען אויסקומען אָן איר. זי האָט נישט געקוקט, וואָס שוין אַ צייט האָט זי נישט צוגעטראָגן אין דער באַנק קיין געלט. סיי־ווי האָט זי עס געזאַמלט פאַר אים, פאַר זיינעטוועגן.

זי האָט אָבער פאַרגעסן איין זאַך: אַז עס זאָל אים נישט לאַנג־ווייליקן. זי האָט אים מיט דער גאַנצער צערטלעכקייט דאָ געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון אַ פרעמד אויג. זי האָט געוווּסט, אַז מען וועט אים „אַוועקציען״ פון איר — סיי גוטע־פריינד און סיי שונאים. מען וועט איר נישט פאַרגינען זיין פרישקייט און יונגקייט, זיין גבורה, וואָס שפּראָצט אַרויס אויף זיינע באַקן צוזאַמען מיט די בלאָנדע הערעלעך אויף דער גאָמבע, אָפּגעגילדעטע פון דער זון.

און ווייל ער האָט אין די אָוונטן נישט געהאַט וואָס צו טאָן און מיט וועמען צו גיין, האָט ער אָנגעהויבן טראַכטן פון אַנדזשעליטען.

אָבער דאָס טראַכטן איז עפּעס נישט געקומען פון האַרצן. אַזאַ קורצע צייט און ער איז פון איר אַזוי דערווייטערט געוואָרן. אים האָט גראָד הנאה געטאָן, וואָס ער צאַפּלט מער נישט אויף, בעת ער דערמאָנט זיך אין איר. פון דער אַנדערער זייט האָט עס אים פאַרדראָסן.

איינמאָל אין אַן אָוונט, איז ער צוגעקומען צו דעם „פּענסיאָן״, ווו כואַנאַ איז געוועזן. ער האָט געוווּסט, אַז זי וויל נישט, ער זאָל דאָרט אַהין קומען אין „געווויסע שעהן״. אָבער ער האָט זיך אַליין נישט אָפּגעגעבן

קיין חשבון פון דעם, וואָס ער וויל טאָן. די לאַנגווייליקייט האָט זיך געצויגן ווי רעדער אין אַ סמאָליקער בלאָטע.

הגם דאָס „הויז" איז נישט געווען קיין יידישס, פלעגט דאָרט מאַניעלע אָפּט אַריינקומען. עס זענען געווען פאַרשידענע נויטווענדיקייטן צווישן „זייערע", וואָס זי האָט זיך געדאַרפט ווענדן נאָך הילף. ביים נעמען איז איר קיין חילוק נישט געווען פון וועמען, און געגעבן האָבן אַלע.

דאָניע האָט דער ערשטער אויף מאַניעלעס ברוסט דערזען אַן אָפּשיין פון דער היים, פון היימישקייט און נאָענטקייט. ער אַליין האָט רעכט נישט געקענט קיין עברי, האָט ער אָבער געוווּסט, וועלכער עס איז אַ יידיש אות. די בריליאַנטענע שפּילקע מיט די אותיות „שדי", וואָס האָבן געפלאַמט פון מאַניעלעס רובינען, האָבן אויפגעריסן זיינע אויגן און זיך אַזוי אַרויסגעזעצט, אַז עס האָט אויסגעזען, ווי זיי רייסן זיך אָפּ און קניפּן זיך אָן מיט באַהעפטונג צו דעם הייליקן וואָרט.

מאַניעלע האָט געזען, ווי דער „שייגעץ" באַטראַכט אַזוי מיט חידוש איר „בראָש". זי האָט אָבער גלייך באַמערקט, אַז זיין קוקן איז נישט סתם אַזוי פון נייגעריקייט, ווי עס טוען אַנדערע. זי האָט דערפילט זיין שייכות צו דעם און אָן קונצן אַ פרעג געטאָן אויף מאַמע־לשון:

— ביסט אַ קיגעלע?

דאָניע האָט געהערט ווי זי רעדט יידיש. ער האָט געהערט איר וואָרט, נאָר נישט פאַרשטאַנען. שוין יאָרן, ווי ער האָט עס נישט געהערט. אַפילו ביי זיינע געוועזענע באַלעבאַטים האָט ער עס אויך נישט געהערט, כאָטש זיי זענען געווען יידן. האָבן זיי שוין יאָ גערעדט אַ יידיש וואָרט, איז עפּעס געווען אַזאַ „האַק לשון", ווי די דייטשן, מיט וועלכע ער איז אויף דער שיף געפאָרן, האָבן גערעדט. אויך אַנדזשעליטאַ, זינט ער געדענקט זי, האָט קיינמאָל נישט גערעדט צו אים קיין יידיש. תמיד בראַזיליאַניש. נאָר זיינע אויערן זענען, פון זיך אַליין, געווען דורשטיק נאָך אָט דעם קלאַנג.

מאַניעלע האָט אָנגעהויבן שמייכלען:

— ביסט אַ לאַנדסמאַן?

דאָניע האָט שוין דאָס צווייטע וואָרט דערהערט דייטלעכער. ער האָט געענטפערט:

— סי, סעניאָראָ!

— ביסט אַ „קלאַפּער" פון דער „פּראַזע"?

דאָניען האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זי רעדט צו אים בראַזיליאַניש מיט יידיש געמישט. ער האָט ביידע ווערטער נישט פאַרשטאַנען, האָט ער נאָכאַמאָל געענטפערט:

— נאָ קאָמפּרענדאָ.

מאַניעלע האָט זיך אינפאָרמירט ביי דער מאַדאַם וועגן דעם „רוסאָ" און אויף מאָרגן איז שוין דאָניע געווען אַ גאַנצער בן־בית אין „געשעפט פון אַלטוואַרג" ביי גאָדעלע אָחור.

ער איז גיך באַקאַנט געוואָרן מיט דער חברה, וואָס זענען תמיד געווען אין געשעפט און געשפּילט אין דאָמינאָ, שטייענדיקערהייטביים מוסטער־טיש. אַממייסטן האָט זיך צו אים צוגעלאָזט מאַוריסיאָ האָך. ער האָט פאַר אים אויסגעזונגען אַלע לידלעך פון „גאָטזעליגן גאָלדפאַדען" און אַפילו אייגענע פאַרפאַסטע, מערסטנטייל פּאַראָדיעס און אָפּשפּעטונגען פון די וויטישע.

און אַזוי ווי גאָדעלע אָחור האָט שטאַרק געהאַלטן פון דעם אַקטיאָר, האָט ער שוין „גינציק" געטאָן דאָניען און האָט זיך געזאָרגט פאַר אים, פּונקט ווי ער וואָלט זיין אייגן קינד געווען.

דאָס זאָרגן זיך איז באַשטאַנען אין דעם, אַז מען זאָל אים, דאָניען, „אָפּקנעפּלען", פון דער „שפּאַנישער פליג", די, ווי הייסט זי דאָרט, כואַנאַ.

פריער האָט גאָר קיינער נישט געוווסט, אַז אַזאַ באַשעפעניש מאַכט קאַליע ברויט אויף גאָטס וועלט, נאָר זינט מען האָט „אַנטדעקט" דעם יונג, איז זי אויך שוין געוואָרן אַ גאַנצע איינגייערין צו אָחורן אין געשעפט, און אַפילו צו אים אין הויז.

כואַנאַ איז געווען צופרידן, וואָס ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט זיינע „פייסאַנעס". פריער, איידער ער האָט זיך באַקענט מיט די לאַנדסלייט, איז ער טאַקע געווען אומעטיק און זויער. איצט האָט זי אים כמעט נישט

דערקענט: ווי אויפגעהייטערט ער איז, ווי מונטער און ווי די אויגן זיינע לייכטן, ווען ער הערט דעם סעניאָר אַקטיאָר זינגען...

זי האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז מען לייגט זיך אין דער לענג און אין דער ברייט אים אָפּצורעדן פון איר. נישט ווייל עס האָט עמעצער געוואָרפן אַן אויג אויף אים, נאָר ווייל מען האָט איינגעזען, אַז דער יונג וועט זיך נאָך שמדן און מיט איר חתונה האָבן אויף אַ רעכטן אמת — און דאָס וועלן די חברה־לייט נישט דערלאָזן, אַפילו מען זאָל זייערע קעפּ שניידן.

וואָס אַזוינס די חברה־לייט האָבן געהאַט צו אים און מיט וואָס איז ער זיי אָנגעגאַנגען, דאָס האָט זיך אַפילו קיינער נישט געקענט דערקלערן. נישט ער איז געווען פאַרמישט אין „מסחר" און נישט ער האָט זיי אַרויסגעהאָלפן. אפשר האָט גאָדעלע אָחור יאָ געפּרווט טראַכטן, אַז ער קען אַמאָל צונוץ קומען פאַר אַן איידעם, האָט ער אָבער געוווּסט, אַז דער אַקטיאָר וועט נישט דערלאָזן, ווייל דער „לאַפּענטאָטער" האָט שוין אַן אויג געוואָרפן אויף איר, כאָטש ער איז צוויי מאָל אַזוי אַלט ווי די טאָכטער און האָט אין רומעניע אַ ווייב מיט קינדער. דעריבער האָט זיך גאָדעלע אָפּגעווישט די ליפּן: שאַ! און געוואַרט, וואָס דאָ וועט זיין.

מאַניעלע, די „ענגלישע מלכה", וואָס האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין „גוט לעבן" מיט גאָדעלע אָחור, איז פונדעסטוועגן אָפּט געקומען איצט אין געשעפט פון אַלטוואַרג און אָנטיילגענומען אין דער זאָרג וועגן דעם יונג.

אַזוי ווי זי איז געווען די ערשטע, וואָס האָט אים אויסגעפונען, האָט מען קיין זאַך נישט געטאָרט באַשליסן אָן איר.

די זאָרג איז באַשטאַנען אין דעם, אַז ער זאָל ווערן דאָס „קעסט־קינד" פון זייער „סאָסידאַדע". אַזוי ווי זיי האָבן אַ פּונקט אין די סטאַטוטן „שטיצן אַריבערגעקומענע" און זיי האָבן נאָך ביז איצט נישט געהאַט וועמען צו שטיצן, האָט ער געזאָלט זיין דער, צוליב וואָס זייער פאַראיין „פאַר אונטערשטיצונג און הילפע" זאָל זיין באַרעכטיקט צו עקזיסטירן. זאָל ער זיך אַרומדרייען אויף זייער חשבון און לעבן אין ווילטאַג.

דאָניע האָט זיך אָבער נישט גענויטיקט אין קיין שום זאַך, ווען דעם האָט שוין געזאָרגט כואַנאַ. זי איז געווען פאַר אים אַ ציטערדיקע מוטער

און האָט אים אַזוי באַשירעמט, אַז קיין טובה זאָל צו אים פון קיין פרעמדער האַנט נישט צוקומען.

האָבן די נייע באַקאַנטע זיינע געהאַט אַן אַנדערע אַרבעט: אים אָפּצורעדן פון איר. האָט מען אים אויפגעוויזן, אַז קיין ייד דאַרף זיך נישט לאָזן אַריינבאַרן אין זאַק אַריין; אַז זי איז אַ גויע און ער דאַרף זי לאָזן לויפן.

דאָניע האָט אָבער געהאַט אַנדערע חשבונות: לויט דעם, ווי אַזוי אַנדזשעליטאַ האָט זיך פאַרהאַלטן צו אים, האָט ער פיינט געקראָגן יידישע מיידלעך. און כאָטש כואַנאַ איז „אַזאַ״, איז קיין אַנדערע נישט ווערט אירע פיס צו וואַשן...

*

עס האָט זיך דערנענטערט דער מוראדיקסטער טאָג פון די ימים נוראים. יאָרן מיט יאָרן, ווי ער, דן, איז געווען אָפּגעריסן פון יידישקייט, האָבן זיך אָבער די מנהגים און ניגונים געהאַלטן אָנגעקלעפּט אין אים און האָבן געצויגן מיט אים איבער פרעמדע, ווייטע וועגן.

ער איז יעדן טאָג געגאַנגען מיטן אַקטיאָר צו די רעפּעטיציעס פון דאַווענען. מאַוריסיאָ האָט אים געוואָלט אַריינבעמען אין כאָר, האָט ער אָבער פון אים נישט געקאָנט אַרויסקריגן קיין וואָרט עברי.

כואַנאַ האָט געוווּסט, אַז מאָרגן איז ביי די „רוסאָס״ אַ „סאַנטאָ דיאָ״. אַז דער טאָג איז זייער אַ הייליקער. האָט זי זיך אינגאַנצן אָפּגעזאָגט פון איר געליבטן און אים איבערגעגעבן אין די הענט פון „זיין גאָט״ און אין דער געזעלשאַפט פון זיינע לאַנדסלייט...

דאָניע איז צוזאַמען מיט גאָדעלע אָחור, זיין ווייב, די טאָכטער און דער אַקטיאָר געגאַנגען אויף קבר אבות.

די יידישע „מיידלעך״ און די יידישע „מאַדאַמען״ זענען דעם טאָג פריי געוואָרן. נאָך מיט אַ נאַכט פריער האָבן זיי געשלאָגן כפרות מיט... גאַנצע הונדערטער און דאָס געלט אַוועקגעשענקט „פיר הילפע״, און אויך געשיקט אַהיים צו משפחה און פריינד. שוין פון פריען מאָרגן

זענען די מיידלעך געווען אָנגעטאָן אין „פרומע קליידער מיט אַרבל״ און זענען גרופּעסווייז געקומען צו פאָרן אויף זייער בית־עולם.

זינט דער בית־עולם איז געשטעלט געוואָרן, ביזן היינטיקן טאָג, איז שוין אַ היפּש ביסל פון די פאַרקויפטע קברים פאַרנומען געוואָרן פון די קויפער און נאָך נייע זענען צוגעקומען.

דער אַקטיאָר איז שיר הייזעריק געוואָרן פון די „אל מלאס״, סיי פאַר די טויטע, וואָס ליגן דאָ, און סיי פאַר די טויטע, וואָס רוען „אויף יענער זייט ים״, אין די אַלטע היימען, און יעדער מאָל, וואָס ער האָט אויסגעזונגען „ואת נשמת״ און אָנגערופן אַ נאָמען, האָט אַן אַנדער מיידל ספּאַזמירט.

דער בית־עולם האָט גלייכצייטיק מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ גאַנצן בלומען־גאָרטן. יעדער אויטאָמאָביל, וואָס איז צוגעקומען צום טויער, האָט מיטגעבראַכט קראַנצן. די בלומען האָט מען אויסגעלייגט ביי די מצבות, וואָס האָבן געגלאַנצט ווי שוואַרצע שפּיגלען קעגן דער זון, און די גאָלדענע אותיות האָבן זיך געצונדן ווי די אייביקע ליכט.

דער עולם איז אַרומגעגאַנגען, געלייגט די בלומען און באַזיפצט די פאָטאָגראַפישע שטיין־בילדער, וואָס זענען געווען איינגעראָמט אין מגן־דודס אויף די מצבות. מערסטנטייל זענען די בילדער געווען פון פרויען, און גאָר אַ סך מיט יונגע, בלייכע פּנימער...

דאָניע איז געשטאַנען ביי אַ שטיין, האָט די אויגן נישט געקענט אָפּרייסן פון אַ בילד, וואָס האָט אַרויסגעבליכט ווייס פון שוואַרצן מאַרמאָר. אים האָט געאַרט, וואָס אָט דאָס בילד איז אויפגעקריצט אויף דער מצבה. ער האָט געמיינט, דאָס האָט עפּעס אַ שייכות צו דעם, וואָס ער האָט געזען אין „סאַנטאָ אַמאַראָ״־געסל, ווו אויף די טירן פון די מיידלעכס צימערן הענגען זייערע בילדער. דאָרט איז עס אַ געזעץ אַזאַ. אָבער דאָ?

מאַניעלע, מיט אַ פּאָר אונטערגעשוואָלענע אויגן פון וויינען איבער אַלע קברים און אַלע „אל מלאס״, איז צוגעקומען צו דאָניען. זי האָט באַמערקט, אַז ער נעמט נישט אַראָפּ די אויגן פון דער מצבה. און אָנשטויסנדיק זיך זיין כוונה האָט זי הויך איבערגעלייענט דעם נאָמען מיט דער אויפשריפט:

„וויר ווערדען נימאַלס ניכט פאַרגעסן אונדזער טרייע שוועסטער,

עליאיסא, פון צוהויזע ליבע, וואָס איז געשטאָרבן נאָך אַ לאַנגער קראַנק־הייט פאַן דיזעם לאַנד.

עהרע איר אָנדענקען. תנצב״ה״.

*

אין דער דרויסן־זייט פון בית־עולם האָט אויף מאַניעלען געוואָרט איר איצטיקער „באַקאַנטער״, אַן אייגנטימער פון אַ „לאָטעריע״. ער איז געווען פאַררעכנט צווישן די רייכסטע מענטשן אין לאַנד. נאָך מיט צען יאָר צוריק האָט ער געוווינט מיט מאַניעלען און נאָך דעם, ווי ער האָט געזען, אַז ער ווערט רוינירט דורך איר, און אַז זיין מאַרך הייבט אָן צו צעפאַלן פון קרענקונג און אייפערזוכט, איז ער פאַרשוווּנדן און איר איבערגעלאָזט זיין הויז מיט אַלץ, וואָס אין הויז איז געווען.

נאָר ווי עס ווייזט אויס, האָבן די צען יאָר פאַר זיין האַרץ קיין רו נישט געבראַכט, און ער האָט מן הסתם נישט אויפגעהערט צו בענקען נאָך דער „געטלעכער אַמאַליאַ״, איז ער צוריקגעקומען צו זיין גליק. מאַניעלע איז גראָד נישט געווען „פאַרנומען״, האָט ער זיך איבערגעבעטן מיט איר, גענומען די גאַנצע שולד פון זיין אַנטלויפן אויף זיך (גלייך מאַניעלען וואָלט עס געאַרט) און איר פאַרזיכערט, אַז איצט וועט ער וויסן ווי זי צו שעצן.

כאָטש דורך די צען יאָר איז ער עלטער און פעטער געוואָרן, און אויף דעם קאָפּ, ווו עס זענען אַמאָל געווען געדיכטע שוואַרצע, געקרייזלטע האָר, איז איצט געשטאַנען אַ גלאַנציקע ליסינע און די עטלעכע הערעלעך, וואָס זענען נישט אַרויסגעפאַלן, האָבן אויסגעזען, ווי איינזאַמע ביימעלעך אין אַן אויסגעהאַקטן וואַלד, האָט עס איר נישט געאַרט, ווייל אַרום די אויערן האָבן זיך אירע האָר אויך אונטערגעוויסט, און זיך גענומען רוקן מיט דער גראָקייט צום שטערן.

איר „הער״ איז געשטאַנען נאָענט ביים טויער, אָנגעשפּאַרט מיט זיין פּלייצע אין אַן אָפענעם אויטאָמאָביל און אויף דעם אָרט פון געזעס איז געלעגן אַ גרויסער קראַנץ מיט בלומען, אָנגעגרייט עס איר צו דערלאַנגען.

אין דער אייגענער צייט איז אויך געשטאַנען כואַנאַ. זי איז געווען

אַנגעטאָן, ווי די יידישע חברטעס אירע, פייערלעך און יום־טובדיק. זי האָט אָפּגעוואַרט דאַניען, פונקט ווי אַ מאַמע וואַרט אָפּ איר קינד, ווען עס גייט צום ערשטן מאָל אין חדר. און פונקט ווי דער הער האָט באַגריסט מאַניעלען מיט העפלעכקייט און קאַוואַלערישן דרך־ארץ, אַזוי האָט כואַנאַ מיט יראה געקוקט אויף דאָמינגאָן. אין אירע אויגן האָט ער אויפגעלויכטן נאָך מער דערמיט, וואָס זינט זי געדענקט אים, האָט ער צום ערשטן מאָל זיך אָפּגעגעבן מיט רעליגיעזע ענינים.

מאַניעלע האָט געדאַנקט איר „הער״ פאַר די בלומען, אים גע־ענטפערט אויף זיין באַגריסונג און אים אַוועקגעשיקט אַליין אַהיים. זי האָט געזאָגט, אַז ביז מאָרגן אָוונט וועט זי נישט אַהיימקומען און זיין מיט אירע לאַנדסלייט. פונקט אַזוי, האָט אויך דאָמינגאָ געטאָן צו כואַנען, און מען מוז מודה זיין, אַז דן האָט אין האַרצן געדאַנקט דעם אַקטיאָר פאַר דעם, וואָס ער איז געוועזן דער ערשטער אים אונטערצוקומען און זאָגן, אַז כאָטש איבערן יום־קדוש מעג ער זיך דערווייטערן פון צלם...

אַזוי ווי מאַניעלע איז געווען די פרעזידענטין, איז זי געפאָרן אין דעם ערשטן אויטאָמאָביל. מיט איר איז געפאָרן גאַדעלע אָחור, אַלס וויצע־פרעזידענט און מיט זיי שוין — מאַוריסיאָ האָך, אַלס דער חזן, און במילא האָט מען שוין אַרויפגענומען דאַניען.

פאָרנדיק, האָט פלוצלינג דאַניע באַמערקט נאָך אַ בית־עולם. צום ערשט האָט ער געמיינט, אַז דאָס איז אַ גוייִשער. ער האָט זיך אָבער גוט צוגעקוקט און קיין צלמים נישט געזען אַרויסשטאַרצן. דערצו האָט עפּעס אַ באַעכטקייט אָנגעווייט. ער האָט זיך צוגעקוקט און דורך די שטאַכעטן געזען יידן איבערגעבויגן איבער קברים, דאָס מורמלעריי האָט אים דערמאָנט אין היימישן קדיש־זאָגן. און אויך פון דאָרט האָט זיך אַרויסגעריסן אַ געזאַנג, אויסגעצויגן און געדריידלט, פון אַן „אל מלא״. ער האָט אויפגעריסן די אויגן, געמיינט, אַז דאָס דאַכט זיך אים, געמיינט, אַז דאָס פריערדיקע בילד גייט אים נאָך און שטעלט זיך אים אַנטקעגן אין וועג.

ער האָט איבערגעריסן דעם שמועס פון אַלע דריי:

—וואָס איז דאָ?

דער ערשטער, וואָס האָט געגעבן לשון, איז געווען דער אַקטיאָר:
— אויך אַ בית־עולם.
— אַ יידישער?
— נאָך ערגער ווי אַ גוייִשער — האָט זיך גאָדעלע אָחור אַריינגעמישט.
דער אַקטיאָר האָט אָבער געפילט, אַז דער גרינער פּאַרשטייט נישט, האָט ער אים פאַרשטיין געגעבן:
— דאָס איז דער „יאַלדישער" בית־עולם, אַ פלאַם זיי אין די קישקעס!
דאָניע האָט נישט גענוי פאַרשטאַנען.
— אָבער אַ יידישער?
— עס זאָל באַלד און גיך איבערגעפּאַקט ווערן, אַז מען זאָל שוין נישט האָבן, ווו צו לייגן די „קיגעלעך", רבונו־של־עולם אין הימל — האָט מאַניעלע גוט באַטאָנט און דערנאָך צוגעוואָרפן: — אַזוי ווי עס איז ערב־יום־כיפור, אַזוי זאָל עס זיי מקוים ווערן!
גאָדעלע אָחור האָט שוין „דעם גאַנצן אמת" דערציילט:
— אַ פייער האָט זיי אָנגעצונדן דאָ, די בעסאַראַבער מאַמעליגעס. ווער האָט עפּעס געהאַט צו זיי? איר זייט זיך געקומען? זייטס געזונטער־הייט דאָ מיטן קאָפּ אין דער ערד! מיר האָבן עפּעס צו ענק? ליגטס איינגעלייגט! ניין, זיי ווילן זיך טשעפּען. און אַז טשעפּען, האָבן מיר געוויזן, ווער עס איז עלטער.
דאָניע האָט געפילט, אַז דעם גאַנצן אמת האָט דער סעניאָר אָחור נישט דערציילט, אַז דאָ מוז עפּעס זיין אַ גרויסער חילוק צווישן די יידן מיט די אַנדערע, וויבאַלד דער דאָ רעדט און עס שוימען אַזוי זיינע ליפּן. ער האָט אויך באַמערקט, ווי מאַניעלע גיט אָחורן יעדעס מאָל אַ צי ביים אַרבל, און דער אַקטיאָר האָט גאָדעלען אָנגעטראָטן אויף דעם פוס, אַז שטיל זאָל זיין.
נאָך אויפן בית־עולם האָט זיך אָנגעהויבן צו טליען אַ שטיקעלע שנאה אין זיין האַרץ צו די דאָזיקע „יידן". עפּעס זענען זיי צופיל שמאַלציק און די אייגעלעך קריכן צופיל אַריין אין פלייש, אַזוי, אַז אָנשטאָט אויגן לאַכן אַרויס פון דער פעטקייט גלאַנציקע שפּאַרעלעך.
דאָניע האָט געטראַכט, אַז ער איינער וועט מוזן זיין קעגן זיי, אָט־די

יידן. אַז ער וועט זיך מיט זיי נישט חברן; צום סוף ווערט ער גאָר געוויר, אַז אין שטאָט זענען פאַראַן נאָך יידן, וואָס ווילן זיך מיט זיי נישט חברן, און אַז זיי האָבן אַ באַזונדערן בית־עולם — טאָ פאַרוואָס ווייסט ער גאָרנישט פון דעם?

## קאַפּיטל זעקס

נאָך זון־אונטערגאַנג איז שוין דאָניע געווען אין דער שול. ער האָט „פאַרפאַסט" ביי גאָדעלע אָחור, דאָרט איז אויך געווען מאַניעלע, דער אַקטיאָר, נאָך עטלעכע יידן און ווייבער.

די שול האָט עפּעס פאַר דאָניען אויסגעזען מאָדנע, אומפאַרשטענדלעך און פרעמד. אַ זאַל, וואָס איז לאַנג געוואָרן דערפון, וואָס די מיטלסטע וואַנט האָט מען צענומען און פון צוויי צימערן איז געוואָרן איינס. עס זענען געקומען מער און מער פרויען און האָבן פאַרנומען די ערטער ביי טישן און שטענדערס. דאָניע האָט זיך געוווּנדערט, וואָס מען זעט אַזוי ווינציק מענער, און — וואָס די פרויען פאַרנעמען די מענערס ערטער, בישט ערגעץ אין דער הויך, אין דער ווייבערישער שול, נאָר דאָ גלייך ווו די מאַנסבילן זיצן זיי אויסגעזעצט און האַלטן אויפגעמישט זייערע מחזורים און תחינות.

יעדע פרוי, וואָס איז אַריינגעקומען, האָט מיטגעבראַכט מיט זיך אַ בינטל ליכט. שוין נישט געווען קיין איין ווינקעלע עס זאָל נישט ברענען קיין ליכט: קליינע און גרויסע, ווייסע און געלע און אַפילו יאָרצייט־לאָמפּן, — גלעזלעך מיט חלב, פול אַלע קעסטלעך, אַלע זאַמד־בלעכלעך און לייכטער. פון דעם אָפּשיין איז געפאַלן אַ גאָלדענע פייערלעכקייט אויף די ווענט.

דאָניע איז געווען פאַרנומען די גאַנצע צייט מיט פאַרקוקן זיך. אים איז זייער געפעלן, וואָס אָט־די מיידלעך, וואָס שטייען יעדע נאַכט ביי די העל־באַלויכטענע פאָדער־שטיבלעך אין די געסלעך און ווינקען צו די דורכגייער, זענען איצט אַנדערש. אַזוי ווייס און דין, איינגעהילט אין זייד און אין גאַזע. די אויגן זענען אָנגעשוואָלן פון וויינען און די גוטסקייט

פון איינער צו דער אַנדערער לייכט אַראָפּ פון זייערע פּנימער.

אין אָנפאַנג האָט יעדער „געהאַלטן אַן אויג" אויף דאָניען. צום ערשט איז עס געווען גאָדעלע, דערנאָך מאַוריסיאָ האָך. ער האָט אַכטונג געגעבן, אַז דער יונג זאָל „אַריינקוקן אין די אותיות", און אַפילו מאַניעלע האָט אים עטלעכע מאָל דערמאָנט, ער זאָל זאָגן...

אָבער דערנאָך איז יעדער געוואָרן פאַרנומען מיט זיך. מאַניעלע איז געשטאַנען אויבנאָן, לעבן דער ספּעציעלער „טראָן־שטול", אַ פּאָטעל, געבעט אין ווייסן זיידנגעצייג, און זיך געקושט מיט יעדער אַריינגעקומע־נער און יעדן אַריינגעקומענעם.

אויף איר ווייס, איידל פּנים איז געשטאַנען אַ יום־טובדיקע רו, באַשיינט מיט אַ ליבלעכן שמייכל. זי איז גוט געווען צו דער גאַנצער וועלט, מיט פאַרגעבונג צו אַלעמען, אַחוץ צו די „קיגעלעך"...

די מאַנסבילן זענען געווען אַ צוויי־דריי צענדליק אין דער צאָל. פאַר זיי איז געווען אַ שטיקל אָרט, נאָענט צום אָרון־קודש. אויף די שפּיץ־קעפּ זענען געשטאַנען קליינע, זיידענע יאַרמולקעס און איבער די אַקסלען — טליתים גרעסערע און קלענערע. זיי האָבן געקוקט אין די מחזורים און געשמייכלט אין די אותיות אַריין...

דאָניע האָט אויך געהאַלטן אַ מחזור. ער האָט אַפילו רעכט נישט דער־קענט די אותיות. ער איז געווען גרייט נאָכצוזאָגן וואָרט ביי וואָרט, וואָס דער חזן וועט זאָגן. דער חזן האָט אָבער מער „זיך געוויצלט", ווי געזאָגט. ער האָט זיך אויפגעפירט מאָדנע היימלעך און היימיש, איבער־גערעדט זיך צו די ווייבער, אַ סך מאָל אַוועקגעגאַנגען פון עמוד און זיך דערנענטערט צו דער טיר, בעת עס איז אַריינגעקומען אַ „פּרויענצימער", זיך צעקושט מיט איר און זיך צוגעוווּנטשן...

וואָס שפּעטער די נאַכט האָט זיך פאַררוקט אויף די שויבן, אַלץ ענגער איז אין שול געוואָרן און אַלץ העכער האָבן זיך די געוויינען געטראָגן. דאָניע האָט שוין נישט געקענט גלייכגילטיק בלייבן. צו זיינע אויגן זענען איצט געקומען צו שווּבן לאַנגע, פאַרגעסענע און אויסגעגאַנגענע געשטאַלטן: זיין מאַמע! אַך, ווי לאַנג ער האָט שוין נישט געטראַכט פון איר, ווי לאַנג זי איז פון אים אָפּגעווייטערט געוואָרן; און דאָ, איז

יעדער פרוי זעט ער זי. ער געדענקט זי ביי די ליכט ערב־יום־כיפור. קיינער איז נישט געווען אין שטוב. ער און זי. זי האָט געצונדן ליכט און געוויינט. אַמאָל פלעגט אַריינקומען אַ שכנטע און זיך צוגעווונטשן. דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען ער איז נאָך קליין געווען, גאָר קליין. שפּעטער, ווען ער איז אויסגעוואַקסן און די שטאָט האָט געהאַט מיט אים צו טאָן, איז אַפילו קיין הונט אויך נישט אַריינגעקומען...

און איצט שטייט זי דאָ. אפשר איז עס יענע... אָט־די איינגעהילטע אין זילבערנעם שאַל?... ניין, עס מוז גאָר זיין די דאָרט... די, וואָס וויינט אַזוי אין סידור אַריין מיט אַ צעבראָכן געוויין...

און אפשר איז עס גאָר... אַנדזשע? ניין. ווי קומט אַנדזשע אַהער צו זיי... צו אַזעלכע ווי כואַנאַ איז...

ער פאַרשעמט זיך אַליין, וואָס ער טראַכט איצט וועגן אַנדזשען. ער פילט, אַז די אַלע מענטשן דאָ זענען נישט קיין כשרע... און אַנדזשע טאָר דאָ אַהער נישט קומען, כאָטש ער וואָלט עס אַזוי געוואָלט... און עס גייט אויף פאַר אים אַזאַ קלאָרקייט, פאַרוואָס אַנדזשע איז אַנטלאָפן פון איר מאַן... פאַרוואָס מען האָט זיך אַזוי געשושקעט... און פאַרוואָס דער מאַן איז אַזוי געל־גרין אויפן פנים און אונטער דער נאָז פוילט די הויט?

אַן אומבאַשטימטע פרייד האָט זיך צעוואַרעמט אין אים. אָבער ער האָט מורא געהאַט פאַר דער פרייד. ער האָט זיך אָנגעהויבן פיינט צו קריגן פאַר אָט־דער פרייד. ער מוז אפשר ראַטעווען אַנדזשען, זי אַרויסרייסן פון זיינע הענט. ניין, נישט פאַר זיך... ער וויל שוין גאָרנישט, נאָר זי — זי זאָל זיין פריי!

די פרויען זענען כמעט אַ גאַנצן טאָג נישט אַרויסגעגאַנגען פון שול. די היץ איז געשטאַנען געדיכט און די ליכט האָבן געברענט איינגעהויקערטע, אויסגעבויגענע און אָנגעטריפטע אַרום זיך, גלייך זיי וואָלטן פון אייגענעם חלב אונטערגעשפּאַרט אַ שוץ אַרום זיך.

דאָניע האָט פאַרגליכן די פרויען צו די ליכט: עפּעס אַלע אָפּגעברענט שוין ביז אין דער העלפט אַריין. ער האָט איצט געקענט באַמערקן די פנימער „רויערהייט״, נישט געמאַליעוועט. אַן אויסגעצערטע בלייכקייט און אין יעדן פאַלד האָט געדרעמלט מידקייט און אָפּגעלעבטקייט.

זיין האַרץ האָט זיך נאָך מער געצונדן קעגן די מענער: קיין איינעם זעט מען נישט אין שול. עס איז איצט טאַקע פאַרן „אויסנעמען", אָבער פאַרוואָס טרעטן די מיידלעך נישט אָפּ און רייסן נישט אַוועק זייערע אויגן פון סידור? און די, וואָס קענען אַליין נישט זאָגן, האַלטן אונטערגע־שפּאַרט די אויערן צו די ליפּן פון דער „פירזאָגערין"...

מאַניעלע אַליין איז געווען ווי אַ „זון־פייגעלע", וואָס עמעצער לאָזט לויפן דורך אַ שפּיגעלע אויף די ווענט... אָט איז זי דאָ, גיט אַ רעד מיט אַ שוועסטער, און אָט איז זי אויף יענער וואַנט. אָט גיט אַ העל־אויף אירס אַ שמייכל און אָט קרימט זיך איר פּנים און צווישן די ליפּן מאָלט זיך אַ קללה... און אָט, — גיי זוך זי, זי איז אינגאַנצן פאַרשוווּנדן...

אַז דאָניע איז אַריינגעגאַנגען אין אַ הינטערצימער פון דער שול, האָט ער געטראָפן אפשר אַ העלפט פון דער צאָל מענער זיצט איינגעהילט אין די טליתים און שפּילט אין קאָרטן.

ער האָט געמיינט, זיי וועלן זיך פאַרשעמען, דערפאַר איז ער אַליין רויט געוואָרן. אָבער אַז ער האָט געזען, ווי די חברה מאַכן זיך נישט קיין „צימעס" דערפון, וואָס ער איז אַריין, האָט זיך זיין בושה פאַרוואַנדלט אין צאָרן. ער איז אַרויסגעגאַנגען מיט דער דעה, זייער טריפה געביין נישט מער אָנצוקוקן! ער האָט זיך דורך דער לענג פון שוּל־זאַל געלאָזט צו דער טיר, און איידער ער האָט דערגרייכט די גאַס, האָט ער געהערט, ווי עמעצער לויפט אים נאָך אויף די שטיגן — דאָס איז געווען דער אַקטיאָר, וואָס האָט אים אָנגעכאַפּט ביי די אַרבל:

— גיי נישט איצט אַוועק. מען גייט זאָגן יזכור.

דאָניע איז צוריקגעגאַנגען. ווען ער איז אַריינגעקומען אין שול, איז שוין אַ וואָלקן פון אַ געדיכטן געוויין געהאַנגען אונטער דעם סופיט. אַלע פרויען זענען געווען אויף די פיס. אים האָט זיך געדאַכט, אַז אַפילו די ליכט האָבן זיך אויסגעגלייכט און געצויגן זייערע פלעמעלעך אַרויפצו, צום הימל.

דער חזן האָט איבערגעלאָזט דאָניען צווישן די ווייבער און געלאָזט זיך מיט ברייטע טריט צום אָפענעם אָרון־קודש און איבערגענומען דאָס ספר ביי די האַנטאַבעס:

— יזכור אלוהים את נשמת — — —

דאַניע, וואָס האָט נישט געוווסט צי זיין טאַטע לעבט נאָך ערגעץ, צי האָט ער שוין אויסגעצויגן די פיס אין וועלכער עס איז תפיסה, צי דאַרף ער מזכיר זיין, צי נישט, איז פונדעסטוועגן דאָ פאַרבליבן און האָט מיטגעשעפטשעט מזכיר נשמות.

ווען עס האָט זיך געענדיקט דאָס זאָגן, און דער ווייבער־עולם האָט זיך גענומען זעצן, האָט דאַניע דערזען לעבן זיך אַ מיידל מיט אַזאַ בלייך פּנים און שוואַרצע טיפע אויגן, ווי יענע, אויף דער פאָטאָגראַפיע פון דער מצבה. אָנגעטאָן איז זי אויך נישט געווען ווי אַלע דאָ — ווייס, נאָר גראָד שוואַרץ מיט אַ דינער פעלעריגע אָנגעהאָנגען אויף די אַקסלען און אין אַ היטעלע אויפן קאָפּ. — דאָס איז געווען די איינציקע פרוי אין שול, וואָס איז געווען אַנדערש געקליידט פון אַלע. זי האָט אויסגעזען דערשלאָגן און פאַרצווייפלט.

דאַניע, וואָס איז געווען שעמעוודיק און האָט קיינמאָל נישט אָנגעהויבן צו רעדן דער ערשטער מיט אַ פרוי, האָט זיך אָפּגערוקט פון איר מיט אַ שפּאַן.

איינע פון די פרויען, אַן עלטערע, מסתמא אַ „מאַדאַם", איז פלינק אונטערגעקומען און געזאָגט צו איר:

— נו, האָסטו שוין מזכיר נשמות געווען אויך. איצט וועסטו זיך שוין גאָרנישט האָבן אויף מיר, וואָס צו באַקלאָגן...

זי האָט דאָס מיידל געכאַפּט אונטערן אָרעם, און זי צוגעפירט ביז צו דער טיר. דאָרטן איז געשטאַנען אַ „שייגעץ", וועלכער האָט זי גלייך איבערגענומען פון דער „מאַדאַמס" האַנט, איז מיט איר אַרויס אויף דער גאַס, זיך אַריינגעזעצט מיט איר אין אַ וואַרטנדיקן אויטאָמאָביל און פאַרשווונדן פון אויג.

דאַניע האָט דאָס אַלץ געזען דורכן ברייטן פענצטער. זיין פאַרשטאַנד האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז נישט אַלץ איז דאָ גלאַטיק און פראָסט; אַז די דאָזיקע לייט זענען אַרומגערינגלט מיט סודות, וואָס זענען אים אומפאַרשטענדלעך.

צווישן מנחה און נעילה האָט ער געפרעגט דעם אַקטיאָר וועגן דעם מיידל און פאַרוואָס מען האָט זי צוגענומען.

האָך האָט אַ פינטל געטאָן מיט זיין אייגל, אַז דאָניען האָט זיך אויסגעדאַכט, ווי אַ פלעמל צאַנקט אויף און באַהאַלט זיך צוריק אין דעם חלב אַריין. האָט ער זיך משער געווען, אַז דער אַקטיאָר, דער חזן און זיין בעסטער פריינד, איז נישט בעסער, ווי די אַנדערע, און אַז עס האַנדלט זיך עפּעס וועגן אַ פאַך, וואָס מען טאָר נישט אויסזאָגן.

מאַוריסיאָ האָך האָט אָבער געענטפערט מיט אַ פראַגע:

— צוליב וואָס דאַרפסטו דאָס נייטיק וויסן?

— איך וועל דיר שוין אַן אַנדערש מאָל דערציילן, — איז דן איבער־געגאַנגען פון יידיש אויף פּאָרטוגעזיש.

האָך האָט קנאַפּ געקענט די שפּראַך פון לאַנד, אָבער אין דעם טאָן האָט ער פאַרשטאַנען יעדעס וואָרט. אים האָט דווקא הנאה געטאָן, וואָס דער יונג האָט זיך אָנגעצונדן.

נאָך אַ האַלבער מינוט פון שווייגן האָט דער אַקטיאָר ווי פון זיך אַליין אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט:

— ביסט פאַראינטערעסירט אין איר?

דאָניע האָט נישט פאַרשטאַנען צו וואָס ער רעדט מיט הינטערוועגלעך.

און דער אַקטיאָר האָט צוגעגעבן:

— אַז דו וועסט האַלטן די צונג צווישן די ציין, וועל איך דיר זאָגן.

דאָניע האָט געשוויגן. דער אַקטיאָר האָט געמיינט, אַז ער איז מסכים. האָט ער פאַרגעזעצט:

— מער וואָלט מיר נישט געפעלט, נאָר מען זאָל וויסן, אַז איך „גיב אַרויס סודות", אָבער דו ביסט אַן אייגענער, וועל איך דיך פירן צו איר, מען האָט ערשט איבער איר אַ „ברכה געמאַכט"...

דער אַקטיאָר האָט גערעדט מיט אַ באַזונדערער צופרידנקייט און אין די רייד איז געלעגן אַזאַ פעטקייט, אַז ער האָט זיך מיט דער צונג אַזש באַלעקט. דאָניע האָט געמיינט, אַז זיין קאָפּ איז עפּעס אַ טעפּל, אין וועלכן עס קאָכט זיך הייס וואַסער, און דער שאַרבן איז אַ דעקל, וואָס הייבט זיך אונטער פון דער פּאַרע.

דער חזן־אַקטיאָר האָט זיך געאײַלט צו דאַוונען נעילה. ער איז פֿאַרשווּנדן אין די שאָטנס, וואָס האָבן זיך איצט געהויבן איבער די ווענט. די לעצטע פֿלעמעלעך פֿון די ליכט האָבן זיך געפּרוּווט דערכאַפּן און אויפֿלויכטן, אָבער באַלד איז זייער כּוח אָפּגעפֿאַלן.

פּונקט ווי נעכטן, צוריקוועגס פֿון בית־עולם, אַזוי האָט מען איצט אינדרויסן פֿאַר דער שול אָפּגעוואַרט מאַניעלען.

די טרעפּ זענען באַלויכטן געוואָרן מיט גרויסע, שטאַרקע עלעקטרישע לאָמפּן, און אויפֿן טראָטואַר פֿאַר דער שול איז געשטאַנען אַ העלע ליכטיקייט, ווי אין מיטן טאָג.

מען האָט זיך געווינטשן און געקושט זיך און איין אויטאָמאָביל האָט זיך אונטערגערוקט נאָכן צווייטן און אַוועקגעפֿירט דעם עולם.

## קאַפּיטל זיבן

נאָך האַלבער נאַכט האָט זיך די „באַילע" פֿון די „חברה־לייט" אָנגעהויבן. דאָס איז שוין געווען אַ מנהג אַזאַ: יאָר־יערלעך, נאָכדעם ווי מען האָט זיך „אויסגעבעטן אַ גוט יאָר", קומט זיך צונויף דאָס גאַנצע געזינדל; מען פֿאַרבעט אויך זייטיקע, נישט יידישע מיידלעך מיט זייערע „קאַוואַלירן" און מען טאַנצט ביז אין ווייסן טאָג אַריין. אָפּיציעל הייסט עס, אַז דעם באַל מאַכט די „סאָיסידאַדע פֿיר שטיצע און הילפֿע".

מאַוריסיאָ האָך איז אַרויס פֿון זײַן ראָל אַלס חזן און איז אַריין אין דער ראָל פֿון „קונסט". אַלע לידלעך, וואָס מען האָט נאָך אַמאָל געזונגען אין יידישן טעאַטער פֿון „גאָטזעליקן" גאָלדפֿאַדען ביזן היינטיקן טאָג, האָט ער צוגעגרייט דאָ אויסצוזינגען. פּונקט, ווי ער גרייט זיך צום דאַוונען אַזוי גרייט ער צו זײַנע „נומערן" צו דער „באַילע". און אפֿשר טוט ער עס נאָך מיט מער כּוונה.

די „באַילע" דאָס איז די נאַכט פֿון זײַן ווידער־געבורט, פֿון זײַן ווידער־באַשאַף — די פֿאַרבלאָנדזשעטע נשמה אַלס אַ קינסטלער קריגט דאָ אַ תּיקון. וואָרעם, ווי ער זאָגט עס אַליין וועגן זיך, „מאַוריסיאָ האָך איז קודם כּל אַ קינסטלער..."

זיין נשמה קלאָגט מיט טויזנטער עלעגיעס אויף דעם גורל זיינעם, וואָס ער מוז זיך אַרומדרייען צווישן וועלף, צווישן „רופיאַנעס", זיין אַן אונטערשטופּער צו אַ וואָגן, וואָס שלעפּט זיך אין טיפע בלאָטעס.

אים האָט געצויגן מיט אַלע חושים צו זיין מיט די „וויטישע". עפּעס האָט ער געפילט, אַז זיי האָבן אַ גרעסערן, אַ נענטערן שייכות צו קונסט. דערפאַר, וואָס זיי זענען נישט טמא, וואָס זיי קענען אויפהויבן די אויגן צו דער וועלט און קוקן גלייך יעדן אין פּנים אַריין. דערפאַר, וואָס ער, האָך, איז נישט געווען קיין „רופיאַן", האָט נישט געלעבט פון דער „פּרנסה" און האָט נישט געצויגן קיין גראָשן פון קיין פּרויענצימער, האָבן אים די „חברה־לייט" נישט איבעריק ליב געהאַט. זיי האָבן געקוקט אויף אים ווי אויף אַ שלימזל, און די פּרנסה, וואָס זיי האָבן אים געגעבן, איז געווען, ווי אַ צוגעוואָרפןביינדל.

גאָדעלע אָחורן האָט נישט איינמאָל פאַרדראָסן, וואָס דער „הייזע־ריקער" וויל קיינמאָל נישט שפּילן קיין „שטיק" פאַר די חברה־לייט אַליין. און דאָס איז אמת. זינט „יענעם סקאַנדאַל" האָט נאָך מאָוריסיאָ נישט געשטעלט קיין פּיעסע, כאָטש עס וואָלט אים גאַנץ לייכט געווען אַראָפּצו־ברענגען אַ טרופּע פון בוענאָס איירעס און שפּילן בלויז פאַר דער „חברה".

ווען ער האָט עס יאָ אַמאָל געטאָן, ווייסט איין גאָט אין הימל, אַז ער האָט עס נישט געטאָן צו מאַכן געשעפט, פאַרקערט, ער האָט ביי גאָדעלע אָחור די נשמה אַרויסגעצויגן אויף הוצאות. ער האָט עס געטאָן, כדי מען זאָל שפּילן טעאַטער פאַר יידן, און ער אַליין זאָל אָפּשפּילן אַ „משה דודל", אַז קעפּ זאָלן פליען!

ער האָט אַמאָל אויסגעשריבן אַ טרופּע, אַנאָנסירט מיט גרויסע אותיות, און מיט ווייטאָג אין זיין „הערצען" האָט ער געמוזט זיין אייגענעם נאָמען פאַרשווייגן, ווייל ער האָט געמיינט צום גוטן פון דער זאַך. ער האָט געוווּסט, אַז זיין נאָמען וועט זיין אַ שטערונג צום דערפאָלג. שפּעטער אָבער, ווען דער עולם וועט זיין אויסגעזעצט, וועט ער אַרויפ־קומען, וועט אָפּשפּילן „אַ „שטיקעלע", אַז מען וועט דאָס טעאַטער צעטראָגן...

ער איז אַרומגעגאַנגען און נישט נאָר איבערגעחזרט די ראָל, נאָר האָט

ממש פאַר זיך אַליין אָפּגעשפּילט די פּיעסע. ער האָט געשפּילט גייענדיק אין גאַס, זיצנדיק אין הויז און ליגנדיק אויף זיין געלעגער. ער האָט זיך אַליין אָנגעהויבן צו באַטראַכטן אַלס אַ „משה דודל״ אין לעבן...

אָבער די באָמבע האָט געפּלאַצט נאָך איידער די פאָרשטעלונג איז צו „שטאַנדע געקומען״. די מעשה דערפון איז געווען, וואָס די „טרופּע״, וועלכע ער האָט אַראָפּגעבראַכט פון בוענאָס איירעס, האָט געהאַט צווישן זיך איינעם, וואָס איז אויסן געווען „לינקע״ געשעפטן. די פּאָליציי האָט אים אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט פון לאַנד אַלס „רופיאַן״.

און אַזוי ווי מ׳האָט זיך דערוווסט אין דער „קאָלאָניע״, אַז מאַוריסיאָ האָך האָט געהאַט אַ „האַנט״ אין דער אונטערנעמונג, האָט זיך די „וואַנט״ נאָך שטאַרקער אָוועקגעשטעלט צווישן זיי און אים.

איז פאַר מאַוריסיאָן געבליבן איין וועג: דאָס איז געווען אויסצושפּילן „שטיקלעך״ פון זיינע ראָלן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן צווישן דער „חברה״, זינגען לידלעך אויף זייערע שמחות; דאָס האָט אים שטאַרק וויי געטאָן, און זיין „קינסטלער־נשמה״ איז באַליידיקט געוואָרן. ער האָט זיך געפילט נישט ווי אַן אַקטיאָר, נאָר ווי אַ בדחן, בפרט, ווען נאָך אַ „געזאַנג״ האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ טעלער און די „פריינדע״ האָבן אַריינגעוואָרפן, ווער מער און ווער ווייניקער...

אַנדערש איז אָבער געווען אויף דער יערלעכער „באַילע״ פון דער „סאָסידאַדע״. דאָ האָט ער זיך געפילט אמתדיק אין דער ראָל פון אַן אַקטיאָר. דערצו נאָך איז ער געווען איין־און־איינציק. זיין נאָמען האָט טאַקע „פיגורירט״ אויפן געדרוקטן פּראָגראַם, וואָס האָט אויסגעזען, ווי אַ מעניו אין אַ רעסטאָראַן...

ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ סמאָקינג־אָנצוג מיט אַ קיילעכדיקן, זיידענעם שאַל־קאָלנער. דער דאָזיקער אָנצוג שטאַמט פון גרויס ייחוס; ער איז צוזאַמען מיטן „גאָטזעליקן — —״ געשטאַנען אויף איינע און די זעלבע ברעטלעך.

אין טאַנץ־זאַל איז געווען אַ בינע און אויף דער בינע איז געשטאַנען אַ פּיאַנע; און ביי דער פּיאַנע איז געזעסן סינאָריטאַ מאַרגאַריטאַ, די איינציקע טאָכטער פון גאָדעלע אָחור.

געוויינלעך היט גאָדעלע שטאַרק אָפּ זיין טאָכטער, זי זאָל זיך נישט אויסמישן מיט אַ ליאַדע וועמען. נאָר אַזוי ווי ס'איז דאָך עפּעס אַ „פּיעסטע" פון דער „סאָסידאַדע", האָט ער אַ געלעגנהייט צו ווייזן פאַר דער וועלט, אַז זיין קינד איז געלערנט אויף וווּנדער צו קוקן. דעריבער האָט ער איר נישט נאָר דערלויבט, נאָר טאַקע זי צוגערעדט, זי זאָל צושפּילן דעם הייזעריקן זיינע לידלעך אויף דער פּיאַנע.

אין דער אייגענער צייט, וואָס מאַוּריסיאָ האָט שטודירט איין מיטן כאָר די תפילות פון די ימים נוראים, שטודירט ער אויך איין מיט מאַרגאַ־רעטען די לידלעך און די קופּלעטן, וואָס ער וועט מיט זיי אויפטרעטן יום כיפור ביינאַכט.

צום ערשטן איז ער זיך מישב מיט איר, וועלכע לידלעך ער זאָל זינגען און וועלכע ער זאָל האַלטן אויף „ביס". דערנאָך זינגט ער מיט איר די קופּלעטלעך, צווייִדייטיק און פאַרשפּיצט. ער האַלט נישט, אַז ער דאַרף זיך פאַר איר שעמען — דאָס איז דאָך קונסט... און מאַרגאַרעטאַ פאָלגט אים נאָך מיטן טאָן און קלאַנג, ווי אַ שילערין.

דער אַקטיאָר האַלט די צייט פון צוגרייטונג פאַר דער גליקלעכסטער. צו מאַרגאַרעטען איז ער נישט גלייכגילטיק. אפשר צוליב דעם קניפּט ער נישט אָן קיין שייכות מיט די „קאַפּטאַנעס". ער האַלט זיך פונדער־ווייטנס, ווי דער טאַטע אירער. ער ווייסט, אַז דערמיט וועט ער אויסנעמען ביי איר פאָטער.

קיין שמועס וועגן דעם האָט ער קיינמאָל נישט געהאַט. ער טאָר עס נישט, מען וואָלט אים די פּיס אַרויסגעשרויפט פון געזעס... ער האָט דאָך ערגעץ אַ ווייב און קינדער. אָבער זיין איר אַ „וואָרער פריינד", דאָס מעג ער דאָך, אין דעם שטערט אים אַפילו גאָדעלע אָחור אויך נישט.

אין זאַל איז פינצטער. אויף דער בינע שלאָגט אָפּ אַ העלער רעפ־לעקטאָר דעם אַקטיאָר אין פּנים אַריין. ער זינגט מיט „חנדעלעך" און העוויהלעך און תנועותלעך. זינגט וועגן דעם „חסיד און די שיקסע"; קנאַקט צו מיט די פינגער „בים־באָם"; לאַכט מיט אַ ברייט מויל און פינטלט מיט די אויגן, פּונקט ווי אין די אַלטע גוטע צייטן...

ווען ער ענדיקט און דער עולם אַפּלאָדירט, פאַרגעסט ער נישט אינמיטן

נייגן זיך אָנצוווייזן מיט דעם פינגער צו איר, צו מאַרגאַרעטען, ווי אייבער זאָגט: זי אויך.

און אַז דער עולם אַפּלאָדירט נאָך שטאַרקער, נעמט ער שוין דאָס מיידל ביי דער האַנט און זיי בייגן זיך צום פּובליקום שוין אין צווייען. און ווען ער קריגט נאָכן „ביס" אַ בוקעט בלומען פון גאָדעלעס ווייב, לייגט ער אַוועק די בלומען צו מאַרגאַרעטעס פיס און אַליין שיקט ער לופט־קושן אויף רעכטס און אויף לינקס...

און נאָך איידער דער פאָרהאַנג פאַלט, הערט ער שוין פון דער בינע אַ רוקן פון שטולן, כדי צו מאַכן פּלאַץ צום טאַנצן. דעמאָלט גייט מאַוריסיאָ האָך אַרויס פון דער ראָל און פירט אַראָפּ די „סיניאָריטאַ", גיט זי איבער צו טאַטע־מאַמע מיט אַן עלעגאַנטן פאַרנייג, און אַליין לאָזט ער זיך איבערן זאַל אויפצוקלייבן ברעקלעך פון דער באַגייסטערונג, מיט וועלכער ער האָט דורכגענומען דאָס „פּובליקום". ער וויל אויף גיך, איידער די טענץ הויבן זיך אָן, אַריינכאַפּן אַ ביסל קאָמפּלימענטן; ער ווייסט, אַז קוים וועט מען אויפשפּילן, וועט ער מיט זיין „גרויסאַרטיקן" פּראָגראַם אָפּגערוקט ווערן אין דער פאַרגעסנהייט אַריין.

✶

די גליקלעכסטע אויף דעם באַל איז געווען כואַנאַ. זי איז געקומען מיט איר „רוסאָ", אויסגעשליירט און אויסגעפּוצט.

צום ערשט האָט זי אים געהאַלטן לעבן זיך, שפּעטער האָט זי אייבגעזען, אַז אים ציט צו ס'זייניקע, האָט זי אים אָפּגעלאָזט און ער איז געזעסן צווישן גאָדעלע אָחור און זיין ווייב. זיי האָבן געשעפּט נחת „פון דעם קינד". כואַנאַ האָט געזען פונדערווייטנס, ווי זיינע אויגן שיינען. זי האָט נאָכגעפאָרשט זיינע בליקן, צי פאַלן זיי נישט אויף דער סיניאָרינאַ, וואָס זיצט ביי דער פּיאַנע. אָבער דאָניע האָט זי ווי נישט געזען. זיין פּנים האָט אינגאַנצן געטראָגן די מימיק און דעם אויסדרוק פונעם זינגער...

כואַנאַ האָט געטאַנצט, מיט וועמען עס האָט זיך נאָר געלאָזט און אַלעמאָל פאַרבייגעטאַנצט דאָניען. דאָ האָט זי אים געטאָן אַ פאַרטשעפּע, און דאָ — אַ סוד אין אויער אַריין, און דאָ גאָר אַ טרעט אויפן פוס,

זי איז געווען לוסטיק און עס איז איר גרינג געווען אויפן געמיט. גאַנצע וועלטן מיט בעלקעס זענען אַראָפּגעפּאַלן פון אירע אַקסלען. אירע אָנגעריירטע לונגען האָבן זיך פאַרהיילט. זי האָט געוואָלט פּרווון, צי זי הוסט, אָבער עס איז קיין הוסט נישט אַרויסגעקומען. זי איז כמעט זיכער געווען, אַז זי איז שוין געזונט, און אַז זי וועט פאַר אים קיינמאָל נישט קראַנק זיין.

דאָניע האָט אַרומגעזוכט מיט די אויגן יענע מיידל, מיט דער שוואַרצער פּעלערינע, וואָס איז בייטאָג געקומען צו מזכיר־נשמות. אויב אַלע פון די „געסלעך" זענען דאָ פאַראַן, טאָ ווו איז יענע?

און ווען ער האָט געפרעגט דעם אַקטיאָר, האָט יענער נאָכאַמאָל דאָס אייגענע געענטפערט:

— אַז דו וועסט האַלטן די צונג צווישן די ציין, וועל איך דיר זאָגן.

דאָניע האָט אויך געוואָלט ענטפערן מיט אַזאַ ווערטל, האָט ער אָבער נישט געקאָנט. האָט ער דעריבער געוואַרט ביז דער אַקטיאָר וועט אים דערציילן אין פּראָסטן לשון.

דערווייל איז אונטערגעשפּרונגען כואַנאַ. מיט אָנגעשטרענגטער און געמאַכטער קינדישקייט האָט זי זיך געווענדט צו דאָניען:

— מיר איז אַזוי גוט דאָ, דאָמינגאָ, איך גיי ווערן אַ „רוסאָ", ווילסט?

דער אַקטיאָר איז אַריינגעפאָרן:

— אַ גדולה אויף דער באָבען. עס פעלט יידישע אָן איר...

און אַז כואַנאַ האָט געזען, ווי דאָמינגאָ שווייגט, האָט זי אַרויסגענומען דאָס צלמל מיט די קליינע ברילִיאַנטענע שפּרינצלעך, וואָס זי האָט געטראָגן אויף אַ גאָלדן שנירעלע ביי איר ברוסט, זי האָט עס אַ קוש געטאָן און געזאָגט:

— איך שווער ביי סאַנטאָ קרוז, און ביי דער מאַדרע פון דיאָס, און ביי אַלע הייליקע, אַז איך מיין דאָס אויף אַן אמת.

## קאַפּיטל אַכט

מאַוריסיאָ האָט איז געווען זייער ווייליק אַנצוווייזן, דורך וועלכע וועגן און מיטלען מען קען צוקומען צו דער „פּרימאַדאָנע". דאָס האָט ער געמיינט דאָס מיידל, וואָס איז געקומען צו יזכור און וואָס דאָניע איז אין איר אַזוי שטאַרק פֿאַראינטערעסירט געוואָרן.

האָך האָט געוווּסט אַ סך סודות פֿון „הינטער די קוליסן". מען האָט זיך פֿאַר אים נישט געהיט, אים געהאַלטן פֿאַר אַן אייגענעם. נאָר וואָס שייך דעם איצטיקן פֿאַרראַט, האָט ער זיך נישט געקענט העלפֿן. ער האָט געמוזט עפּעס געפֿינען אַ וועג, אַז „דער קיגל" זאָל ווערן אַ „האָז" פֿון גאָדעלע אחורס הויז און זיין ווינציקער „גוטער ברודער" מיט דער טאָכטער.

ער האָט געוווּסט, אַז די „שפּאַנישע פֿליג" איז אין דאָניען פֿאַרליבט, אַז זי וואָלט זיך געלאָזט די אָדערן אויפֿשניידן פֿאַר אים. ער האָט אָבער אויך געוווּסט, אַז דער יונג האָט זי „אין קעסטל", אַז „פֿון דעם קאָרן וועט קיין ברויט נישט זיין", דערצו נאָך האָבן אים די חבֿרה גענומען אין דער אַרבעט אַריין, מען וויל אים „אָפּקנעפּלען" פֿון דער גויע, און ער, האָך, ווייסט, אַז באַלד וועט זיך אָחור לייגן אין דער לענג און אין דער ברייט און עס קאָן נאָך ווערן אַ שידוך.

אמת טאַקע, ווי קומט אַזאַ גראָבער נפֿש, ווי דאָניע איז, אַ פּראָסטער פּויער צו אַזאַ איידל קינד, וואָס שפּילט פּיאַנע, לייענט „רעוויסטאָס" און „האַלט זיך שטאָלץ"? צו איר וואָלט זיך שוין גיכער געגליכן ער, מאַוריסאָ. כאָטש אַ מענטש מיט טאַלאַנט, מיט קינסטלעריש בלוט אין די אָדערן. דעריבער איז דער אַקטיאָר געוואָרן פֿאַראינטערעסירט אין דאָניעס ציען צום מיידל. נאָר אַזויווי ער איז דאָך פֿאָרט געווען אַן אייגענער מענטש, האָט מען געמוזט האַלטן די צונג אַ ביסל צוגעקלעפּט און ער האָט דאָניען דערציילט בלויז האַלבע מעשיות, ווער און וואָס דאָס מיידל איז.

דאָניע האָט זיך אָבער קיינמאָל נישט געקאָנט כאַפּן אין אַ זאַך, וואָס מען האָט אים נישט דערציילט קלאָר און דייטלעך. ער האָט די פֿאַר־

שטעלטע רייד פונעם אַקטיאָר נישט באַנומען און במילא נישט פאַר־
שטאַנען די פאַרשידענע אָנצוהערענישן.

האָט האָך אים איינמאָל געזאָגט קלאָר:

— איך וועל דיר געבן דעם אַדרעס. ווען אַריינקומען, זאָלסטו זיך האַלטן אַזוי, אַז עס זאָל נישט פאַלן קיין חשד אויף דיר. זאָלסט נישט פרעגן קיין קשיות. און טאָמער וועסטו „פאַרשאָטן ווערן", זאָלסטו מיך נישט אַרויסגעבן.

דאָניע האָט אים ביי יעדן וואָרט אַ דריק געטאָן מיט דער האַנט, ווי איינער, וואָס וואָלט געשטעמפּלט, אַז אַזוי וועט עס זיין.

האָט דער אַקטיאָר אים צוגעפירט צו אַ געסל, וואָס איז געווען ווי אַ „חית". אַרויסגיין האָט מען געמוזט דורך דער זעלבער זייט, וואָס מען איז אַריינגעקומען. דאָס גאַנצע געסל האָט געהאַט אַרום צען אַלטע הייזער און אַ צעקרימטן ברוק. און ווייל מען האָט דורך דעם געסל נישט געקענט דורכפאָרן, זענען הויכע ווילדע גראָזן אַרויסגעוואַקסן צווישן די שיטערע שטיינער.

דער אַקטיאָר האָט דאָניען אָנגעוויזן אַ טיר. — דאָרט זאָלסטו אָנקלינ־
גען און זאָגן, אַז „די שוואַרצע האָט דיך געשיקט", וועט מען דיך אַריינלאָזן. און אַז דו וועסט זיין אינעווייניק, וועסטו שוין קיין אַנדערע „נישט האָבן" אַ חוץ די, וואָס דו זוכסט...

דער דעפּאַרטאַמענט, וווּ דאָניע איז אַריינגעקומען, האָט אויסגעזען גאַנץ איינפאַך; און איז מיט קיין זאַך נישט געווען אויפפאַלנדיק. נאָר דעם „סוד" האָט דאָניע גלייך אויסגעפונען, ווי נאָר זיין אויג איז געפאַלן אויף אַ צוגעמאַכטער טיר.

דער אַקטיאָר האָט אים נישט גענאַרט, וואָרעם ער האָט גלייך דער־
קענט די „מאַדאַם". זי איז געווען די אייגענע פרוי, וועלכע האָט דאָס מיידל געהאַלטן אַרום זיך בעת דעם יזכור־זאָגן, און דערנאָך זי איבער־
געגעבן דעם שייגעץ אין דער האַנט אַריין.

עס איז פאַר דאָניען נישט נויטיק געווען אָנצוגעבן דעם סימן פון דער „שוואַרצער", וואָס האָט אים געשיקט, ווייל די „מאַדאַם" האָט אין אים גלייך דערקענט אַן אייגענעם, וועמען מען מעג געטרויען. זי האָט

אים געזען אין שול, איז ער דאָך אַ היימישער מענטש. האָט זי אָן קונצן געפרעגט:

— דו ווילסט צו איר?

דאָניע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— נאָר נישט אויף לאַנג, עס איז פאַראַן אַ „ראַנדעוווּ". באַלד וועט מען קומען.

און ביי די ווערטער האָט זי אָנגענומען די קליאַמקע פון דער צוגע־מאַכטער טיר, לאַנגזאַם געעפנט; צוערשט אַ שפּאַרעלע, דערנאָך ברייטער, אַזוי, אַז איר קאָפּ זאָל דורכגיין און אַריינקוקן. דערנאָך האָט זי צוריק אַרויסגעצויגן איר קאָפּ און אַריינגעלאָזט דאָניען.

עס איז שוין אַריבער כמעט אַ שעה זינט דאָניע איז געווען אין צימער און ער האָט נאָך גאָר נישט בדעה געהאַט אַרויסצוגיין. דאָס מיידל איז געזעסן צוקאָפּנס פון בעט און איר קאָפּ איז געווען פאַרפלאָנ־טערט אין די טוליענע גאַרדינען, וואָס זענען געהאָנגען איבער די פאַר־לאָדנטע פענצטער.

בעת דאָניע איז אַריינגעקומען האָט זי זיך, ווי פאַר יעדן מאַנסביל, דערשראָקן און דאָך עפּעס דערוואַרט. זי האָט זיך אַרויפגערוקט אין ווינקל אַריין ביים קאָפּשטיק און מיט די פיס זיך אַריינגעקנוילט אין קישן.

דאָניע איז געשטאַנען אַ רגע אומבאַהאָלפן און פאַרשעמט, דערפאַר, וואָס אַ מענטש דאַרף זיך שרעקן פאַר אים. אין דער אמתן ווייסט ער גאָרנישט נאָך וואָס ער איז געקומען און וואָס ער וויל פון איר.

זי האָט אַרויסגעפּלאָנטערט איר קאָפּ פון די גאַרדינען און פּלוצלינג געפרעגט:

— „פּאַן סקראַיו?"

דאָניע האָט איר דערציילט אין אַ געמיש פון עטלעכע לשונות, פּויליש, פּאָרטוגעזיש און יידיש, פונוואַנען ער איז, און דאָס ערשטע מאָל, אפשר אין משך פון יאָרן — גערעדט וועגן זיין מאַמען. געטאָן האָט ער עס דערפאַר, ווייל זי האָט אָנגערופן דעם נאָמען פון איר שטעטל, וואָס ליגט אינגאַנצן אַכט־און־צוואַנציק וויאָרסט פון זיינעם.

נאָכדעם האָט דאָס מיידל אים דערציילט, אַז זי הייסט פעליע, און אַז

„די פרוי פון דרינען” האָט זיך אַראָפּגעכאַפּט צו זיי אין שטעטל און האָט איר צוגערעדט מיטצופאָרן צו איר אין דעם לאַנד אַריין, ווו זי וועט זיין אַ דינסט און עס וועט איר בעסער זיין ווי דער רייכסטער מאַדאַם אין דער היים, און אַז דאָ זענען פאַראַן אַ סך בחורים, וואָס וועלן זיך אין איר איינ־ליבן און מען וועט זי אָפּוועגן מיט גאָלד, און אַזוי ווי איר טאַטע־מאַמע זענען ביידע געשטאָרבן אין איין וואָך פון טיפוס אין דער מלחמה, און זי האָט נישט געהאַט ווו צו זיין, אַפילו קיין דינסט האָט מען דעמאָלט נישט געדאַרפט האָבן, און באָרוועס און נאַקעט איז זי געווען, האָט זי זיך געלאָזט צורעדן און איז געפאָרן.

דאָניע האָט זי געפרעגט:

— ווילסט פאָרן אַהיים?

דאָס מיידל האָט זיך דערפילט אין דער גרעסטער פאַרלעגנהייט. דאָס ערשטע מאָל, ווי זי איז געשטעלט געוואָרן צום פאַקט. זי האָט זיך דאָך אייגנטלעך געריסן, די גאַנצע צייט געוואָלט אַרויס, האָט פּראָטעסטירט און אַפּעלירט צו די געסט. און איצט, אַז איינער „פון זיי” פרעגט זיך אַזוי ווייך, אַזוי גוטהאַרציק און פשוט, ווייסט זי נישט וואָס צו ענטפערן. וואָרעם אין דער אמתן האָט זי דאָך איצט מורא צוריק אַהיים צו פאָרן. און צו וועמען פאָרן? און נאָך וואָס פאָרן?

דאָניע האָט געזען, ווי אירע ליפּן מאַכן זיך צו, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דאָס רעדט זי אַליין מיט זיך. האָט ער געוואַרט, געוואַרט און נאָך אַמאָל געפרעגט:

— אַז דו ווילסט אַהיימפאָרן, זאָל מיר מיין קאָפּ אַזוי לעבן, ווי איך וועל דיר העלפן.

דאָניע האָט זיך אַרומגעדרייט איבערן צימער. אין דעם צווייטן צימער איז די באַלעבאָסטע נישט אָפּגעטראָטן פון דער טיר און מיט אַן אָנגעש־שפּיצט אויער זיך צו אַלץ צוגעהערט. צום ערשט אַ לייכטער קלאַפּ אין דער טיר, דערנאָך שוין דער מאַדאַמס קול דורך אַ געעפנטער שפּאַרע:

— דער „ראַנדעווו” וואַרט שוין אפשר צוויי שעה.

דאָניע האָט מיט זיינע פּלייצעס צוגעשפּאַרט די טיר, ווי ער וואָלט דאָס דערשטיקט, און האָט ווייטער געפאָרשט:

— מען האָט דיך געפּייניקט?

— געשלאָגן און געריסן ביי די האָר, מיר נישט געגעבן קיין עסן, מיך געבונדן מיט שטריק צום בעט, ווען דער ערשטער מאַנס־ביל איז געקומען... און ביז היינט לאָזט מען מיך נישט אַרויס פון דער תפיסה.

דאַניע האָט געפילט, אַז דאָ, ווו די וואָרצלען פון זיינע האָר זענען, שפּראָצן אים אַרויס שטאָלענע דראָטן. ער איז אינגאַנצן אָנגעגאָסן געוואָרן מיט גלי־אייזן. די הייסקייט האָט אים געבריט אין די אָדערן. ער האָט גענומען לויפן, נישט געוווּסט וווהין, צו ווּעמען און נאָך וואָס, ווי נאָר ער האָט געגעבן אַן עפן די טיר, איז געשטאַנען ווי איינגע־פרוירן דער אייגענער „שייגעץ", וואָס האָט דאָס מיידל אַרויסגעפירט פון שול, און לעבן אים האָט די מאַדאַם געזיפצט און אַריינגעשאָקלט איר קאָפּ אין זיין פנים אַריין.

מיט איין האַנט האָט דער שייגעץ אים אָנגענומען פאַרן קאָלנער און מיט דער אַנדערער גענומען זוכן עפּעס אין די קעשענעס. דאַניע האָט גלייך פאַרשטאַנען, וואָס אים דערוואַרט דאָ, און הערנדיק וואָס די מאַדאַם קרעכצט אַריין, האָט ער צונויפגעדריקט זיין פויסט און מיט די שאַרפע קנאָכן־ביינדלעך דעם שייגעץ געגעבן אַ שאָס צווישן די ברעמען, אַז איין אויג איז אים אויפגעלאָפן און דאָס בלוט האָט גענומען רינען אי פון אַן אויער, אי פון די באַזלעכער.

געמיינט האָט ער, אַז עס וועט זיך אָנהויבן אַ געשריי, און ער האָט דאָס אויסגעקוקט, אָבער דער שייגעץ האָט שווייגנדיק זיך גענו־מען צו אים, כאָטש ער האָט שוין פאַר די אויגן נישט געזען און די באַלעבאָסטע האָט דאָס גאַנצע בינטל פינגער אַריינגעשטופּט צו זיך אין מויל אַריין, נישט געטרויענדיק זיך אַליין, אַז זי וועט נישט שרייען.

דאַניע האָט געמאַכט אַ פאַרזוך צו לאָזן זיך צו דער טיר, ווו פעליע האָט זיך געפונען, אָבער ער האָט דערזען, אַז פון פריער ביז איצט איז שוין אַן אייזערנער פערנט פאַרלייגט געוואָרן און אַ גרויסער שלאָס איז דערויף געהאָנגען. ער האָט זיך דעריבער אַ לאָז געטאָן צו

דער אַרויסגאַנגס־טיר, וואָס איז גראָד געשטאַנען אָפן, ווייל בשעת עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס געשלעג, האָט איינער אַ הער, וואָס האָט געהאַט אַ „ראַנדעווו״, געמאַכט פּליטה. דאַניע האָט זיך געלאָזט מיט האַסטיקע טריט און צוגעלאָפן צום ערשטן פּאָליציסט, וואָס ער האָט אָנגעטראָפן.

דער פּאָליציסט האָט אים אויסגעהערט און לאַנגזאַם אים אָנגענומען ביים אָרעם און טייטלנדיק מיט זיין פינגער אין פאַרשידענע ריכטונגען, אים געהייסן גיין אין דער קאָמיסאַריע.

אין דער קאָמיסאַריע איז דאַניען אויסגעקומען צו זיצן כמעט ביז עס איז פינצטער געוואָרן, ווארעם דער, צו וועמען ער האָט געדאַרפט דאָס איבערגעבן, איז גראָד נישט געווען. די איבעריקע באַאַמטע האָבן אים פאַרזיכערט, אַז ער מוז זיך ערגעץ־ווו געפינען אין די צימערן, ווארעם זיין שטרוי־הוט ליגט אויף זיין „עסקרופּטאַריע״. דאַניע האָט אָבער געוווסט, אַז דאָס איז נאָר אַן אויסרייד, אַז עס קאָן זיין, אַז דער באַאַמטער שפּאַצירט איצט אַרום אויף „פּאַנטאָ שיק״, אָנגעטאָן אין אַ צווייטן שטרוי־הוט, וואָס ער האַלט אין דער „פּעלי־קעריע״ ביים ראַזירער אין רעזערוו.

ענדלעך איז דער באַאַמטער געקומען. צוערשט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט אַנדערע, וואָס האָבן געוואַרט שוין פון פריער, דערנאָך האָט ער אויסגעפרעגט דאַניען. קיין גרויס אינטערעס האָט ער אָבער נישט אַרויסגעוויזן צום ענין, גלייך עס וואָלט אים נישט אָנגעגאַנגען.

דער באַאַמטער האָט זיך געפרעגט ביי דאָמינגאָן, אויב ער ווייסט ווי די פרוי פון יענעם דעפּאַרטאַמענט הייסט, און צי געדענקט ער, ווו דער דעפּאַרטאַמענט געפינט זיך און צי איז ער זיכער, אַז עס איז אין דעם דיסטריקט פון דער קאָמיסאַריע.

דאַניע האָט נישט געוווסט געגוי צו דערקלערן, פונדעסטוועגן האָט ער געפועלט, אַז מען זאָל מיט אים מיטשיקן אַ פּאָליציימאַן אויסצוגעפינען. דער באַאַמטער האָט פויל באַפוילן אַ פּאָליציסט מיט־צוגיין מיט דעם „רוסאָ״ און אויסגעפינען וואָס ער וויל.

פון דעם „באַפעל״ האָט שוין דער פּאָליציסט געוווסט, אַז ער

דאַרף גאָרנישט אויסגעפינען, נאָר אַזוי ווי אַ „פּראַגעז" וועגדט זיך וועגן אַן ענין, מוז מען יוצא זיין.

האָט טאַקע דער פּאָליציסט זיך געבייזערט, למאי ער פירט אים אַרום־און־אַרום, וואָרעם דאָניע האָט טאַקע נישט געוווּסט, ווו דאָס געסל ליגט, און דעם נאָמען פון געסל האָט ער דעם אַקטיאָר נישט געפרעגט. איז געבליבן ביי אים, אַז ער זאָל צוגיין צום אַקטיאָר און זיך פרעגן, ווי דאָס געסל הייסט. אָבער דער פּאָליציסט האָט שוין נישט געוואָלט מיטגיין. ער האָט איבערגעלאָזט דאָניען מיטן אָנזאָג, אַז ער וועט אויסגעפינען דעם פּלאַץ, זאָל ער נאָך אַמאָל קומען אין דער קאָמיסאַריע.

דאָניע האָט זיך געלאָזט גיין צו גאָדעלע אָחור אין געשעפט פון אַלטע קליידער, רעכענענדיק, אַז דאָרט וועט ער טרעפן דעם אַקטיאָר.

גאָדעלע האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרמאַכן. ער האָט אים געענטפערט אויף דעם „באָם טאַרדי" ווי געוויינלעך, אַפילו זיך עפּעס אויסגעפרעגט און אָנהענגנדיק דעם שלאָס אויף דער קלייט, האָט ער געזאָגט צו דאָניען:

— קום, וועל איך דיר ווייזן, ווו ער איז.

ער איז מיט אים אָפּגעגאַנגען אַ צוויי דריי געסלעך, אַרויפגעגאַנגען אין אַ פּריוואַטער וווינונג, ווו ער איז נאָך קיינמאָל נישט געווען. עס זענען דאָרט געווען בלויז מענער, וואָס דאָניע האָט זיי דערקענט פון דער שול. מאַוריסיאָ האָך איז אויך געווען, אָבער ער איז אַרומגעגאַנגען און געשוויגן, געזונגען אַ ניגון אין זיך. דאָרט איז געווען פאַרזאַמלט אַ „דין־תורה", נאָר מען האָט נישט געוווּסט, וועמען צו משפּטן, סיידן דעם „קיגל" דאָניען, איז ער דאָך נישט פון זייעריקע. צווייטנס, ווו וועט מען אים געפינען? מען איז געווען זיכער, אַז נאָך דעם, ווי ער האָט גוט צממיתט דעם „שייגעץ", וועט ער זיך פאַר די אויגן נישט ווייזן. בלויז איין עצה איז געווען: מען זאָל צווינגען די „שפּאַנישע פליג", כואַנען, זי זאָל אים אַרויסגעבן, אָבער דאָס איז נישט קיין לייכטער ביסן. כואַנאַ איז נישט „אָנגע־

שטעלט אין קיין יידיש „הויז", נישט זי און נישט איר „באַלעבאָסטע" זענען „סאָסיעס" אין זייער אָרגאַניזאַציע.

אַזוי ווי עס האָט זיך פּאָרט געהאַנדלט אין אַ וויכטיקן „משפּט", איז שוין שפּעטער אויך געקומען די „ענגלישע מלכה". זי האָט פאַרנור־מען דעם פּלאַץ אין „טראָן־שטול", זי האָט געפירט די „זיצונג" לויט אַלע פאָרמאַליטעטן און אַפילו מיט אַ גלעקל...

מאַוריסיאָ האָך, דער אַקטיאָר, האָט זיך געריכט אויף אַ „שוואַרץ יאָר", דערפאַר ווייל ער האָט דאָך דעם יונג אָנגעוויזן „דאָס פּלאַץ" און לויט די פאָרשריפטן פון זייער אָרגאַניזאַציע טאָר מען נישט אַרויס־געבן דאָס „אָרט", ווו מען האַלט־אויף „די טריפענע סחורה", אָן אָרט, ווו מען באַהאַלט פון פרעמדן אויג די מיידלעך, וואָס מען ברענגט אַריבער נישט מיט זייער פרייען ווילן.

האָך האָט זיך אַפילו נישט שטאַרק געשראָקן. זיין „קינסטלערישע נשמה" האָט דערפילט, אַז דער יונג וועט אים נישט אַרויסגעבן. ער האָט ביי אים גענומען די האַנט דערויף, אָבער דאָך, און כדי נישט אַרויסצוווייזן זיין שרעק, האָט ער געפּרוווט ברומען אין זיך אַ ניגון, דערמיט צו באַווייזן, אַז דער גאַנצער ענין אינטערעסירט אים ווינציק.

ער האָט זיך סיי־ווי נישט געריכט, אַז מען וועט נאָך אָנזען דאָניען פאַר די אויגן, און וויבאַלד אַזוי, האָט ער דאָך זיין ציל דערגרייכט, וועט דאָך דער יונג נישט שטיין אין וועג צווישן אים און סינאָריטאַ מאַרגאַריטאַ, די טאָכטער פון גאָדעלע אָחור...

און ווען ער האָט געזען, ווי גאָדעלע אָחור קומט אַריין און פירט ביים אַרבל דעם יונג, האָבן אַזש זיינע קני זיך אַ בויג געטאָן און דער ניגון האָט זיך איבערגעריסן. ער איז בלייך געוואָרן, ווען גאָדעלע האָט צוגעוואָרפן:

— אַ בראָך האָט זיך אויף דיר געפּרעגט, הייזעריקער. און צו דאָניען: — דאָ האָסטו אים, אַז דו דאַרפסט אים, וואַנץ!

פון דעם לעצטן וואָרט האָט מען געדרונגען, אַז גאָדעלע וועט שוין דעם יונג נישט נעמען אונטער זיינע „פליגל" און מען וועט קאָנען האַקן לונגען...

די „אויספאָרשונג״ האָט זיך גלייך אָנגעהויבן. מאַניעלע האָט געשטעלט די ערשטע פראַגע:

— פאַר דעם ברויט, וואָס דו האָסט געגעסן אונדזערס?

דאָניע האָט געשוויגן.

— מיר האָבן דיך שלעכט באַהאַנדלט, זאָג?

עס איז נאָך אַלץ געווען שטיל, האָך האָט געשפּילט אויף דער קאָרט פון זיין מזל, ער איז אָבער געווען זיכער, אַז דער יונג וועט נישט „פאַרשיטן״.

— גיב אַ שאָס, וועט ער געבן לשון! — האָט איינער פון די „בייזיצער״ געזאָגט.

און מאַניעלע האָט ווייטער געפאָרשט:

— ווער האָט דיר אָנגעוויזן דעם פּלאַץ?

— נישט ענקער עסק דאָס צו וויסן, — האָט דאָניע מיט שטאָלץ און מיט העפלעכקייט צו דער דאָמע, געענטפערט.

— גיב אים אַ פּלעם! — האָט די פריערדיקע שטימע זיך ווייטער געהייזעריקט. נאָר מען האָט נישט געקענט וויסן, וועמען ער הייסט דאָס געבן דעם „פּלעם״.

דער עולם האָט אָנגענומען דאָניעס ענטפער פאַר געגנוג חוצפּהדיק, דעריבער האָט שוין מאַניעלע נישט געקענט „פירן״ מיט איר רויִקייט און „חשיבות״. זי האָט געקלונגען מיטן גלעקל, געקלאַפּט מיט דער פויסט אין טיש און צום סוף האָט זי געזעצט מיט איר גרויסן גאָלדענעם רינג אין טיש אַריין און גערופן די „ברידער״ צו אָרדענונג.

— און וואָס האָסטו געוואָלט טאָן מיט איר? — האָט מען אים געפרעגט פון אַלע זייטן. דאָניע האָט פאַרשטאַנען וועמען מען מיינט דאָס דער „איר״. ער האָט זיך נישט פאַרלוירן און געענטפערט:

— זי אָפּלאָזן אַהיים, פריי. וואָס האָט עך צו איר?

— מירן דיר שוין פאַרציילן, וואָס אונדז האָבמער. זאָג דעם ריינעם אמת, האָסט געוואָלט „סליחהנען״?

— און אַז יאָ?

— אויף אונדזער ברויט וועסטו גיין?

און איידער אַ ווייטערדיקער וואָרט איז צו אים דערגאַנגען, האָט אַ פלאַסק אַ קלונג געטאָן אויף זיין באַק. צום ערשט האָט ער געמיינט, אַז דאָס האָט מען פלוצלינג אַ צינד געטאָן אַ זייער העלן לאָמפּ, ערשט אַ רגע דערנאָך האָט ער געפילט, אַז די באַק פייערט אים און אין אויער שטייט אַ קלונג, ווי אַ גלאָק, וואָס האָט שוין אָפּגעקלונגען און עס הערט זיך נאָך דער אָפּקלאַנג.

ווער עס האָט אים געגעבן דעם פּאַטש — האָט דאָניע נישט געוווּסט און נישט געזען. אין הויז איז שוין געשטאַנען אַ שפּעטער פאַרנאַכט, און דורך די פענצטער האָט אַריינגעקוקט טונקלעניש. קוים איז אַריבער אַ רגע און ער האָט נישט געענטפערט מיט אַ צענעם פון זיינע הענט, האָט ער עס שוין נישט געטאָן; פאַרקערט, ער האָט זיך געריכט אויף נאָך, און דעמאָלט וועט ער וויזן, וואָס ער קאָן.

די אויסגעזעצטע גרופּע אַרום טיש איז שוין געווען אָפּערגעגאַנגען, בלויז די „ענגלישע מלכה" האָט אַלץ געוואָלט וויסן:

— ביסט אפשר מיט די „קיגעלעך" איין האַנט?

— פאַרפאַר אים נאָכאַמאָל! — האָט די פריערדיקע שטימע זיך געבייזערט.

גאָדעלע אָחור האָט אין דער לעצטער מינוט געוואָלט מאַכן אַ פשרה:

— דו זאָג, ביסט מיט אונדז, אָדער מיט יענע? אַז מיט יענע, גיי און זאָל אַ ראָד איבער דיר אַריבער! טאָמער מיט אונדז, זאָל דיר דיין מוח נישט טריקענען פון דעם וואָס מיר טוען. מען מאַכט אַ שווייג און מען ליגט איינגעלייגט...

— פאַר אַ „חתן" אים נאָך געוואָלט מאַכן, שיקן קיין אייראָפּע נאָך „שטיקלעך" — האָט די הייזעריקע שטימע צוגעגעבן, גלייך ווי פאַרזשאַווערטע בלעכן וואָלטן זיך געריבן איינס אויף דאָס אַנדערע.

דאָניע האָט געזען, אַז מיט דעם איינעם „פלעם" איז ער אָפּגעקומען, האָט דאָס אים פאַרדראָסן:

— מיך אין אייער חברה אריינעמען? אַזוי לאַנג גייט איר אויף קוליעס. איך זאָג אייך בעסער, איר זאָלט אָפּלאָזן פעליען. מיין קאָפּ

זאָל מיר אַזוי דינען, ווי זי וועט נישט שטאַרבן ביי אייך, מיין קאָפּ זאָל מיר אַזוי...

— ווילסט אפשר איר פאַרדינסט, ווי דו ציסט ביי דער שפּאַנישער? נישטאָ קיין יאָלדוועקעס, גוטער ברודער.

דאָניען איז דאָס בלוט געקומען אין פּנים אַריין פון בושה, און כדי זיך איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָפּצורעכענען, האָט ער אריינגעוואָרפן:

— דאָס איז שוין מיין עסק. אָבער פעליע וועט נישט זיין אַזאָ ווי זי — און דאָס וואָרט „זי" האָט ער צוגעוויזן מיטן פינגער אויף מאַניעלען.

מאַניעלע האָט גענומען „ספּאַזמירן", און נישט אַזוי צוליב ספּאַזמירן, ווי צו געבן אַ סיגנאַל, אַז מען זאָל נישט שווייגן, און כדי אויך צו ווייזן, אַז זי איז נישט אַ ליאַדע ווער, און קען זיך נאָך באַליידיקן.

גאַדעלע אָחור האָט ווידער געהאַט אַ געלעגנהייט צו ווייזן, אַז אין אַ צייט פון בויט קוקט ער נישט, וואָס ער איז נישט „גוט־פריינדלעך" מיט דער „מלכה" און קען זיך אָננעמען פאַר איר. האָט ער דעריבער אַזוי הויך געשריען, אַז די ספּאַזמירנדיקע זאָל פאָרט דערהערן:

— אַ פּרוי וועסטו באַליידיקן, דו, ווער ביסטו, ווער?

און עטלעכע פון די אַנדערע האָבן שוין אויף דאָניעס קאָפּ אַריבער־געשלעפּט אַ זאַק און ווער עס האָט געהאַט אַ האַנט, אַ פויסט, האָט „אַריינגעלייגט" אין דאָניעס גוף, דערצו נאָך האָט מען אים צוגע־האַלטן די הענט, ער זאָל זיך אַ ריר נישט קאָנען טאָן.

דעם זאַק האָט מען אים אַראָפּגעשלעפּט פון איבערן קאָפּ, נאָכ־דעם, ווי ער איז שוין געשטאַנען ביים טירל פון אַרויסגאַנג. די, וואָס האָבן אים אַראָפּגעפירט פון די טרעפּ, האָבן אים געוואָרנט:

— אַז וויי וועט זיין צו דיינע יאָרן, אַז דו וועסט נאָכאַמאָל פּרווון אונדז שלעכטס טאָן. דאָס איז בלויז „רבי־געלט"...

איינער האָט נאָך אַראָפּגעבראַכט אַ האַנטעך איינגענעצט אין וואַסער און אָרומגעווישט דאָניען דאָס בלוט און אים באַפוילן:

— ווער אַ „האָז" פון ריאָ, טראָג זיך אָפּ וואָס שנעלער, מיר ווייסן,

אַז דו ביסט געווען אַ „בונטאָווש טשיק". מיר זאָלן וועלן, וועט קיין האָן קיין קריי נישט טאָן נאָך דיר.

## קאַפּיטל ניין

צו יענער צייט האָט דאָניע געוווינט אין אַ קליינעם מעבלירטן אַפּאַרטאַמענט, וואָס כּואַנאַ האָט פאַר אים געדונגען, און כאָטש עס האָט געהייסן, אַז די וווינונג איז נאָר פאַר אים אַליין, האָט זיך די באַלעבאָסטע, אַ פּאָרטוגעזערין, נישט ווייסנדיק געמאַכט, אַז די „סיניאָ־רינאַ" איז דאָרט אָפּגעווען גאַנצע טעג.

כּואַנאַ פלעגט קומען אָפטמאָל, ווען בלייכקייט האָט זיך גענומען שאַרן אויף טאָג און ערשט אַוועקגעגאַנגען אין טיפער טונקלניש פון פאַרנאַכט.

דאָניע האָט זיך באַמיט, אַז קיינער זאָל נישט דערקענען די קלעפּ אויף אים און אוודאי נישט כּואַנאַ. ער האָט נישט געוואָלט, מען זאָל אים אויספרעגן ווער? און וואָס? און ווי אַזוי דאָס איז געקומען דערצו? דאָניע האָט פיינט איבערצודערציילן זאַכן, בפרט, ער האָט זיך איצט געריכט אויף אָן אַ שיעור צערטלעכקייט מצד איר, כּואַנען, און דווקא איצט האָט ער עס פיינט געהאַט.

ער האָט געוואָלט ערגעץ גיין, זאָגן, טאָן, נאָר גערעכנט האָט ער, אַז פריער וועט ער זיך אַרומוואַשן און דערנאָך וועט ער ערשט ווייזן, ווער ער איז און וואָס זיי זענען.

די אַמביציע זיינע איז געווען, אַז ער מוז פּעליען אַרויסנעמען פון דעם לעבן און אויף זיינע הוצאות זי אָפּשיקן אַהיים. צוליב וואָס ער האָט עס אַזוי געוואָלט, האָט ער נישט געוווּסט. קיין באַזונדערן רושם האָט דאָס מיידל, ביים צווייטן מאָל זען זי, אויף אים נישט געמאַכט. דאָניע איז געווען פון די מענטשן, וואָס דער ערשטער איינדרוק שטעלט זיך אַוועק פאַר די אויגן און טרעט שוין מער נישט אָפּ פאַר אַ לאַנגע צייט.

ער איז דעריבער געגאַנגען גלייך אַהיים, זיך אַרומוואַשן און מיט באַנייטע כּוחות אַרויסגיין אין גאַס אַריין.

אָבער אין שטוב האָט ער ערשט דערפילט ווי יעדער ביין זיינער איז צעשרויפט און צעגלידערט און די ווייטיקן האָבן זיך ערשט איצט אָנגעהויבן לאָזן פילן. האָט ער זיך געלייגט אין בעט אַריין און איז אַזוי אָפּגעלעגן ביז פֿאַרטאָג אין פֿיבער.

ווען כואַנאַ איז פֿאַרטאָג אָנגעלאָפֿן, איז זי דאָס ערשטע צו זיין בעט צוגעלאָפֿן און אים געטראָפֿן אַ גליענדיקן פֿון היץ. זי איז אויגנ־בליקלעך פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאַמע, וואָס איז גרייט געווען איר אייגן לעבן אַוועקצולייגן פֿאַר זיינעם.

נישט קוקנדיק אויף זיין הויכער טעמפּעראַטור איז דאָניע איצט געווען אי קלאָר ביים פֿאַרשטאַנד, אי ווייך אין זיינע רייד; אַזאַ זאַך, צו וואָס זי איז גאָרנישט געווען געוווינט פֿון אים.

נאָכדעם, ווי אַ נאַסער האַנטוך האָט אַ ביסל אָפּגעקילט זיין שטערן האָט ער זי אַרומגענומען ביי דער טאַליע און זי אַריבערגעבויגן איבער זיך. ער האָט דערנענטערט זיינע ליפּן צו אירע און זי אַ קוש געטאָן.

בלויז אַ רגע איז זי געווען פֿאַרשיכורט פֿון דעם פֿאַר איר אויסער־געוויינלעכן מאָמענט; באַלד האָט די קלאָרקייט און ניכטערקייט זיך צוריקגעקערט צו איר.

זי האָט זיך געשפּילט מיט זיינע הענט, נישט געפֿרעגט פֿון וואָס דאָס איז? און נישט פֿאַרגעוואָרפֿן, פֿאַרוואָס ער איז צו איר נישט גלייך געקומען, נישט גערופֿן אַ דאָקטאָר, נאָר בלויז געווען באַרעמ־האַרציק צו אים און געשעפּטשעט:

— דאָמינגאָ, דאָמינגאָ!

ווען זי האָט זיך געזעצט אויפֿן ראַנד פֿון בעט, האָט ער אַריינגע־נומען אירע ביידע הענט אין זיין איין האַנט אַריין און זיך אָנגערופֿן צו איר:

— כואַנאַ, איך וויל דו זאָלסט שוין דאָ זיין. נישט צוריקגיין אַהין, דאָרט אין פֿאַסקודנע געסל אַריין.

דאָס מיידל האָט אויפֿגעריסן אירע אויגן אַזוי ברייט, אַז עס האָט זיך געדאַכט, די אַפּלען וועלן אַרויספֿאַלן:

— וואָס רעדסטו, קערידאָ?

— ווערסט מער נישט צוריקגיין! — האָט זיך שוין דאָניע אויפֿ־געהויבן מיט אַ טאָן.

— אָבער וואָס וועט זיין?

— וואָס זאָל זיין?

— ווערסט מיך ווילן?

— פֿאַרוואָס נישט ווילן?

— ווערסט חתונה האָבן מיט מיר?

— פֿאַרוואָס נישט חתונה האָבן?

דאָניע אַליין האָט נישט געפֿילט, ווי נישט זיכער ער איז מיט זיינע ענטפֿערס, און אָנשטאָט צו ענטפֿערן קלאָר און דייטלעך אויף אירע פֿראַגעס, וואָס האָבן זיך געריסן מיט ציטער, האָט ער אַלץ אָפּגעע־ענטפֿערט מיט אַ פֿראַגע.

כוואַנאַ האָט איצט אַליין אויפֿגעוויקלט שטיקער ליכטיקייט פֿאַר איר צוקונפֿט, ווי עפּעס אַ נבֿואה וואָלט איר ווער אַרויסגעלייענט פֿון אַ מגילה, און כאָטש זיין ענטפֿער איז געווען אַזוי שוואַך ווי די טריט פֿון אַ קינד בעת עס הייבט אָן צו גיין, האָט זי שוין גענומען וועבן דעם פֿאָדעם, וואָס זי דאַרף ציען. זי האָט זיך אייגנטלעך גערעכט, אַז אַזוי וועט עס זיין. עס וועט מוזן אַזוי זיין. נישט מער, עס איז געקומען אַ ביסל אומגעריכט און אַ ביסל צו־פֿרי. זי האָט גערעכנט אויף נאָך אַ יאָר, אָדער מער, ביז זי וועט האָבן אָפּגעשפּאָרט גענוג געלט, כדי איר גליק צו קויפֿן און צו באַפֿעסטיקן. פּלוצלינג, ער איז דער ערשטער, וואָס רייסט איבער, וואָס צעוואַרפֿט דעם פֿאַרפֿוילטן טורעם, וואָס שפּאַרט אונטער איר וועלט.

זי האָט געוואָלט הערן זיין וואָרט נאָכאַמאָל, פֿעסטער און זיכערער, און כאָטש דאָס איז געווען אַ גליטשיק מיטל, אים נאָכאַמאָל אויסצו־פֿרעגן און אַרויסברענגען זיין וואָרט, ווייל עס קען דאָך זיין, אַז אַן ענטפֿער פֿון איצט וועט אָפּווישן דאָס וואָרט פֿון פֿריער, האָט זי זיך דאָך איינגעשטעלט און געפֿרעגט:

— און וואָס ווילן מיר טאָן?

— וואָס זאָלן מיר?

— איך האָב דאָך נישט קיין גענוג געלט?
— איך האָב עס אין דער ערד!
— אפשר נאָך גיין צום „פּאַרדינסט" אַ שטיקל צייט, דאָמינגאָ?
— זאָלן דיינע אויגן מיך קיינמאָל מער נישט זען!

כואַנאַ איז געווען נאָך מער ווי גליקלעך. זיין שטרענג וואָרט, דער האַרבער באַפעל, זיין שאַפן זיך ווי מיט אַן אייגענעם, האָט איר אָנגע־טרונקען, ווי מיט דעם רוישנדיקסטן וויין, זי איז אינגאַנצן אַריינגעפאַלן מיט איר פּנים אין זיין לייב, געקושט און געטרונקען און געזויגן דעם אָטעם זיינעם צוזאַמען מיט ריח פון שוויס.

דער טאָג האָט זיך געשטעלט אַ העלער, אַ גאָלדענער און זיך געמישט מיט גרינע צווייגן, וואָס האָבן קאַפּויער זיך געריסן אין די פענצטער אַריין.

כואַנעס ערשטע דאַגה איז געווען זיך אָנצוטאָן אין קליידער, שטילע, פאַרמאַכטע מיט אַרבל. ווי איר געוווינהייט איז געווען, איז זי איצט געלעגן אין אָנטועכץ, איינגעדרייט אין דרייען. איר קאָפּ האָט זיך אָנגע־שפּאַרט אַן דאָניעס פּוס, זי איז געשלאָפן אין אַ זיסן חלום, וואָס זי האָט אַליין אויסגעוועבט, וועגן אַ היים, אַ שטילער, אַ פרומער און אַ באַלעבאַ־טישער. זי האָט נישט געטראַכט און נישט געוואָלט טראַכטן וועגן דעם, וואָס עס האָט געבראַכט דערצו, אַז דאָמינגאָ זאָל מיט איינמאָל מאַכן אַ סוף צו אַלע אירע מאַטערנישן, ספיקות און פיין. מיט איין וואָרט האָט ער זי אַריבערגעפירט איבער די טיפסטע אָפּגרונטן און זי דערהויבן צו אַזאַ הערלעכער וועלט, צו אַזאַ ליכטיק לעבן.

זי האָט פון אויסנווייניק געחשבונט די ציפערן פון אירע באַנק־ביכלעך, גלייך דאָס וואָלטן געווען ציגל צו איר נייעם בנין. די ציפערן האָבן איצט געטאַנצט פאַר איר אין אַלערליי פאַנטאַסטישע פאַרבן פון אַ רעגנבויגן.

✶

דאָס האָט זי נישט געחלומט; דאָס האָט זי געגנוי געזען פאַרן איינ־שלאָפן. און ווען די אויגן זענען שוין געווען גוט פאַרקלעפּט, האָבן זיך

אירע ליפן נאָך באַוויגן, ווי אַ פיש פאַרן אָפּשטיין. זי האָט געבעטן: „מאַדרע דאַ דיאָס, בענטש אים; באַגליק אים. ער איז דאָס בעסטע קינד אויף גאָטס ערד. מאַדרע, מ אַ ד ר ע...״

צוערשט איז געקומען זיין באַשלוס, דערנאָך ערשט די באַטראַכטונג דערפון, און נאָך שפּעטער, ווי זיין טבע איז געווען — דער צאָרן.

ער האָט באַשלאָסן, אַז כואַנאַ, וואָס איז אייגנטלעך אַ גאַנץ גוטע „קלאַפּטע״, טאָר מער נישט זיין אין דעם רינשטאָק, און אַז זי איז אַזאַ פאַרפייניקטע ווי יענע, די מיטן בלייכן פּנים, וואָס ער האָט געזען אויסגעקריצט אויף דער מצבה, און אַזוי איז פּעליע, און מער ווי זיכער איז ער, אַז אַנדזשע איז אַזאַ...

געוווּסט האָט ער, אַז מיט אַנדזשען איז נישט אַזוי ווי מיט די דאַ, אַז עס איז עפּעס אַנדערש. דעריבער איז זיין פּלאַן זי צו באַפרייען אויסגעקומען צו ווייט און אַליין פאַר אים נאָך אומפאַרשטענדלעך.

ער האָט אָנגעהויבן מיט דער „גרינער״ מיידל. עס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן. ער ווייסט, אַז דערמיט איז ער געווען אַ יאָלד, נישט געדאַרפט אַזוי לאַנג זיצן מיט איר און אַלץ וועלן וויסן פאַר איין מאָל. געדאַרפט אַריין און אַרויס, און קומען מיט פּאָליציי. אָבער דאָניע איז זיך נישט מיאש, זיי וועלן נאָך מיט בלוט שפּייען ביי אים. די קלעפּ אַרן אים נישט אַזוי, וואָרעם אַמאָל גיט ער, און אַמאָל גיבן זיי... אים אַרט נאָר פאַר דעם זאַק, וואָס מען האָט אים אָנגעטאָן אויפן קאָפּ, און פאַר דעם אַקטיאָר, אַ דינער אין אים, ווי ער איז געשטאַנען און זיך מיט קיין וואָרט נישט אָנגערופן. וועט ער דעריבער דורכפירן זיין באַשלוס אויף דער „גויע״ דאַ, די כואַנאַ. וואָס איז? זי האָט נישט קיין נשמה? און אַרויסרייסן זי פון זייערע לאַפּעס איז פונקט אַזאַ מצווה, ווי אַ יידיש מיידל.

פון דער היים האָט ער קיין גרויסע צוגעבונדנקייט צום יידישן לעבן נישט מיטגעבראַכט און דאָ אין לאַנד האָט זיך אַן אַנדערע שנור געוויקלט אַרום זיינע טעג: „קאַבאַקלעך״, פערד־רייטן, זאַטלען, שטריק, מעסערס, פּיסטוילן — דאָס איז געווען דאָס דרויסנדיקע לעבן און ער איז אין דעם ווי אַריינגעוואַקסן.

צוריק זיך אָנגעהויבן צו דערמאָנען אין זיינע יונגע טעג און יאָרן האָט ער ערשט איצט, זינט ער איז געקומען קיין ריאָ און זיך האַלב איינגעגעסטיקט אין דער סביבה פון די טמאים. ער האָט אַפילו נישט געדענקט, אַז עס עקזיסטירן אויך אַנדערע יידן, ווי למשל, די פון זיין שטעטל: דער רב, דער גלעלער לייביש, יאָסקע דער שוואַרצער. אַלע זענען זיי אים אַרויס פון זכרון. דאָס איז געווען אַמאָל, אַ חלום אַזאַ, און אפשר בלויז אַן אויסדאַכטונג.

ער האָט די „מאַנסבילן״ פון די געסלעך פיינט געקראַגן, מיטן האַרצן פיינט געקראַגן, כאָטש ער האָט קיינמאָל נישט געטראַכט אָט פון דער שנאה. צום ערשט, אויפן בית־עולם, ווען ער האָט געזען דאָס בילד פון יענער, האָט ער נישט געוווסט פאַרוואָס, נאָר עס האָט זיך אָנגעקניפּט אַ שייכות צווישן איר טויט מיט זייער לעבן. יום־כיפור בייטאָג, בעת ער האָט זיי געטראָפן שפּילן אין קאָרטן אין הינטער־צימערל פון דער שול, האָט זיך אָנגעהויבן אין אים עפּעס אַ ווידערווילן. ער אַליין איז געווען אַמאָל וואָס אין דער קאָרט, אָבער ער האָט דאָ דערפילט אַ פאַרשווערכונג, עפּעס אַ חוזק.

דעם גאַנצן שווידער, עקל און אכזריות האָט ער ערשט דערפילט ווען פעליע האָט אים דערציילט, ווי אַזוי זי איז פאַרפייניקט געוואָרן, ווי אַזוי מען האָט זי געשוואַרצט און געפירט איבער דער גרענעץ, ווי אַזוי מען האָט איר געלערנט רעדן; אַז מען וועט זי פרעגן ווהין און צו וועמען זי פאָרט, זאָל זי ענטפערן, ווי מען הייסט איר. דאָס איבערגעבן זי פון איין האַנט צו דער צווייטער און דאָס באַצאָלן „מעקלער געלט״ איר אין די אויגן...

אַבי ער האָט געמיינט, אַז אַלע פרויען זענען אַליין אַהערגעקומען צו דעם לעבן, מיט זייער פרייען ווילן.

און ווען ער האָט געוואָלט פעליען אַרויספירן פון דעם „דעפּאַרטאַמענט״ האָט ער זיך ערשט אָנגעשטויסן אויף דער ריכטיקער נעץ און פלאָנטער. פאַרוואָס האָט ער דאָס נישט געטאָן יום כיפור, ווען אַלע „פרויען־צימערס״ זענען געווען פאַרזאַמלט, זיי וואָלטן אים דאָך געקושט די הענט פאַר אַזאַ אויפטו...

אָבער נאָכדעם ווי מען האָט אים אַזוי „דערציילט די מעשה", האָט ער זיך אַ ביסל אויסגעניכטערט און פאַרשטאַנען, אַז עס זענען נאָך פאַראַן „שטאַרקע" אויף דער וועלט חוץ אים, און אַז איין מענטש קען זיך נישט אַזוי לייכט אַן עצה געבן מיט אַ גאַנצער כאַליאַסטרע, און אַז מען דאַרף באַנוצן „קאָפּ־שטיק" דערצו. אין דעם פאַל וואָלט אים דווקא נייטיק געווען דער אַקטיאָר, נאָר אַ מכה אים אין האַלדז. ער זאָל אַזוי זען אויף זיינע אויגן, ווי ער וועט אים, דאָניען, אַמאָל שוין אָנקוקן. בלייבט איבער דאָן פּאַסקואַל, זיין פריינד, וואָס ער האָט זיך מיט אים באַגעגנט אויף דער באַן, אָבער כדי אים צו באַגעגענען, מוז ער אָפּוואַרטן די באַן אויפן „עסטאַסיאָן". אָבער ווייסט ער דען אויף זיכער, צי ער וועט אים טרעפן?

די ענערגיע צו מעשים האָט אין דאָניען געזאָטן ווי זיין בלוט וואָלט געקאָכט אונטער אַ הייס פייער. נישט געקוקט וואָס איין אויג זיינס איז געווען אונטערגעשלאָגן און עס האָט אויסגעזען פאַרגרעסערט, איינגערעמט אין אַ בלאָער ראָם און די ביינער האָבן שטאַרק געבראָכן, האָט ער זיך שנעל אָנגעטאָן, אַרויסגעגאַנגען שטיל, נישט אויפוועקנדיק כואַנען, וועלכע איז געשלאָפן אין איר זיסטן חלום.

## קאַפּיטל צען

דאָמינגאָ איז אָפּגעשטאַנען אויפן „עסטאַסיאָן" מער ווי אַנדער־האַלבן שעה. עס זענען אָנגעקומען דער „טרעם דאַ לושאַ", דער עקספּרעס, און דער געוויינלעכער צוג פון סאַן־פּאַולאָ. יעדע עטלעכע מינוט איז אָנגעלאָפן אַ לאָקאַלע באַן, וואָס פאַרבינדט ריאָ מיט אירע פאָרשטעט. ער האָט געזען ווי טויזנטער מענטשן האָבן געפּלייצט דורך אַלע דורכ־גענג. ער האָט געקוקט יעדן אין די אויגן אַריין, און זיין באַקאַנטן, דאָן פּאַסקואַל, האָט ער נישט געטראָפן. אַממיינסטן זענען איצט געגאַנגען אי אַרבעטער מיט די רעקלעך אָנגעהאָנגען אויף די אַקסלען, אי אָנגע־שטעלטע אין געשעפטן און אָפּיסעס.

דאָניע האָט זיך דערוייל פאַרטראַכט וועגן אָט־דער מחנה אַרבעטער,

פאַר אים איז עס איצט געוואָרן אַ פראַגע פון גרויסן באַטייט: ער ווייסט נישט, וואָס די „ניכפּה״, די כּואַנאַ, וועט פאַר אים זיין, אָבער מער וועט ער איר נישט לאָזן צוריקגיין, „דאָרט״. אויס! און אָן ענטפער אויף איר געשטעלטער פראַגע, וואָס מען וועט טאָן, האָט ער איצט געקראָגן. זעענדיק, ווי דער פרימאָרגן ציט צו זיך אָט די גרויסע מאַסע הענט, פונקט ווי פייער־ווערעמלעך צו דעם ליכט פון לאָמפּ... אויב אַזוי, ווייסט ער דאָך, וואָס מ׳קאָן טאָן.

צוריקוועגס פון דעם „עסטאַסיאָן״ איז ער געגאַנגען דורך רוּאַ סענאַדאָר עוזעביע. די גאַס הייבט זיך אָן לעבן דער באַן־סטאַציע און ציט זיך אַריין טיף און אַריבער דער פּראַזאַ אָנזע. דאָניע האָט אַליין נישט געוווּסט, אַז דאָס טרעט ער איצט אויף דער עכט יידישער גאַס.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ שויפענצטער פון אַ מעבל־געשעפט און שטייענדיק אַזוי ביים פענצטער, האָט ער געזען ווי אַ יונגערמאַן, אָנגעטאָן אין אַ ווייסן אָנצוג, דער שטרוי־הוט פאַררוקט הויך איבערן שטערן, האָט געהאַלטן אין האַנט אַ פּעקל חשבון־צעטלעך. דער יונגערמאַן איז אַרויס פון געשעפט ווי אַ באַעוולטער, און דער אייגנטימער, אָן אַ רעקל, פאַרשאַרצט די אַרבל פון העמד, איז אים נאָכגעגאַנגען און פאַרענדיקט דעם שמועס אינדרויסן פאַר דער טיר.

דאָניע האָט זיינע אייגענע אויערן נישט געגלויבט, געמיינט, אַז דאָס שטייט נאָך אַ ווידער־קול אין אים פון נעכטן פאַרנאַכט, אין דער אומבאַקאַנטער שטוב, ווו גאָדעלע האָט אים אַריינגעפירט. ער האָט געהערט ווי אָט־די צוויי פירן זייער אַ העפטיקן שמועס אויף ריינעם „קוגל־לשון״. ער האָט אָפּגעווענדט זיינע אויגן פון דעם פענצטער און זיך צעשמייכלט זיי ביידן אין די פּנימער אַריין:

— איר זענט יידן?

ביידע סוחרים האָבן אָפּגעלאָזט דאָס שטריקל פון זייערע אַרגומענטן און זיך אויסגעדרייט צו דאָניען מיט פאַרוווּנדערונג פון זיין פראַגע. ביידע האָבן מיטאַמאָל געענטפערט:

— איר זעט דאָך, אַז יאָ.

דאָניע איז צוגעגאַנגען נענטער. ערשט איצט האָבן זיי באַמערקט

זיין אונטערגעהאַקט אויג. און איידער זיי האָבן זיך ווייטער עפּעס געפרעגט, איז דאַניע פּאַרלאָפן:

— איך וויל איר זאָלט מיך פירן צום רב, איך האָב עפּעס אויסצוזאָגן.

ביידע זענען געוואָרן פּאַראינטערעסירט ביז גאָר, נאָר איינער האָט זיך אָנגערופן:

— נישטאָ קיין רב ביי אונדז. וואָס דאַרפט איר אַ רב?

— אַז איך האָב עפּעס צו דערציילן.

— נו, דערציילט אונדז, אויף דער „פּראַזע" זענען אַלע יידן גלייך — האָט דער יינגערער צוגעגעבן.

אין עטלעכע מינוט שפּעטער זענען שוין אַלע דריי געזעסן ביי אַ ווייסן מאַרמאָר־טישל, אין דער „יידישער קאַפע" אויף דער פּראַזע. דריי קליינע, שטאַרקע, שוואַרצע קאַווע־טעפּלעך זענען געשטאַנען פאַר זיי און איבער זייערע פלייצעס האָבן געקלעפּט אַ צענדליק „קליענטעלטשי־קעס" יידן פון דער קאָלאָניע, וואָס האָבן מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט אויסגעהערט דאַניעס דערציילן וועגן דעם מיידל, פעליע.

דריי טישלעך זענען שפּעטער צונויפגערוקט געוואָרן איינס צום אַנדערן, עפּעס ווי פאַר אַ סעודה. און דער גאַנצער עולם, וואָס איז געוואַקסן אַרום — האָבן זיך אויסגעזעצט און צונויפגעבויגן די קעפּ.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ חקירה ודרישה, נישט נאָר וועגן דעם ענין, וואָס דאַניע האָט דערציילט, נאָר צום מייניסטן האָט זיי אינטערע־סירט וועגן דעם „פּאַרשוין" גופא. מען האָט אים געפּאָרשט פון אַלע זייטן. צום ערשט האָט מען אים אָנגענומען פאַר אַ „גרינעם", אָבער אין משך פון שמועס האָט דאַניע זיך אַרויסגעהאָלפן מיט פּאָרטוגעזיש. מען האָט געציילט יעדעס וואָרט זיינס מיט חשד, און כאָטש ס'איז קיין ספק נישט געווען, אַז זיין יעדעס וואָרט איז אמת, איז דער אומצוטרוי אַלץ געוואַקסן.

דאַניע האָט אַמווינציקסטן גערעדט וועגן זיך. ער האָט געפּאָדערט, מען זאָל גיין מיט אים און ער וועט אָנווייזן „דאָס ערטל", ווו דאָס מיידל געפינט זיך.

פון דעם, וואָס ער איז געווען צעביילט און צעשלאָגן, האָט מען געדרונגען, אַז ער איז איינער פון דער „חברה״, וואָס האָט זיך צע־ווערטלט מיט ס׳זייניקע און וויל זיי מסרן. אויב אַזוי, דאַרף מען עס נישט אויפנעמען, נישט קיינעמס עסק, זיך אַריינמישן צו זיי. וואָס שייך דעם מיידל, קומט קיינער נישט צו זיי, מען זאָל נישט וויסן נאָך וואָס מען פאָרט — מן הסתם האָט זי גוט געוווּסט. נישקשה: בראַזיליע האָט אַ שם אין דער וועלט! — אַז מען דאַרף זיך היטן אַליין צו פאָרן אַהער, בפרט אַ מיידל, וואָס האָט דאָ נישט קיינעם. איצט, אַז איר איז נישט גוט, מאַכט זי דעם אָנשטעל, אַז מען האָט זי פאַרנאַרט.

אַזוי האָט גערעדט איינער און אַ צווייטער און אַ דריטער. די מערהייט פון דער קאַפע איז געווען דערפאַר, אַז מען זאָל זי לאָזן לויפן, געגנוג זיך „געפּאַסקודיעט״ מיט דער „חברה״...

איינער פון די צוויי, וואָס האָט דאַניען געבראַכט אין קאַפע אַריין, האָט געפרעגט:

— און ווי קומט איר צו זיי? איר זענט זייערס אַ מענטש?

דאַניע האָט נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. ליגן האָט ער נישט געקאָנט זאָגן. און טאָמער וואָלט ער איצט געזאָגט ליגן, דאָס הייסט דעם אמת, אַז ער געהערט זיך גאַרנישט אָן מיט „יענע״, וואָלט מען אים סיי־ווי נישט געגלויבט, וואָרעם ער געהערט זיך דאָך יאָ אָן. געווען אויף זייער בית־עולם, אין זייער שול, אויף זייער „טאַנץ״ און זיך געחברט מיט זיי. — ער האָט דעריבער געשוויגן אין פאַרלעגנהייט.

און אַן אַנדערער האָט געוואָלט וויסן:

— איר קענט אפשר איינעם אַ מאָריס האַך?

— דעם אַרטיסט?

— יאָ.

דאַניע האָט אויף דעם אויך נישט געענטפערט, כאָטש ער האָט זיך אַרויסגעגעבן שוין דערמיט, וואָס ער האָט דערמאָנט דאָס וואָרט „אַרטיסט״. ער האָט האָכס נאָמען געוואָלט אויסמיידן, סיי אין רעדן און סיי אין טראַכטן; ער האָט נישט געוווּסט, ווי אַזוי זאָל ער זיך באַציִען צו אים: גוט, אָדער שלעכט. האָט ער דעריבער געשוויגן.

דער פריערדיקער איז נאָך ווייטער געגאַנגען:

— איר זייט אַ פּוילישער?

דאַניע האָט מיטן גאַנצן האַרצן געענטפערט: יאָ.

— מער דאַרף איך נישט — האָט דער פרעגער געזאָגט, ווי פאַר זיך, און גענומען אַרויסציען אַ פוס פון אונטערן טישל, אַוועקצוגיין.

דערמיט, וואָס דאַניע האָט זיך אויסגעגעבן, אַז ער איז אַ פּוילישער, איז שוין געחתמעט געוואָרן אי זיין גורל, אי דער גורל פון דעם מיידל, וואָס דאַניע האָט זיך אַזוי איינגעשטעלט פאַר איר.

זינט נאָך דעם קאַמף מיט די „טמאים" האָט זיך עפּעס נישט איינגעשטעלט קיין איבעריק גוטע פריינטשאַפט און נאָך מער נישט קיין גוטע מיינונג אין דער קאָלאָניע, וואָס איז באַשטאַנען מיינסטנס פון בעסאַראַבער, צו די עטלעכע פּוילישע יידן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן באַזעצן אין ריאָ־דע־זשאַניירא און זיך פאַרנומען מיטן אייגענעם מסחר, — פעדלעריי. און ווען אַפילו עס האָט באַלד נאָך דער מלחמה אָנגעהויבן צו גיין אַ שטיקל אימיגראַציע פון פּוילישע יידן אין ריאָ, האָט מען אויף זיי געקוקט, ווי דורך די פינגער, זיך געהאַלטן דערווייטערס. די יידישע יונגעלייט, אַריבערגעקומענע פון פּוילן, האָבן מיט זיך אַפילו אָנגעטראָגן אַ פרישקייט פון ניי לעבן, ענערגיע צו געזעלשאַפטלעכן אויפבוי, אָבער דער שאָטן פון די „טמאים" האָט זיך אויסגעהאַנגען איבער זיי. די בעסאַראַבער האָבן געדרונגען, אַז ווײַבאַלד די „חברה־לייט" זענען אַלע פון פּוילן, דאַרף מען נישט זיין אַזוי צוגעלאָזט צו די „פּוילישע" און זיי נישט אַזוי שטאַרק מקרב זיין, ווי מען טוט עס מיט אַן אייגענעם פון בעסאַראַביע.

נאָכדעם ווי דער, וואָס האָט געפרעגט, צי דאַניע איז אַ פּוילישער, האָט שוין געהאַט אַרויסגעצויגן זיין צווייטן פוס צו גיין און עטלעכע האָבן געזאָלט נאָכטאָן זיין ביישפּיל, האָט זיך ביי אַ צווייט טישל אָנגערופן דער „ליטוואַק" פון דער קאָלאָניע און האָט אַזוי געזאָגט:

— וואָס לויפט איר אַזוי, וואָס? וואָס האַקט איר אַ טשייניק מיט פּוילישע, סמוילישע! אַז מען דערציילט אייך אַ מעשה וועגן אַ פאַרבאַרט

מיידל, ווילט איר דאָס גרינג נעמען? מען דאַרף אויסהערן ביזן סוף און עפּעס טאָן!

דער ליטוואַק האָט מער גאָרנישט גערעדט, זיך אַפילו נישט אומגעקוקט צו זען, וואָס פאַר אַ ווירקונג זיינע ווערטער האָבן געמאַכט. ער איז זיך געזעסן ווי פריער ביי זיין טישל, אַ נישט אָנגערירטע טעפּעלע קאַווע איז געשטאַנען פאַר אים. ער האָט מיט אַ דיקער פען געצייכנט עטלעכע יידישע אותיות אויף אַ פּאַפּיר. דאָס האָט ער געטאָן צוליב דער ניי־געגרינדעטער „סאָסידאַד", און אַזוי ווי מען האָט געדאַרפט אין שטאָט אַ יידישן סטעמפּל און קיין יידישע דרוקערייען זענען נישט געווען, האָט ער דעריבער אויסגעדרוקט מיט דער האַנט אַ מוסטער פאַר אַ חתימה, כדי דערנאָך עס פאָטאָגראַפירן פאַר אַ קלישע.

דעם „ליטוואַקס" רייד האָבן געווירקט. אַנשטאָט אַוועקצוגיין, איז מען צו צום ליטוואַקס טישל, הערן, וואָס ער האָט צו זאָגן:

— וואָס עפּעס מאַכן אַן אסיפה דאָ, אין דער „שענק". די גאַנצע וועלט דאַרף עס הערן?

איז מען אַוועק מיט דאַניען אויף רואַ וויסקאָנדע איטאָונאַ, אַריין אין אַ הינטער־קלייט פון אַ יוועליר־געשעפט און דאָרט אָנגעהויבן אַן אמתע אַסיפה מכוח דעם ענין.

דער ליטוואַק האָט געהאַט געגעבן נאָר „צוויי ווערטער", דאָס איבעריקע האָט ער זיך אַליין שוין פאָרגעשטעלט און עס איבערדערציילט אין אַ קלאָרער שפּראַך פאַר דעם עולם. דאַניע האָט נאָר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, אַז אַלץ, וואָס אָט דער זאָגט, איז אמת.

איז געבליבן, אַז מען מוז גיין מיט דער „גערעכטיקייט", און באַלד „אָנשפּאַרן ביים קאָפּ". מען געדענקט נאָך גוט די „הילף" פון דער קאָמיסאַריע, אַז דאָס איז איין האַנט מיט די „רופיאַנעס", איז גלייכער זיך ווענדן צום „דעפּאַרטאַמענט", און צו דעם צוועק איז געוואָרן באַשטימט אַ דעלעגאַציע, וואָס איז באַשטאַנען פון ליטוואַק, דער יוועליר און נאָך איינעם. מען האָט אויך מיטגענומען דאַניען אַלס „זאַכלעכן באַוויז", און מען איז געפאָרן אין צענטער אַריין, זיך זען מיט ד"ר אַלפאָנזאָ אַבנר מכוח דעם.

ד"ר אבנר האָט ווידער קיין גרויס חשק נישט געהאַט זיך „אַרייַנ־צולאָזן" אין די זאַכן: עס איז אַפילו נישט שיין געווען צו קומען צו קריסטן מיט אַזוינע אָנקלאַגעס, נישט שיין אַרויסצוברענגען, אַז אונדז אינטערעסירט דער ענין, אָבער דער ליטוואַק האָט נישט געוואָלט וויסן פון גאָרנישט, מען דאַרף ראַטעווען אַ יידישע טאָכטער!

האָט שוין ד"ר אַבנר זיך דורכגערעדט אויפן טעלעפאָן מיט ד"ר אַלפרעדאָ ריאָ מאָטאָראָזאָ, וועלכער האָט איצט זיך באַשעפטיקט מיט אַדוואָקאַטור. ד"ר ריאָ מאָטאָראָזאָ האָט זיך גלייך אָנגעכאַפּט אין דעם ענין, און ווי אַ געניטער יוריסט, נישט געלאָזט קיינעם רעדן און איבער־דערציילן, ווי עס האָט געוואָלט טאָן קודם־כל דער ליטוואַק. ער האָט געפּאָרשט פון דער ערשטער קוועלע, ברייט אויסגעפרעגט און פונאַנדער־געפרעגט דאָניען.

מאָטאָראָזאָ האָט זיך נישט צופרידנגעשטעלט מיט דער פשוטער דער־קלערונג, וואָס האָט דעם ענגסטן שייכות צו דער זאַך, נאָר ווייטער און טיפער אַריינגעדרונגען. ער האָט שוין דורך גאַנץ אומשולדיקע אָנמער־קונגען און אויספרעגן זיך דערוווּסט פּרטים פון דאָניעס אייגן לעבן, ווי אַזוי ער קומט צו דער חברה און פונוואַנען ער קומט. אַ צייט האָט זיך אַפילו דער דעלעגאַציע אויסגעוויזן, אַז מען איז אינגאַנצן אַראָפּ פון דער טעמע.

אָבער ד"ר מאָטאָראָזאָ איז פלינק און געשיקט צוריק אַרויף אויפן וועג פון אַ צווייטן ענין. ער האָט פון דעם יונגס רייד זיך דערוווּסט, אַז ער האָט געהאַט אַ שייכות מיט די „רעוואָלוציאָנערן" פון ריאָ נעגראָ. דאָניע האָט דערציילט וועגן זיין זיין אין ריאָ נעגראָ, וועגן זיין קומען קיין ריאָ דע זשאַניירע, וועגן דער באַקאַנטשאַפט מיט די „געסלעך", וועגן דעם בית־עולם.

ער האָט אויך דערציילט וועגן דער שול, דאָס איז געווען נייטיק, כדי ער זאָל קענען שילדערן זיין באַגעגעניש מיט דער מיידל פּעליע. פאַראייינוועגס האָט ער שוין אַריינגעוואָרפן וועגן באַל און דערנאָך — מיט באַזונדערער התמדה — זיך גענומען מאָלן זיין טרעפן זיך מיט פּעליען אין איר „דעפּאַרטאַמענט", דערנאָך: — דאָס געשלעג מיטן

שייגעץ. ער האָט אויך דערציילט וועגן דער קאָמיסאַריע און צום לעצט — וועגן דעם, וואָס מען האָט אים „אַריינגעציילט" אין דער שטוב, וווהין גאָדעלע האָט אים געבראַכט.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דאָניע, ד״ר מאָטאָראָזאָ און דער ליטוואַק זאָלן גיין אויסגעפינען, ווו דער פּלאַץ איז, און דאַן וועט מען אָפּרופן דעם „דעפּאַרטאַמענט" נאָך פּאָליציייאישער הילף.

ריאָ מאָטאָראָזאָ האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף כאַפּן דעם גנב און אים ברענגען אין דער פּאָליציי, וועט מען אים אפשר אַרעסטירן...

ד״ר אַלפּאָנזאָ אַבנר איז געווען צופרידן דערפון, וואָס ער האָט זיך „אַרויסגעדרייט" פון מיטצוגיין מיט זיי אין די „געוויסע ערטער"... נישט עס איז געווען פאַר אים און נישט פאַר זיין יחוס. זיי זענען אַריין אין אויטאָמאָביל. דאָרט זענען אויך געזעסן צוויי געהיים־אַגענטן פון דער פּאָליציי. ריאָ מאָטאָראָזאָ איז דאָס מאָל געווען צופרידן פון זיינע „שומרים".

מען איז צוגעפאָרן צו אַ געוויסן פּונקט, ווו דאָניע האָט געהייסן. ער האָט גערעכנט, אַז צופוס וועט ער זיכערער קענען אויסגעפינען דאָס פאַרמאַכטע געסל. צוזאַמען מיט אים זענען אַראָפּ דער דאָקטאָר און דער ליטוואַק.

מען איז געבליבן שטיין פאַרן איינגאַנג צום געסל, ווי פאַר אַ טויער. דאָניע האָט געשפּאַנט פאָרויס מיט זיכערע טריט, גלייך צו דער טיר פון געוויסן „דעפּאַרטאַמענט".

אָבער —

דאָניע האָט נישט באַמערקט, אַז צום באַלקאָנדל פון נידעריקן פענצטער איז געווען צוגעבונדן אַ ווייס, ליידיק שטיק פּאַפּיר, אַ סימן, אַז דער דעפּאַרטאַמענט איז צום פאַרדינגען. ער האָט געריסן דאָס הענטל פון גלעקל, אָבער קיין קלאַנג האָט ער נישט געהערט פון אינעווייניק. די דראָט האָט נאָכגעלאָזט. ער האָט געקלאַפּט, קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן. ערשט דעמאָלט האָט מען פעסטגעשטעלט, אַז די איינוווינער האָבן זיך אַרויסגעצויגן און פאַרשטייט זיך — מיטגענומען דאָס מיידל.

דאָקטאָר ריאָ מאָטאָראָזאָ האָט זיך געווענדעט צו די דעטעקטיווס, אַז

זיי זאָלן אויסגעפינען, ווּהין די איינוווינער פון דעם הויז האָבן זיך געצויגן. אָבער די דעטעקטיוּוס האָבן געהויבן מיט די אַקסלען, געשמייכלט אין די פויסטן אַריין און געענטפערט:

— מיר קענען זיך נישט מישן, נישט אונדזער אָנגעלעגנהייט. מיר זענען נאָר אָנגעשטעלט אייך צו „באַשיצן״, סעניאָר.

ד״ר ריאָ האָט נישט געענטפערט. ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין אויטאָמאָביל און פון דאָרטן אַרויס, דערלאַנגט דאָניען זיין וויזיט־קאַרטל, אים געהייסן אַרויפקומען מיט עטלעכע טעג שפּעטער. ער האָט זיך געהייסן פירן, ווּהין דאָניע און דער ליטוואַק האָבן נישט געקענט דערכאַפּן מיט די אויערן.

## קאַפּיטל עלף

שפּעט שוין נאָכמיטאָג, איז דאָניע אַ מידער אהיים געקומען. דאָ האָט צו אים אָנגעווייעט אַ ליבער גרוס פון אַן אייגענער היים.

כואַנאַ האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן אירע אַלע פריערדיקע טעג, האָט זיך באַנייט מיט פרישקייט און צוזאַמען מיט איר — אויך אירע קליידער. אַפילו דעם שרונט פון די האָר אַנדערש פאַרקעמט. אָפּגעוואַשן פון זיך די פאַרב, וואָס האָט זיך געהאַט אַזוי איינגעגעסן אין איר הויט, אַ סך מי האָט עס פון איר געפאָדערט, און זי האָט די מי נישט געקאַרגט.

געטראָפן האָט ער אַ געגרייטן טיש און אויפן ווייסן טישטוך — אַפילו אַ שיטער בינטל בלומען. דאָס בעט איז געווען צירלעך אויפגעבעט און אַלע זיינע זאַכן אין דער בעסטער זאָרגזאַמקייט פונאַנדערגעלייגט.

נאָך די פאַרדראָסן פון אַ גאַנצן טאָג, האָט אים דאָס ווינקל איצט אַריינגעזונגען דאָס ליד פון אָפּרו און מנוחה. ער האָט איינגעזען, אַז ער דאַרף צו די פיס איר פאַלן, אַז זי איז אַ בריה איינע אין דער וועלט און דאָס האָט אים גראָד געשראָקן און באַאומרויִקט.

ער האָט אָנגעהויבן אָפּטער צו קומען אויף דער „פּראַזע אַנזע״.

אין דער היים, אין דעם „פאַרדרייעניש״ האָט ער זיך געפילט ענג און געבונדן. ער איז מערסטנס געווען אויף דער „פּראַזע״, כדי צו געפינען

עפּעס אַן עצה, עפּעס אַן אַנדייט, וווהין זיין לעבן זאָל ווייטער גיין און אין וועלכער זייט זיך צו ריכטן. אָבער אויף דער „פּראַזע" האָט מען אים אויפגענומען קאַלט, פונדערווייטנס און מיט חשד.

דער חשד איז קודם־כל באַשטאַנען אין דעם, וואָס מען האָט אים נישט געזען אַרבעטן, אָדער זיין באַשעפטיקט. תמיד פיין אָנגעטאָן און יעדע זאַך קלאָר און רייך; און דערצו געהאַט אַ שיינע פּאָר מילרייס אין קעשענע. האָט מען זיך משער געווען, אַז עס איז נישט פון שרייבן תפילין...

נאָר אַזוי ווי אין דער „קאָלאָניע" איז איצט אָנגעגאַנגען אַ געזעל־שאַפטלעכע באַוועגונג, עס האָבן זיך געגרינדעט אינסטיטוציעס און שולן, און אַזוי ווי די נאָך מלחמה־אימיגראַציע, וואָס האָט זיך געצויגן קיין אַרגענטינע האָט אויפן וועג דאָ אויך אַראָפּגעלאָזט יידישע אימיגראַנטן און מען איז צוגעוווינט געוואָרן צו זען אויף דער „אַנזע" נייע פּנימער, און די מעשה מיט די „טמאים" איז בכלל אַריין אין דער פאַרגעסנהייט, האָט מען אַזוי שטאַרק נישט מדקדק געווען, און דאָניעס גורל איז קיינעם נישט אָנגעגאַנגען.

בלויז דער „ליטוואַק" האָט דווקא, אויף להכעיס, די „מאַמעליגעס", זיך יאָ מיט אים געחברט און טאַקע אָפט מיט אים געזעסן ביי אַ קאַוועלע און מיט אים געשמועסט.

דער ליטוואַק האָט דערמיט געוואָלט אַרויסווייזן, אַז ער האָט זיך זיין אייגענע מיינונג איבער מענטשן און טאַטן, און אַז דער אָנגענומענער באַגריף וועגן די „טמאים" איז נישט אינגאַנצן קיין גערעכטער, און אַז דאָס, וואָס עס שטייען אין ריאָ־דע־זשאַנייראָ צוויי בית־עולמס, איינער דורכאויס פאַר די „טמאים", איז דאָס דער גרעסטער שאַנד־מאָנומענט פאַרן... יידנטום.

אין דעם „הינטער־געוועלב" פון יוּוועליר־געשעפט האָט ער אָפט געזאָגט, אַז דער דאָמינגאָ איז באמת אַ טייערע נשמה, אַן אמתער פאָלקס־טיפּ, וואָס מען טרעפט נאָר ביי די גרויסע שרייבער אין זייערע ווערק. אַז ער לעבט איבער אַ טראַגעדיע, נאָר ער איז אַ שטומע צונג און קען עס נישט איבערגעבן.

— אָבער פונוואַנען נעמט ער געלט? ווי ער גייט עס געקליידט!

אַ „וואַרער פּריץ״ — האָט מען דעם ליטוואַק פאַרוואָרפן פון אַלע זייטן.

דער ליטוואַק האָט איבערגעשלאָגן:

— איך האָב פיינט אַריינצוקריכן מיט בלאָטיקע שטיוול אין יענעמס נשמה אַריין, אָבער כדי אייך אויסצושטעכן די אויגן, וועל איך עס געוויר ווערן.

ער האָט אָנגעטראָפן דאַניען איינעם אַליין, ווי געוויינלעך, ביי אַ טישל אין דער קאַפע, זיך מיט אים באַגריסט, אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע און געפרעגט הויך „ווי גייטס״... און טאַקע גלייך זיך געווענדעט צו אים:

— מיין פריינד, איך האָב מיט אייך עפּעס וויכטיקס צו רעדן. קומט, מיר וועלן אַרויספאָרן אויף קאָריקאָוואַראַ און זיך אַביסל אָפּקילן.

די „באַנדאַ״, וואָס האָט געפירט טוריסטן אַרויף אין די הויכקייטן פון „קאָריקאָוואַראַ״ איז געווען געבויט ווי אַן אינדיק. דער „בויך״ האָט אַרויסגעשטאַרצט ווייט אַוועק פון די פיס און דאָס אַרויסגעשטאַרצטע האָט זיך אַריינגעשניטן אין דעם אויסהויל פון באַרג.

דער טראַמוויי גליטש זיך אַרויף, אַרויף נישט נאָר משופּע־שיף, נאָר אַפילו ווערטיקאַל אויף די גלייכע פעלדזן, וואָס וואַקסן אויס פאַרן אויג, ווי ווענט. דער וואַגאָן דראַפּעט זיך אויף אַ שנור פון אייזערנע ציין, די רעדער סקריפּען אויפן שטאָל פון די שינעס און די שטאָט, וואָס איז ערשט געלעגן ערגעץ פאַרבאָרגן, ווערט איצט אַנטפּלעקט פריי אין איר אומבאַגרענעצטער ברייטקייט. וואָס העכער דער טראַמוויי הויבט זיך, אַלץ בלויער און דורכזיכטיקער ווערט די לופט.

עס איז שוין געווען טיף פינצטער, ווען דער ליטוואַק מיט דאַניען זענען נאָך אַלץ געזעסן אין דער שטיינערנער „גירלאַנדע״, אויפן שפּיץ פונעם „קאָריקאָוואַראַ״. עטלעכע שפּאַן ווייטער האָבן זיך געשוואַרצט מוראדיק טיפע אָפּגרונטן, די אָנקומענדיקע נאַכט האָט איינגעהילט די גאַנצע שטאָט. בלויז דער גלאַנץ פון דעם דערטרונקענעם הימל האָט זיך געבלייכט אויפן ים. און איבער דער בלייכקייט זענען געשוווּמען אָנגעצונדענע פענצטער פון שיפן און שיפלעך, וואָס האָבן אויסגעזען פון דער הויך, ווי קלענערע און גרעסערע חיות מיט גליענדיקע אויגן.

פּלוצלינג איז עפּעס אַ וווּנדער געשען: די שטאָט, וואָס האָט געהאַלטן

ווי צוגעמאַכט די אויגן, האָט זיי מיטאַמאָל אַן עפן געטאָן און ריאָ־דע־זשענייראָ האָט זיך אָנגעצונדן מיט טויזנטער לאָמפּן. דער ליטוואַק, כאָטש ער איז דאָ נישט געווען דאָס ערשטע מאָל און האָט דעם וווּנדער שוין װיפל מאָל געזען, האָט געמוזט איבעררייסן דאָניעס דערציילן, כדי זיך אָנצוטרינקען מיטן כּישוף. עס האָט אויסגעזען, ווי די וועלט האָט זיך איבערגעקערט און דער הימל ליגט אונטן, אויסגעזייעט מיט מיליאָנען און מיליאָנען שטערן.

מיט דער לעצטער „באָנדאָ" זענען זיי אַראָפּגעפאָרן.

דאָניע איז געווען פאַרטראַכט, פאַרשוויגן אין דער אומענדלעכקייט. די עטלעכע פאַרשפּעטיקטע טוריסטן, וועלכע זענען געווען שיטערלעך צעזעצט אויף די בענק האָבן אויך געטרונקען אין זיך דאָס שווייגעניש, וואָס האָט זיך מיטגעצויגן ווי טונקעלע פאָסן פון ביידע זייטן אָפענעם וואַגאָן.

דער ליטוואַק איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט איבערגעריסן די פרעסנדיקע שטילקייט:

— איך וואָלט זי וועלן זען, זיך באַקענען מיט איר. — און ווייל ער האָט גערעדט אויף יידיש קלאָר און פריי, האָט ער שוין במילא איבערגעבראָכן די געפרעסטע פאַרגליווערטקייט. די איבעריקע פּאַסאַ־זשירן האָבן שוין אויך אָנגעהויבן צווישן זיך צו שמועסן.

דער ליטוואַק, כאָטש ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען, האָט ער זי זיך אָנגעהויבן אויסמאָלן פאַר זיינע אויגן, וויאַזוי זי זעט אויס. דאָס, וואָס זי גייט תּמיד אין אַ צלם אָנגעטאָן, ווי דאָניע דערציילט, איז זי נאָך עפּעס אינטערעסאַנטער און פאַרלאָקנדיקער פאַר אים געוואָרן.

עטלעכע טעג האָט זיך דער ליטוואַק נישט געוויזן אויף דער „פּראַזע". און אין דער קאַפע האָט מען זיך שוין אָנגעהויבן צו חידושן: ווּ קאָן ער זיין? און ווען ער איז געקומען, האָבן זיינע אויגן געשאָסן, ווי מיט אויפרייסנדיקע פייערן און זיינע ווערטער זענען האַסטיק אַרויס־געפאַלן פון מויל.

אין דער היִנטער־שטוב פון דעם יוּוועליר־געשעפט, אויף רואַ וויסקאָנדאַ, האָט ער פאַר אַלעמען אין די אויגן דערציילט:

— איך בין געווען ביי „איר“, גערעדט מיט איר; אַ גאָט איז ער ביי איר! פאַר זיין בליק ציטערט זי און בעט טאָג און נאַכט, ביי איר גאָט, פאַר זיינעטוועגן...

אַ געלעכטער האָט אויסגעבראָכן. דער ליטוואַק האָט זיך נישט אָפּ־געשטעלט אַפילו אויף אַ רגע און האָט ווייטער גערעדט:

— און איך זאָג אייך, אַז מען טאָר זיך נישט דערווייטערן פון אים, מען טאָר אים נישט אָפּשטויסן. אַ גרויסע זאַך טוט ער. מען דאַרף אים מקרב זיין, אַריינגעמען אין אונדזער מיט, ער איז נישט מיט „זיי“. ער קער זיך נישט אָן מיט „יענע“.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ דיסקוסיע. יעדער איינער האָט אויסגע־טייטשט „מאָראַל“ אויף זיין שטייגער. מען האָט אַפילו צוגעגעבן, אַז דער ליטוואַק איז אַ ביסל גערעכט. נאָר ווי איז דאָס גערעדט געוואָרן? ווען דער יונג איז אַליין, אָן „איר“. אָבער אַזוי? און אַ גוישע נאָך דערצו...

דער ליטוואַק איז אָפּט אַרויפגעקומען צו דאַניען אין שטוב אַריין. כואַנאַס אויגן האָבן זיך אַזוי ווייך אַרומגעלייגט אַרום זיין האַרץ. דאָס אויסגעמאַטערטע לייב פון דעם מיידל האָט גענומען וועלקן אונטער דער טרוקענער מאַטערניש פון איר נשמה. עס האָבן זיך גענומען ציען טעג, וואָכן און חדשים, ווי מיט בליי אָנגעגאָסענע. דאַניע האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. געזעסן אין שטוב און געבלאָזן פון זיך אומהיימלעכקייט. דער ווילן זיינער, וואָס האָט תמיד אַזוי געברענט און געברויזט, איז איינ־קלעפּט געוואָרן אין אַזאַ מין פּאַפּ, נישט צום רירן.

כואַנאַ האָט געטראַכט, אַז אַזוי קאָן דאָך נישט זיין, אַז מען דאַרף חתונה האָבן אויף אַן אמת, מיט חופּה וקידושין. וואָרעם דער פּחד אים צו פאַרלירן האָט זיך אַרומגעדרייט אין איר אינגעווייד, ווי אַ מויז אין אַ ליידיקער נאָרע. אירע קראַנקע לונגען האָט זי תמיד באַגאָסן מיט אַלקאָהאָל, מיט רויש און הפקרות. איצט, זינט דאָס רויִקע לעבן האָט זי אַריינגענומען אין זיך, דווקא איצט, ווען זי היט אָפּ איר געזונט, באַווייזן זיך בלוט־פלעקן אויף איר נאָזטיכעלע, אין וועלכן זי שפּייט אַריין.

דער ליטוואַק פלעגט זי טרייסטן און לערנען אַ ביסל יידיש. ער האָט זי אויסגעלערנט יידישע לידלעך, וואָס מען פלעגט זינגען ביי זיי אין דער ליטע און כּוואַנאַ האָט נאָכגעזונגען. דאָס דאָזיקע זינגען האָט אַרויסגערופן ביי דאָניען אַ צעפּראַלטן שמייכל נישט דערפאַר, וואָס זי זינגט, אָדער רעדט געציילטע יידישע ווערטער, נאָר דערפאַר, וואָס זי רעדט מיטן זעלבן ליטווישן אַקצענט — פאַרבייטנדיק די „שין" פאַר אַ „סמך".

איינמאָל, ווי דער שטייגער איז געווען, איז דער ליטוואַק געקומען מיט אַ נייעם פּלאַן.

אַזוי ווי די יק"א האָט איצט אָנגעהויבן אַן אַקציע צו קאָלאָניזירן אימיגראַנטן און איינגעזעסענע יידן אויף „אייגענער ערד", לכן, זאָל ער, דן, גיין פאַרשרייבן זיך פאַר אַן ערד־אַרבעטער.

ער איז מיט אים געגאַנגען צום „פאַרשטייער" און אויף דער פראַגע, צי איז ער פאַרהייראַט, איז דאָניע רויט געוואָרן, און דער ליטוואַק, וואָס האָט נישט געקענט גיין מיט „הינטער־וועגלעך", האָט דערציילט דעם „גאַנצן אמת", און צוגעגעבן, אַז אויב מען נעמט אָן נאָר „חתונה־געהאַטע", וועלן זיי גיין אין טריבונאַל און אַרויסנעמען אַ ביכל...

דער פאַרשטייער האָט נישט דירעקט אָפּגעזאָגט, נאָר געהייסן קומען און קומען, ביז איינמאָל האָט ער געענטפערט, אַז ער מוז אָוועק־שרייבן וועגן דעם קיין פּאַריז, צו דער פאַרוואַלטונג פון דער יק"א... האָט דער ליטוואַק געזען, אַז דאָס איז אַ פוילער תירוץ, האָט ער געהייסן, דאָניע זאָל מיט אים אויך שלאָגן איבערן קאָפּ...

דעמאָלט ערשט האָט דער ליטוואַק קלאָר געמאַכט די לאַגע, אַז אייגנטלעך „זענען מיר אַ פאַסקודנע פאָלק" און „מיר אַליין פאַרשליסן זיך אין אַ געטאָ. נישט מיר גייען אַרויס און נישט מען לאָזט צו אונדז אַריין. די איטאַליענער האָבן גאָרנישט קיין מורא פאַר דעם, אַז זייער ראַסע וועט אונטערגיין, אויב זיי זענען זיך משדך מיט די דייטשן. די רוסן, דאָ הי, מישן זיך אויס מיט די פּאָרטוגעזער — נאָר מיר ציטערן פאַר דער אייגענער יידישער הויט, פאַר דעם אתה־בחרתנו!..."

דאָניע האָט אַפילו ווינציק־וואָס פאַרשטאַנען זיינע „הויכע רייד", אָבער

געפילט האָט ער, אַז איבער איר, דער ניכפּה, האָט ער זיך אַזוי אַריינגע־פלאַנטערט, פונוואַנען עס איז שווער אַ פוס אַרויסצושלעפּן...

פאַר אים זענען אַנגעשווומען די טעג פון זיינע יונגע יאָרן, נאָך איידער ער איז אַהער געקומען אין דער „מדינה" אַריין. פלוצלינג האָט אין דעם שאָטן פון די פּאַלמעס אויפגעגרינט דאָס טרויעריקע, מידע פּנים פון זיין מאַמען. אַזוי פיל יאָרן ווי ער האָט פון איר נישט געטראַכט, נישט געדענקט אַפילו, אַז אַזאַ איז דאָ אויף דער וועלט, און האָט ער זיך יאָ עפּעס דערמאָנט, איז עס געווען ווי אַן אָפּשיין פון אַ ווייטן חלום, ווי אַ געדעכעניש פון אַן אַנדער גילגול. איצט האָט דאָס שטעטל זיינס, זיין מאַמעס געסל, אויפגעהעלט מיט דער גאַנצער קלאָרקייט פון אַמאָל.

אַלע מענטשן — דער רב, דער גלעזער לייבוש, אסתר קניפּלס און נאָך, זענען אויפגעשטאַנען, אין זיין רעיון, ווי צו תחית המתים. אַלע פאַרגעסענע און אָפּגעטויטע זאַכן האָבן זיך אַ רוק געטאָן פאַר זיינע אויגן און אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער איז צוריק יונג געוואָרן און דעריבער אויך ווידער להכעיסדיק...

כואַנאַ, וואָס האָט געלויערט מיט איר בליק איבער זיין פּנים און געלייענט זיינע געדאַנקען, ווי עס לייענט אַ גרויסער געלערנטער די געהיימע שריפט פון היעראָגליפן, האָט באַמערקט, ווי זיינע אויגן צע־שפּילן זיך און אַ ברייטער שמייכל צעלויפט זיך איבער זיין פּנים. האָט זי זיך שוין נישט געקאָנט איינהאַלטן, איז צו צו אים, באַדעקט מיט קושן אַן אַ פאַרוואָס און אַן אַ פאַרווען און זיך געלאָזט צוריק צו איר אַרבעט אָן אַ וואָרט. ער אָבער האָט זי אָנגעכאַפּט און זי צוגעצויגן צו זיך:

— דו ווייסט, כואַנאַ, אַז איך האָב אַ מאַמע?

— וואָס? ווי גרויסאַרטיק! — האָט זי אַרויסגעזונגען מער מיט די צעפלאַמטע אויגן, ווי מיט דעם מויל.

און דאָניע האָט צוגעלייגט:

— שוין לאַנג זי נישט געזען און פון איר נישט געהערט.

— ס'איז ווייט, דאָמינגאָ?

— דאָרטן!

ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אָנגעוויזן מיטן פינגער

צו דער זייט פון ים. זי האָט פאַרשטאַנען, כאָטש נישט געננוי געוווסט, וואָס דאָס איז.

כואַנאַ האָט זיך אַ רגע פאַרטראַכט און באַלד דערנאָך אויפגעשטעלט:

— דאָמינגאָ „קערידאָ", לאָמיר פאָרן אַהין צו דיין מאַמען, זאָל זי אונדז בענטשן.

דאָניע האָט אויפגעריסן די אויגן, אַזוי גרויס, ווי ער וואָלט געוואָלט דאָס וואָרט אירס דערזען.

זי האָט זיך ווייטער געבעטן:

— דו מיינסט, דאָמינגאָ, אַז איך ווייס נישט, אַז דיר איז דאָ שלעכט? אַז דיינע „פייסאַנעס" ווילן דיך אויף די אויגן נישט לאָזן?

— ווער האָט עס דיר געזאָגט?

— דיין קאָמפּאַניערא, דער „רוסאָ", און איך ווייס אַפילו פאַרוואָס אויך.

— נו, פאַרוואָס?

— איבער מיר, ווייל דו האָסט מיך אַרויסגענומען פון „הויז".

כואַנאַ, וואָס האָט אייגנטלעך, ווי אַ סך אַנדערע פון איר שטייגער, נישט געקענט מאַכן דעם אונטערשייד פון „די" ביז „יענע" יידן, האָט געמיינט, אַז זיי טראָגן אַ כעס אויף אים, וואָס ער האָט זי „אַרויסגענומען" פון דעם לעבן.

פאַר דאָניען האָבן זיך איצט גענומען דרייען רעדער פאַר די אויגן, איינס האָט אינעם אַנדערן אַריינגעשווינדלט, אַזוי פיל בילדער, אַזוי פיל דורכגעלעבטע טעג, אַזוי פיל צער, בענקעניש און זוכעניש.

גראָד איצט, בעת ער האָט זיך געוואַקלט, צי זאָל ער אָננעמען איר פאָרשלאַג און פאָרן מיט דער „כלבטע" אַהיים, האָט זיך אין די שווינדל־רעדער מיטגעדרייט אַ פּנים — אפשר מיט טויזנט העלע שאָטנס, און דאָס איז געווען אַנדזשעליטעס געשטאַלט...

שוין וואָכן, אַז זי איז אים אינגאַנצן אַרויס פון זינען. און ווען ער האָט יאָ אַמאָל אַ טראַכט געטאָן וועגן איר, האָט עס אים נישט געצויגן ביים האַרצן, ווי עס פלעגט אים ציען. ער האָט גאַנץ גוט געקאָנט איינ־שלאָפן לאָזנדיק שטיין איר געשטאַלט פאַר זיינע אויגן...

און איצט. ביים ערשטן אָנקלונג אין זיין געמיט, אַז ער זאָל פאַרלאָזן

דאָס לאַנד, איז זי געקומען זיך דרייען פאַר אים אין טויזנטער רעדער. דער גאַנצער אומרו האָט צוריק אויפגעציטערט אין זיין האַרץ. זיינע טריט האָבן געשפּאַנט גיך איבערן צימער, ווי ער וואָלט אויף גליענדיקע קוילן געטראָטן. ער האָט געבעטן, זי זאָל זיך אָפּטראָגן, ווי מען בעט עפּעס אַ גייסט, ער זאָל זיך דערווייטערן. ער האָט געוווסט און פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט זי גורם געווען, זיין לעבן זאָל צעשטיקלט און צעשפּליטערט ווערן; אַז מיט איר, מיט אַנדזשען, וואָלט ער געגאַנגען אויף די שפּאַלטן פון דערלייכ־טערונג און דערהויבונג; און אַז ווען ער וועט זיך ווידער איצט לאָזן פאַרפירן פון איר אָפּבילד, וועט עס אים ווידער אַריינציען אין די בעצן און ער וועט נאָך טיפער זיך פאַרפּלאָנטערן.

ווי מען פאַרטרייבט מיט אַ קמיע עפּעס אַן אָנשיקעניש, האָט ער אַנדזשעס געשטאַלט געוואָלט פאַרטרייבן פון זיך מיט דעם, וואָס ער איז אַרויפגעפאַלן אויף כואַנאַס האַלדז, זי געקושט, געביסן, כאָטש עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער קושט עפּעס אַזאַ קאַלטע ליימענע זאַך, אָדער גאָר אַ שטיין, אַ פעלדז.

✶

דער איינציקער, וואָס האָט זיי באַגלייט איז געווען דער ליטוואַק. כאָטש איינגאַנצן מסכים צו זייער באַשלוס איז ער נישט געווען. ער האָט געהאַט פאַר זיי אַן אַנדערע עצה: זיי זאָלן פאָרן זיך קאָלאָניזירן אין „מאָטע יערבאַ". אָבער זיין אידעע איז געקומען שוין נאָך זייער באַשלוס. האָט ער זיי באַגלייט, ווי מען באַגלייט מאַרטירער. זיי געווונטשן גליק און רו אויף זייער וועג.

ווען די שיף האָט זיך געשניטן טיף אין ים אַריין, האָבן נאָך ביידע, דאָניע און כואַנאַ, געזען צווישן דער געדיכטער, רירעוודיקער מענטשן־מאַסע אויך דאָס ווייסע טיכל פון דעם ליטוואַקס פאָכענדיקער האַנט. כואַנאַ איז געווען געלייטערט אין איר גליק. איר האָט זיך איצט אויסגעדאַכט, אַז דאָס דערווייטערט זי זיך פון דער וועלט, פון אַלע מענטשן און פון דעם לאַנד, וואָס האָט אויפגעפרעסן איר גוף. איצט איז זי בלויז נשמה און דערביי — די נשמה פון איר הייס־באַגערטן, פון איר אייביק אויסגעחלומטן דאָמינגאָ.

## פינפטער טייל

# דער גאסט אין שטעטל

### קאַפּיטל איינס

דער געלויף אין שטעטל איז געווען אַזוי גרויס אָנצוקוקן דעם „תכשיט", אַז סאַוויצקעלע דער „מיליציאַנט" האָט געמוזט אַרויסרופן „הילף" — די צוויי אַנדערע פּאָליציאַנטן, און מען האָט גענומען באַוואַכן אַבעלע פּאַפּיראָסניקס גאָרקיד.

די ערשטע, וואָס האָבן זיך אַריינגעריסן אינעווייניק, זענען געווען אַ זעקס ווייבער:

צוויי מיט זיידענע שלאָפּקופּקעס, אַרומגענומען ביים שטערן מיט איינשניידנדיקע בענדלעך; צוויי האָבן געטראָגן שוואַרצע הייבלעך מיט זשעטענע טשיפּעקעס. איינע האָט גאָר געטראָגן אַ דאַרקעלע, וואָס האָט איינגעהילט דעם קאָפּ, די באַקן, אַפילו די גאָמבע און פאַרשלייפט ביים האַלדז. די זעקסטע איז געווען אין אַ שייטל פול מיט פעדערן, און פון אונטערן שייטל זענען אַפּירגעקראָכן גרויע האָר.

די זעקס ווייבער האָבן מיט צענומענע פּיס געשפּרייזט איבער די טרעפּ, גלייך צו דעם צימער, ווו דאָניע האָט זיך געפונען, אויפּפּראַלנדיק די טיר, זענען זיי געבליבן אַ ביסל געפּלעפּט. זיי האָבן דערזען פאַר זיך אַן אויסגעוואַקסענעם מענטש, אַ ברייט־ביינערדיקן מאַנסביל מיט שטריכן פון יאָרן, שווער איבערגעלעבטע, אויפן פּנים. זיי זענען דעריבער געבליבן שטיין ביי דער טיר, ווי אַ גרופּע צונויפגעטוליעטע הינער אָן לשון.

דאָניע האָט באַטראַכט די יידענעס, און ווי נעכטן ביינאַכט צו פּעלטע בעל־עגלה, האָט זיך די גאַנצע מראה אויף אים צעשמייכלט און זיך אָנגערופן:

— נו, וואָס מאַכט מען?

— ס׳קאַצל קומט! אַ יונג אַרויסגעוואַקסן, קיין עין־הרע, אַ בוים.

פינף טיפע זיפצן פון די פינף ווייבער האָבן שיר נישט דורכגעעגבערט די ווענט.

דאַניען איז געוואָרן מיטאַמאָל הייס און ענג, ווי מען וואָלט דורך אים דורכגעלאָזט אַ הייסע פּאַרע.

ער האָט מורא געהאַט פאַר נאָך אַ זיפץ. אָבער גאָרנישט לאַנג האָט דאָס געדויערט, ווי פון הינטער אַ גרויסער, שוואַרצער פּאַטשיילע האָט אַ קול אַרויסגעקרעכצט, ווי אויף אַ לויז־געוואָרענער סטרונע:

— די מאַמע וואָלט דאָס דערלעבט...

דאַניע האָט גלייך דערקענט דאָס וואָרט „דערלעבט״. ער האָט זיך אַ ריס געטאָן, ווי אַן אָקס אין שפּאַן. די אויגן זענען ביי אים געוואָרן גרעסער און האָבן זיך אַרויסגעזעצט אויף די ווייבערס פּנימער.

די פינף אַנדערע ווייבער האָבן דערוויייל גענומען באַקרעכצן די אייזשעכע, אויסגערעכנט אַלע גוטע מעשים אויף איר קאָפּ, אַז זי איז געווען אַ צדקת, אַ שטילע טויב, זי איז אָפּגעקומען אויף דער וועלט, און צום סוף: נישט זוכה געווען צו זען איר „בלוט און פליייש״, דאַניעלען — אַזאַ לייט אויסגעוואַקסן. אַנידערגעפאַלן מיט די צווי קוישן אויבס אונטערן אָרעם, זיך אונטערגעריסן און עס איז פון איר האָרעוואַניע אַפילו נישט געווען קיין תכריכים, געמוזט אין פרעמדע בגדים באַגראָבן ווערן.

דאָס לעצטע האָט צו דאַניען געקלונגען ווי אַ פאָרוווּרף, און ווען איינע מיט אַ שלאָפקופּקע האָט זיך געווענדט צו אים:

— האָסט כאָטש קדיש געזאָגט?

האָט ער זיך שוין נישט געקענט דערהאַלטן אויף די פיס און מיט דער שווערקייט פון אַן אונטערגעזעגטן בוים האָט ער זיך געגעבן אַ זעץ אַנידער אויפן ראַנד פון בעט, אַז די פיסלעך האָבן זיך געגעבן אַ וויג. כוואַנאַ, וואָס איז פעסט געשלאָפן אין פרימאָרגן־שלאָף, האָט זיך געטאָן אַ כאַפּ־אויף און אַ הייב קאָפּיר דעם קאָפּ, און עס איז אַנטפּלעקט געוואָרן פאַר די ווייבער עפּעס אַ רעטעניש: נאַקעטע הענט, דעקאָלטירטער האַלדז, און שוואַרצע „קלאַקעס״.

כּוֹאַנעס ראַפּטעמדיק אויפזעצן זיך האָט זיי איבערראַשט. פריער איז זי געלעגן אײַנגעקנוידערט אין בעטגעוואַנט און געאָטעמט אין די פּעדערן אַריין, האָט עס קיינער נישט אָנגעזען.

זי האָט גיך געכאַפּט אויף זיך אַ זיידענעם מאָרגן־ראָק, און אַריינגעטאָן אירע פיסלעך אין רויטע, אויסגעבעטע פּאַנטאָפעלעך. די ווייבער האָבן נאָר געזען אירע זיידענע „פּידזשאַמעס" און דעם דיקן טראָלד פון איר טייערן שלאָפראָק.

כּוֹאַנאַ האָט מיט ציטער עפּעס גערעדט צו דאָניען. אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף זיין שטערן. ער איז געקומען צו זיך און זיך געזעצט אויפן ראַנד פון צווייטן בעט.

די זעקס מיילער פון די ווייבער, וועלכע זענען געווען ווי זעקס שפּאַלטן אויסגעהאַקט אין שטיין, זענען איצט רירעוודיק געוואָרן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מורמלעריי: „ווער איז די נקבה"?

— ווער איז די נקבה?

דאָניע, וואָס איז געוואָרן ווייך צו די ווייבער, ווייל אַזוי האָט זיך אים אויסגעוויזן, וועט בעסער זיין פאַר זיין מאַמען, האָט געענטפערט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ:

— פון איין שטאָט.

— און אונטער איין דאַך מיט אַ פרעמדער?!

מער האָט שוין דאָניע נישט געהערט קיין ווערטער. אים האָט זיך געדאַכט, ווי די שלוזן פון דעם פּריצס סטאַוו האָבן זיך געעפנט און דאָס וואַסער פאַלט אַזוי אַראָפּ אויף זיין קאָפּ.

כּוֹאַנאַ האָט זיך געטוליעט און געצערטלט צו אים. זי האָט דערקענט, אַז זיין ביטער געמיט האָט זיך שוין אָנגעהויבן, און אַז עס וועט אַוועקגיין אַ גאַנג פון שווייגעניש און דריקונג. זי האָט עס נישט געוואָלט, איר איז גוט געווען, דאָ, אין זיין „פּאַטריאַ", אין דעם שטעטל, ווו ער איז געבוירן געוואָרן. איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי זאַפּט איין דעם ריח פון דער ערד אין זיך, און די ערד איז פול מיט דאָניעס אָטעם.

זי איז צוגעשטאַנען צו אים, ער זאָל איר זאָגן, וואָס די פרויען האָבן געוואָלט און פאַרוואָס זיי זענען אַנטלאָפן ווי אָפּגעבריטע?

האָט איר דאָניע דערציילט:

— מיין מאַמע איז געשטאָרבן.

כואַנאַ האָט ברייט אויפגעריסן אירע אויגן און אין זיי איז געלעגן אַן אומענדלעכער, טיפער טרויער.

זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קניעס, צונויפגעלייגט די הענט, איינגעשלאָסן די פינגער איינע אין די אַנדערע און תּפילה געטאָן.

ווען זי האָט אויפגעהויבן די אויגן צום סופית, האָט דאָניע געזען, ווי זיי זענען פאַרגאָסן מיט אַ גלאַנציקער שוואַרצקייט און ריזעלעך טרערן האָבן זיך געצויגן איבער דער לענג פוןביידע באַקן.

אַנשטאָט זי זאָל אים איינבעמען, האָט זי זיך געטוליעט צו אים, האָט אַליין געוואָלט געצערטלט און געטרייסט ווערן, ווי עס וואָלט איר אומגליק געווען, ווי עס וואָלט איר מאַמע געווען. זי האָט געפרעגט דורך טיפן צער:

— שוין לאַנג?

— איך ווייס נישט.

האָט זי זיך געטאָן פלינק אַ הייב־אויף, גענומען אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם מאָרגן־ראָק, גרייטן זיך אָנצוטאָן און געזאָגט צו אים, כמעט באַפעלעריש:

— דאָמינגאָ, מיר וועלן קויפן בלומען און גיין צו איר קבר.

✶

אַבעלע פּאַפּיראָסניק האָט געטראָפן דאָניען אַראָפּגיין פון די שטיגן. הינטער אים האָט זיך נאָכגעשאַרט כואַנאַ.

— ווּהין, דאָס? ווּ גייט מען? — האָט אַבעלע געפרעגט. כואַנאַ איז שטיין געבליבן מיט איין פוס אויף אַ טרעפּל און דער צווייטער איז געבליבן הענגען אין דער לופטן, גלייך דער פוס וואָלט געוואַרט אויף אַן ענטפער. און דאָניע האָט געענטפערט שוין פאַרביידן:

— אויפן גוטן־אָרט.

— נישט גלייך איצט, פרייטיק, קורצער פרייטיק... דער עולם... — האָט אַבעלע געמורמלט און ער איז געווען זיכער, אַז דאָניע פאַרשטייט אַפילו דאָס, וואָס ער האָט נישט דערזאָגט.

לאַנג איז דער שמועס אויף די טרעפּ נישט אָנגעגאַנגען. אַבעלע האָט נאָר איילנדיק דערקלערט, אַז עס איז נישט כדאי זיך איינצורייסן און אויפשטעכן די אויגן. זאָל ער וואַרטן ביז זונטיק, וועט מען שוין זען, עס זאָל זיין שאַ...

איז אָנשטאָט אין מאַרק אַריין, איז גאָר דאָניע אַריין אין אַלקער, וואָס האָט געדינט פאַר אַבעלעס פּערזענלעכן עס־צימער. דאָס איז געווען אַן אָפּגעצוימט ווינקל פון דער גרויסער גאָרקיך, מיט עטלעכע דינע ברעטלעך, פאַרקלעפּטע מיט געבלימט פּאַפּיר. דאָרט איז אויך געשטאַנען אַחוץ אַ טיש, אויך אַ שויבן־שענקל מיט אָפּגעקראָכן זילבערוואַרג. אויף דעם שענקל איז געלעגן זיין שבתדיקער טלית, אַ צוואָרפּענער און עס האָט אויסגעזען, ווי אַ באַרג מיט ווייסע און שוואַרצע פּאַסן וואָלט זיך דאָרט געוואַלגערט. אויף דער איינציקער, אמתדיקער וואַנט איז געהאָנגען אַ בילד פון ווילנער גאון, און אין דעם רעמל האָבן געשטעקט עטלעכע איינגעפּעדעמטע נאָדלען מיט פאַרשידענע פעדים.

כוואַנאַ, אַן אומצופרידענע, איז צוריק אַרויסגעגאַנגען אין איר שלאָף־צימער, און אַבעלע האָט גענומען אַריינאַרבעטן אין דאָניען, ער זאָל אים אויסזאָגן דעם אמת, ווער די נקבה איז און וואָס זי איז צו אים:

— אַ ווייב?

— ניין.

— אַ כלה?

— אויך נישט.

— וואָס דען?

— וואָס, וואָס דען?

— זי איז דאָך אַ נקבה?

— איז זי.

— איז נישט גלייך, און קיין נחת פאַר דער מאַמען אין קבר איז עס אויך נישט.

דאָס לעצטע וואָרט האָט געווירקט. דאָניען האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס האַרץ מאַכט אין אים קאָזשעלקעס, דרייט זיך און קאָטשעט זיך איבער.

דאָ איז אים געוואָרן עפּעס אינגאַנצן ליידיק, און דאָ — פּול. ער האָט מורא געהאַט פאַר אַבעלעס רגעדיקן שווייגן און איז פאַרלאָפן:

— זי איז פון איין שטאָט, פון דאָרט, איז וואָס איז?

— ס'איז גאָרנישט — האָט אַבעלע צוגעגעבן — וואָס זאָל זיין? אַז דו ווילסט חתונה האָבן, האָט מען, אָבער אַזוי וואָס? כ'קען דיך נישט? און ווען כ'קען נישט דיין מאַמען, וואָלט איך דיר נישט פאַרדונגען.

אַבעלע האָט זיך אָפּגערוט און געשוויגן כיטרע, גלייך ווי ער וואָלט איבערגעציילט דאָניעס געדאַנקען, יעדן טראַכט זיינעם באַזונדער. דערווייל האָט דינהלע אַריינגעטראָגן טיי, ווי פאַר מעשה פריץ, אויף אַ טאַץ.

אַבעלע האָט צוריקגערופן דינהלען, ווען זי האָט שוין געהאַלטן ביים אַריבערשפּרייזן דאָס דינע שוועלעכל פון אַלקערל. ער האָט זי אָנגענומען ביי דעם דינעם הענטל, זי זאָל זיך נישט אַרויסרייסן און געפרעגט דאָניען:

— דו געדענקסט זי?

— אַ מויד אויסגעוואַקסן, — האָט דאָניע זיך געמאַכט שמייכלען און אויסגעשטרעקט זיין האַנט.

דינהלע האָט געטאָן אַ קני, זיך פאַרנייגט ווי אַ שול־מיידל און געמיינט, אַז זי איז רויט געוואָרן.

— איך געדענק אויך דעם פאָן — האָט זי צוגעהנדלט צו דאָניעס שמייכל, וואָס איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן.

— אַ ווייל קינד, — האָט אַבעלע צוגעגעבן, ווען זי איז שוין געווען פון יענער זייט פאָרהענגל, — אַן איידל קינד, אויב דו האָסט אַ פאָר טויזנט דאָלאַר, קען מען שמועסן.

דאָניע האָט זיך געפילט געשמייכלט, נישט פון דעם ענין גופא, ווי וועגן דעם, וואָס ער זיצט איצט ביים טיש מיט אַן עלטערן מענטשן, מיט אַבעלען. ער געדענקט אים נאָך פון אַמאָל: ווען ער, דאָניע, איז נאָך געווען אַ לאָבוסל, איז שוין דער „פּאָפּיראָסניק" געווען אָט אַזאַ ווי ער איז היינט. נישט מער — די ברוינע באָרד איז ברודיק־גרוי געוואָרן, און די אויגן האָבן גענומען אויסקוקן ווי בלינד.

און אַז דאָניע האָט געשוויגן, האָט אַבעלע שוין געוואָלט דעם גאַנצן אמת וויסן:

— צו וואָס איז זי מיטגעקומען?

דאָניע האָט געוואָלט זיין טראַציק און נאָכגעביק, האָט ער געשוויגן און געטיינט, אַז ער האָט געענטפערט. דינהלע איז דערוויל אַריינגעקומען אַלעמאָל מיט אַן אַנדערן תירוץ, אַלעמאָל עפּעס אַנדערש דערלאַנגט צום טיש און ביי יעדן מאָל אַריינקומען, איז זי געוואָרן היימישער און אויפגע־לייגטער צו דאָניען.

דער מאָלצייט האָט זיך געצויגן שעהן. מען האָט געגעסן וואַרעמע, זיסע, געהאַקטע פיש אויסגעברוינט אין ציבעלעס און פעפער. מען האָט דערלאַנגט פעטע, געטריקנטע פאַרפל מיט גריוון, דערנאָך מערן, וואָס יעדעס רענדל האָט מען געקענט באַזונדער ציילן.

ערשט שפּעטער האָט זיך דאָניע געכאַפּט, אַז „זי" האָט נאָך גאָרנישט אין איר מויל געהאַט, איז ער אַרויף „אויפן בוידעם" און געטראָפן כּואַנען כמעט אַ פאַרקייכטע אין אַ טרוקענעם הוסט. ער איז שוין דעם טאָג נישט אַרויסגעגאַנגען, געזעסן לעבן איר און שווער געשוויגן.

ביינאַכט זענען געקומען געסט. דאָס זענען געווען זיינע חברים, לאָבוסעס ווי ער. ער האָט מיט זיי אין קנעפּ געשפּילט, צוזאַמען באַפּאַלן די שקצים און אויסגעריסן „סטרונעס", פון די פערדס וויידלען. איצט זענען זיי עפּעס ווי פרעמד־וועלטיקע, צוריקגעהאַלטענע און פאַרשעמטע. זיי שווייגן און שמייכלען נאַרישעוואַטע און ווערן ווי פאַרלוירן אין דאָניעס אָפנקייט און פרייקייט.

עס האָבן זיך גענומען יאַוועון פאַמיליעס פון דער מאַמעס צד און טאַטנס צד, אַזעלכע, וועגן וועלכע דאָניע האָט קיינמאָל נישט געהערט און נישט געוווסט. די זעקס ווייבער זענען איצט געוואָרן וויכער און מילדער, מען האָט צו־רו געלאָזט די מאַמע אין קבר און „געזונגען זמירות" וועגן טאַטקעלע זיינעם, וואָס איז ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן און מען זאָגט, אַז די „עסטרייכער" האָבן אים צוגעשטעלט צו אַ ביימל און דערשאָסן צוליב אַ מעשה מיט גניבישע, זעלנערישע פערד.

איינע פון די זעקס ווייבער האָט דערציילט, ווי אַזוי זי איז אַמאָל

נאָכגעלאָפן דאָניען, וואָס האָט געכאַפּט אירס אַ הון און געוואָלט נישט אַנדערש ווי אָפּדרייען דאָס קעפּל; וואָס זי האָט אין אים אַריינגעלייגט דעמאָלט, וואָלטן צען פּויערים געגוג געהאַט...

די יידענע האָט געמיינט דערמיט צו שמייכלען דאָניען, געוואָלט אונ־טערשטרייכן, אַז עס איז באַשערט אַ לייט צו ווערן, פּאַרט מען אַוועק אין דער פרעמד און מען ווערט עס. אין דאָניען האָט אָבער געזאָטן דער כעס פאַר די דאָזיקע „דערינערונגען". ער האָט פיינט געהאַט אָט־דאָס שעמעוודיקייט פון זיינע „חברים", די באַרעדעוודיקייט פון די ווייבער, ער האָט געברענט, ווען אַן אַנדער ווייבל האָט דערציילט, ווי זי מיט זיין מאַמען, די אייזשעכע, האָבן אַמאָל אים, דאָניען, געשאָבן דעם פּאַרך...

די „יונגען", די חברים זיינע, מיט די ווייבלעך זייערע, מיט קינדער און זויג־קינדער זענען געזעסן צעזעצט אין זיין צימער, אויף „טאַבאַרעט־קעס", אויף בענק, און אויף די ראַנדן פון דעם בעט, האָבן געשיילט באַניקערן און געשפּיגן די שאָלעכץ קעגנאיבער דעם פלאַם פון נאַפט־לאָמפּ, כואַנאַ איז נישט געווען אין זעלביקן צימער. זי האָט געמוזט ליגן אויף די פּלייצעס און זיך נישט באַוועגן. אַבעלע „פּאַפּיראָסניק" האָט נאָך בייטאָג באַזאָרגט, אַז „זי" זאָל זיין אָפּגעשיידט פון אים, אַז זי מוז „שטיין" אין אַ באַזונדערן חדר, אַז ביי אים איז נישט קיין „אָפּן הויז", בפרט עס איז דאָ אַ מיידל אין שטוב...

דאָס מיידל איז אָבער איצט געזעסן אונטן, אין אַבעלעס אַלקער. זי האָט געלייענט אַ „פּויליש ביכל" און סאַוויצקעלע איז געזעסן לעבן איר, געהאַלטן צונויפגעקוועטשט אירע ווייסע פינגער אין זיין האַנט. ער האָט אויסגעהערט, וואָס זי האָט געלייענט, און פאַר אַנטציקונג געגעבן אַלעמאָל אַ דריק די פינגער אירע, אַז דאָס דינע רינגעלע אויף איר מיטלסטן פינגער האָט זיך געגעבן אַ שניט איין אין די איבעריקע. האָט זי געגעבן אַ געשריי, אַ פאַרבייס מיט די ליפּן, און מיט דער צווייטער לויזער האַנט געפּאַטשט צו אים: ער זאָל זיך שוין אָפּטראָגן!

האָט סאַוויצקעלע זיך צוערשט אַרומגעקוקט, צי דער „סטאַרי" קומט נישט אָן, אַ שרויף געטאָן ס׳רינגעלע אויף איר פינגער, געפּרוווט, צי עס איז לויז און דאַן אַריינגעכאַפּט אין מויל, אויסגעצויגט, געכאַפּט די

שווערד אין דער האַנט אַריין, אַרויסגעלאָפן און אַפילו פאַרגעסן צו זאָגן „דאָבראָנאָץ״...

ווי נאָר אַבעלע פּאַפּיראָסניק האָט געהערט דעם קלונג פון דער שויבן־טיר, אין וואָס ער האָט דערקענט, אַז דער „גוי״ איז שוין אַרויס, איז ער גלייך אַוועק פון זיין „שיר השירים״ און געהייסן, דינהלע זאָל אַ ביסל אַרויפגיין „צום גאַסט״ מיט אים עפּעס רעדן. ער האָט געמוסרט: עס איז נישט גלייך, הייַנטיקע צייטן זאָל אַ מיידל זיין אַזאַ פאַרשלאָפענע...

האָט דינהלע אַרויסגענומען פון קאָמאָד אַ ווייס קעלנערל מיט געשטייפטע שפּיצעלעך, עס אָנגעטאָן אַרום האַלדז. אויף דעם ברוינעם קליידל האָט זי אַרויפגעצויגן אַ שוואַרץ אַלפּאַגע פאַרטעכל מיט שעלקעס, אַריינגעלייגט אַ פינגער צווישן די בלעטלעך פון „פּוילישן ביכל״ און איז אַרויף צום גאַסט.

די געסט, וואָס האָבן געקנאַקט די „קערעלעך״, האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ ביי איר אַריינקומען: „גוט־שבת״. מען האָט איר געזאָגט „קאָמפּלימענטלעך״, אַז זי זעט אויס ווי אַ פּרינצעסין, מען האָט גענומען טרעפן, וויפל דאָס פאַרטוכל קאָסט, און זי, מיט איר געמאַכטער נאַיוויטעט, האָט אויף אַלעם געענטפערט מיט אַראָפּגעהאָנגענע אויגן.

ענדלעך האָט זי געפרעגט דאָניען:

— ווו איז די פּאַני?

דאָניע האָט נישט געענטפערט. עס האָט זיך אָפּגעפרעסט אַ שווייגן. דינהלעס נאַיוו־געמאַכטע פראַגע, ווי אַ קינד, וואָס פרעגט זיך עפּעס און ברענגט עלטערע אין פאַרלעגנהייט, איז געבליבן הענגען אין דער לופטן.

דינהלע האָט גוט געוווּסט, אַז מען האָט זיי „פונאַנדערגעשיידט״. סאָוויצקעלע האָט עס אַפילו אויך געוווּסט און האָט געזאָגט אַ פּאָר גראָבע וויצן אויף דעם חשבון. זי האָט געוווּסט, אַז די „פּאַני״ איז אין אַ באַזונדער חדר, זי איז ביי איר עטלעכע מאָל געווען, דינהלען האָט געררייצט אַ נייגעריקייט. זי האָט באַטראַכט מיט דאַרשטיקייט אירע זיידענע פּידזשאַמעס, די געבלימטע שלאָפראָקן, די זיידענע קליידלעך און דורכ־זיכטיקע זאָקן. זי איז געזעסן שעהן ביי איר אין צימער און מיט שטום־

לשון, מיט פינגער־שפּראַך, זיך „אויסגעפּרעגט" וועגן אַלע זאַכן. זי האָט זיך אָנגעמאָסטן די „קאָפּעליושן", וואָס די „פּאַני" האָט מיטגעבראַכט, זיך באַשפּריצט מיט „אָדעקאָלאָן", געגוצט דעם פּודער און אייגגעזאַפּט אין זיך דעם פּאַרפום, וואָס האָט זיך געריסן פון כּואַנעס האָר.

ווען אַלע זענען שוין געהאַט אָוועקגעגאַנגען, איז דינהלע נאָך געבליבן אין דאַניעס צימער. זי האָט אָוועקגעלייגט דאָס ביכל און גענומען אַ בעזים אויסצוקערן דאָס שאָלעכץ פון די קערעלעך און „מאַכן דאָס בעט". דאַניע האָט ערשט איצט געפונען אַ געלעגנהייט צו ענטפערן אויף איר פריערדיקן פרעגן:

— זיי מיינען דאָס מיידל, וואָס איז מיטגעקומען? זי שלאָפט באַזונדער.

— זי איז אינס אַ קאָלעזשאַנקע?

— יאָ.

— זי געפעלט מיר. זי קען גאָרנישט רעדן קיין יידיש?

— פונוואַנען זאָל זי קענען?

— און פויליש?

— אויך נישט. זי איז דען פון הי?

— וואָס דען רעדט זי?

— בראַזיליאַניש און שפּאַניש.

— איך ווייס דען, וואָס דאָס איז?

— פאַרוואָס זאָלן זי נישט וויסן?

— מען האָט מיך נישט געבילדעט. איך קען נאָר פויליש, דייטש, רוסיש.

— און יידיש?

דינהלע האָט געגעבן אַ ציי מיט דער נאָז, ווי זי וואָלט דערמיט געוואָלט ווייזן, אַז זי איז אַן אינטעליגענטקע. דאַניען איז דאָס נישט געפעלן. ער האָט דערפילט, אַז דער נאַיִווער טאָן, וואָס זי האָט אַזוי קינסטלעך אָנגעהאַלטן, האָט זיך אַפּירגעגליטשט פון איר. זי האָט אים אויפגעהערט אינטערעסירן און ער האָט געענטפערט נישט גערן.

זי האָט אים אויסגעפרעגט, וואָס ער וועט דאָ טאָן, און מיט דער

כיטרעקייט פון איר טאַטן, האָט זי געפּרוּווט „טאַפּן דעם דופק״, וויפל ער פּאַרמאָגט. זי האָט אים דערציילט וועגן די, וואָס זענען געפאָרן קיין אַמעריקע און געקומען מיט שטיקער גאָלד. זי איז געוואָרן גאָר היימיש און אויסדערציילט, וויפל פּאַצעטן עס האָבן געוואָלט „רעדן״ מיט איר. נאָר וואָס דען? דער „טאַטעשי״ האָט נישט געלאָזט.

אַז דאָניען האָבן נישט „גענומען״ אירע רייד, האָט זי גענומען פּאַרציען דאָס מיילעכל ווי מיט שנירעלעך, זיך געשטעלט אויפן אָפּצאַסל און קאָקעטירט. דערווייל איז געשען אַזוינס, וואָס האָט דאָניען איבערראַשט און דינהלען אַריינגעוואָרפן אין טויט־שרעק.

עס האָט קיינער נישט געהערט ווען כואַנאַ איז אַריינגעקומען פון איר חדר. פּלוצלינג האָבן ביידע זי דערזען. אָנגעטאָן איז זי געווען אין זיידענע פּיזשאַמעס און פון אויבן אַ ווייסן, יאַפּאַנישן טוניק. זי איז געווען בלייך און האָט אויסגעזען ווי אַ צעשראָקענע קימפּעטאָרין, ביי וועמען מען האָט דאָס קינד פון בעט אַרויסגעגנבעט. דאָס ערשטע מאָל, זינט דאָניע געדענקט זי, האָט דער צאָרן זיך אין איר געשטיקט, ווי אַן איינגעדעקט פייער. זי האָט דאָניען געגעבן אַ ריס אַוועק פון דינהלעס זייט. און ווען דינהלע, אַ צעחושטע, האָט געפּרוּווט עפּעס זאָגן, האָט כואַנאַ אַ טופּע געטאָן מיטן פוס:

— „קאַזשאַטי לאַ באַקאַ!״

און באַלד דערויף איז זי געפאַלן אויפן בעט און זיך ביטער צעוויינט.

## קאַפּיטל צוויי

אַבעלע פּאַפּיראָסניק האָט דאָניען מיטגענומען שבת אינדערפרי אין שול אַריין. עס האָט אויסגעזען, ווי מען וואָלט דעם חזן צוגעלאָזט דאָס גאַנצע דאַווענען, און זיך פּאַרנומען מיטן גאַסט.

כואַנאַ האָט געוווסט, אַז ער גייט אין דער „איגלעסאַ״ אַריין. האָט זי אים זאָרגזאַם אויסגעפּוצט, אים מיטגעשיקט מיט דעם באַלעבאָס, ווי מען שיקט מיט אַ קינד מיט אַ דערוואַקסענעם אין חדר אַריין. דאָניעס

דערשיינען אין שול האָט ענגער צונויפגעדריקט די ווענט, מען האָט זיך געשפּאַרט איבער אַקסלען און פּלייצעס. דאָניען האָט אַזש גענומען שווינדלען פאַר די אויגן, און פון די „שלום־עליכמס" האָבן אים די הענט געבראָכן.

מען האָט זיך אויסגעפרעגט וועגן פאַרשידענע איינצלהייטן, הויפּט־זעכלעך זאַכן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שייכות צו אים אַליין, נאָר צו דעם „דאָרט", פונוואַנען ער איז געקומען.

מען האָט געוואָלט וויסן, צי איז דאָרט, אין דער מדינה, פאַראַן אַ קייסער, צי איז „פריילאַנד" ווי דאָ, אין פוילן?

און אַז דאָניע האָט דערציילט, אַז דאָרטן איז קיינמאָל קיין ווינטער נישטאָ, און אַז די היצן בריען, ווי אין קאָוואַלס קוזשניע, און אַז די זון שטעכט ווי מיט אָנגעגליטע שפּיזן, האָט מען מויל און אויערן געעפנט פאַר חידוש און שטוינען.

קעגן אָוונט־צו האָט דער רב געשיקט נאָך דאָניען צו „שלוש־סעודות". מיט דאָניען איז מיטגעגאַנגען אַבעלע פּאַפּיראָסניק, און ער האָט עס באַטראַכט פאַר אַ גרויסן כבוד און באַזונדערער זכיה.

דאָניע האָט דעם רב כמעט נישט דערקענט. אינגאַנצן זיך געביטן. בעת ער איז אַריינגעקומען אין רבס בית־מדרש, האָט ער געזען ווי אַ שטיק ווייסקייט שווימט עפּעס אין בין־השמשות, און עס שטייט שוין לעבן אים. געזען האָט ער נישט — נאָר געפילט, אַז אַ האַנט שטרעקט זיך אויס און אַ שוואַכע, אַראָפּגעלאָזטע שטימע מאָנט ביי אים:

— שלום עליכם!

דערנאָך האָט ער געפילט, ווי אַ ווייכע, שלאַבעריקע האַנט וויקלט זיך אין זיינער און באַלד טיילט זיך אָפּ די ווייסקייט און שווימט צוריק צו איר פריערדיקן אָרט — אויבן אָן.

עמעצער האָט דאָניען אָנגענומען אונטערן אָרעם, אים צוגעפירט און אַוועקגעזעצט ביי דער רעכטער זייט פונעם רב, אויבנאָן. ערשט ווען זיינע אויגן האָבן זיך אַ ביסל צוגעוווינט צו דער טונקלקייט, האָט ער געקאָנט באַטראַכטן דעם רב און געזען, אַז ער איז דורך די יאָרן ווייס געוואָרן, ווי אַ ווייסע טויב.

ער אַליין האָט נישט מיטגעזונגען און זיך נישט מיטגעשאָקלט. קיינער האָט צו אים נישט גערעדט. יעדער איז געווען ווי פאַרנומען מיט זיך, אַזוי, אַז מען האָט אין אים כמעט פאַרגעסן. דעם „פּאַפּיראָסניק״ האָט מען נישט צוגעלאָזן צו דעם „אויבנאָן״, און אפשר זיצט ער אינ־גאַנצן נישט ביים טיש, נאָר שאָקלט זיך אַזוי שטייענדיקערהייט. דאָניען האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אַרום דאָ איז אַ טיף פינצטערער וואַלד און די מענטשן זענעןביימער, וואָס שאָקלען זיך אַזוי און רוישן פון אַן אייביקןווינט.

מען האָט דאָניען אַזוי צו רו געלאָזט ביז נאָכן בענטשן, נאָך מעריב דאַוונען און הבדלה. דעמאָלט ערשט האָט זיך דער רב אויסגעדרייט צו דאָניען, זיך אַ צענעם געטאָן די באָרד אין ביידע זייטן און געפרעגט:

— ביסט כאָטש אַ ייד?

די פראַגע איז פאַר דאָניען געווען אומגעריכט. ער האָט זיך דערמאָנט, וואָס דער אייגענער רב האָט אים אָנגעזאָגט, בעת ער איז אַוועקגעפאָרן. ער האָט געענטפערט נישט ווי פאַר זיך, נאָר ווי פאַר עמעצן אַנדערש:

— פאַרוואָס זאָל מען נישט זיין?

די אַרומשטייענדיקע און אַרומגייענדיקע יידן זענען שוין נאָכאַמאָל פאַרלאָפן מיט קשיות: ווי אַזוי מען פירט זיך דאָרט אויף, צי זענען פאַראַן שולן, צי דאַוונט מען מיט אַ מנין, צי איז דאָס מלכות אַ שונא־ישראל? מען האָט אים אויך געפרעגט, צי עסט מען דאָרט כשרות, צי איז פאַראַן אַ שוחט, צי לייגט מען תפילין און צי היט מען אָפּ יידישקייט?

דער רב איז פאַרלאָפן דעם וועג מיט אַ קוועטש פון דער באַק, אַ צי מיט דער פּלייצע און אַ מאַך מיט דער האַנט, גלייך ער וואָלט די אַלע שאלות מבטל געמאַכט:

— וואָס שייך, צי מען היט אָפּ יידישקייט? — און איידער אויסצו־הערן דאָניעס ענטפער, האָט ער געבראַכט ראָיות פון זיך אַליין, פון דער צייט, וואָס ער איז געווען אַ „זאַקלאַדניק״... געמיינט, אַז ער ווייסט דאָרט אויסגיין פאַר הונגער. פונדעסטוועגן האָט ער אָנגעטראָפן אויף יידן, קוים אַ מנין געווען, נו, איז נישט געווען יידיש? אַ שוחט, אַ מקווה אַפילו.

נישט מער, די נקבות האָבן געדאַוונט אויף רוסיש אין איבערגעטייטשטע סידורים.

דאַניע האָט געפילט, אַז ער וואָלט אפשר אויך געדאַרפט דאָ עפּעס דערציילן. נאָר וואָס זאָל ער דערציילן, פון זיין פּאַטראָן, דעם „סעניאָר קאַסטאַראָ"? אפשר גאָר וועגן די יידן פון ריאָ־דע־זשאַניירא מיט די צוויי בית עולמס? וועגן פּעליען? יאָ, ער האָט זיך דערמאָנט, אַז פּעליע שטאַמט פון אַ שטעטל נישט ווייט פון דאַנען — וואָלט דאָך גלייך געווען, ער זאָל דאָס איצט דערציילן דעם רב, און זאָל מען עפּעס טאָן וועגן דעם...

ער האָט שוין געוואָלט אָנפאַנגען, נאָר ער האָט זיך צוריקגעכאַפּט. ער אַליין ווייסט נישט פאַרוואָס, נאָר עס וועט נישט גוט זיין, צוליב איר, צוליב דער „גויע". גלייכער אינגאַנצן זיך נישט וויסנדיק מאַכן.

דער עולם האָט זיך באַגנוגנט מיט דעם, וואָס דאַניע האָט דערקלערט, אַז אין יענע מדינות רעדט מען פּאָרטוגעזיש, נאָר זיי האָבן געוואָלט וויסן, ווי אַזוי מען זאָגט אויף אַ טיש? ווי אַזוי עס רופט זיך געלט? און איינער האָט גאָר אַריינגעוואָרפן:

— לאָמיר זען. זאָג אַ הבדלה אויף יענעם לשון?

די איבעריקע האָבן געלאַכט. דער רב האָט זיך מילד געבייזערט פאַר דער לצנות.

פונדעסטוועגן האָט יעדער געוואָלט וויסן אַ זאַך אַזאַ, וואָס איז אויף דער צונג געלעגן, וועגן דער „זי", וואָס איז מיט אים מיטגעקומען, וואָס מיינט ער מיט זיך, און וואָס וויל ער דאָ טאָן?

נאָך בייטאָג, אין די היימען, האָט מען גענומען אַרויסגראָבן זכרונות פון דאַניעס „בלעטער". מען האָט זיך דערמאָנט אין זיינע „שטיקלעך" און מען האָט מורא געהאַט, אַז עס זאָל עפּעס נישט אַרויסוואַקסן...

אַ טייל פון דעם עולם איז זיך שוין געהאַט צעגאַנגען. עס האָט געשלעפּט די וואָכעדיקייט. חשבונות און מסחר. אין בית־מדרשל זענען נאָך געבליבן די נאָענטע צום רב. אַבעלע איז נאָך פריער אַוועק אונטער־הייצן די קעסלען און „אָפּשטאָפּן" אַ ביסל פּאַפּיראָסן, האָט זיך ערשט ערשט דעמאָלט דער רב גענומען צו דאַניען, ווי צו אַ הקירה־ודרישה:

— זאָג־זשע מיר, מיין זון, ווי מען שמועסט ביסטו נישט געקומען אַליין?

— נישט אַליין.

דער רב האָט אַריינגערעדט אין זיינע הענט אַריין, ווי אַ פּרוי ביים ליכט־בענטשן:

— וואָס איז זי דיר, אַ ווייב?

— ניין.

דאָניעס פּנים האָט זיך אָנגעצונדן ווי מיט אַ רויט פייער. דער רב האָט אויף אים געקוקט דורך די שפּאַרעס פון די פינגער און איז אַליין שוואַרץ געוואָרן פון צער. ער האָט פּאַטערלעך, ווייך און מילד געזאָגט:

— ס'איז נישט גלייך אַזוי.

דאָניע האָט געוואָלט עפּעס פרעגן, נאָר אומגעריכט פּאַר אים איז די פראַגע אַרויסגעקומען חוצפּהדיק:

— וואָס איז ענקער דאגה?

דער עולם, וואָס איז געבליבן, האָט געמיינט, אַז דער רב וועט אים „אויסשייגעצן", האָט מען דעריבער געשוויגן און זיך געגרייט, אָבער דער רב האָט מיט דער זעלביקער מילדקייט ווייטער געצויגן:

— וועמענס דען דאגה איז עס, דעם טאַטנס, וואָס מען ווייסט אַפילו נישט, ווו ער איז צו קבר ישראל געקומען? אָדער דער מאַמעס, וואָס האָט נעבעך נישט געהאַט ווער ס'זאָל דעם ערשטן קדיש נאָך איר זאָגן?

דעם רבס דערמאָנען זיין טאַטן מיט זיין מאַמען מיט אַזאַ באַעגטן, מיטפילנדיקן טרויער, האָט אין דאָניען געלאָשן די אויפרעגונג. ער איז געזעסן ווי פאַרשולדיקט און האָט זיך געפּרוווט פאַרענטפערן:

— איך האָב נישט געוווּסט, אַז...

— ווען זי וואָלט ווערט געווען, וואָלט אַנדערש געווען.

דער רב האָט זיך אָבער צוריקגעכאַפּט פון זיין נישט־געלונגענעם אויסדרוק און האָט ווייטער צוגעגעבן:

— ווו איז דער כיבוד אב־ואם? אַ קינד האָט געדאַרפט נאָכפרעגן. די מאַמע האָט זיך אַלעמאָל פאַרקלאָגט, אַז זי ווייסט נישט, ווו דיין געביין איז אַהינגעקומען.

דאָניע האָט געוואָלט „פּאַרגיטיקן" די עוולה, האָט ער אויסגעפּייערט:

— איך וויל אַ מצבה שטעלן, אַ טייערע מצבה!

— זייער איידל, זייער פיין! — האָט דער רב אַלץ ווייטער געצויגן זיין טאָן — וועסט נאָך דאַרפן אַ שעה שבעה זיצן. עס איז שוין נאָכן יאָר, ביסטו פּטור פון קדיש, ערשט צו דעם יאָרצייט. ווען איז זי גע־שטאָרבן? — האָט דער רב ווי מיט אַ ניגון זיך געפרעגט צו די אַרומ־זיצנדיקע, און אַזוי ווי די אַרומזיצנדיקע האָבן געטראָפן אין פאַרשידענע צייטן, האָט דער רב זיך אַליין מטריח געווען און צוריקגעקומען מיט אַ פּנקס. ער האָט אויפגעמישט אַ בלעטל, און אַרויסגעלייענט:

— י״ז בחודש כסלו שנת תר...

דאָניע האָט געקוקט אויפן ספר, ווי עס וואָלט דאָרט זיינס אַ טייערער אוצר געלעגן, אַ שליסל צו אַ זיס געהיימעניש. ער איז גרייט געווען איצט פאַר דעם רב דעם האַלדז אויסצושטרעקן פאַר דאַנקבאַרקייט. דער רב האָט ווידער געוויקלט:

— ווערסטו, הייסט עס, האָבן יאָרצייט...

און איבערגייענדיק צום ענין, איז ער געוואָרן שטרענג און כמעט בייז:

— נו, איז עס אַ כבוד פאַר איר? דאַרפסט אַ שידוך טאָן מיט אַ לייטישער יידישער טאָכטער!

דאָניע האָט זיך שווייגנדיק אַ גאַנצן אָוונט געוועלט קעגן דעם רב, וואָס האָט מיט דער גרויסער עקשנות אויף אים אַרויפגעצוווּנגען און אַרויסגעשלעפּט אַ וואָרט.

דאָס וואָרט, וואָס די ווייסע באָרד האָט פון אים אַרויסגעקראָגן, איז געווען, אַז ער וועט זיך אויפפירן לייטיש, גיין אין די רעכטפאַרטיקע וועגן און מפייס זיין דאָס מיידל, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין אַ נישט קיין שיינעם מעמד.

אַז דאָניע האָט אויפגעריסן די אויגן, כדי טיפער צו פאַרשטיין דעם מיין פון די רייד, האָט דער רב דערמאָנט:

— ס'איז נישט גלייך אַזוי געווען, איבערגעלאָזט אַ יידישע טאָכטער, אַז זי האָט קיין שידוך נישט געקענט טאָן.

דאָניע האָט געשוויגן און נישט געוווּסט, וואָס מען וויל פון אים. האָט דער רב צו פאַרשטיין געגעבן:

— עס רעדט זיך וועגן אסתר קניפּלס, האָסט איר צוגעזאָגט.

דאָניע האָט זיך געכאַפּט. אַ פאַרגעסענע, שווערע וועלט האָט זיך אויף זיין קאַרק אַראָפּגעלאָזט.

דער רב האָט אַריינגעקרעכצט אין דער רויטער פאַטשיילע אַריין.

— אַ ייד טוט נישט אַזוי.

— וואָס, רבי?

— האָסט איר צוגעזאָגט.

— האָב איך.

דער רב האָט זיך נישט געבייזערט, ווי דאָניען האָט עס אויסגעוויזן. פאַר דאָניען איז פיל באַקוועמער געווען, ווען מען האַנדלט מיט אים אָפן, קלאָר און אָן הינטערוועגלעך. ער האָט געוווּסט צו וואָס דער רב צילט, און דאָס „ציען" ריידעלעך האָט דאָניען אויפגערעגט און ער האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין פון געדולד.

דער רב איז נישט נתפעל געוואָרן פון דאָניעס כעסן זיך, עס האָט אויסגעזען, ווי ער האָט יאָרן־לאַנג געוואַרט אויף דאָניעס צוריקקער, און איז אַזוי וואַרטנדיק גרוי געוואָרן.

פונקט ווי פריער, האָט ער דאָס מאָל אויך געעפנט אַ ספר, אַריינגעטייטלט מיט אַ פינגער, וואָס האָט זיך אַרויסגעשטאָכן פון דער רויטער פאַטשיילע, און אַרויסגעלייענט:

— האָסט זי אַראָפּגעפירט פון גלייכן וועג, האָט זי זיך געלאָזט איבעררעדן פון דיר. זי איז מעוברת געוואָרן, געהאַט און ס'איז געשטאָרבן. קהל האָט צרות געהאַט, און די מאַמע דיינע האָט עס פאַרקלעמט.

דאָניע האָט זיך דערמאָנט, געשוויגן און געוואַרט. עס איז געווענדעט געווען אין דעם, וואָס עס וועט נאָכקומען, וועט ער וויסן ווי אַזוי צו האַנדלען. דער רב האָט ווייטער גערעדט קוקנדיק אין די אותיות אַריין, גלייך ער וואָלט פון דאָרט אַרויסגעלייענט דאָניעס באַשולדיקונגס־אַקט און דעם פסק גלייך צוזאַמען:

— דו דאַרפסט צורעכט מאַכן דיין פעלער.

דאַניע האָט אַלץ געשוויגן און אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז טויזנט וואַנט־זייגערס קלאַפּן איצט אין דער שטילקייט אויס זיינע רגעס, וואָס האָבן זיך געצויגן ווי אייביקייטן.

ער האָט זיך דערנאָך געגעבן אַ שטעל אויף און אַן איין וואָרט זיך געלאָזט צו דער טיר.

דער רב איז עפּעס ווי יונג געוואָרן, ווי זיינע יאָרן וואָלטן זיך באַנייט און די כוחות געשטאַרקט. ער האָט געגעבן אַ שפּרונג אויף פון זיין פּאָטער־שטול און אָנגעכאַפּט דאַניען ביי די אַקסלען, ווען ער האָט שוין געהאַט אָנגענומען די קליאַמקע פון דער טיר.

דאָס איז דאַניען געפעלן געוואָרן, און אָנשטאָט זיך אָנצוצינדן, ווי ער האָט געמיינט, איז ער ווייכער געוואָרן. דער רב האָט געביטן זיין קול און מיט גוטפריינדשאַפט געזאָגט, געבעטן און געוואָרנט:

— נישטאָ זיך וואָס צו שרעקן, מיין קינד, אַ מלחמה געווען אויף דער וועלט, האָט מען אויסגעזוכט עפּעס אַן אָרעמען אַלמן, מען האָט זיך אַריינגעלייגט אין דעם און מען האָט חתונה געמאַכט.

דאַניען איז געוואָרן לייכטער. האָט ער שוין געפרעגט מילדער:

— און וואָס קען מען טאָן?

— דאַרפסט עפּעס אַרויסהעלפן. אַחוץ דעם איז דאָך אַ יושר אויך. זעקס קינדער פון זיין ערשטער ווייב. נישטאָ קיין פּרנסה, דאַרפסט עפּעס טאָן דערצו.

— נו, וואָס טאָן, רבי?

— גרינגער מאַכן דאָס לעבן, געבן אויף פּרנסה, אַחוץ דעם אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר אַ׳ועקלייגן אויף איר, איבערשרייבן. זאָל זיך דיר אויס־דאַכטן, אַז ס׳לעבט, וואָלט עס נישט דיינס געווען? וואָלט עס נישט געהאַט קיין חלק אין דיר?

דאַניע האָט נישט געענוי געוווסט די אַלע רמזים, אָבער ער האָט פאַרשטאַנען דעם רבס אָנצוהערעניש וועגן דעם „עס". ער האָט געוווסט, ווען מען מיינט, כאָטש ער האָט עס זיך נישט פאָרגעשטעלט.

דאַניע איז געוואָרן אָפּגהאַרציק און זיך מודה געווען:

— איך האָב גאָרנישט מיין אייגנס, איך בין אַן אָרעמאַן, רבי. ווען

נישט „זי״, וואָלט איך קיין העמד נישט געהאַט אויפן לייב. און אַז איך זאָל חתונה האָבן פאַר איר, וועט אַלץ זיין מיין.

— מיט דער גויע?

דאָניע האָט געשוויגן און געוואַרט, אַז דער רב אַליין זאָל פאַר אים ענטפערן.

נאָר דער רב האָט זיך געמאַכט בייזערן, אַרומגעגאַנגען גרינג איבערן בית־מדרשל, ווי יונגע פיס וואָלטן געטראָגן אַן אַלטן גוף.

— אויב אַזוי, איז ביטער, איז נישט גוט...

ער האָט געעפנט די טיר און אויסגערופן אין פינצטערן חלל אַריין:

— זייט־זשע מוחל, רב אבא.

אַבעלע פּאַפּיראָסניק איז אַריינגעקומען אויגנבליקלעך. עס האָט אויס־געזען, אַז ער איז ערגעץ געשטאַנען אין דער פינצטערניש און געוואַרט אויף דעם דאָזיקן באַפעל:

— כ׳בין דאָ, רבי.

— ביסטו מרוצה אַ שידוך צו טאָן מיט דיין טאָכטער?

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט, רבי, אַז עס זאָל זיך מאַכן עפּעס לייטישס.

— נו, מען דאַרף זיך נישט שטאַרק איבערנעמען... — האָט דער רב אַריינגעוואָרפן, נישט אַזוי אַבעלען צו טרעפן, נאָר ווייל מען האָט געמורמלט אין שטעטל, אַז מיט דינהלען האָלט שוין הויך, אַז אַבעלע קוקט און שווייגט, ווי דער סאָוויצקעלע זיצט מיט איר איינער אַליין גאַנצע נעכט אין אַ חדר־מיוחד, און מען האָט שוין מוציא־שם־רע געווען, אַז קיין „עפּעס רעכטס״ וועט זי שוין נישט קענען קריגן, האָט דעריבער דער רב נאָך פרייטיק אינדערפרי, איידער ער האָט נאָך געהאַט געזען דאָניען, אין בית־מדרש געזאָגט אַבעלען, אַז עס וואָלט גלייך געווען צו טראַכטן...

האָט דער „פּאַפּיראָסניק״ נאָכגעגעבן און פאַרלאָפן:

— אַז די קינדער ווילן...

דער רב האָט ווי פאַרזיגלט זיין וואָרט:

— וועט מען מאַרגן שרייבן תנאים און אם־ירצה־השם נישט אָפּלייגן דעם זמן החתונה אין דער לאַנגער באַנק אַריין.

און צו דאָניען, אים גרייכנדיק מיט דער לעבלעכער האַנט:

— אַ ייד דאַרף זיין אַ ייד. דאָס איז דער רצון פון דיין מאַמען, עליה־השלום. נישט קיין דרך צו גיין אין קרומע וועגן. גיי אַהיים בשלום, מאָרגן, מען זאָל דערלעבן, וועסטו גיין אויפן קבר, באַשטעלן אַ מצבה און מקיים זיין... — און איבערבייטנדיק זיין אייגן וואָרט, איז ער זיך אַליין פאַרלאָפן און כמעט אַריינגערוימט דאָניען: — וועסט „זי" הייסן צוריקפאָרן אין איר מדינה אַריין, און השם־יתברך וועט דיר העלפן.

## קאַפּיטל דריי

אין דער טיר פון גאָרקיך האָט ער געטראָפן דינהלען. זי האָט אַכטונג געגעבן אויף די קונים און עמעצן אויסגעקוקט און אפשר דאָניען אַליין. ווען זי האָט אים געזען שאַרן זיך איבערן שאָסיי, גלייך ער וואָלט געטאַפּט אין דער פינצטערניש דעם וועג, האָט זי זיך צורעכט געמאַכט די האָר, איינגעביסן מיט די שיטערע ציינדלעך אין די ליפּן אַריין, כדי זיי זאָלן ווערן בלוטיקער, פרישער און רויטער, זי האָט אים ווי אַ גוט־באַקאַנטן אָנגענומען אונטערן אָרעם, נאַיִוו און פאַרשייט אים פאַרשטעלט דעם וועג:

— פונוואַנען קומען זי דאָס אַזוי שפּעט?

דאָניע האָט דערקענט, אַז דאָס מאַכט זי זיך אַזוי, אַז זי ווייסט פונוואַנען ער קומט, אַז זי ווייסט, נאָך וואָס ער איז געגאַנגען, און וואָס איר טאַטע האָט דאָרט געטאָן. ער האָט אַפילו חושד געווען, אַז דאָס האָט זי דעם פּאַפּיראָסניק געשיקט, ער זאָל שטיין אָנגעגרייט הינטער דער טיר פון רב. האָט ער איר געענטפערט:

— פון רב.

זי האָט זיך קאָקעטיש פונאַנדערגעלאַכט, אַז די „פאַרשוינען", וואָס זענען געזעסן אין דער „טשיינע" און געדרעמלט ביי די לאַנגע טישן, האָבן געגומען שאַרן זייערע הענט איבער די פּנימער:

— וואָס האָבן זי עפּעס צו טאָן ביים רב?

— אינס טאַטעשי איז אויך דאָרט געווען.

— מיין טאַטעשי? — האָט זי זיך אַזוי הויך געוווּנדערט, אַז איר קולכל האָט זיך צעשאָטן אין דער פינצטערניש אַריין.

— יאָ, אינס טאַטעשי...

זי האָט זיך דערמאָנט, אַז סאַוויצקעלע קען נאָך אָנקומען, איז זי מיטאַמאָל אַראָפּגעפאַלן פון קול און געפרעגט שוין אין דער שטיל:

— אפשר זאָל איך פאַר אינען אונטערלייגן אונטערן קעסל?

ער האָט נישט געוווּסט, וואָס זי מיינט, האָט זי קלאָר געמאַכט:

— זיי ווילן טרינקען טיי?

דאָניע האָט זיך פאַרגעסן און געזאָגט:

— „אָבריגאָדע״!

— וואָס האָבן זי געזאָגט?

— אַ שיינעם דאַנק.

דינהלע האָט געצויגן מיט די אַקסלען:

— פרעגן זי מיך בחרם ווי אַזוי מען זאָגט עס.

איבערן שטעטל האָט זיך געשפרייט דער נעפּלדיקער האַרבסט. די נעכט זענען געווען אָנגעפּולט מיט געדיכטעניש, ווי אַ קעסל מיט פּאַרע. דאָניע האָט געציטערט פון קעלט און געאָטעמט די פייכטקייט... דינהלע איז געווען דרייסט און קאָקעטיש, האָט אים אויפגעשטעלט דעם קאָלנער און אים צוגעדריקט ביים האַלדז, ווי צו דערוווערגן.

דורך דער צייט האָט ער נישט איינמאָל געטראַכט, ווו איז ערגעץ דער פאַפּיראָסניק און פאַרוואָס זעט מען אים נישט צוריק פונעם רבֿ? אָבער דינהלעס צוטוליען זיך מיט איר יונגן קערפּער נאָענט צו אים האָט אַלעמאָל אונטערגעשווענקט שטיקער פון זיין טראַכטן און דער זיכרון איז ווי אָוועקגעשווומען:

— זי ווייסן, אַז מיין נאָמען איז פונקט ווי אינס: דינהלע און — דאָניעלע.

— איך הייס נישט דאָניע — האָט ער אָפּגעהאַקט.

— ווי אַ נאָך דען?

— דאָמינגאָ.

— וואָס פאַר אַ נאָמען איז דאָס?

— אַ שײנער נאָמען.

— און איך װעל דען קענען נאָכזאָגן?

זי האָט די לעצטע זאַצן באַטאָנט, װי װעגן אַ זאַך, צו װאָס זי װעט האָבן אַ שײכות. זי האָט באַטאַפּט יעדער אות, װי אַ כּלה ערב דער חתונה באַטראַכט די מעבל, װאָס זי דאַרף אײַנהאַנדלען און זוכט אױס דאָס, װאָס װעט איר באַקװעמער זײַן.

דערנאָך האָט זי זיך געװענדעט צו אים:

— „זי״ רופט אײנס מיט יענעם נאָמען?

דאַניע האָט זיך געגעבן אַ כאַפּ, װי ער װאָלט אײַנגעשלונגען אַ גליענ־דיקע קױל. ער האָט געטאָן אַ הײב־אױף דעם קאָפּ אינדערהױך, אַרױפגע־שאָסן אַ פײַערדיקן בליק צו דער פינצטערניש פון הימל, גלײַך ער װאָלט כּואַנען דאָרט געזוכט. ער האָט נישט קײן מוט געהאַט אַראָפּצונעמען אירע זײַדענע הענטלעך, װאָס האָבן זיך געהאַלטן שטײף אין זײַן אױפגע־שטעלטן קאָלנער — האָט ער, אָנשטאָט אָפּצורײַסן, זי נאָך מער צוגעצױגן. ער האָט דערפילט איר קלײנעם קערפּער כּמעט הענגען אױף זײַן ברוסט, און די װאַרעמקײט פון איר פּנים האָט זיך דערנענטערט צו זײַנע באַקן.

אָבער אָנשטאָט אַ קוש, װאָס זי האָט זיך געריכט, האָט ער זיך געגעבן אַ צי אַװעק פון איר, מיט דער פּלײצע האָט ער געגעבן אַן עפן־אױף די שױבן־טיר. די לאַמטערנע איבער דעם שילד, װאָס איז שױן, דאַכט זיך, געהאַט אױסגעגאַנגען, האָט זיך געגעבן אַ צאַפּל־אױף מיט אַ פלעמל װי אַ בלײַכער, מאַטער בליץ.

דינהלע איז געבליבן געקרענקט און פאַרדריסלעך און איר כּעס האָט זי אױסגעלאָזט צו די דרעמלענדיקע „פאַרשױנען״, זידלענדיק זײ מיט סאַװױצקעלעס קללות, דערבײַ נישט קאַרגנדיק קײן שטעכװערטלעך צום טאַטקעלע, מיט זײַנע פּרנסות, װאָס מען איז פאַרקױפט צו זײ בײטאָג און בײַנאַכט.

די „פאַרשױנען״ האָבן זיך געפילט עפּעס װי „פאַרזינדיקט״ דערמיט, װאָס זײ האָבן אַפילו קײן „גלעזל װאַרעמס״ נישט באַשטעלט ,און אױס־גלײַכנדיק זיך פון אײַנגעזעסעניש, האָבן זײ זיך אײַנציקװײַז גענומען אַרױסשאַרן פון דער גאַרקיך.

✶

ווען דאָניע איז שפּעט נאָך האַלבער נאַכט אַהיימגעקומען, איז ער געווען שטאַרק צעשרויפט און צעטראָגן. ער האָט זיך אַרומגעדרייט ביי זיך אין חדר, גלייך ווי אַ שלאַנג וואָלט אַריינגעלאָזט איר גיפט אין זיינע אברים. כּוּאַנען האָט ער געטראָפן שלאָפן אין זיין בעט. עס האָט זיך געברענט אַ נאַפּט־לעמפּל און איר גאַנץ פּנים איז געווען איינגעטונקען אין געדיכטן שאָטן.

ער האָט זיך געשטעלט לעבן איר צוקאָפּנס און געקוקט, לאַנג געקוקט. אין אַ געפיל פון רחמנות האָט ער זיך געטרונקען. ער האָט געשאָלטן אין זיך איר געטריישאַפט, זי פאַרגליכן צו אַ הונט, געפּרוּווט זיך גרינג מאַכן דאָס האַרץ, נאָר דאָס געוויסן האָט אין אים געריסן — אים איז ענג געוואָרן אין דער אייגענער הויט.

אים האָט זיך געדאַכט, אַז דינהלעס אָטעם קלעפּט נאָך אויף זיינע באַקן און אירע אויגן זענען אַריינגעקראָכן אין זיין האַרץ און שטעכן אים דורך־און־דורך.

כּוּאַנאַ איז נישט געשלאָפן. דורך אַ דינער שפּאַרע פון אירע צוגעהאַל־טענע אויגן האָט זי אים געזען אַריינקומען, ווי אַ בלינדער מיט די פינגער האָט זי אָנגעטאַפּט זיינע מחשבות. זי האָט געזען, ער פּלאָנטערט זיך, ווי אין אויסגעשפּרייטע נעצן. זי האָט נישט פאַרשטאַנען די שפּראַך פון די אַרומיקע, אָבער האָט גאַנץ גוט געפילט, ווי מען גייט אויף איר, ווי מען האָט זיך פאַרנומען אים אָפּצורייסן פון איר, האָט זי דעריבער אָנגעשאַרפט איר אויג, ווי מען שאַרפט אויס אַ מעסער צו אַ קאַמף. זי האָט מיט קיין איין בליק זיך נישט אָפּגעריסן סיי פון אים, און סיי פון די אַרומיקע. נקמה־פּלענער, וואָס האָבן געזאָלט זיין פאַרטיידיקונגס־מיטלען, האָט זי אויסגעקלערט. דורך די צוגעמאַכטע אויגן האָט זי שוין אַפילו געזען, ווי זיין פּנים איז צעברענט, און זיינע אויגן אויסגערונען פון דעם וויטריאָל, מיט וואָס זי האָט אים באַגאָסן... זי האָט אויפגעשווידערט, זי האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז דאָס האָט זי שוין געטאָן. זי האָט שוין אַפילו געפילט דעם קאַלטן שטאָל פון איר מעסער, וואָס זי האָט געהאַט אונטער איר קישן ליגן און עס ווערט דערוואַרעמט פון זיין קאָכעדיק

בלוט. זי האָט אַ ציטער געטאָן, עס האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז זי האָט אים דורכגעבויערט די ברוסט...

ער איז געשטאַנען לעבן איר, די שאָטנס פון דעם נאַפט־לעמפּל האָבן זיך געוויגט איבער איר פּנים. זי האָט געטאָן אַן עפן־אויף די אויגן, גלייך זי וואָלט מורא געהאַט, ער זאָל אירע רעיונות נישט איבערלייענען. זי האָט אים אָנגעקוקט לויטער און קלאָר, בלויז די שטים האָט זי געמאַכט אַ פאַרשלאָפענע.

— ביסט אַ שלעכטער, קערידאָ.

— פאַרוואָס, נענאָ?

— ווייל דו האָסט מיך אויפגעוועקט.

— פאַרוואָס האָב איך דיך אויפגעוועקט?

— ווייל... קום אַהער.

זי האָט אויסגעשטרעקט איר נאַקעטע האַנט, וואָס איז געווען ווי דורכגעוועבט מיט בלויע אָדערן, האָט אים אָנגענומען ביי זיין קאַרק און אַ ציי געטאָן זיין קאָפּ צו זיך, אַזוי, אַז זיין גאַנצער גוף האָט געמוזט מיטגיין. זי האָט זיך אין דער האַלב אויפגעזעצט. אַ רגע אויסגעוואַרט, איר אָטעם זאָל אָנהייבן צוריק פאַמעלעכער צו קלאַפּן און זיך אָנגעהויבן פאַר אים צו „פּיעשטשען", פאַרצוואַרפן און זיך חנדלען:

— פאַרוואָס לאָזסטו מיך איבער אינגאַנצן אַליין?

— וואָס זאָל איך טאָן, מאַראָטשאַ?

ער האָט זיצנדיק אַנידערגעלייגט זיין קאָפּ אויפן קישן, זיין פּנים איינגעגראָבן אין איר טאַליע אַריין, אַריינגערעדט אין איר, ווי ער וואָלט געוואָלט, אַז זיינע ווערטער זאָלן גלייך אַריינדרינגען אין איר לייב אַריין. זי האָט געשמייכלט פאַר תענוג. מיט קיין איין וואָרט האָט זי אים נישט איבערגעשלאָגן. ער האָט גערעדט און געזידלט און געבעטן, געמישט פּאָרטוגעזיש און יידיש, און אַפילו אַריינגעבראָקט שפּאַנישע ווערטער, וואָס ער האָט איבערגענומען פון איר און וואָס האָבן זיך נישט געקלעפּט און נישט געבונדן.

כוּאַנאַ האָט אים נאָך קיינמאָל נישט געהערט און געזען, אַז ער זאָל זיין אַזוי אָפנהאַרציק צו איר, זאָל זיך אַזוי פאַרטרויען. איר איז עס

געפּעלן און עס האָט איר געשראָקן: אַזוי רעדט מען זיך אויס פאַר אַ מאַמע, פאַר אַ שוועסטער, נאָר נישט פאַר אַ געליבטער; פאַר אַ געליבטער, פאַר אַ כלה, אַ ווייב — באַהאַלט מען אויס, פאַרבאָרגט מען עפּעס, דערשטיקט מען סודות, און זי האָט דאָס געוואָלט זיין. איר איז בעסער געווען דאָס פריערדיקע איידער דאָס איצטיקע. זי וואָלט געקעמפט און אויסגעקעמפט. זי וואָלט נקמה גענומען אין אים און זיך אויך אומגעבראַכט. איצט זענען די אַלע פּלענער צערונען. ער האָט זיך אונטערגעגעבן, אויסגעזאָגט און אויסגעוויינט זיין געמיט פאַר איר.

זי האָט זיך שוין געהאַט דערוווּסט וועגן זיין בענקשאַפט צו דער „אַלעמאַאַ" אַנדזשעליטאַ, אַז ער קען קיין רו נישט האָבן, אַז ער גייט אויס נאָך איר, אַז ער איז אַוועק פון בראַזיליע צוליב דעם. און עס לאָזט אים אַלץ נישט לעבן.

עס איז פאַר איר קלאָר געוואָרן זאַכן, וועגן וועלכע איר דאַכט זיך איצט, אַז זי האָט געוווּסט, נאָר נישט געוווּסט, אַז זי ווייסט פון זיי. איר קערפּער איז שיר פאַרשטאַרט געוואָרן פון זיצן אין בעט. האָט זי זיך אויסגעצויגן, כדי זיך אויסצוגלייכן, האָט אַריינגענומען זיין קאָפּ אין איר בוזעם, גענאָגט דאָס געזאַלצענע פון אַרום זיינע אויגן, זיך פאַרטראַכט און געשוויגן.

אינדערפרי איז דינהלע אַריינגעגאַנגען געוויר ווערן, צי „די פריציטע" וויל עפּעס, האָט זי געטראָפן דעם צימער ליידיק. האָט זי זיך משער געווען, אַז זי איז ביי „אים", האָט זי אָן וואַקלענישן געעפנט די טיר און געטראָפן דאָניען פעסט שלאָפן אין אַנטועכץ, און כואַנען אַ האַלב־אויסגעטאָענע זיצן און וואַכן איבער אים.

— פּשעפּראַשאַם! — האָט זי אַרויסגעמורמלט, נישט רויט געוואָרן, זיך נישט אַריינגעבראַכט אין אַ פאַרלעגנהייט. זי האָט זיך גערעכט, אַז אַזוי איז עס, עס האָט איר נאָר גערייצט די „פּאַלאַזשעניע", וואָס זי וועט דאָ טרעפן. זי איז נישט אַרויסגעגאַנגען און נישט אַריינגעגאַנגען, געבליבן שטיין אין דער אָפענער טיר.

כואַנאַ האָט געשלעפט אויף זיך די קאָלדרע, כדי זיך איינצודעקן די אָפּגעדעקטע גלידער. דאָניע האָט זיך פון דעם אויפגעכאַפּט.

— סיערראַ לאַ פּוערטאַ! — האָט כואַנאַ אַרויסגעריסן אַ געשריי פון איר קעל. דער געשריי איז געווען פון צאָרן און פאַרצווייפלונג, און דינהלע האָט נישט געקענט פאַרשטיין פאַר וואָס זי שרייט, צי ווייל זי האָט זיך פאַרשעמט, צי ווייל דאָניע האָט זיך אויפגעוועקט.

און כאָטש זי האָט נישט פאַרשטאַנען דעם אויסגעשריי, האָט זיך זיך אָפּגעטראָגן, און באַלד דערויף איז אַריינגעקומען דער „פּאַפּיראָסניק", אַרומגענומען מיט אַ גאַרטל און אין דער האַנט אַ תהילימל, און ווי איינער, וואָס וויל נישט אויסרעדן, האָט ער געווונקען, געמאַכט מיט די פינגער „נו אָ, נו", געגעבן אָנצוהערעניש, אַז זי, די גויע זאָל אַרויסגיין.

האָט זיך כואַנאַ געגעבן אַ שאָקל אַרויס פון די דעקן און איבערבעטן, געבליבן שטיין אָן בושה פאַר דעם „מענטש" אין די פידזשאַמעס, גענומען אַרויפציען די זאָקן אויף אירע נאַקעטע פיס, ווי זי וואָלט געוואָלט קאָקעטירן און זיך רייצן. דעם שלאָפראָק האָט זי אָנשטאָט אויף די אַקסלען גענומען אין האַנט אַריין און אַרויסגעגאַנגען צו זיך אין צימער אַריין, איבערלאָזנדיק פאַר אַבעלעס נאָז אַ געדיכט זיסלעכן ריח פון פערפומען.

אַבעלע האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ קוק אין תהילימל אַריין, ווי ער וואָלט דאָרט עפּעס דערענדיקט, און צו דאָניען:

— נו, גיך, כאַפּ אויף זיך דאָס אָנטועכץ, דער מצבה־קריצער וואַרט.

✶

דעם גאַנצן פרימאָרגן איז דאָניע געווען פאַרנומען. מען האָט אים „געכאַפּט" פון איין הויז אינעם צווייטן. מען האָט זיך דערוווּסט וועגן אים פיל זאַכן און צווישן דעם, אַז ער האָט „אָפּגעגילדט" אסתר קניפּלס, איר אָוועקגעגעבן אַן אוצר. געזאָגט האָט מען דאָס שטיל, בסוד, אַז עס זאָל חלילה צו איר מאַן נישט דערגיין, וואָרעם אַ קשיא אויף אַ מעשה, ער ער קען נאָך צוּוואַרפן דאָס געלט און געבן איר אַ גט.

מען האָט זיך דערוווּסט, אַז דאָניע גייט „טאָן" מיט איר, מיט דינהלע פּאַפּיראָסניקס, דעריבער האָט זיך עפּעס אָפּגעזוכט אַ מומע אַזאַ, וואָס דאָניע האָט פון איר קיינמאָל נישט געוווּסט. דאָס איז געווען ראַצל די מילכיקערין, אַ קליין ווייבעלע, מיט גרויסע קאַנען מילך. און נישט זי

אַליין האָט געטראָגן די מילך פון די „גויעס", פון דעם געמעלק און עס צעטיילט איבער די באַלעבאַטישע הייזער, נאָר איר צו הילף האָט זי גענומען אַלע קינדער און פיר יתומים פון אירע צוויי פאַרשטאָרבענע שוועסטער.

ראַצלס מאַן האָט געהייסן שלומל תרח. דער צונאָמען האָט זיך גענומען דערפון, ווייל ער האָט געמאַכט רעמלעך צו „אָבראַזן", צו גויִשע אָפּגעטער... ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט „אויסגעפונען", אַז דער יונג קערט זיך אָן מיט „זיינער" אַ משפחה... ער האָט גערעכנט און אויפגעוויזן, אַז אויב אַזוי, איז דאָך אַ מצווה אים אויפצווייזן, אַז ער קריכט אין אַ בלאָטע טאַקע מיטן פּאַפּיראָסניקס „מיידעלע"...

שלומל תרח האָט געהאַט אַ סך „מלאכות און ווייניק ברכות": אַחוץ דעם, וואָס זיין ווייב האָט געטראָגן מילך איבער די הייזער, פלעגט ער נאָך דאָנערשטיק פאַר איר אָפּבאַקן הייסע „טאַטישקען", און זי פלעגט זיי פאַרקויפן די פויערים, אויף די יאַרידים. זומער פלעגט זי „אויסזידן" ביבער און אין די נאָכוואַרמעסן פאַרקויפן אין די מלמדישע שטיבער צו די חדר־יינגלעך. ער אַליין איז אַחוץ אַ רעמל־מאַכער, אין האַרבסט געווען אַ גלעזער, ווינטער — אַ רימער, זומער — אַ „לויפער" און אויפקויפער איבער די דערפער, פלעגט אַרומפאָרן מיט אַ געבאָרגט פערד און וועגעלע, טיילן שפּילקעלעך, קעמעלעך און מעסערלעך, און דערפאַר נעמען שמאַטעס און פעלעכלעך; פון אַ זעקל קאָרן ביז אַ קעלבל, פון אַן איי ביז אַ גאָנער.

צו דעם אַלעם פלעגט ער נאָך פאַר פּסח „גיין צו די מצות". געגאַנגען איז ער נישט אַליין, נאָר מיט זיינע און מיט דעם שוואָגערס קינדער, די יתומים. ער פלעגט זיין אַ רעדלער און זיי — די עלטערע, וועלגערס, די יינגערע מעל־שיטערס, וואַסער־גיסערס און בעקן־וואַשערס, און אויף די ימים־נוראים פלעגט ער גאָר אַוועקפאָרן אין אַ דערבייאיקן קליין שטעטל און זיין אַ בעל־תפילה...

שלומל תרח האָט דערפילט, אַז ער קען זיך „אָנהענגען" אין דעם יונג, האָט ער אים צוגעטשעפּעט אַ ווייטע קרובהשאַפט און וויסנדיק, אַז ער האָט עסקים מיט דעם מצבה־קריצער, האָט ער שוין פאַראיינוועגס אַריינ־

געקראָגן דעם מצבה־קריצער צו זיך אין שטוב. אַזוי־אַרום איז שוין גרינג געווען דאַניען אַריינצוכאַפּן צו זיך.

דאַניעס בייע „פּעטער און מומע", שלומל און ראַצל, זענען געווען צו אים זיס, ווי פאַרלעגענער האָניק. ראַצל האָט אים מכבד געווען מיט אַ גלעזל וואַסער מיט מילך. זי האָט אַריינגערוקט איר הענטל אין דער לעדערנער „קעשענע" וואָס זי איז געגאַנגען אָנגעהאָנגען אויפן בויך, ווי אַ פאַרשמאָלצן פאַרטוך, דאָרט האָט זי געשאַרט מיט די פינגער און געקלונגען מיט קופּערנע מטבעות און ענדלעך אַרויסגעקראַצט אַ שטיקל צוקער, וואָס האָט אויסגעזען ווי ברודיק געוואָרענער שניי. מיט דעם האָט זי דעם גאַסט „אָנגעצוקערט" דאָס גלאָז וואַרעמס און אויסצומישן האָט זי אים געגעבן דאָס הילצערנע שטילכל פון הערינג־מעסער...

דער „נייער" פּעטער שלומל האָט דערווייל „אַריינגעאַרבעט" אין דאַניען, געגעבן צו פאַרשטיין, אַז עס איז נישט קיין גלייכע זאַך, אַז היינטיקע צייטן, ווען די מלחמה האָט אַוועקגעלייגט אַזוי פיל מאַנסבילן, קען ער טאָן אַ לייטישן שידוך, און נישט דאַרפן נעמען עפּעס אַזאַ, וואָס טליקעט זיך אַרום מיט זשאַנדאַרמען. די מומע האָט דערביי אונטערגעשפּאַרט אַ פינגער אונטער דער גאָמבע, ווי אַ פלאָקנדל אונטערן פענצטער, פונ־דעסטוועגן האָט זיך דאָס פּנים געשאָקלט מיט באַדויערן און גלייכצייטיק באַשטעטיקט, אַז וואָס איר שלומל זאָגט איז לויטער אמת... דערביי האָט ער אויסדערציילט אַלץ, וואָס ער, וואָס דאָס גאַנצע שטעטל ווייסט וועגן דינהלען און די מומע האָט ווידער באַשטעטיקט:

— זי מיינט, מען ווייסט נישט, אַז זי האָט זיך אָפּגעטריבן...

דאַניען האָט אָנגעהויבן בריען אין די באַקן, ווי אַ מכה וואָלט זיך פאַרצויגן אויף זיין הויט.

שלומל תּרח איז אויסן געווען עפּעס אַנדערש. אין גניווישעוו האָט ער געהאַט אַ שוועסטער, איז זי נעבעך פאַרזעסן ביז אין די טיפע יאָרן אַריין. שלומל אַליין האָט זי שוין נישט געזען אַ שאָק מיט יאָרן. זיצט זי אונטער דעם אויוון, דאָרט ביי אַ פּעטער און פליקט פעדערן. נישט זי קומט אַרויס און נישט מען קומט אַריין צו איר. שדכנים האָבן זי ווי פאַרזען און סתם אַ זיווג מאַכט זיך נישט.

נאָך איידער שלומל איז געגאַנגען אויסגעפינען די „קרובהשאַפט" מיטן יונג, האָט ער „איבערגערעדט" מיט זיינעם אַ יינגערן ברודער. דער ברודער האָט געפּרוווט מבטל זיין, נישט מחמת ער גלויבט נישט דערין, נאָר ווייל ער האַלט, אַז „דאָס פּאַרזעסעניש" וועט שוין פון הינטערן אויוון נישט אַרויס.

— אָבער פּרוּוון שאַדט דאָך נישט — האָט שלומל געפּרוווט איבער־שפּאַרן, און האָט נאָך נעכטן, שבת־צונאַכטס איידער וואָס־און־ווען, אָנגע־שריבן אַ בריוול און עס מיטגעגעבן מיט אַ „געלעגנהייט", מיט אַ טאַנ־דייטער, וואָס איז אַהין געפאָרן אויפן יאַריד.

איצט האָט שלומל געצויגן דעם שמועס, ווי מען ציט אַ שטריקעלע פון אַ פּאַפּירענעם „מענטש", עס זאָל טאַנצן. ער האָט כיטרע און קונציק געוואָרפן ווערטער, אויף וועמען מען האָט געדאַרפט רעדן און וועמען לויבן, דערמאָנט דאָניען „טובות", וואָס דאָניע הויבט גאָרנישט אָן צו געדענקען, אַז מען זאָל אים אַמאָל האָבן געטאָן. ווידער אָנגעפאַלן אויף דעם פּאַפּיראָסניקס „מיידעלע" און אַרויפגעקומען אויף זיין שוועסטער, און פּונקט ווי אין אַנדערע פאַלן האָט ער אויך געפּרוווט איינרעדן דאָניען, אַז ער קען זי און געדענקט זי. דאָניע האָט געצויגן מיט די אַקסלען, אָבער דער פעטער האָט זיך געמאַכט נישט זען.

## קאַפּיטל פיר

סאַוויצקעלע איז געקומען צו לויפן אין „גאָרקיד", און פליענדיק פון איין צימער איבער דעם אַנדערן, ווי ער וואָלט זיך נאָך זיין אייגענעם שאָטן געיאָגט, האָט ער ענדלעך געטראָפן דינהלען אין דאָניעלעס חדר. זי האָט געהאַלטן אין „אויסגלייכן" דאָס בעט.

ער האָט איר געטאָן אַ נעם אָן ביי דער האַנט, מיט די פינגער זיך איינגעגעסן אין איר דופק, אַז דאָס גאַנצע בלוט איז איר בלוי געוואָרן. זיינע ליפּן האָבן זיך קאַפּויר געשאַרצט און די ציין זענען געבליבן שאַרף צו שאַרף, און זיך איינהאַלטנדיק פון זידלען, האָט ער אַרויסגעברומט:

— ס'איז אמת?

— וואָס איז אמת?

— גייסט חתונה האָבן · מיט דעם זשיד?

— ביסט אַ וואַריאַט!

סאַוויצקעלע האָט נאָכגעלאָזט איר האַנט און געזעצט מיט אַ פויסט אין דעם הענטל פון זיין שווערד:

— צום ערשטן דיך, דערנאָך זיך וועל איך דערשיסן!

האָט זיך דינהלע צעלאַכט, מיט ספּאַזמען געלאַכט. דערנאָך זיך געוואָרפן אויפן שוין צוגעבעטן בעט, האָט געצוקט מיט די אַקסלען, אַזוי אַז סאַוויצקעלע האָט נישט געקענט דערקענען, צי לאַכט זי טאַקע אויף אַן אמת, צי וויינט זי גאָר?

דערווייל איז אַרויפגעקומען אַבעלע פּאַפּיראָסניק, און נישט פרעגנדיק סאַוויצקעלען גאָרנישט, גלייך ווי ער וואָלט אים נישט באַמערקט, האָט ער זיך געווענדט צו זיין טעכטערל:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מין? שטיי־אויף, דו נאַר, שוטה דו. און אויף פּויליש, סאַוויצקעלע זאָל פאַרשטיין:

— היינט איז די „זאַרענטשעניע״, כלה מיינע...

— פּאַניע אַבע, — האָט זיך סאַוויצקעלע געבעטן מער מיט די אויגן, איידער מיט ווערטער, אָבער אַבעלע האָט נישט געלאָזט אויסרעדן און אים אָפּגעהאַקט אינמיטן:

— פּאַניע נאַטשעלניקו, דו ווייסט דאָך ווויל, אַז עס איז נישט פאַר דיר, אַ יידיש מיידל? איז וואָס — וואָס האָסטו געמיינט, פּאַניע „סטאַרשי״, אַז זי וועט מיט דיר חתונה האָבן, צי וואָס? דיר פעלט מיידלעך פון ס׳דייניקע, פון דיין קלאַס? וואָס האָסטו דערזען אַזוינס אין איר? פּאָלג מיך, דו ביסט ווערט אַ בעסערע און וועסט אַוודאי קריגן — האָט אים אַבעלע אונטערגעחנפעט.

סאַוויצקי האָט אַריינגעשוויגן אין דעם „אויערל״ פון זיין שווערדל, דערנאָך גענומען וויקלען דעם טראָלד איבער זיין פינגער און ענדלעך אַרויסגעפּלאַצט:

— אָבער „ער״ וועט דאָ קיין פיר־און־צוואַנציק שעה נישט זיין. ער וועט זיך מוזן אָפּטראָגן אַהין פונוואַנען ער איז געקומען.

ווען עס האָט זיך געהערט דאָס פאַלן פון דעם שווערדל אויף די שטיגן, וואָס האָט זיך נאָכגעשאַרט סאַוויצקעלעס טריט, האָט אַבעלע צאַרט אויפגעהויבן דינהלעס קאָפּ און געזאָגט אָן אַ שמייכל:

— עס איז שוין אַזוי גוט, ווי אַ „וואָרט״, זאָל דיר זיין מיט מזל.

דינהלע האָט אין זין געהאַט אַ קוש צו טאָן דעם „טאַטעשי״ אין האַנט, ווי זי האָט זיך פאָרגעברייט דערצו, אָבער אין דער רגע איז אריינגעקומען כואַנאַ, אָנגעטאָן אין אַ ווייסן פוטער־מאַנטל, וואָס זי האָט זיך געקויפט אויפן וועג אַהער, אַ ברייטן דאַמישן פלוש־הוט פון אויבן שוואַרץ, און די דעק אינעווייניק ווייס, וואָס האָט אָפּגעשלאָגן מיט אַ העלקייט אויף איר פּנים. זי האָט אויסגעזען איצט פולער, העכער און יום־טובדיקער. דינהלע, מיט איר דאַר פּנימל און דין פיגורל האָט זיך פאַרלוירן אינעם אָנבליק פון יענער, זי האָט זיך דערפילט נישטיק און דראָבנע.

כואַנאַ האָט עפּעס גערעדט און דערביי אַרויפגעצויגן די ווייסע הענטשקעס אויף אירע פינגער, האָט זיך שוין אויך אַרויסגעזען פונעם אַרבל אַ שנירל שוואַרצע קרעלן און עס האָט זיך נאָכגעבאָמבלט אַ צלמל.

נישט אַבעלע און נישט דינהלע האָבן געוווסט און פאַרשטאַנען, וואָס די „פריצטע״ וויל.

✶

כואַנאַ האָט זיך דעם זונטיק, דעם ערשטן זונטיק, זינט זי געפינט זיך אין עפּעס אַן אומפאַרשטענדלעך לאַנד פאַר איר, אָנגעטאָן ראַשיקער, ווי זי איז געוווינט געווען פאַר די לעצטע עטלעכע חדשים. דאָס האַרץ איז איר שווער געווען און פאַר די אויגן זענען מויערן און בערג אויסגעוואַקסן.

זי איז געקומען מיט אַן אויסגעליידיקט האַרץ, גרייט געמאַכט עס אָנצופילן, מיט נאָענטקייט און ליבשאַפט פון דאָמינגאָן און דאָמינגאָס אַרומיקע.

זי האָט זיך פאָרגעשטעלט אַ היים, אַ היימישע היים פאַר איר, עס זאָל איר מידן גוף איינוויגן און איר צעווייטיקטער נשמה — איינזינגען.

זי האָט זיך געהאַט אירע פּלענער און אירע חשבונות ווי אַזוי אָנצופּאַנגען אַלץ פון דאָס ניי, זי זאָל זיך אַליין באַנייען. דעריבער האָט זי מיט אַזאַ געשפּאַנטקייט געוואַרט אָנצוקומען אין דאָמינגאָס געבורט־שטעטל. דאָ, האָט זי גערעכנט, איז איר באַשערט זיך איבערצוגיסן: אַ ניי לאַנד, אַ נייע סביבה, נייע מענטשן, דאָמינגאָס משפּחה, וואָס וועלן באַלד ווערן אירע אייגענע.

אָבער די פרעמדקייט האָט זיך מוראדיק געלייגט אַרום איר האַרץ. זי קען נישט און פאַרשטייט נישט, וואָס אַרום איר טוט זיך. נישט די שפּראַך און נישט די מנהגים. דאָניען זעט זי אויך עפּעס דערווייטערט פון איר. זי האָט נאָך רעכט זיין פּנים נישט אָנגעקוקט, זינט זיי זענען געקומען; און צו די אַלע מענטשן דאָ איז זי ווי אַ שטומע, רעדט מיט די פינגער, ווענדט זיך מיט די בליקן און ערשט — פאַרשטייט מען זי נישט.

מאָדנע זעען אויס פאַר איר די מענטשן, מיט זייער „טראַכט": די פרויען מיט אָפּגעגאָלטע קעפּ און ביז די שטערנס פאַררוקט מיט היטעלעך, די מענער אין אַזעלכע לאַנגע מלבושים, ווי די יונגע „פּאַדרעס" פון דער גלחים־שול, נאָר זיי זענען דאָ ווילדער, פּאַרוואָקסענע און באַרעדעווו־דיקער, אַפילו טעמפּעראַמענטפולער זענען זיי ווי אין איר „פּאַטריאַ". זיי קוקן אויף איר, ווי אויף אַזאַ, וואָס איז געקומען פון יענער וועלט, גייען אַוועק און קומען צוריק, באַטראַכטן זי און באַקרעכצן דאָמינגאָן. וואָס זעען זיי אויף איר? און וואָס ווילן זיי פון אים? וואָס שלעפּן זיי אים אַהין־און־אַהער? מען סודעט זיך און מען גיט צו פאַרשטיין, מען מאַכט מיט די פינגער און מען דרייט מיט די הענט. שוין די דריטע וואָך זינט זיי זענען געקומען. זי האָט נאָך דאָס שטעטל נישט אָנגעקוקט. מען לאָזט זי זיצן אַליין ווי אַ פאַרגעסענע, ווי אַן איבעריקע.

זי האָט באַשלאָסן אַליין אַרויסצוגיין, נישט נאָר אָנקוקן דאָס שטעטל, נאָר אויסגעפינען דאָס גרויסע רעטעניש, וואָס שושקעט זיך אַרום איר אויער. נאָר אַזוי ווי עס איז דאָך זונטיק, איז איר ערשטער געדאַנק געווען צו גיין אין אַ קירך, ווייל נאָך פון גאַנץ פרי האָבן זיך צעקלונגען די

גלאָקן און אָפּגעצײַטערט אויף אירע שויבן — האָט זי זיך משער געווען, אַז די גאַנצע וועלט איז „איינע".

כּואַנאַ האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אַזוי הויך אים פּאַרריסן, גלײַך זי וואָלט זיך געוואָלט פּאַרמעסטן מיט דעם קליינעם דינעם מיידעלע, וואָס האָט אָנגעצונדן אין איר אַ פֿלאַם פֿון אייפערזוכט. זי האָט מיט איר אויפהייבן דעם קאָפּ געוואָלט אונטערשטרייכן, אַז זי האָט קיין מורא נישט פֿאַר קאָנקורענץ און אַז קיינער אין דער וועלט קען צו איר נישט גרייכן.

און אפשר האָט זי צוליב דעם אויך זיך אַזוי אויסגעפּוצט און אויסגעשלייערט. זי האָט געוואָלט די גאַנצע וועלט איצט שפּל מאַכן קעגן זיך.

אַבעלע און דינהלע זענען געבליבן שטיין ווי געפּלעפּט און אויסגעפּאַטשט, ביז דער טאַטע איז געקומען צו זיך און זיך אונטערגעזונגען:

— אַזוי גאָר? אַ גויע? איז גאָר אַן אַנדערע מעשה...

דינהלע איז מיטגעגאַנגען עטלעכע טריט, גלײַך ווי זי וואָלט זיך וועלן איבערצייגן, אַז כּואַנאַ איז שוין אַוועק, כאָטש מען האָט געהערט אירע טריט אַראָפּגיין. זי האָט אַרויסגעשטעקט איר פּנימל, דערנאָך עס אַרײַנגענומען און געזאָגט:

— טאַטע, זי איז זיין ווייב. זאָל איך האָבן גוטס, ווי זי איז אַ ווייב!

— ביסט אַ בהמה, וואָס זאָל איך רעדן צו דיר? — האָט אַבעלע צוגעוואָרפן און געלאָזט זיין טאָכטער אַליין אין חדר.

*

ווער עס איז געווען דער, וואָס האָט פֿאַרשפּרייט דעם „קלאַנג", אַז „זי" איז דאָניעפֿ ווייב, האָט מען נישט געקענט פעסטשטעלן, דאַכט זיך, אַז אַפילו דינהלע, וואָס האָט די ערשטע איר השערה אַרויסגעזאָגט, איז נישט פֿאַראינטערעסירט געווען, אַז איר וואָרט זאָל אַזוי צעקלונגען ווערן. און קיין אַנדערער, וואָס זאָל זיך אונטערהערן, איז אויך נישט געווען, פֿונדעסטוועגן האָט זיך דאָס גאַנצע שטעטל פֿאַרזאַמלט אין דער טומאה־גאַס, כּדי מיט די אייגענע אויגן צו זען „די בראַך", ווי דעם יונגס ווייב גייט צוגלייך מיט אַלע גויעס אין טומאה אַרײַן.

ווען כוואַנאַ האָט זיך אומגעקערט פון דער קירך, איז געוואָרן אַ געלויף און אַ קוקעריי. מען האָט זיך געשטעלט פוןביידע זייטן, מען האָט זי דורכגעלאָזט ווי דורך אַ וואַרע, אָפּגעמאָסטן מיט די בליקן פון קאָפּ ביז די פיס און כוואַנאַ האָט געפילט ווי זי גייט דורך דורך אַ בראַנד.

פונעם קוקן אויף איר איז זי כמעט ווי צעטומלט געוואָרן און שיר נישט אָנגעהויבן בלאָנדזשען. חוץ דעם איז די טיר פון דער גאָרקיך געווען האַלב־צוגעמאַכט, איז זי דעריבער געבליבן אין פאַרלעגנהייט.

עמעצער, וואָס האָט, משמעות, פאַרשטאַנען אין איר צעטומלטן אַרומקוקן זיך, אַז זי בלאָנדזשעט, איז אונטערגעקומען און אויסשטרעקנדיק אַ פינגער, ווי ער וואָלט אין דער לופט אַריין געטייטלט, האָט ער איר געוויזן דעם וועג צו דער אַכסניא.

## קאַפּיטל פינף

כאַטש שלומל תרח איז געווען מיט דאַניען „אויפן קבר״, און האָט, דאַכט זיך, קיין זאַך נישט געטאָן, פונדעסטוועגן איז קעגן פאַרנאַכט־צו אָנגעקומען פון גביווישעוו מיט אַ געדונגענער „פורמאַנקע״ זיין פאַר־זעסענע שוועסטער. זי איז געקומען און זיך געקרימט און געוואָרפן, גלייך מען וואָלט איר מי־יודע וואָס געטאָן, גלייך מען וואָלט איר אַראָפּ־געפירט פון גלייכן וועג. אַזוי, אַז נישט שלומל און נישט קיינער פון דער משפּחה, האָט זיך געקענט ביי איר אויסקויפן.

זי האָט זיך געקריגט און געגריזשעט און כאַטש עס זענען שוין אַריבער אַ היפּש ביסל יאָרן זינט דער ברודער האָט זי נישט געזען, האָט מען פונדעסטוועגן זיך נישט אַרומגענומען, נישט געפרעגט, וואָס מען מאַכט, גלייך מען וואָלט זיך ערשט מיט עטלעכע שעה צוריק באַגעגנט.

שלומל האָט פון איר „יאַדען״ זיך נישט געמאַכט קיין „צימעס״. ער האָט נישט געוואָלט איבערפירן דעם פּלאַן, זאָל מען איר נאָר צובינדן דעם קאָפּ, און נאָכדעם מעג זי זיך שלאָגן קאָפּ אין וואַנט... ער האָט דעריבער צוגעגרייט אַלץ, וואָס האָט זיך באַר געלאָזט, מיט געניער

פינקטלעכקייט, אַפּילו אָנגעגרייטע געדרוקטע „תנאים״, אַבי עס זאָל גלאַטיק אַראָפּ פון מאַרק.

אין דער אייגענער צייט האָט מען זיך אויך געגרייט ביי אַבעלע פּאַפּיראַסניק, נישט ביי אים אין גאָרקיך, נאָר ביי זיינעם אַ ווייטן קרוב. מען האָט נישט געוואָלט, די שטאָט זאָל זיך דערוויסן, און כאָטש אַבעלע האָט נישט צוגעגעבן, אַז דאָס שרעקט ער זיך אַזוי פאַר דעם „פּאַניע״, סאַוויצקעלען, האָט ער פונדעסטוועגן מורא געהאַט: נאָך דאָס פעלט אים, מיט אַ גוי זיך אָנצוהויבן...

אַבעלעס פּלאַן איז געווען נישט לאַנג לאָזן אַרומדרייען זיך די הון נאָך דער שחיטה: אַ וואָרט, תנאים — כאַפּט מען זיך אַריבער, מען מאַכט חתונה און — און פאַרט זיך, קינדער.

וואָרעם געווען איז ער זיכער, אַז דאַניעס פאַרמעגן קען מען גאָרנישט אָפּציילן. צום ערשט זי,דערנאָך נעמט ער אים, אַבעלען, אויך אַרויס פון דעם שטעטל. וואָס וועט ער דאָ אָפּפּינצטערן? זאָל ער אויך אָנקוקן די ברייטע, פרייע וועלט!

אַזוי־אַרום וועט ער שוין פּטור ווערן פון דעם „גוי״, זאָל ער אים אויפהערן צו האַלטן אין דער האַנט און מיינען, אַז ער מאַכט אים רייך. זאָל ער זיך נעמען די „קריסטין״ און אַ סוף...

דערווייל, אַזוי ווי מען האָט זיך געגרייט אויף ביידע ערטער דאַניען אַריינצוכאַפּן אין דער פּאַסטקע, האָט זיך אָפּגעזוכט עפּעס אַ גוטער ברודער נאָך פון אַמאָל און דאַניען אויפגעקלערט וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך.

דאַניע איז געווען פאַרביטערט און געקרענקט, פון וואָס ווייסט ער אַליין נישט. נישט דאָס שטעטל האָט ער געזאָלט טרעפן, נאָר דאָס, וואָס ער האָט געדענקט און איבערגעלאָזט. ער האָט באַשלאָסן קיין איין מינוט לענגער דאָ נישט צו בלייבן, אָפּציען.

דערווייל איז סאַוויצקעלע אויך נישט געשלאָפן. ער האָט געזוכט עצות וויאַזוי זיך צו ווערן קעגן דאַניען. ער האָט אָבער געמוזט זיין פאָרזיכטיק, ווייל דאָס מינדסטע, וואָס ער וואָלט געטאָן קעגן דער „דזשעווטשינקאַ״, וואָלט ער זיך געמעגט שוין אָפּגעזעגענען מיט איר אויף תמיד. דאָס האָט ער נישט געוואָלט און דאָס האָט ער נישט געקאָנט.

האָט ער דעריבער געוואָלט קומען מיט אַזאַ מיטל, וואָס זאָל אויסקוקן אין דינהלעס און דער עיקר אין איר פּאָטערס אויגן, ווי אַ חסד פון זיין זייט.

נאָענט פאַרנאַכט, ווען דאָניע האָט געזאָלט קומען צו זיין „פעטער" און איז נישט געקומען, האָט זיך די פאַרגרינטע שוועסטער געקרימט און געהויבן פון אָרט, גלייך זי וואָלט אויף גליענדיקע קוילן געזעסן...
זי האָט אַלץ געהאַלטן אין איין טענהן, צו וואָס האָט מען זי געבראַכט? און אַז זי האָט די שטוב אַליין איבערגעלאָזט און ענדלעך האָט מען גאָר צו שלומלען אָפּגעטראָגן, אַז... אַ בראָך איז צו זיין קאָפּ! וואָס הייסט, ער גרייט צו אַ „וואָרט", אַז אַ „וואָרט" גרייט גאָר צו אַבעלע און ער ער וויל זיין אויסגעלאָסן טעכטערל דאָניען איינשלייערן.

דעמאָלט האָט שלומל תרח קיין וואָרט נישט געזאָגט צו די אַרומיקע. ער האָט זיך נאָך טיפער אַראָפּגערוקט דעם קאַשקעט איבערן שטערן, ווי ער וואָלט זיך געריכט מיט עמעצן צו שלאָגן, און זיך געלאָזט גיין צום רב.

אָבער אינדרויסן האָט ער געטראָפן סאַוויצקעלען. ער איז געשטאַנען ווי איינגעטונקען אין צרות. שלומל האָט אין דעם דערקענט, אַז עס איז נישט גלאַטיק. ער האָט זיך משער געווען, אַז דעם „שייגעץ" אַליין שמעקט נישט די מעשה, איז ער צוגעגאַנגען צו אים, אַרויפגעלייגט צוויי מיטלסטע פינגער אויף זיין דאַשעק, זיך אַ בייג געטאָן, און אַרויסגענומען אַ פּאַפּיראָסל מכבד צו זיין דעם „נאַטשעלניק".

סאַוויצקעלע האָט זיך געוווּנדערט, וואָס דער „שליאָמאַ" איז עפּעס געוואָרן אַזאַ נאָענטער מחותן מיט אים. האָט ער אָנגערירט דאָס „מונד־שטוקל" פון דעם פּאַפּיראָסל, וואָס האָט אַרויסגעשטעקט פון פּאַפּירענעם קעסטעלע, און אָנשטאָט אַ דאַנק האָט ער בלויז געשאָקלט מיטן קאָפּ.

און אָן הכנות:

— דו ווייסט, פריצל לעבן, אַז דער דאָניע, דער וואָס איז דאָ געקומען פון דער ווייט...

צוערשט האָט סאַוויצקעלע געמיינט, אַז דאָס וועט אים דער „שליאָמע" איצט דערציילן די מעשה, וואָס ער ווייסט שוין, און עס וועט אויסקומען,

ווי ער רייצט זיך מיט אים, אָבער אַזוי ווי דער גאַנצער ענין האָט אים איצט פאַראינטערעסירט, האָט ער אים מיט אויפמערקזאַמקייט אויסגעהערט.

שלומל האָט אַרויסגעצויגן פאַר זיך אויף אַ פּאַפּיראָסל, עס געדרייט און געוועלגערט צווישן די פינגער, דאָ לויז געמאַכט און דאָ אויסגעגלייכט, ווי ער וואָלט זיך מיישב זיין צי זאָל ער זיך פאַרגינען צו רויכערן, צי נישט. ענדלעך האָט ער צוריק אַריינגערוקט דאָס פּאַפּיראָסל אין קעסטעלע און פאַרגעזעצט דעם שמועס:

— וואָס־זשע מיינסטו איז ער געקומען דאָ אַהער?

ער האָט זיך אָפּגערוט, אָפּגעהאַקט אויף עטלעכע מינוט זיין וואָרט, גלייך ווי ער וואָלט געוואַרט סאַוויצקעלע זאָל אים דערקלערן. האָט ער אים אַריינגעקוקט אין די אויגן אַריין מיט אַ שמייכעלע, ווי איינער וואָלט געזאָגט: „איך ווייס אַלץ", און ווייטער געצויגן די פראַגע:

— און וואָס האָט ער דאָרטן, אין יענעם לאַנד געטאָן? און ווער איז די פּאַני? וועל איך דיר זאָגן: ער האָט דאָרטן געהאַנדלט מיט אַזאַ זאַך, פאַרוואָס מען וואָלט אים געדאַרפט פאַרשיקן, אויב נישט הענגען!

סאַוויצקעלע איז געוואָרן פאַראינטערעסירט. די זאַך איז אים זייער שטאַרק נוגע געוועזן און נאָך אין זעלבן פאַרנאַכט האָט ער אויפגעזוכט אַבעלען, אים דערציילט, אַז אין דער פּאָליציי זענען פאַראַן באַווייזן, אַז דאָניע איז אַ „מאַטשאָרניק", אַז ער וויל דינהלען פאַרפירן קיין בוענאָס־איירעס, זי פאַרקויפן צו די שוואַרצע מענטשן, אַז דאָס איז נאָר אַן אָנשטעל אַזאַ פון אים, און אַז די פּאַני העלפט אים דערין. ער וואַרט נאָר אויף אַ באַפעל פון נאַטשאַלסטוואָ, וועט ער זיי אַרעסטירן און אַז ער זאָגט, מעג מען זיך פאַרלאָזן.

סאַוויצקעלע האָט זיך אַראָפּגענומען דאָס היטל און אָפּגעווישט דעם שווייס פון רויטן רייפל, וואָס האָט זיך געהאַט איינגעגעסן פון דער שטייפעניש פון זיין היטל, און געוואַרט אויף דער דאַנקבאַרקייט פון אַבעלעס אויגן.

אַבעלע איז געשטאַנען פינצטער. עס איז פאַר אים געוועזן אַ שעת־הכושר: סיי־ווי וויל ער נאָך נישט, דער יונג. ער בריקעט זיך נאָך און אין דער שטאָט ווייסט מען שוין, אַז ער טוט מיט דאָניען. אַמאָל, פאַר

דער מלחמה, וואָלט ער זיכער נישט אין זין געהאַט, עס וואָלט אים גאָרנישט אָנגעשטאַנען דאָניעלע דער אייזשעכעס צו האָבן פאַר אַן אײדעם; נאָר עס האָט פּאַסירט אַזאַ אומגליק אויף דער וועלט, און דאָ רייסט מען אים פּשוט די אויגן אויס פון קאָפּ, אַז אַלע טאַטעס, וואָס האָבן גאַנץ פיין געשיקט זייערע טעכטערלעך מיט „ביטעס" צו די עסטרייכישע קאָמענדאַנטן, האָבן שוין זייערע קינדער אויסגעגעבן אין פרייד און פאַרגעסן לאַנג, וואָס עס איז געווען, נאָר אין אים איינעם האַלט זיך נאָך דאָס אומגליק, דער סאַוויצקעלע, כאָטש עס איז שוין לאַנג נאָך דער מלחמה...

אַבעלע האָט איינגעזען, אַז סיי־ווי וועט פון דעם קאָרן קיין ברויט נישט זיין, אַז מסתמא האָבן זיך געפונען גוטע פריינטלעך, וואָס האָבן פאַר דאָניען אָנדערציילט אַלדאָס בייז, — אויב אַזוי איז אַ מצווה צו כאַפּן די פיש פאַר דער נעץ, בעסער זאָל ער אויסגיסן דאָס באָד, איידער אַן אַנדערער טוט עס. האָט ער אַ פאַכע געטאָן מיט דער האַנט סאַוויצקעלען גלייך אין די אויגן אַריין און זיך געלאָזט מיט איילִיקע שפּאַנען צום רב.

דער רב האָט שוין געוווּסט פון צוויי זאַכן, אַז אי שלומל תרח וויל דעם יונג פאַר זיין שוועסטער, אי אַבעלע פּאַפּיראָסניק שטייט נאָך דעם שידוך. און אַז ער האָט געזען אַבעלען דאָ פאַרן „וואָרט" ביי אים, האָט ער זיך משער געווען, אַז עס איז נישט גלאַטיק, האָט ער אַרייַנגערוקט ביידע הענט אין גאַרטל, ווי ער וואָלט זיך אונטערגעהאַלטן דעם בויך און פון דאָרט אַרויסגעקוועטשט אַ וואָרט, אַ פראַגע מיט אַ קרעכץ:

— נו?

— נאָך גוט, רבי, וואָס עס איז באַצייטנס. כ'וואָלט אַריין, אַז די האָר פון קאָפּ וואָלט מען נישט אַרויסגעזען.

— דהיינו?

— ער איז דאָך, דער יונג, אַ טריפהנער ביין. ער איז דאָך געקומען יידישע טעכטער פאַרפירן.

— רחמנא לצלן, אין בתי־זונות?

— נאָך גוט, וואָס מען איז באַצייטנס געוויר געוואָרן.

— פונוואַנען?

— אַ נפקא מינה, אַבי מען ווייסט און שוין.

— ווער זאָל זיך ריכטן אויף אַזאַ זאַך — האָט דער רב ווי פֿאַר זיך געקרעכצט, — וועל איך שיקן נאָך אים און לאָמיר הערן, וואָס ער האָט צו זאָגן.

אַבעלע האָט מורא געהאַט, טאָמער לאָזט זיך אויס אַ בוידעם פֿון דער גאַנצער זאַך, האָט זיך שוין זיין אייגענע פֿאַנטאַזיע צעשפּילט, ער האָט דערמאָנט דעם רב אין אַלע „שיינע זאַכן", וואָס דער יונג האָט אָנגעטאָן, ווען ער איז נאָך געווען אַ קליינע כפּרה און אַוועקגייענדיק, האָט ער געעצהט דעם רב, ער זאָל זיך בעסער נישט ווייסנדיק מאַכן, עס איז אַ חרפּה פֿאַר דער שטאָט, וואָס האָט אים קליינערהייט נישט באַגראָבן.

נאָך אין דעם זעלבן אָוונט האָט מען זיך פֿון דעם „נייעס" דערוווּסט אין גאַנצן שטעטל. שלומלס פּאַרגרינטע שוועסטער האָט געפּייערט אַ בצחון איבער דעם ברודער, וואָס האָט זי באַדאַי געוואָלט אומגליקלעך מאַכן, אַבי איר צודעקן דעם קאָפּ... אין יעדן הויז, אין יעדער שטוב, האָט מען גערעדט וועגן דעם געשעעניש, כאָטש קיינער האָט נישט געוווּסט פֿונוואַנען דער „קלאַנג" האָט זיך גענומען, האָט יעדער געהאַט צו דערציילן אַנדערע נסים פֿון דאָניען. מען האָט אַפֿילו געוואָלט פּועלן ביים מצבה־קריצער, אַז ער זאָל דעם „אויסוווּרף" צוריקגעבן דאָס האַנטגעלט און זאָל נישט מאַכן קיין מצבה. דער מצבה־קריצער האָט זיך וועגן דעם געזען מיטן רב, דער רב האָט געפּסקנט, אַז די אייזשעכע איז געווען אַ כשרע פֿרומע יידענע. איי דער זון? איז עס אַן אומגליק, וואָס קען מען טאָן, און עס איז גלייכער, וואָס זי האָט נישט דערלעבט דאָס צו זען...

דאָניע איז אַלץ איינגעשטאַנען ביים פּאַפּיראָסניק. אַבעלע אַליין איז געווען פֿריינדלעך צו אים און אים אַליין באַדינט. דינהלע איז ערגעץ פֿאַרלוירן געוואָרן. אַחוץ דעם פֿאָטער, האָט קיינער נישט געוווּסט, ווו זי איז אַהינגעקומען. מען האָט אַפֿילו געזאָגט, אַז זי איז נאָך אַמאָל געפֿאָרן „אָפּטרייבן" און אַזאַ פֿייגעלע ווי זי איז, וואָלט זיך גאָרנישט געדאַרפֿט אָפּשרעקן, וואָס דאָניע וועט זי פֿאַרקויפֿן... אַבעלע האָט געוואַרט ביז סאָוויצקעלע וועט ענדלעך קריגן דעם באַפֿעל אים צו אַרעסטירן און אַרויסשיקן, אָבער דערוואַרט האָט ער זיך נישט.

אַז דאָניע האָט געזען, ווי אַלע „גוטע ברידער" האָבן זיך דערווייטערט פון אים, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז נישט גלאַטיק, אַז מען האָט שוין דאָ אָנגעמאַכט „אַ געסראָכע", האָט ער זיך אַזוי אָנגעהויבן אויפצופירן מיט כואַנען, אַז עס האָט שוין אויף אַן אמת די אויגן אויפגעריסן: זיך געפּירט מיט איר אונטער דער האַנט איבערן שאָסיי, זי צוגעפירט צו דער טומאה און געוואַרט אויף איר, זיך אַראָפּגענומען דאָס היטל, ווען אַ גויישע לוויה איז פאַרבייגעגאַנגען, און אָנגעהויבן אַריינצוקומען צום בייעם גלח, וואָס האָט געקענט אַ ביסל לאַטיין און, דעריבער, זיך ווי עס איז צונויפגערעדט מיט כואַנען.

אַז דער רב האָט געשיקט נאָך דאָניען, כדי אים איבערצורעדן, אַז וואָס וועט ער זיך דאָ אַרומדרייען און זיין אַלעמען גרויס אין די אויגן, און אַז עס איז גלייכער ער זאָל אַליין אָוועקפאָרן, כדי מען זאָל אים נישט דאַרפן אַרויסשיקן מיטן עטאַפּ. האָט דאָניע געשיקט אַ „מי שברך" אויפן רבס חשבון און געענטפערט, אַז ער איז ביי זיך אין דער היים, און אַז מען וועט אַ סך רעדן, וועט ער שטעלן אַ חופה מיט דער דאַמע אין דער טומאה, און וועט אַלע יידן פאַרבעטן אויף דער חתונה...

האָט זיך דעם זעלבן טאָג צונויפגעקליבן דאָס גאַנצע שטעטל אונטער אַבעלע פּאַפּיראָסניקס „גאָרקיך", ווייבער מיט קאָטשערעס, מיט בעזימס, מען האָט אַפילו די „פּאָמישאַפּן" אַרויסגעטראָגן פאַר די שוועלן, טאָמער וועט מען דאַרפן אים אָפּצוואָגן. חדר־ייִנגלעך האָבן אָנגעגרייט בלאָטע און ציגל. און אַז דאָניע מיט דער דאַמע האָבן זיך באַוויזן, האָט מען אָנגעהויבן שרייען און ליאַרמען, יידענעס האָבן איינגעטונקען דאַרע „וויעכיטשעס" אין די פּאָמיעס און דערמיט אינגאַנצן פאַרשפּריצט און פאַרבלאָטיקט כואַנעס טייערן פוטער־מאַנטל. עס האָבן אָנגעהויבן פליען שטיינער אין דאָניעס זייט. נאָר ווען עס איז אויסגעבראָכן געוואָרן די ערשטע שויב פון דער גאָרקיך, האָט אַבעלע זיך געמאַכט בייזערן, האָט מען מער קיין שטיינער נישט געוואָרפן, נאָר די לאָפּעטעס האָבן געפּאָכעט אין דער לופטן, קולות האָבן זיך איבערגעשריען און ליאַרמעס האָבן געהילכט.

צום ערשט האָט כואַנאַ געמיינט, אַז דאָס איז אַזאַ מנהג, אַזאַ קאַרנאַ־וואַל, האָט זי געפּרוווט אַ שמייכל טאָן, ווי עס אַרט איר נישט דער שפּאַס,

אָבער ווען זי האָט דערפילט, אַז דאָמינגאָ ציטערט ווי אַ צעשראָקענער לאַם נאָך אַ גאַס־רעגן, און זיין פּנים איז בלייכער ווי די ווייסקייט פון איר פוטער־מאַנטל, האָבן זיך אירע קניען אויך גענומען ברעכן.

אַבעלע פּאַפּיראָסניק איז אויסגעוואַקסן ווי אַ מליץ־יושר, און כאָטש ער איז דאָס געווען דער אונטערפירער, האָט עס אים נישט געשטערט צו זיין ווייך און מילד צו דאַניען. ער האָט זיך געווענדט צום עולם אין דאַניעס נאָמען:

— ליאַרעמט נישט אַזוי, שרייט נישט, טומלט נישט! ער וועט פאָרן, ער וועט אַוועק, וואָס דען, דאָ וועט ער זיין? וואָס וועט ער דאָ טאָן? אַוודאי וועט ער פאָרן, וואָס דען, דאָ וועט ער בלייבן?

ער האָט אָנגענומען דאַניען אונטער איין אָרעם און כואַנען אונטער דעם אַנדערן און זיי אַריינגעפירט אין דער גאָרקיך, זיי אַוועקגעזעצט, ווי מען זעצט אַוועק אבלים, זיי דערלאַנגט ביידן איין גלאָז וואַסער און געפּרוווט אויפהייטערן.

אַז דער עולם האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעטראָגן, האָט זיך אַבעלע מיט געמאַכט רחמנות געווענדעט צו דאַניען:

— וואָס האָט דיר דאָס געטויגט? האָסטו בייטיק דאָס געדאַרפט, האַ? פאָלג מיך, דאַניע, איך בין עלטער פון דיר און ווייס בעסער, אַ ייד מיט אַ גויע איז נישט קיין פּאָר. דו זעסט דאָך שוין...

און כדי זיין וואָרט זאָל האָבן אַ בעסערן קיום, האָט ער צוגעלייגט:

— די מאַמע וואָלט געדאַרפט לעבן און דאָס צוזען.

דאַניע האָט געשוויגן און איז גרייט געווען די אייגעלעך פון דעם יידל אויסצוקראַצן. אַבעלע האָט זיך נישט וויסנדיק געמאַכט און ווייטער איינגעטענהט:

— די טאָכטער מיינע איז אַוועק, אַזאַ שאַנדע. ווי קען מען דאָס איבערטראָגן? וואָס האָסטו געהאַט צו איר? עס איז נישט קיין קלייניקייט, אַז מען זאָגט־צו אַ מיידל. קענסט נאָך אַצינד אויך צורעכט מאַכן דעם פעלער. מיר קוקן נישט, וואָס מען רעדט. פאָר אַריבער, וועט מען שטעלן אַ חופּה. איך, זעסטו, געטרוי דיר מיין טאָכטער, איך האָב פאַר דיר קיין מורא נישט, כאָטש מען רעדט...

דאָניע האָט געגראָבן מיט די אויגן אין דער ערד. ער ווייסט נישט און פאַרשטייט נישט, וואָס דער ייד רעדט צו אים און פאַרוואָס מען האָט דאָס עפּעס מורא... אָבער הנאה געטאָן האָט עס אים פאָרט, עס האָט אים געלאָקט און גערייצט דער אייגענער חשד, אין וועלכן מען האָט אים אַריינגעלייגט. ער האָט דעם פּאַפּיראָסניק נישט געגלויבט קיין וואָרט. פונדעסטוועגן איז ער באַשטאַנען אים צו פאָלגן, ווי עפּעס אַן אומפאַרשטענדלעך נקמה־נעמען, און אין געדאַנק האָט ער שוין מסכים געווען.

אָבעלע האָט אים נישט געלאָזן קיין סך טראַכטן:

— צו וואָס דאַרפסטו מענטשן אויפרייסן די אויגן? לאָמיר ביידע זיך אויפזועצן און פאָרן, און מיט איר וועסטו שוין דורכקומען.

נאָך אַ רגע איבערלייגן זיך האָט ער פאַרענדיקט:

— ווען איך וואָלט קענען איר לשון, וואָלט שוין אַלץ געווען אין אָרדענונג.

*

אין דעם אייגענעם אָוונט האָט דאָניע דערקלערט כואַנען:

— מיר מוזן זיך, טייערע, צעשיידן. אַז דו ווילסט, פאָר קיין פּאַריז, און אַז נישט — צוריק אין בראַזיליע.

כואַנאַ האָט אויפגעהויבן ברייט אירע אויגן, זיי זענען פייכט געווען:

— און דו?

— איך ווייס נישט, טייערע.

זי איז אומגעפאַלן אויף דעם אָנלען פון דער פאָטער־שטול און איינגעפּרעסט איר שטערן אין האַרטן האָלץ. דאָניע האָט איר געפּרוווט אויפשטעלן, אָבער עס איז נישט פאַר זיינע כוחות געווען. זי איז אומגעהייער שווער געוואָרן. ער האָט זי דערשלעפּט צום בעט און זי דערמינטערט.

זי איז גיך געקומען צו זיך. די אויגן זענען געווען טרוקן און מאַט, גלייך ווי אויסגעלאָשענע קוילן. זי איז געווען קלאָר און געלאַסן:

— גוט, דאָמינגאָ, איך פאָר!

און זי איז גלייך צוגעטראָטן זיך איינפּאַקן די זאַכן.

אַז ער האָט זי געפרעגט וווהין, האָט זי קאַלט, טרוקן און אומהיימלעך געענטפערט, אַז זי ווייסט נישט.

דעם גאַנצן אָוונט האָט מען געשוויגן, שווער געשוויגן. דאָניע האָט זיך געפילט געפאַלן און פאַרשולדיקט קעגן איר. ווען זי זאָגט איין וואָרט, איין פאָרוווּרף ווען זי מאַכט, וואָלט ער אפשר געביטן זיין באַשלוס. אָבער זי איז געווען איינגעעקשנט. ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזאַ שטאָלצן בליק אין אירע אויגן. דאָס איז געווען אַ שטאָלץ אַזאַ, וואָס האָט ערגעץ געלעבט אין דער טיפעניש פון איר נשמה און האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט געהאַט אָפּגערופן. איצט האָט זיך דאָס געפיל אויפגעכאַפּט, ווי אַזוינס, וואָס האָט זיך באַפרייט פון געפאַנגענשאַפט, וואָס איז אַרויס פון אַ געפּאַנצערטן קלעם.

זי איז געוואָרן ווערדיק, מוטיק און כאָטש זי האָט איר אייגענעם פיין איגנאָרירט, איז זי נישט געווען פיינטלעך צו אים, און עס האָט אויסגעזען, אַז אַפילו שנאה צו טראָגן אויף אים האָט ער נישט די ווערט.

זי האָט איבערגעלייגט די זאַכן, וואָס האָבן זיך אין וועג צונויפגעמישט, זיינע מיט אירע און אַלץ וואָס האָט געהערט צו אים, האָט זי עס איבער־געלאָזט אויף זיין בעט. דאָס גאַנצע אויסלענדישע געלט, וואָס האָט זיך געהאַט אָנגעקליבן אין משך פון דער רייזע איבער פאַרשידענע לענדער, פעזעטעס, פראַנקן, דייטשע מאַרקן, עסטרייכישע קראָנען און צום סוף — פּויליש געלט, דאָס אַלץ האָט זי אַריינגעשטופּט אין די קעשענעס פון אַלע זיינע אָנצוגן. פאַר זיך האָט זי נאָך געהאַט גענוג אויף דער רייזע, פינף הונדערט ענגלישע פונט. זי האָט אים געבעטן, ער זאָל איר באַזאָרגן אַ פור צו דער באַן. און עס האָט אַפילו נישט געהאָלפן זיין בעטן זיך, אַז ער וועט זי באַגלייטן. זי האָט געזאָגט: ניין! און אין דעם טאָג האָט דאָניע דערפילט אַ וועלט מיט פאַראַכטונג.

אינדרויסן, פאַר דער גאָרקיך, איז קיינער נישט געווען. כאָטש אַבעלע האָט געוווּסט, אַז דאָס פאָרט זי אַוועק און מען ווערט שוין פטור פון איר, איז ער נישט אַרויסגעקומען, בלויז נאָר געקוקט דורך אַ לאָדן־שפּאַרע. דאָניע איז געשטאַנען אין רעקל, אויפגעשטעלט דעם קאָלנער

און געציטערט און פון פֿאַרנט ביי דער פור איז געזעסן דער בעל־עגלה, אַ גוי, וואָס מען האָט געדונגען עקסטרע, ער זאָל די פּאַני אָפּפירן קיין גאַרבאַטקע צו דער באַן.

ווען זי איז געזעסן אויף דער פור, האָט זי אויפגעהויבן די האַנט צו אים, ווי מען געזעגנט זיך מיט אַ פרעמדן, אַ צופעליק־באַגעגנטן. איר פּנים האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט דער בלייכקייט פון פאַרטאָג.

די פור האָט זיך גערירט און עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז זיין האַרץ עפנט זיך ווי אַ גרויסער, ברייטער טויער און עפּעס פֿאַרט אַרויס, און עס וועט זיך צוריק פֿאַרמאַכן און ער וועט בלייבן אַליין אין זיין האַרץ מיט אַ לאַנגער אייביקער פּוסטקייט.

ער האָט געפּרוווט נאָכשמייכלען:

— אַטע ל׳וויסטאַ!

— אַדיאָס! — האָט זי געענטפערט, דערביי האָט זיך איר מויל אויסגעדרייט פון דעם שמייכל, וואָס האָט זיך איר געשטעלט אין דער קרים. דאַניע האָט אויפגעכאַפּט דעם שמייכל, ווי די אָפּשפּיגלונג פון איר אומענדלעכן צער.

*

נישט אַזוי שלומל תרח, ווי זיין ווייב ראַצל איז געווען אויסער זיך, ווען זי האָט זיך דערוווּסט, אַז אַבעלע האָט זיי אַזוי אָפּגעטאָן אין „קאַשע אַריין״.

שלומל האָט גאָרנישט גערעדט. דאָס האָט ער זיך אַליין „באַראָצט״, אַליין געגעבן דעם הונט דעם ביין. נו, וואָס זאָל ער איצט זיך אַליין מיט דעם באַשמירן דאָס פּנים? האָט ער שוין בעסער געשוויגן.

אין שטעטל האָט זיך געטאָן חושך. אַ טייל האָבן געזאָגט, אַז דאָס האָט אַבעלע אַזוי אונטערגעפירט, כדי אים, דאַניען, מיט „זיינע מיליאָנען״ אַריינקריגן אין זיינע הענט אַריין. אַנדערע האָבן געגעבן אָנצוהערן, אַז דינהלע איז נישט בעסער, אַז זי באַשטייט, ער זאָל זי פֿאַרקויפן אין בוענאָס־איירעס און דער טאַטע וועט נאָך נעמען אַ גרויסע אפּותיקא פאַר איר...

דער רב האָט גאָרנישט געקאָנט העלפֿן. מען האָט נישט געקאָנט וויסן, אין וועלכן אָרט דאָס איז געשען, און ווען ער ווייסט פֿריער, וואָלט ער געשיקט אַן אזהרה, אַז קיין רב וואָלט נישט געגעבן קיין חופּה־וקדושין.

✶

דערווייל האָט אין אַ שטעטל ביי וואַרשע פּאַסירט עפּעס אַזוינס, אויף וואָס אַבעלע פּאַפּיראָסניק, דינהלע זיין טאָכטער און דער ווייטער קרוב האָבן זיך נישט געקענט ריכטן.

נאָך דער חופּה האָט מען פֿאַרלאַנגט פֿון דאָניען, ער זאָל באַצאָלן רחש. דאָניע האָט נישט געוווסט, אַז אין די קעשענעס פֿון זיינע אָנצוגן האָט כואַנאַ איבערגעלאָזט געבוג געלט, וואָס וואָלט אים געקלעקט אַפילו די ערשטע עטלעכע וואָכן זיך איינצואָרדענען, איז ער דעריבער געבליבן אין אַ פֿאַרלעגנהייט.

די גאַנצע פֿייערלעכקייט פֿון דער חתונה איז צעשוווּמען, אַפילו דער מאָלצייט, וואָס דער ווייטער קרוב האָט צוגעגרייט פֿאַר אייגענע מענטשן נאָך דער חופּה, האָט שוין נישט געקאָנט פֿאָרקומען. צוערשט האָט זיך דער ווייטער קרוב געסודעט מיטן מחותן, דערנאָך — דער טאָטע מיט דער כלה, שפּעטער אַלע צוזאַמען. מען האָט דאָניען געלאָזט אַליין זיצן. צום סוף האָט דער „פּאַפּיראָסניק" אַריינגערופֿן חתן־כלה אין אַ באַזונדערן חדר, כדי מען זאָל זיך דערוויסן דעם ריינעם אמת.

דאָניע האָט געזאָגט דעם „ריינעם אמת", אַז ער האָט גאָרנישט קיין געלט זיין אייגנס, אַז אַלץ איז געווען אירס.

— אויב אַזוי — האָט דער פּאַפּיראָסניק אַרויסגעזונגען — אויב אַזוי, בין איך אַ פֿאַרד.. — און גלייך צוגעלייגט: — גאָרנישט איז געווען!... הערסט, מיין טאָכטער, גאָרנישט איז פֿאָרגעקומען.

דער קרוב האָט דערנאָך אונטערגעהאַלטן:

— גלייך ווי גאָרנישט. נאָך גוט, וואָס באַצייטנס. אַזוי ווי אַלע זענען נאָך פֿאַראַן, איז — גלייך אַ גט!

דער חתן האָט נישט פֿאַרשטאַנען, אין וואָס דאָ האַנדלט זיך. די מחותנים האָבן זיך געקאָכט.

דאָס רבל האָט זיך געהאַלטן ביי דאָס זייניקע:

— צוערשט באַצאָלט מען רחש, דערנאָך, אַז מען וועט ווייטער סילוקן, וועט מען שרייבן צוועלף שורות אויך.

אַבעלע האָט אָבער נישט געוואָלט נאָכגעבן, אַז מען דאַרף אַפילו זיך גטן, און ער האָט ווי זיך אַליין געוואָלט אויפווייזן:

— אַז ס׳איז גאָרנישט פאָרגעקומען, לחלוטין גאָרנישט.

פון וואָרט „גט״ און דינגען זיך האָט זיך דאָניע משער געווען, וועגן וואָס עס גייט דאָ אָן. ער וואָלט אַוודאי געוואָלט איצט אַוועק מיט דער קליינער, דאַרער מיידעלע, וואָס האָט אויסגעשטרעקט צו אים אַ קינדעריש פינגערל, און דאָס גאָלדענע רייפעלע איז געטאָן אַ שווים אַרויף, ווי אַ גרויס היטל אויף אַ קינדערישן קאָפּ, אָבער ער פאַרשטייט שוין, עס וועט פון דעם גאָרנישט זיין. עס איז אים נמאס געוואָרן דאָס דינגען זיך, דאָס אַמפּערן, דאָס פּלאָנטערן זיך פון בערד, פּיאות און הענט, און ער אינדערמיטן, האָט ער זיך אַרויסגעשאַרט אינדרויסן, האָט אַ זופּ געטאָן מיט דער נאָז די לופט, האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס פּרעסטל האָט געבראָכן — האָט ער געשטעלט פיס, אַליין נישט וויסנדיק וווהין. פון דער ווייטנס האָט זיך געשלענגלט אַ שורה מיט אָנגעצונדענע פענצטער, זיך געדרייט און אַרומגעקרייזלט אַרום־און אַרום. אָט איז עס געווען פון הינטן, און אָט — פון פאָרנט. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, ווי אַ כישוף לאָקט און רופט אים. האָט ער זיך געלאָזט ממש לויפן. ער איז צוגעלאָפן צו אַ קליינער סטאַנציע פון דער קאָלייקע, דעם קאָנדוקטאָרס פייף האָט אים אַ הייב געטאָן אַרויף אויף די טרעפּלעך און ער איז אַוועקגעפאָרן; וווהין האָט ער נישט געוווסט, נאָר טיפער, טיפער אין דער פינצטערניש אַריין פון דער נאַכט.

## זעקסטער טייל

# דער קרייצוועג

### קאַפּיטל איינס

מיט באַזונדערער פייערלעכקייט האָט די מוניציפּאַליטעט פון דער שטאָט ריאָ־דע־זשאַנייראָ צוגעגרייט דעם יום־טוב פון קאַרנאַוואַל.

מיט וואָכן פריער האָבן ספּעציעל־געבראַכטע פון בוענאָס־איירעס טעכניקער, דעקאָראַטאָרן געצירט די גאַסן, וואָס פירן צום צענטער, און דער עיקר די אַווענידע צענטראַל. מען האָט אויסגעוועבט אַ נעץ פון קאָלירטע לאָמפּן אונטערן הימל. טויזנטער פייערן האָבן מיט זיך פאַרגע־שטעלט אַלערליי פאַנטאַסטישע פייגל און פלאַטערדיקע שמעטערלינגען אין דער גאַנצער בונטקייט פון פאַרבן.

באַלדאַכינס מיט אָנגעצונדענע רעגנבויגן־פלאַמען האָבן פאַרבונדן די ווינקל־הייזער פון די „עסקינאַס״, אַזוי אַז עס האָט אויסגעזען, ווי אַלע געסלעך אַרום אַווענידע ריאָ בראַנקאָ האָבן אויפגעשטעלט פייערדיקע טריומף־טויערן פאַר עפּעס אַ פאַנטאַסטישער קעניגין, וואָס דאַרף קומען צו רייטן אויף באַפליגלטע פערד...

קלובן און ספּאָרט־פאַראיינען האָבן צונויפגעזאַמלט זייערע מיטגלידער: מיליטערישע מונדירן, פּענער, באַלאַגאַנעס, אונטער פאַרשידענע אָפּצייכנס, האָבן מאַרשירט איבער דער „אַווענידאַ״. עס זענען נאָכגעלאָפן גאַנצע מחנות קליינוואַרג. דאָס זענען מערסטנס געווען קינדער, וואָס האָבן אין זייער לעבן נישט פאַרזוכט דעם טעם פון אַ שול. דעם פּראָיעקט, וואָס דאָקטאָר מאַטאַראַזאָ האָט אַריינגעטראָגן וועגן איינפירן אַן אָבליגאַטאָריש שול־וועזן, האָט דער קאָנגרעס כסדר אָפּגעוואָרפן. מען האָט זיך צופרידנ־געשטעלט מיט די עטלעכע שולן, וואָס די רעגירונג האָט אויסגעהאַלטן אויף

איר „חסד״, נאָר ס׳האָבן געפעלט בנינים עס זאָל קלעקן פאַר אַלע קינדער. זענען די קינדער געווען די פּיאָנערן פון צוקונפטיקע לײדיקגײערס. און צו פערצן — פּופּצן יאָר האָבן זײ שוין פאַרבראַכט די אָוונטן אין די געסלעך פון לאַפּי, אַרומשלעפּנדיק זיך אונטער די לאָדנס פון „פּענסיאָנען״, און אויפּציטערנדיק פון יעדער פייקל אויף אַ שויב און יעדער רוף פון די מיידלעך פון אונטער צוגעשפּאַרטע לאָדנס...

די יינגלעך האָבן זיך אויסגעוויסט און אויסגעשוואַרצט די פּנימער, האָבן זיך צוגעקלעפּט בערד, אַנדערע האָבן זיך גאָר פאַרשטעלט פאַר טרובאַדורן און אויף אימיטירטע פידלען האָבן זיי זיך געלאָזט מיט געזאַנג פון סערענאַדעס צו די פענצטער פון זייערע שכנים און פאַרענדיקט מיט אַ קאַצן־יאָמער.

די שטאָט האָט שוין געהאַט אינגאַנצן אַ יום־טובדיקן אויסזען. מען האָט נישט געקאָנט דורכדרינגען די גאַסן, וואָס האָבן געפירט צו דער אַוועניִדע־צענטראַל. די מאַסן האָבן געכוואַליעט, אָנגעטאָן ווייס, העל און פאַרביק; די לופט איז פאַרהילכט געוואָרן פון דעם טרובען אויף די אויטאָמאָביל־האָרנס, פון די פּאַפּירענע בלאָז־פייפעלעך און גרעגערס. סערפּענטין־פּולווער האָט אַלע רגע אויפגעריסן און אַרויסגעשאָסן אַ מיראַזש פון בלענדיקע פיגורן און בלומען.

אַ זייגער ניין האָט זיך דער „קאָרסאָ״ פייערלעך געעפנט דערמיט, וואָס דער שטאָטישער אָרקעסטער האָט אויפגעשפּילט דעם קאַרנאַוואַל־מאַרש. אין דער אָפיציעלער לאָזשע, וואָס איז געווען אויפגעשטעלט אין דער מיט פון דער גאַס און איז געווען באַצירט מיט פאַרביקע טיכער און גאַלאַ־פּענער, האָט זיך באַוויזן דער שטאָט־באַלעבאָס, מיט הויכע באַאַמטע פון דער מוניציפּאַליטעט און איינגעלאַדענע געסט פון די אויסלענדישע אַמבאַ־סאַדעס. דעמאָלט האָבן זיך די טריומף־טויערן פון דער גאַס געעפנט פאַר די „קאָטשען״, פאַר די, וואָס האָבן געהאַט אייגענע אָדער געדונגענע אויטאָ־מאָבילן. אַריינצופאָרן אין די אָפיציעלע „קאָרסאָ״־גאַסן האָט מען געמוזט האָבן אַ דערלויבעניש פון דער שטאָטישער מאַכט. אַזאַ דערלויבעניש האָט יעדער איינציקער געקראָגן, אויב ער האָט נאָר באַצאָלט די עטלעכע צענד־

ליק מילרייס. דאָס געלט איז באַשטימט געוואָרן פֿאַר די שטאַטישע הילפֿס־אינסטיטוציעס, צום מייניסטן פֿאַר שפּיטאָלן.

די אויטאָמאָבילן, די קאַרעטעס, די וועגענער, האָבן מיט זיך פֿאָרגע־שטעלט אַן אומגעהייערע קייט מיט פֿאַרשידענאַרטיקע סטילן, איינפֿאַלן, שיינקייט און אַבסורדן. עס איז געווען אַן אויסמיש פֿון אָרעם און רייך, געשמאַק און וווּלגאַריטעט, קונסט און רעקלאַמע.

די פּאָליציי אין מלבושים, וואָס האָט זיי געמאַכט אויסזען ווי גענע־ראַלן, אויף פֿערד און צופֿוס, האָבן געהאַלטן אָרדענונג און אַכטונג געגעבן, אַז איינער זאָל נישט אַריבעריאָגן דעם אַנדערן.

אָט איז אָנגעפֿאָרן אַן עקיפּאַזש, וואָס האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ קעניגלעכע קאַרעטע פֿון לואיס דעם 15־טן, און אין דער קאַרעטע זענען געזעסן דאַמען מיט גרויע פּאַרוקן, וואָס זענען אַראָפּגעהאָנגען מיט זילבערנע לאָקן אויף די עפּל־רויטע באַקן, און הינטער דעם איז געפֿאָרן אַ וואָגן פֿון אַ מילך־פֿאַרקויפֿער און אויפֿן וואָגן איז געזעסן אַ טוץ יונגען אָן רעקלעך, אָן קעלנער מיט פֿאַרשאַרצטע אַרבל און פֿאַרשוואַרצטע שטערנס. און אייניס דעם אַנדערן האָט געשאָסן מיט סערפּענטין, פֿאַרוואָרפֿן מיט קאָנפֿעטי און אַרייַנגעזאָגט פּיקאַנטע ווערטלעך...

עס האָבן זיך געצויגן קאַראַוואַנען, עס זענען געשווומען שיפֿן און עס האָבן דורכגעשוועבט עראָפּלאַנען. דאָס אַלץ איז געווען קונציק דעקאָרירט און אויסגעשטאָט.

עס זענען אויך געפֿאָרן „קאָטשן", וואָס די מיטפֿאָרער זענען געווען גרימירט אין קאַריקאַטורן פֿון פּאָליטישע קעגנער. דער דאָקטאָר ריאָ מאָטאָראַזאָ איז דאָ פֿאָרגעשטעלט געוואָרן אַלס העסלעכע פֿיגור, געוויינלעך פֿון פּאַטריאָטן און געטרייע צו דער רעגירונג, ווייל אַנדערש וואָלט מען נישט געלאָזט. חוץ דעם, האָט יעדער „קאָטש" געוואָלט קריגן די אויסציי־כענונג, וואָס איז באַשטימט געוואָרן, און קיינער וואָלט נישט געגעבן קיין „פּרייז" פֿאַר אַ קאַריקאַטור, וואָס איז קעגן דער רעגירונג.

אין די „לאָזשעס", וואָס זענען געווען אויפֿגעבויט איבער דער גאַנצער לענג פֿון דער אַוועניִדע ריאָ בראַנקאָ איז געזעסן די גאַנצע אַריסטאָקראַטיע פֿון ריאָ־דע־זשאַניירא, אויסגעפּוצט פֿאַרשוועבדעריש, אין קאָסטבאַרע

קאָסטיומען און אין אַנטיק־קליידער: עס האָבן זיך געזען קרינאָלינעס, שפּאַנישע שאַלן געהאָפטן מיט בלומען פון אמתן גאָלד; אַנדערע אין געוויינלעכע באַל־קליידער באַצירט מיט עכטע פערל. און גאָר אַנדערע האָבן געטראָגן קאָסטיומען, וואָס האָבן דערמאָנט אין אַלט בראַזיליע, ווען זי איז נאָך געווען אונטערטעניק צו פּאָרטוגאַל, די צייטן פון דאָן פּעדראָ דעם ערשטן.

אין פּאַראַד האָבן זיך אויך באַטייליקט אינדיאַנער, וואָס לעבן אין די אור־וועלדער, וואָס צו זיי איז נאָך די ציוויליזאַציע נישט דערגאַנגען. זיי האָבן צוגעצויגן צו זיך די אויפמערקזאַמקייט דערמיט, וואָס זיי האָבן געזונגען גוואַראַנאַישע לידער און פּרימיטיווע ניגונים, באַגלייט אויף פּייקלען פון פעלן, אָנגעצויגן אויף באַמבוס רייפלעך. דאָס האָט דעם עולם אַריינגעבראַכט אין אַ באַזונדערער התלהבות.

צוזאַמען מיט די אָרקעסטערס פון דער פּאָליציי, פייערלעשער, מיליטער־רישע גאַרניזאָנען, האָבן אויך געזונגען כאָרן פון פאַרשידענע פאַראיינען און קלובן, ספּעציעל פאַרפאַסטע קאַרנאַוואַל־לידער פון היי־יאָר און פריערדיקע קאַרנאַוואַלן. דאָס פאָלק האָט מיטגעזונגען, מיטגעשריגן, געפייפט, זיך געריסן די העלדזער. עס האָט אַרומגעכאַפּט אַ וואַקכאַנאַליע. דאָס הפקרות האָט געשוימט, ווי מיליאָנען שטראָמען, וואָס זענען פריער געווען געצוימט, וואָלטן פּלוצלינג פריי געוואָרן.

אַ גייענדיקע כוואַליע מענטשן האָט אַלעמאָל פאַרהאַלטן איינעם אַ מאַטראָז, וואָס האָט זיך געשפּאַרט, איינער אַליין, אַנטקעגן דעם גוואַלדיקן שטראָם. דאָס איז געווען דאָניע. דאָס היטל האָט ער געהאַלטן אין די הענט און עס געקנייטשט צווישן די פינגער. אַ ווינטעלע, וואָס האָט אַהער־געבלאָזן פונעם אָפענעם ים, האָט געוויייעט זיינע האָר, ווי זאַנגען אויפן פעלד.

ער האָט געצויגן צו זיך אַלע הייסע בליקן און וואַרעמע שמייכלען פון די אויפגעלייגטע דאַמען, וואָס זענען געפאָרן אין קאַרעטעס, אויטאָ־מאָבילן און „קאָטשן". הענט האָבן זיך געהויבן מיט באַגריסונגען און אויסרופן:

— אָפּאָלאָ, ווענוס בענקט נאָך דיר...

— ביסט דער רייצנדיקסטער מאַטראָס צווישן אַלע.

— קעניג פון קאַרנאַוואַל.

— איז דיין קוש אַזוי זיס, ווי דיינע ליפּן?

די בחורים, וואָס זענען געפאָרן מיט די דאַמען האָבן אים באַוואָרפן מיט חוזק־ווערטלעך.

— באַזיגטער טאָרעאַדאָר!

— האַר פון די מיסט־וועגענער...

— קאַוואַליר פון נאַראָנים־באַטאַליאָן...

פּלוצלינג האָט עפּעס אַ בליאַסק געטאָן אין דאָניעס אויגן. און איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט צו באַמערקן וואָס דאָס איז, האָט עפּעס אַ שמיץ געטאָן אין זיין פּנים אַריין. צו ערשט איז ער נשתומם געוואָרן, נישט געוווּסט וואָס און פון וואַנען דאָס פאַלט אויף אים. נאָר באַלד האָט ער דערזען, ווי זיין שכן, וואָס גייט נעבן אים, האָט זיך אַ וויג געטאָן און אויפגעכאַפּט אַ רויטע רויז. איצט האָט שוין דאָניע געזען, ווי פון יענער קאָטש, וואָס איז דערווייל אָפּגעפאָרן עטלעכע צענדליק שפּאַן, שטעקט אַרויס אַ קאָפּ פון אַ מיידל. ער האָט זי נישט דערקענט, כאָטש איר אויסזען איז אים געווען זייער באַקאַנט.

אירע האָר זענען געווען פאַרבונדן מיט אַ פאַרביק טיכל, איר גוף האָט זיך אַרויסגעבויגן און זי האָט אויסגעשטרעקט אירע הענט צו אים. בשעת די קאָטש האָט זיך געהאַלטן אין דערווייטערן, האָט אַ האַנט אין אַ ווייסן אַרבעל געפאָכעט אין דער לופט און אים גערופן.

און איידער ער האָט נאָך רעכט פאַרשטאַנען ווער דאָס איז, האָט זיך אַ וואָרט אָנגעצונדן אויף זיינע ליפּן:

— אַנדזשעו!

דאָניע האָט געשטעלט טריט, געאַרבעט מיט די עלנבויגנס, ווי דורכצוּ־שפּאַרן זיך אַ וועג, אָבער די פריערדיקע כוואַליע האָט זיך מיט מער אימפּעט פאַרשטאַרקט און אים אַלעמאָל צוריקגעשטויסן אויף עטלעכע טריט.

אַזוי איז ער מיטן פּנים פאָרויס, מיט די אויגן אויסגעשטרעקט צו

יענעם פאַרשווונדענעם בילד, געגאַנגען צוריקוועגס, הינטערוויילעכץ, ווי מען גייט אַוועק פון אַ הייליק געשטאַלט.

*

אָפיציעל איז דער קאַרנאַוואַל פון דער ערשטער נאַכט שוין געווען פאַרענדיקט. די עלעקטרישע לעמפּלעך, וואָס האָבן דעם גאַנצן אָוונט געגאָסן מיט יום־טובדיקער שיין, זענען איצט געהאַנגען אויסגעלאָשענע. די געווייגלעכע גאַז־פאַנאַרן האָבן געברענט ווי חולאים, אין אויג האָט נאָך געצאַנקט די שטאַרקע העלקייט פון פריער, און מען האָט זיך נישט געקענט צוגעווינען צו דעם ליכט, וואָס האָט אויסגעזען טונקל און שאָטנדיק.

אַנשטאָט דעם קאַלטן פייער פון די באַציר־לעמפּלעך האָבן איצט געקנאַקט אמתע פלאַמען און דער רויך האָט זיך געקרייזלט געדיכט צום הימל, מיט לעבעדיקע פונקען, וואָס האָבן זיך געלאָשן אינמיטן פליען.

דאָס האָבן די שטאָטישע גאַסן־רייניקער געברענט אָנגעקליבענע בערג מיט פּאַפּיר, קאָנפעטי און סערפּענטין־שלענגלעך. אַרום די פלאַמען איז געשטאַנען אַן עולם, וואָס האָט נאָך קיין חשק נישט געהאַט אַוועקצוגיין פון דער אויסגעפּוצטער אַוועניִדע אין זייערע פאַרוואָרפענע היימען אַריין, אין די שטיבלעך פון בלעכענע פּושקעס.

די פייערונג פונעם „קאַרסאָ" איז נאָר געווען אַן אָנהויב, אַן אָנרעגונג צו דעם, וואָס האָט זיך איצט אָנגעהויבן. אַלע צוימען, וואָס זענען אַ גאַנץ יאָר פעסט אָנגעצויגן, האָבן איצט נאָכגעלאָזט. אַלע ווענט און מויערן — צעפאַלן, ווי עס צעפאַלן שוץ־וואַלן, בעת אַ פאַרפלייצונג. אַ גאַנץ יאָר זענען טאַטע־מאַמעס אויגן וואַך געהאַנגען איבער די טריט פון זייערע טעכטער, און עס איז נישט דערלויבט געוואָרן, אַז די טאָכטער זאָל אַן איבעריק וואָרט אַרויסרעדן מיט אַ בחור.

פון אונטער די סאַנטאַ־טערעזאַ־בערג האָט זיך צעשפּילט אַן אויפ־גייענדיקע ליכטיקייט. גאָלדענע פעדעם האָבן זיך צעשפּיזלט איבערן הימל; דערנאָך האָט זיך באַוויזן די זון.

דאָניע האָט אַ גאַנצע נאַכט געשפּאַנט איבער די גאַסן און אַוועניִדעס

פון דער הויפּט־שטאָט. דער עולם איז שיטערער געוואָרן, זיך צעגאַנגען און ער האָט געבלאָנדזשעט אָן אַ ציל, מיט יענער בלענדנדיקער געשטאַלט פאַר די אויגן.

איז דאָס אמת? איז דאָס געווען זי, אַנדזשעליטא? פון וואַנען קומט זי דאָ אַהער און מיט וועמען איז זי געזעסן אין דער קאָטש?

ער געדענקט נישט, צי איז דאָס געווען אַ רייכע קאָטש, צי אַ פּשוטער אויטאָמאָביל. פונדערווייטנס האָט ער מער נישט געקאָנט זען, ווי דאָס פאָכען פון איר האַנט.

ער האָט זיך איצט געמאַטערט צו דערמאָנען וואָס נאָך ער האָט געזען, אָבער מער, ווי דעם בליץ פון אירע אויגן און די אויסגעשטרעקטע הענט געדענקט ער נישט. שפּעטער האָט ער זיך דערמאָנט, אַז זי האָט אָפּגעשטעלט איר קאָטש. פאַרוואָס האָט ער זיך נישט דורכגעריסן, פאַרוואָס האָט ער נישט צענומען זיינע אָרעמס, אַז אַלע מענטשן זאָלן אַוועקפאַלן ווי שפּענדלעך? דאָס קאָן ער נישט פאַרשטיין.

אויפן וועג האָבן אים באַגעגנט מיידלעך, איינזאַמע און גרופּעסווייז. זיי האָבן אים פאַרטשעפּעט און געצויגן ביי די אַקסלען. אַ טייל האָט אים פּשוט גענומען אונטער די אָרעמס און געשלעפּט. פון די שאַרפע פאַרפומען האָט ער דערקענט מיט וועמען ער האָט צו טאָן, האָט ער זיך אַרויסגעריסן און אַנטלאָפן.

האָט מען אים נאָכגעשיקט קללות, נאָר ער האָט נישט געהערט. ווייטער געלאָפן, זיך פאַרדרייט אין געסלעך און דורכגעגאַנגען, גלייך ער וואָלט עמעצן געזוכט און ער וויל דאָס די גאַנצע שטאָט דורכנישטערן...

צוריקגיין צו דער שיף, האָט ער קיין חשק נישט געהאַט און טאָקע אויסגעמיטן וועגן דעם צו טראַכטן. דער פאַרטאָג האָט אים אַריינגעבלאָזן אַ קעלט אין האַלדז דורכן דעקאָלטירטן קאָלנער. ער האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ קאַפע־הויז, זיך אָפּצופרישן. ער האָט געטרונקען קאַווע איינער אַליין.

דער אייגנטימער פון דער קאַפע האָט געקוקט אויף אים מיט פאַרשלאָפענע אויגן, און דער קעלנער האָט צונויפגעלייגט טישל אויף טישל און מיט אַ נאַסן טוך אָנגעהאָנגען אויף אַ בעזים, האָט ער גענומען שמירן

איבערן פּאָל אונטער זײַנע פיס, אַ סימן, אַז מען שטייט נישט שטאַרק איצט נאָך געסט...

האָט דאָניע איבערגעלאָזט דאָס געטראַנק אינדערמיט, און מיט אַ קללה צווישן די ציין, גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין, האָט ער זיך אַוועקגע־לאָזט איבער די גאַסן.

דער טאָג האָט זיך געשטעלט, ווי עפּעס אַ חול־המועד. די קלענערע קראָמען האָבן זיך פויל געעפנט, שטיקער איבערבלייבעכץ פון בעכטיקן יום־טוב האָבן זיך געוואַלגערט אויף די טראָטואַרן, די, וואָס האָבן זיך געשלייכט דורך דער גאַס, האָבן מיד געשלעפּט די פיס פון נעכטיקן רעש און פון היינטיקן נישט־דערשלאָפן.

עס האָבן זיך געוויזן פּאַרלעך מיט און אָן מאַסקעס, די קליידער צעקנייטשט, די פנימער מאַט און די פאַרב צעשמירט און צערונען ; מייד־לעך, אָנגעטאָן די רעקלעך פון זייערע קאַוואַליערן, און די קאַוואַליערן מיט די הוילע אַרבל פון די העמדער. איינס האָט זיך אָנגעהאַלטן אין צווייטן און זיך נאָכגעשאַרט מיט שלאַבערדיקע טריט — ווי דער גאַנצער מאַרך, דער גאַנצער כוח וואָלט געווען אויסגענאָגט. ערשט ווען די זון האָט שוין געברענט און געשאָסן מיט צעגליטע ריטער איבער דער שטאָט, האָט זיך דאָניע דערשאַרט צו דער „יידישער קאָפּע" אויף דער פּראַזע־אָנזע. אפשר וועט ער כאַפּן דעם „ליטוואַק", פאַר אים אויסגיסן זיין אָנגעלאָדן האַרץ, און אפשר וועט ער אים קענען לייזן דאָס רעטעניש, וואָס האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַר זיינע אויגן זינט ביינאַכט, זינט דאָס אָפּבילד פון אָנדזשעס פנים האָט אים אַ ברען געטאָן.

## קאַפּיטל צוויי

עס איז געווען אַרום צען אַזייגער אינדערפרי. אין דער יידישער קאָפּע זענען אַחוץ יידן קיין אַנדערע געסט נישט געווען. מען איז געזעסן געמיטלעך און גערעדט וועגן דער נעכטיקער „חתונה".

דער ליטוואַק האָט גערעדט מיט פאַרדראָס וועגן דעם, וואָס היינטיקס

יאָר איז געווען אַ באַזונדערע גערעטעניש פון יידן, וואָס האָבן זיך באַטיי־ליקט אינעם „קאָרסאָ":

— אַמאָליקע צייטן, זינט איך בין אין לאַנד, געדענק איך נישט, אַז יידישע מיידלעך זאָלן זיך אָנטאָן אין „קאָסטיומען", מאַסקעס און אַרויס־פאָרן אין קאָטשן, פע, עס איז נישט שיין, און עס איז נישט ווירדיק!

דער יוועליר, וועמענס צוויי שוועסטער, וואָס זענען נישט לאַנג געקומען פון „יענער זייט ים" און האָבן הויך און קלינגענדיק גערעדט רוסיש צווישן זיך, האָבן זיך באַטייליקט אינעם קאַרנאַוואַל, האָט פאַרטיידיקט:

— מיר דאַרפן נישט אָפּשטיין פון דער באַפעלקערונג. דער קאַרנאַוואַל דאָ איז אַ נאַציאָנאַלער יום־טוב, ווערט געפייערט איבערן גאַנצן לאַנד, און איך זע נישט אין דעם חטא, וואָס מיר באַגייען, אויב מיר „מאַכן זיך אויך נאַריש".

אַ דריטער האָט נאָך צוגעלייגט:

— פאָר יידישע מיידלעך דאַרף מען נישט מורא האָבן, זיי וועלן זיך נישט לאָזן אַריינגנאַרן אין זאַק אַריין. זיי פאַרלירן זיך נישט ווי די „היזיקע"...

דער ליטוואַק האָט זיך אָבער אַלץ געהיצט:

— נישטאָ קיין זכות. איר ווייסט, וואָס דער קאַרנאַוואַל איז? דאָס איז אַן איבערבלייבעכץ פון קאַטוילישן פאַנאַטיזם! יעזואיטישע מנהגים, ווילדקייט, באַרבאַריזם! מישט איבער די בלעטער פון דער יידישער געשיכטע, וועט איר זען, וויפל יידיש בלוט עס איז אָפּגערונען אין די צייטן פון די קאַרנאַוואַלן אין שפּאַניע!

אַלע זענען געזעסן שטיל, געשלונגען הייס דעם ליטוואַקס ווערטער און יעדעס וואָרט האָט געבריט אין האַלדז. דער יוועליר, וואָס האָט זיך געפילט עפּעס מער פאַרשולדיקט פון יעדער איינעם, האָט נאָכאַמאָל געפּרוווט באַרעכטיקן. נאָר דער ליטוואַק האָט נישט אָפּגעלאָזט:

— ווען אונדזערע אור־עלטערן וואָלטן דאָס געוווסט בשעת זיי זענען געגאַנגען אויף קידוש השם צו די שייטער־הויפנס, אַז זייערע אייניקלעך וועלן זיך אויספּוצן אין האָניק און אין עסיק, זיך משוגע מאַכן, לאַכן,

זינגען, ווי די הולטייקעס, פאָרן איבער די פּאַראַדנע גאַסן און זיך נאָך אפשר קושן מיט די אייניקלעך פון די טאַרקוועמאַדאָס...

דער יוועליר איז אויפגעשפּרונגען:

— „דעסקולפּע, סעניאָר!" איר קענט נישט מיינע שוועסטער און טאָרט זיך נישט אַזוי אויסדריקן וועגן זיי.

מען האָט געפּרווווט איינבעמען:

— ער מיינט דען אייערע שוועסטער? ער רעדט אין אַלגעמיין.

— און אַז איך מיין, איז וואָס? — האָט זיך דער ליטוואַק אויך גענומען היצן. — אַ מאָדע זיך געמאַכט: נאָכטאָן אַלץ, וואָס מען טוט ביי זיי: ביי זיי, אַז עס איז דאָ אַ מיידל אין שטוב, טאָר שוין קיין בחור נישט אַריינקומען. מיר — נאָכגעפּידלט...

— אָט דאָס טוט אייך וויי? — האָבן עטלעכע אַרויסגעלאַכט.

און דער יוועליר האָט אויפגעשיינט:

— ווער־זשע איז גערעכט, איך צי איר? מיינע שוועסטער זענען פריי. מאַכן נישט קיין עסק פון דעם, וואָס זיי זענען פרויען. זיי גייען אַליין אין גאַס, אָן אַ שומר אַפילו ביינאַכט... און אַז זיי ווילן רעדן מיט אַ בחור, דאַרפן זיי זיך נישט אויסבאַהאַלטן פון קיינעמס אויגן... קיינער כאַפּט זיי נישט, נאָר אַ בלינד פערד פאַלט אין אַ גרוב אַריין...

אינמיטן היצן זיך איז דאָניע אַריינגעקומען. צווערשט האָט אים קיינער נישט באַמערקט, נאָר קוים האָט איינער אויפגעהויבן אויף אים די אויגן און זיי שוין נישט אַראָפּגענומען, האָבן אַלע אָנגעשטעלט די קעפּ און דער ליטוואַק האָט זיך אַריינגעשטאָכן אין אים מיט אַ שמייכל, מיט פאַרוואונדערונג און שטוינען.

די מערסטע יידישע איינזיצער פון דער קאַפע האָבן זיך שוין געהאַלטן ביים צעגיין, ווער אין די היימען און ווער אין די רעסטאָראַנען צו מיטאָג. די וואָכן פון פאַר־ און נאָך־קאַרנאַוואַל האָבן די „קליענטעלשטשיקעס" גערעכנט פאַר די טויטסטע. די קונדן זייערע האָבן שוין מיט חדשים פריער אָנגעהויבן שפּאָרן, כדי מיט דעם אָפּגעשפּאָרטן אַ „לעב" טאָן אין די קאַרנאַוואַל־טעג.

האָט מען זיך איצט דעריבער פאַרגונען אַ לענגערן שמועס צו כאַפּן

אין דער קאַפע, אָדער אַליין אויך אַ פאַרברענג טאָן. מען האָט זיך אַפילו נישט געריכט, אַז נאָך דעם קומענדיקן „ערשטן״, וועט עס זיך פאַרבעסערן. די „מאַריאָס״ וועלן זיין אַזוי אויסגעליידיקט, אַז עס וועט אָן עבירה זיין דער גאַנג.

צוזאַמען מיט די, וואָס האָבן נאָך געדענקט דאַניען, זענען איצט אויך שוין געווען אַזעלכע, וואָס זענען ערשט נישט לאַנג געקומען פון די „אַלטע היימען״ און זיך גיך „אויסגעלערנט די קונץ״ פון „קלאַפן״, אָבער סיי די, וואָס האָבן דאַניען דערקענט, און סיי די, וואָס האָבן אים געזען צום ערשטן מאָל, האָבן זיך שטאַרק פאַרוווּנדערט אויף זיינע מאַטראָסן־קליידער.

אַנדערע האָבן עס אָנגענומען פאַר אַ „קאַרנאַוואַל־קאָסטיום״, אַזוי האָט זיך אויך דער ליטוואַק משער געווען, אָבער דאַניעס פאַרוואָלקנט פנים, דער גרויסער פראַגע־צייכן, וואָס האָט זיך געשטעלט אין זיינע אויגן, ווי אַן אומפאַרענטפערט רעטעניש, האָט אָפּגעווישט יענעם לייכטן אויסדרוק, וואָס מען טרעפט ביי די קאַרנאַוואַלניקעס.

דאַניע האָט נישט גערן געענטפערט אויף די פראַגעס פון כמעט אַלע אַנוועזנדיקע. ער האָט מיט אַן אומצופרידענער מינע געזוכט זיך אַרויס־צודרייען פון די שאלות, און נישט ווייסנדיק, ווי אַזוי, האָט ער אַלע רגע אַראָפּגעלאָזט די אויגן און געזוכט מיט די בליקן די שפיצן פון זיינע שיך, וואָס זענען באַהאַלטן געווען אין די ברייטע מאַטראָסן־הויזן.

נאָכדעם, ווי מען האָט ביסלעכווייז אָפּגעטראָטן און יעדער האָט געהאַט אַ צופ געטאָן דעם ליטוואַק, ער זאָל גיין עסן, האָט זיך ערשט דער ליטוואַק פאַרשפאַרט מיט דאַניען אין אַ ווינקל, הינטער דעם גרויסן ביליאַרד־טיש, כדי פון קיינעם נישט געשטערט צו ווערן, און ער האָט אַן צערעמאָניעס אַ פרעג געטאָן:

— וואָס מיינט מען דאָס?

האָט דאַניע געענטפערט און דערציילט:

— איך האָב נישט געהאַט קיין דישטאַן ביי מיין לייב און לעבן. זיך דערשלעפּט קיין פּאַריז, געמיינט, אַז „זי״ איז דאָרט; נישט געטראָפן, בין איך אַוועק קיין שערבורג, זיך געטראָפן מיט „היזיקע״ מאַטראָסן,

געשיכורט און נישט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן. האָט זיך אָנגעהויבן אַ געשלעג. האָט מען געפּסקנט: איך מוז אָפּאַרבעטן. וואָס אַרט מיך? בין איך אַרויף אויף דער שיף און זיך דערשלעפּט אַהער...

דערפאַר, וואָס דאָניע האָט אָנגעהויבן פון סאַמע מיט, גלייך ווי מען וואָלט שוין געוווּסט פון דעם, וואָס איז פאָרגעקומען פריער, האָט דער ליטוואַק נישט געקענט כאַפּן דעם פאָדעם. דער ליטוואַק האָט געהאַט אַ טבע נישט צו פרעגן זיך, נישט צו פאַרלויפן מיט ווערטער, נישט וועלן וויסן פאָרויס, וואָס עס דאַרף זיין שפּעטער, האָט ער דעריבער געשוויגן און געוואַרט אויף דעם אָנהויב, וואָס דאַרף נאָכקומען.

אָבער ער האָט זיך נישט געקענט דערוואַרטן. פאַר דאָניען איז עס געווען נישט וויכטיק, דעריבער האָט ער געמיינט, אַז דאָס אינטערעסירט נישט קיינעם, האָט ער דערציילט די מעשה מיט אַנדזשעליטעס פּנים און האָט אויפגעהויבן צום ערשטן מאָל זיין קאָפּ, גלייך ער וואָלט אין יענעמס אויגן געזוכט דעם שליסל צו דער געהיימעניש.

די קאַווע־שעלעכלעך זענען געוואַקסן אויף זייער טישל, היפּש אין דער צאָל. ביידע האָבן געזופּט דאָס שטאַרקע, ביטערע געטראַנק און נישט געפילט, ווי דער טאָג רוקט זיך אין ים אַריין.

ערשט נאָכדעם, ווי דאָניע האָט דערציילט וועגן דער פּאַסירונג מיט דער „גויע״, האָט זיך דעם ליטוואַקס פּנים אויסגעקרימט, ווי אַ ווונד וואָלט זיך געעפנט אין זיין נשמה. ער האָט זיך אויפגעהויבן, און נישט וויסנדיק, וואָס צו טאָן, האָט ער צוגערופן דעם קעלנער, באַצאָלט פאַר די קאַוועלעך, גלייך ער וואָלט געוואָלט אָפּרייניקן דאָס טישל פאַר די ווערטער, וואָס ער וועט אַרויסלייגן:

— האָסט נישט גוט געטאָן, מיין פריינד, זייער נישט גוט. דו ווייסט נישט, אַן אוצר איז זי געווען, די כוּאַנאַ, אַ נשמה, אַ פאַרוואָגלטע, אַ פאַרבלאָנדזשעטע, אַ געפּייניקטע און אַן אויסגעלייטערטע. נישט גוט האָסטו געטאָן, זי האָט דיך ליב געהאַט מיט אַלע ריינקייטן פון אַ פרויען־האַרץ. דו האָסט זייער נישט גוט געטאָן.

דאָניע האָט געזוכט עפּעס, אין וואָס זיין געמיט זאָל זיך אָנהאַלטן, אַ וואָרט, ער זאָל זיך דערין אָנכאַפּן:

— אָבער אַ גויע?

דער ליטוואַק האָט זיך געכאַפּט, אַז נישט דאָס מיינט דאָניע, און נישט דאָס וויל ער זאָגן, און אַז פון זיין וואָרט קלינגט אַרויס אַ טאָן, וואָס איז פון אַנדערע אַריינגעשריגן געוואָרן אין אים, האָט ער באַצייטנס אָפּגעשלאָגן:

— נישט דו דאַרפסט עס זאָגן. נישט דיין דאגה איז דאָס! האָסט געטאָן אַן עוולה, מוזסטו פאַרריכטן.

וואָס אַזוינס ער דאַרף איצט טאָן, האָט ער נישט געוווּסט, ער איז גרייט געווען דעם ליטוואַק איצט אויסצופאָלגן, וואָס ער זאָל נאָר הייסן. ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געהערט אַזוי ריכטיק, אַזוי נאָענט און אָן צערעמאָניעס רעדן צו זיך פון אַ פריינד, פון אַ מענטשן, ווי דער דאָ, דער ליטוואַק. תמיד האָט מען גערעדט צו אים אָדער מיט שטעכעלעך, אָדער מיט שמייכעלעך, אָדער מיט באַפעלן, און קיינמאָל נישט ווי מיט זיינס אַ גלייכן. ער געדענקט אַפילו נישט, אַז די מאַמע זאָל האָבן צו אים ווען אויסגערעדט אַ גלייך וואָרט.

דאָניע האָט זיך געפילט גוט פון דעם אַריינזאָגעכץ, ער האָט אַראָפּ־געלאָזט דעם קאָפּ און געשלונגען דעם ליטוואַקס רייד, ווי מען שלינגט אַ ביטערע זאַך, פון וואָס עס ווערט זיס.

און ער האָט געפרעגט:

— וואָס זאָל איך טאָן?

— פאָר, זוך זי אויס, געפין זי. וווין מיט איר, זיי מיט איר.

— זיך שמדן?

— ביסט אַ שוטה.

דאָניעס פּנים האָט זיך פאַררויטלט. דאָס בלוט האָט אים אַ שפּאַר געטאָן. עס איז אים ליב געווען דער אמת, וואָס דער ליטוואַק האָט אים געזאָגט, ער האָט אָבער דערפילט, אַז דער אמת איז די סיבה פון דעם אַלץ, וואָס ער ליידט. אַז אייגנטלעך ווייסט ער אַליין דאָס, וואָס דער פריינד האָט אים איצט אויפגעקלערט, אַז ער איז אַ נאַר, אַן אומבאַהאָלפענער, אַז נישט קוקנדיק, וואָס ער איז אַזאַ גיבור, קען ער קיין קאַץ דעם עק נישט פאַרבינדן, און ער קען דעם געדאַנק נישט צונויפנעמען, און זיך ווערן

מיטן מוח, דעמאָלט ווען מען דאַרף, אָנשטאָט מיט די הענט. דערפאַר, אפשר, האָט ער גאָרנישט אויסגעפירט מיט אַנדזשעליטען, דערפאַר איז זי פאַרלוירן געגאַנגען — סיי פאַר אים, סיי פאַר זיך.

דאָניע האָט געקלערט, צי זאָל ער אויך אויסזאָגן וועגן דעם, אַז ער האָט געוואָלט חתונה האָבן מיט דעם „לולבל", מיט דעם פּאַפּיראָסניקס טעכטערל, אַז ער האָט געוואָלט פאַרגעסן דאָס, וואָס עס איז געווען און אָנהויבן אַ לעבן פון דאָס ניי. נאָר ס'האָט אים אויסגעפעלט שכל דערצו, נישט געוווסט ווי אַזוי „עס צו נעמען", האָט ער זיך אויסגעגליטשט און אַלץ איז מיט אים אומגעפאַלן...

האָט ער איצט פעסטגעבונדן זיין געדאַנק, אַרומגענומען זיינע געהירן מיט אַ שטריק פון פעסטע באַשלוסן, אָנגעהויבן זיך צו פאַרטראַכטן אין זאַכן, איידער ער האַנדלט, איידער ער זאָגט יאָ, אָדער ניין. אַנדזשעס פּנים איז נישט אָפּגעטראָטן, האָט געדרייצט און גערופן, האָט געמאָנט און געלאָקט. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז אַ רויטער פאָדעם ציט זיך, ציט זיך ערגעץ־ווייט און ווייזט אים אָן די וועגן, די ווייטע וועגן, וווהין ער זאָל זיינע שפּאַנען ווענדן. אַזוי ווי עס וואָלט אים פּלוצלינג אַ ברי געטאָן, האָט ער זיך געווענדט צום ליטוואַק, ווי צו איינעם, נישט וואָס ער איז געקומען נאָך אַן עצה, נאָר ווי צו איינעם, וואָס ער איז געקומען מאָנען אַ חוב:

— און וואָס וועט זיין מיט?...

— מיט וועמען?

— מיט איר, אַנדזשען?

דער ליטוואַק האָט געמאַכט אַ מינע, ווי דער גאַנצער ענין וואָלט אים שוין דערעסן געוואָרן. ער האָט זיך געדרייט אויפן שטול, ווי עס וואָלט אָנגעהיצט געוואָרן פון לאַנג זיצן, און אַ מאַך געבנדיק מיט דער האַנט, האָט ער פאַרענדיקט:

— נישט דיין דאגה. זי איז אַ פאַרהייראַטע פרוי, האָט אַ מאַן. גענוג דיר די קרייצונגען, בלאָנדזשען אַהין און אַהער. עס וועט דיר גאָרנישט אַרויסקומען, איך קען זיי גוט. ביסט נישט געבוירן געוואָרן אין אַ זיידן העמדעלע, דאַרפסטו דעריבער נישט רייסן זיך צו דעם, וואָס קומט דיר

נישט. איך האָב אויך אַזוינס איבערגעלעבט — נו, עקט זיך די וועלט? מען מוז זיך שטאַרקן, מען מוז זיך נעמען אין די הענט אַריין, אַליין באַשטימען דעם גורל פון לעבן. נישט לאָזן זיך פאַרוויגן פון פוסטע, פון נאַרישע חלומות.

דאָניע האָט געהערט ווי אַ באַשולדיקונגס־אַקט קעגן אים, אָבער דאָס האָט אים שוין נישט געשראָקן. ער האָט שוין דעם מוסר נישט אופגע־נומען ווי אַזוינס, וואָס האָט זיך געדעקט איבער זיין קאָפּ מיט אַ כמאַרע. ער האָט שוין זיינע באַשלוסן געפאַסט אין זיך אין דער צייט, וואָס יענער האָט גערעדט. ער איז אָנגעגאָסן געוואָרן מיט ענערגיע אַזוי, אַז אים האָט זיך געדאַכט, ווי די געדיכטע האָר אויף זיין ברוסט האָבן זיך אויפגעוויקלט פון די קרייזעלעך, זיך אויסגעגלייכט ווי די דרעטעלעך און זיך גענומען דורכשטעכן די מאַרינען־בלוזע.

און ווען דער ליטוואַק האָט אים איבערגעלאָזט, האָט דאָניע געהאַט די אַנונג, אַז ער זעט זיך מיט אים צום לעצטן מאָל, ווי דער דאָזיקער אָפּשייד איז אומפאַרמיידלעך, און אַז עס האַנדלט זיך נישט אין אים, אָדער אין יענעם, אַז דאָס איז עפּעס אַ באַשטימטע זאַך פון העכערע באַפעלן, אַז די וועגן צעגייען זיך צוליב אַ הויכן צוועק, וואָס איז נאָך נישט באַוווּסט, וואָס און ווי אַזוי.

דאָניע האָט געשפּאַנט איצט צום פּאָרט, אויסגעפינען זיין שיף. זיך ווייטער שטעלן אַרבעטן, שווער און געטריי אַרבעטן, און פון דער אַרבעט וועט אַרויסקומען, וועט זיך אויסשיילן די צייט, וואָס וועט אים רופן, וואָס וועט אים דאַרפן. ער וועט גיין, ער וועט וועקן, וואָס, ווייסט ער נישט, נאָר ער וועט עס דערטראַכטן. ער איז זיכער, אַז אין זיינע רעיונות צייטיקט זיך שוין עפּעס אַזוינס, וואָס אַלע וועלן דערהערן און דערפילן. דער עיקר — אַנדזשע אויך. איצט איז נישט די צייט, מוז ער זיך פאַרמאַכן, מוז ער אויסבריען זיין געדאַנק, אויסוואַרעמען און אויסטראָגן, ביז עס וועט עפּעס צייטיק ווערן.

די געסלעך אַרום פּאָרט זענען איצט געווען ליידיק, פאַרלאָזט און שטום. דער גאַנצער עולם, וואָס שווּבלט דאָ יעדן אָוונט, איז ווי דער־טרונקען געוואָרן אינעם חושך. ער האָט מער נישט געהערט, ווי דעם

קלינגענדיקן טראָט פון זיינע געגעגלטע זוילן און דעם רויש פון די כוואַ־ליעס, וואָס צעשמייסן זיך אָן די פעלדזן, שפּרינגען אַריבער די גרויסע שטיינער, וויקלען זיך אַרום מיט ווייסע בלעזלעך און טאַנצן אַרויס פון דער ים־טיפעניש ווי ווייסע, פלאַטערדיקע פערד...

## קאַפּיטל דריי

ווי אַ געהיימער צייכן האָט זיך געטראָגן איבער שטעט און פּראָווינצן, פון דער איינזאַמער ראַנטשאָ, ערגעץ צווישן היילן, ביז די מאַרמאָרענע פּאַלאַצן אויף קאָטעטע, די בשורה מיט דעם בייזן נייעס וועגן די אויפ־שטאַנדן, וועגן געהרגעטע און פאַרוווּנדעטע, וועגן צוזאַמענשטויסן צווישן מחנות מיליטער און פּאָליציי, וועגן אָנפאַלן פון דעזערטירן אויף קליינע שטעטעלעך און דערפער.

אין די שטעט האָט מען קיין גרויסע באַדייטונג נישט געוואָלט צוגעבן צו דעם אויפשטאַנד. די צייטונגען האָבן געבראַכט די נייעס, הגם מיט גרויסע קעפּ, אָבער נישט צוגעגעבן קיין וויכטיקייט. דעם קריגס־צושטאַנד האָט מען נישט פאַרשטאַרקט. אָבער דער ווערט פון דער וואַלוטע איז מוראדיק געפאַלן און אין אויסלאַנד איז מען מיט הלוואות געוואָרן זייער פאָרזיכטיק.

די פעדעראַלע רעגירונג האָט אַ לאַנגע צייט מורא געהאַט זיך אַריינצוציען אין די סול־געביטן מיט איר אינטערווענץ. זי האָט זיך געפּרוּווט אַרויסדרייען מיט פאַרשידענע תירוצים, דערקלערט, אַז דאָס איז אַ לאָקאַלער קאַמף צווישן אָנהענגער און קעגנער פון דעם פּרעזידענט פון יענעם שטאַט; אַז לויט דער קאָנסטיטוציע טאָר זיך די צענטראַלע נישט מישן...

אָבער אין דער אמתן האָט מען געוווּסט די סיבה פון דעם נישט אינטערוועניִרן. אין סאַן־פּאַולאָ איז אויך נישט געווען גענוג היימלעך. עס זענען שוין פאָרגעקומען קליינע „אינצידענטן" אין די מיליטערישע רייען. שפּיאָנען האָבן מיטגעטיילט דעם קריגס־מיניסטעריום וועגן געהיימע פאָרבאַרייטונגען אין די קאַזאַרמעס פון „קאָרפּאָ מילעטאַר דאָ סאַן פּאַולאָ",

און אַז עס גייען־אָן געהיימע קאָנפערענצן צווישן איזידאָראָ דיאָז לאָפעז, דעם אַלטן, אויסגעפּרוּווטן רעוואָלוציאָנערן פירער, און באַוווּסטע גענעראַלן, מכּוח אָפּשניידן די פּראָווינץ סאַן־פּאַולאָ פון צענטראַל בראַזיליע און גרינדן אַ באַזונדערע מלוכה.

אין סאַן־פּאַולאָ איז דער פּלאַן געוווען אויסגערעכנט, אַז ווי נאָר דאָס פעדעראַלע מיליטער וועט זיך אַוועקלאָזן אין דער ווייטער דרום־פּראָווינץ, צו הילף דעם לאָיאַלן מיליטער פון גענעראַל ריקאַרדאָ סאַנטיאַגאָ־דע־אַמאַראַלליאַ, דעם שעף פון די דרומדיקע גאַרניזאָנען, וואָס שטייט שטאַל־און־אייזן פאַר דעם פּראָווינץ־פּרעזידענט און באמיט זיך מיט דער שטאַרקסטער האַנט אונטערצודריקן דעם אויפשטאַנד, — וועט זיך אין סאַן־פּאַולאָ אָנהויבן די באַוועגונג. די רעבעלן פון ריאָ גראַנדע וועלן זיך דעמאָלט לאָזן אין דער נידער צו דרום און וועלן באַגעגענען דאָס רעגירונגס־חיל אויפן וועג. עס וועט זיך אָנהויבן די פאָרמעלע שלאַכט אין יענע געגנטן, ווו נאָר די ריאָ־גראַנדער ווייסן ווי אַ פוס צו שטעלן, וועלן זיי זיכער צעשלאָגן די אַרמיי פון דער רעגירונג און די איבעריקע, וואָס וועלן אַנטלויפן צוריק, וועלן שוין אַריינפאַלן צו זיי אין די הענט אַריין. אַזוי־אַרום וועט סאַן־פּאַולאָ שפּילן אַ וויכטיקע סטראַטעגישע ראָל, וועט זיך איינבייסן אין קאַרק פון דער רעגירונגס־אַרמיי, וועט זי צעטיילן און אָפּשניידן און דעמאָלט איז שוין קיין ספק נישט, אַז זייער אויפשטאַנד וועט פולשטענדיק געלינגען. נישט נאָר וועלן זיי די פּראָווינץ פון סאַן־פּאַולאָ אָפּרייסן, נאָר וועלן נאָך מיטשלעפּן אַנדערע וויכטיקע שטאַטן פון לאַנד. די צענטראַלע פּראָווינצן וועלן זיכער צושטיין צו זיי נאָכדעם, ווי די רעגירונג וועט ליגן אַ צעבראָכענע און אַ צעשטויבטע.

וועגן דעם קאָך, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן אין די סאַמע געדערים פון מיליטערישן קעסל אין סאַן־פּאַולאָ, האָט דאָס פאָלק קיין אַנונג נישט געהאַט. בלויז די בערזע האָט עס דערפילט, מען האָט אָנגעהויבן אַרויס־צוציען די קאַפּיטאַלן פון די סאַן־פּאַולער בענק. מען האָט פאַרמינערט די אַרבעט און אָפּגעשטעלט די בויונגען פון געוויסע אונטערנעמונגען, אַזוי אַרום האָט מען אָפּגעקייטלט די קייט פון דער טאָג־טעגלעכער באַוועגונג. עס האָט אָנגעהויבן אַריינטרעטן אַ קריזיס און אַרבעטסלאָזיקייט.

האָט זיך די פאַרביטערטקייט פון די מאַסן געשטאַרקט און געדראָט.

פאַר דעם סאַן־פּאַולער אויפשטאַנד איז דורכאויס בויטיק געווען דאָס ערשטע צו האָבן אָקופּירט סאַנטאָס, אָפּשניידן דעם שליסל צו דרום פאַר דער פעדעראַלער אַרמיי און פלאָט. אָבער דאָס איז געווען אוממעגלעך: דער קריגס־פלאָט פון בראַזיליע האָט זיך געפונען אין סאַנטאָס, די מאַרינען־שולן, די גרויסע פּולווער־לאַגערס, די מיליטערישע רעבעלען אין סאַן־פּאַולאָ האָבן זיך געמוזט שטיצן בלויז אויף זייער קאַוואַלעריע און פוס־גייער. אַמוניציע האָבן זיי געהאַט גענוג, אָבער קעגן אַ באָמבאַר־דירונג פון קריגס־שיפן אויף דער שטאָט זענען זיי געווען מאַכטלאָז. האָט מען גערעכנט, אַז דאָס וואָלט נאָר געטאָן אַן אויסערלעכער שונא, אָבער די אייגענע רעגירונג וועט דאָס נישט אָנווענדן, זי וועט דאָך פאַרניכטן אַ שטאָט מיט הונדערטער טויזנטער איינוווינער.

האָט מען דעריבער שפּעקולירט אויף דער סימפּאַטיע פון דער באַפעל־קערונג. זיי האָבן געוואָלט געווינען די איינוווינער אויף זייער זייט, צוליב דעם האָט מען גענומען אויפקלערן דעם עולם וועגן די אומגערעכטיקייטן, וואָס עס ווערן קעגן זיי באַגאַנגען מצד דער פעדעראַלער מאַכט, אַז סאַן־פּאַולאָ איז אומגעהויער רייך און יעדער איינוווינער איז באַרעכטיקט צו אַ פעטן ביסן, וואָס דער שטאָט קען אים צוטיילן און וואָס עס קומט אים.

מען האָט אויך געבראַכט ביישפּילן, אַז ווען בראַזיליע וויל קריגן אַ הלוואה, צו דעקן אירע בודזשעטן, אָדער הויבן איר וואַלוטע, קען זי די באַציע נישט קריגן, סיידן זי גיט אַוועק סאַן־פּאַולאָ אַלס משכון...

די מאַגנאַטן, די קאָנצעסיאָנערן, די אייגנטימער פון די פּלאַנטאַציעס, די פאַבריקאַנטן און אינדוסטריעלער האָבן שטילערהייט געשטיצט די צוגרייטונגען צום אויפשטאַנד מיט פולע הענט. זיי אַליין האָבן אוודאי נישט געדאַרפט, אַז אַ פעדעראַלער רעגירונגס־קאָנטראָל זאָל זיך אַריינמישן אין זייערע געשעפטן, און אַז די שטייערן, צווייערליי: פעדעראַלע און פּראָווינציעלע, זאָלן מאָגערער מאַכן זייערע פאַרדינסטן. האָט מען מיטן אויסרייד פון פּאַטריאָטיזם — געהאַט אַ האַנט אין די צוגרייטונגען. קיין ספּעציעלע מורא, אז די אויפשטאַנדן קענען אויסגיין צו זייערע קעפּ,

איז נישט געווען, ווייל דער אויפשטאַנד איז אָנגעפירט געוואָרן פון מיליטערלייט.

✶

„אָ גרעקאָס באַר אַראָראָ״ האָט זיך געפונען אין איין שורה מיט די אַנדערע רעסטאָראַנען און קאַפע־הייזער אין אַ געגנט, וואָס איז באַר באַוווסט געווען פאַר מאַטראָסן און אַרבעטער, וועלכע זענען באַשעפטיקטביים אָנלאָדן און אויסלאָדן שלעפּ־שיפן. און כאָטש דער פלאַץ האָט געהאַט אַ באַשטימטן נאָמען, האָט מען עס גערופן „קאַמפּאָ דאַ פועגאָ״, דאָס פייער־פעלד, און עס איז געווען אַרומגערינגלט פון אַלע דריי זייטן מיט ים, און די פערטע זייט, די טרוקענע, פאַרבינדט זיך מיט דער יבשה אַזוי שוואַך, אַז עס זעט אויס, אַז ווען דער צופלוס פון ים זאָל זיך עטוואָס אויפהויבן, וואָלט זיך דאָס אינדזעלע אינגאַנצן אָפּגעריסן און זיך פאַרטראָגן ערגעץ אין אָפענעם אָקעאַן אַריין.

בייטאָג איז דער פאַס ערד, וואָס זעט אויס ווי אַ שווימענדיקע בריק פון ערד און שטיינער, כמעט ווי אויסגעשטאָרבן. די שיפלעך, וואָס פאָרן פאַרביי צום אינדזל גוואַרוזשאַ, טרובען פון זייערע קוימענס, גלאַט אַזוי פון יוצא־וועגן, אפשר וועט זיך עמעצער אַ מיטפאָרער באַווייזן.

ערשט אינאָוונט, ווען די סאַנטאָסער גאַסן־פאַנאַרן צעפינקלען זיך ביי די ברעגעס פון ים און די עלעקטרישע שילדן אויף די טויערן פון די קאָסינאָס שפּיזלען אַריבער, צינדן זיך דאָ, אין קאַמפּאָ דאָ פועגאָ אויך אָן די לאַמטערנדלעך, די שטאָרן ווערן אַרויפגערוקט און מען ווייסט נישט פונוואַנען און פון וואָס — שוין שאַרן זיך איינציקווייז און גרופּעסווייז מאַטראָסן. מען פראַלט אויף די טירן, מען שטעקט אַריין די קעפּ אין דער געדיכטעניש פון סיגאַרעטן־רויך, מען שלעפּט זיך ווייטער און מען זוכט עפּעס בעסערס...

דער „באַר אַראָראָ״ האָט זיך נישט מיט קיין שום אַנדער זאַך אויסגעצייכנט פון די באַר־רעסטאָראַנען „פאָנטאָ דאָ ווענוס״, „גלאָריאָ דאַ אַמאָר״ און „סיציליאַ״. אַ שילדל ביי דער טיר האָט אָנגעזאָגט, אַז דאָ ווערן די געסט באַדינט פון פרויען־קעלנערינס, און דער אָ גרעקאָ האָט געצאַפּט

געלט פון זײנע קונדן, גלײך ער װאָלט עס אױסגעפּאַמפּעװעט פונעם װײן־פּעסל. ער איז געשטאַנען בײַ דער רעגיסטער־מאַשין און כסדר אַרױס־געלאָזט פון פינגער אַ הײזעריקן קלונג.

ער האָט געפירט זײַן געשעפט געניט און אױסגערעכנט. אַ מענטש, װאָס האָט זיך פּאַר גאַרנישט געשראָקן. ער האָט געקענט פון אױסנװײניק דאָס אױסזען פון יעדן פּאַפּירענעם געלט־צעטל, װאָס איז אַרײַנגעפאַלן צו אים אין דער האַנט, גלײַך, יעדעס װאָלט געהאַט אַ באַזונדער פּנים און פאַרב. ער האָט געטריבן ריזיקאַלישע געשעפטן און תמיד מיט יענעמס געלט. דאָס אײנציקע, װאָס ער האָט געקאָנט אײנשטעלן, איז געװען — זײַן פרײַהײט. אָבער אױף דער קאָרט האָט ער געשפּילט זײער פאָרזיכטיק. ער איז געװען אױסגעבונדן מיט דער פּאָליצײ און מיט די אַגענטן פון דער „װעסטיגאַסיאָן״ פון דער סאַן־פּאַולער געהײמער דינסט. ער האָט זײ געקענט דורך־און־דורך און בײַ זײער יעדן װיזיט אין זײַן „באַר״ האָט ער בײַז אַראָפּגעלאָזט די אױגן, גלײַך עס װאָלט אים נישט אָנגעגאַנגען זײער װיזיט. ער האָט זײ יעדעס מאָל אונטערגעטראָגן די שליסלען פון די קעלערס פאַר יעדן אין די אױגן, כדי זײ זאָלן זיך איבערצײַגן, אַז בײַ אים איז נישט פאַראַן קײן קאָנטראַבאַנדע, כאָטש ער האָט עס געטריבן אין גרױסן פאַרנעם און שותפים זענען געװען אָט די, פאַר װעמען ער האָט זיך „געהיט״.

די שכנים האָבן עס געװוּסט, און מקנא געװען דעם גרעקאָ. כאָטש מען האָט אױך נישט געקענט פעסטשטעלן. צי איז ער טאַקע אַ גריך, אַן איטאַליענער, אָדער אַן אונגאַר. אַ טײל האָבן געװאָלט עס אױסגעפינען בײַ דער מאַדאַם, דאָנאַ װאַלענטינאַ, אָבער זי האָט געװוּסט נאָך מער צו שװײַגן װי איר מאַן. זי האָט געזיפצט און געפּראַכט פון דער שװערער משא פלײש, װאָס זי האָט געטראָגן אױף זיך. בשעת זי איז געגאַנגען, האָט זיך אױסגעדאַכט, אַז אַ שיפל װיגט זיך איבער די כװאַליעס.

די דאָנאַ איז זײער גוט געװען צו די מײדלעך, „װאָס האָבן באַדינט די געסט״. זי האָט אַכטונג געגעבן, אַז די געסט זאָלן נישט זײַן קײן הזירים, און נישט נאָר כאַפּן די קעלנערקעס אױף דער שױס און אַרײַנגיסן אין זײ דעם סם, נאָר אױך עפּעס איבערלאָזן טרינק־געלט. דער מאַן איז

נישט געוועז מסכים דערמיט, און אָפּטמאָל איז געקומען צו אַן אויסטויש פון ווערטער מכוח דעם, וואָס זי מיט איר גוטהאַרציקייט, האָט אַריינ־געטראָגן אַ צעשרויפונג אין געשעפט. ווארעם פאַר אים, פאַרן גרעקאָ, איז געוועזן קלאָר: קוים האָט ער דערפילט, אַז ביים גאַסט עקט זיך דאָס לעצטע ביסל געלט, אַזוי האָט ער אָנגעהויבן צו באַגרענעצן דעם קרעדיט און אונטערפירן דעם סך־הכל מיט אַ קריידל אויף אַ שוואַרץ שול־ברעטל. ער האָט אונטערגעטראָגן זיין קונה דעם חשבון גראַד דעמאָלט, ווען יענער האָט געהייסן געבן נישט נאָר פאַר זיך, נאָר פאַר אַלע מיידלעך, פאַר אַלע געסט און אַפילו פאַר דער דאָנאַ וואַלענטינאַ...

און אַז דער פאַרלאַנג איז צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים נישט אויסגעפירט געוואָרן, האָט שוין דער גאַסט דאָס נישט געקענט אַריבער־טראָגן, ווארעם עס האָט זיך דאַך געהאַנדלט אין דער באַליידיקונג פון אַ גאַנצער עדה, און דער עיקר — די מיידלעך, וואָס ער האָט איינגעלאַדן טרינקען. האָט מען זיך געכאַפּט צו די גאַרטלען. דעמאָלט איז אויסגעוואַקסן אַ פּאָליציי־מאַן, וואָס קיינער ווייסט נישט פונוואַנען ער האָט זיך גענומען. נאָך אים — עטלעכע ציווילע אַגענטן. האָט מען שוין נישט נאָר דעם ערשטן אַרויסגעטראָגן און געלאָזט ליגן אַ שילטנדיקן אויפן פייכט־קאַלטן צעמענט, נאָר מען האָט די אַנדערע געסט אויך אַזוי באַזוכט, צי זיי האָבן נישט קיין געלט.

די געגנט אַרום „קאַמפּאָ דאַ פּועגאָ" איז געוועזן אַן אָנגעשטאָפּטע מיט אַלטע שיפן, פאַרזשאַווערטע און איינגעבויגענע און עס האָט אויס־געזען ווי זיי זענען נישט מסוגל זיך צו דערשלעפּן צו אַ ברעג. דאָס זענען געוועזן שיפן, וואָס זענען געפאָרן ערגעץ אין די ווייטע וואַסערן אַריין, צווישן וועלט־טייל און וועלט־טייל, קיינער האָט נישט געוווּסט צו וואָס און נאָך וואָס, און קיינער האָט נישט נאָכגעזוכט, וואָס מען פירט דאָרט. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט, אַראָפּגעלאָזט די אַנקערס און פאַרוואָרפן דיקע, דורכ־געפלאָכטענע שטריק מיט דראָט, צו די אייזערנע רינגען. ברייטע שוואַרצע „באַרזשעס", אָנגעלאָדן מיט קוילן, זענען צוגעשוווּמען. פליייש און רייז האָט מען אַרויפגעלאָדן און ווייטער איז קיינעמס עסק נישט געוועזן.

מען האָט נישט געקענט פעסטשטעלן, ווער עס געהערט צו די

מאַטראָסן און ווער צו די אָפיצירן. אַפילו די קאַפּיטאַנען האָבן מיט קיין שום זאַך זיך נישט אויסגעצייכנט, און מען האָט זיי נישט געקענט דערקענען. אין די אונטן פלעגן זיי צוגלייך מיט די אַרבעטער, קעסל־הייצער, קוילן־שיטער, קוכער און מאַטראָסן פאַרברענגען אין די „באַרן", וואָס האָבן זיך געצונדן אין אַ שורה קאָלירטע בוכשטאַבן, לכבוד אָט־די פרעמדע דורכ־פאָרער, מיט אויסלענדישע אויפשריפטן...

די שיפן פלעגן דאָ אָפּשטיין וואָכן־לאַנג, אַנגעלאָדענע. די קאַפּיטאַנען פלעגן וואַרטן אויף עפּעס אַ באַפעל ווייטער צו פאָרן, נאָר האָבן זיך אָפטמאָל אויף דעם באַפעל נישט דערוואַרט. מאַטראָסן פלעגן מגולגל ווערן אויף אַנדערע שיפן. די פאַרגעסענע, אַלטע לאַסט־שיפן זענען געווען דער מקור פון שפע פאַר די אייגנטימער פון די באַרן אויף קאַמפּאָ דאָ פּועגאָ. מענטשן פון אומבאַקאַנטע לענדער און מיט אַ פאַרשלאָסן שווייגן אויף די ליפּן פלעגן אין די אונטן ווערן צעלאָזט און פאַרשייט, וואַרפן זיך מיט געלט, ווי עס וואָלט געפּאַסט פאַר די קאַנטינעס פון „מיר־אַ־מאַר", וואָס האָבן אַריבערגעבלענדט פון דערווייטן מיט זייערע אָנגעצונדענע טורעמס, און געציטערט מיט זייערע פייערן אין די וואַסערן אַריין, גלייך עס וואָלטן זיך געוויגט לאַנגע, גאָלדענע זיילן טיף צום אָפּגרונט...

דער אַ גרעקאָ, וואָס האָט געוווּסט אויסגעצייכנט די לאַגע און די פּאָזיציע פון דער שיף, וועלכע עס פירט קאָקאַין, און וועלכע זיידנס פון כינע קיין מאָנטעווידעאָ, ער האָט געוווּסט ווי אַזוי און דורך וועלכע וועגן די שיף שניידט זיך דורך אויף איר לאַנגן וועג און אין וועלכע פּאָרטן זי שמוגלט אַראָפּ טיילן פון דער סחורה. ער האָט אויך געוווּסט פון שיפן, וואָס פירן מיט זיך גאַנצע געוועזער־סקלאַדן און שטעקן זיי אָפּ אין געהיים צו פאַרבאָרגענע אָפּנעמער. ער אַליין איז געווען אַ פאַרמיטלער, אָפט געזען זיך אין שטאָט מיט די, וואָס ער דאַרף זיך זען. ער זאָגט קיין וואָרט נישט קיין איבעריקס, נאָר בלויז: קום, ס'זענען דאָ נייע מיידלעך...

*

דער גרעקאָ האַלט זיך פאַר אַ חשובן מענטש, און חשובע געסט זענען ביי אים אָנגעלייגט, דעריבער האָט ער אַרויסגעוויזן אַזאַ אויפ־

מערקזאַמקייט צו דאָקטאָר אַלפרעדאָ ריאָ מאַטאָראַזאָ, מיט וועמען מען האָט אים צוזאַמענגעפירט אין סאַן־פּאַולאָ, אין אַ גאַנץ געוויינלעכן פּלאַץ, ווו עס איז געזעסן אַ קאָלאָנעל. גרעקאָ האָט שטאַרק דרך־ארץ פאַר אַ קאָלאָנעל, מחמת ער אַליין איז דאָס. נאָך מיט אַ יאָר פופצן צוריק, ווען יעדער איינער בירגער אין בראַזיליע האָט געקענט זיך קויפן פאַר אַ באַשטימטער סומע דעם טיטל, האָט ער אים געקויפט און ער האָט דאָס רעכט אין טעג פון נאַציאָנאַלע יום־טובים זיך אָנצוטאָן אין מונדיר...

גרעקאָן איז שטאַרק אָנגעשטאַנען, וואָס מען האָט פאַר אים פאַרטרויט אַ וויכטיקן מלוכה־סוד, אַז מען דאַרף זען קריגן געוועטר פון די דורכ־פאַרנדיקע לאַסט־שיפן, נישט קיין נפקא־מינה, אַלטע צי נייע. פאַרגע־שלאָגן האָט מען אים, אַז ער זאָל ביי די מאַטראָסן און לומפן אָפקויפן אַלטע רעוואָלווערן און קוילן, אָבער אַרויסגעקומען איז מען, אַז נייע וואָלט אויך נישט געשאַדט.

פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט אים נישט בלויז צוגעזאָגט גוט צו באַצאָלן, נאָר מען האָט אים טאַקע געוויזן אַ גאַנץ נישקשהדיקן באַנקנאָט.

גרעקאָ האָט געשוויגן, צוגעפויקט מיט די קורצע פינגער אויף דעם ווייסן שטיינערנעם טישל, געזופּט דעם שוים פון דעם ביר־קריגל און לאַנגזאַם איינגעפּאַקט די באַנקנאָטן אין אַ צייטונג, זיי געלאָזט ליגן ביי זיין רעכטער זייט, ווי איינער, וואָס שענקט נישט קיין גרויסע אויפ־מערקזאַמקייט די נאַרישע פּאַפּירלעך (אויך מיר געלט, מילרייס...) און אויפהייבנדיק זיך, האָט ער צוגעזאָגט, אַז אַלץ איז אין דער בעסטער אָרדענונג; אַז דער שליח דאַרף זיין זייער פאַרזיכטיק, ווייל נישט אין שרעק האַנדלט זיך עס, נאָר וואָס פון גאַנצן פּלאַן קען אַמאָל גאָרנישט ווערן...

אַחוץ די סומע, וואָס גרעקאָ האָט איצט געקראָגן, האָט מען אים צוגעזאָגט אַ „גרויסן ראַנג", ווען סאַן־פּאַולאָ וועט זיין אַ מדינה פאַר זיך. ער האָט זיך אַליין אויסגעקליבן דעם אַמט אַלס צאַלמייסטער אין דער סאַנטאָסער „אַדואַנע". מען האָט עס אים צוגעזאָגט מיטן גאַנצן האַרצן...

איצט האָט גרעקאָ געהאַט גאַנצן עסקים צו דערליידיקן. איין איינ־ציקער מענטש איז געקומען פון סאַן־פּאַולאָ צו אים און דווקא בייטאָג, דאָס איז אַזאַ זעלטנהייט צו זען אין קאַמפּאַ דאָ פּועגאָ. דאָמינגאָ, אין אוניפאָרם פון דער נאַוויגאַסיאָן, איז געקומען מיט אַ געהיימען באַפעל ביסלעכווייז אַריבערצוברענגען קעסטלעך מיט געווער פון גרעקאָס קעלערס אין דער קאַזאַרמע פון קאָרפּאָ מיליטאַר, וואָס האָט זיך געפונען אויפן בערגל לעבן דער לאַרג דאָ קאָמבאַסי אין סאַן־פּאַולאָ.

דאָמינגאָ האָט די אַרבעט דורכגעפירט, ווי עפּעס אַ הייליקע עבודה. ער איז געווען ערנסט און איבערגעגעבן. די אומצופרידנקייט פון די סאַן־פּאַולער רעוואָלוציאָנערן קעגן דער צענטראַלער מאַכט האָט זיך אין אים אַריינגעגאָסן ווי אַ דערפרישונג. עס האָט געוועקט זיין נשמה צו מעשים. עס האָט געשפּראָצט אין זיינע בלוטן אַ כוח אַזאַ, וואָס דאַרף אומוואַרפן און פאַרניכטן, און אויף זייער אָרט זאָל יונגס און נייעס אַרויסוואַקסן. אָבער וועגן דעם האָט ער זיך נישט פאַרטראַכט, דאָס האָט געלעבט אין אים, אַזאַ דראַנג, וואָס איז פאַר אים נישט באַוווסט געווען. ער האָט אַפילו נישט געטראַכט וועגן דעם סוף פון זיג און וואָס וועט זיין נאָכן נצחון. ער איז געווען געטריי און איבערגעגעבן מיט מסירת־נפש פאַר אַן אידעע, וואָס איז אים אינגאַנצן פרעמד און ווייט געווען. ד״ר ריאָ מאַטאַראַזאָ האָט אין אים אָנגעצונדן אַ פלעמל, וואָס האָט זיך צעפלאַקערט און אַרומגעכאַפּט אַלע ווינקעלעך אין אים. דאָס איז געווען דעמאָלט אין דער קאַרנאַוואַל־נאַכט, ווען ער האָט זיך געלאָזט צוריק צו דער „דוקע״ אויסגעפינען די שלעפּ־שיף, ווו ער האָט געאַרבעט די לעצטע עטלעכע וואָכן, אָבער ער האָט זי נישט געפונען. צי זי איז שוין געהאַט אַוועקגעשווומען ערגעץ אין אַנדערע וואַסערן, צי זי האָט זיך איבערגעשיפט אויף אַ צווייטן פלאַץ, דאָס האָט ער זיך נישט געקענט דערוויסן. האָט ער געגראָבן אין זיינע קעשענעס און אַרויסגעשלעפּט אַ וויזיט־קאַרטע פון דאָקטאָר מאַטאַראַזאָ און נאָכדעם ווי ער איז איבערגעלעגן אַ גאַנצע נאַכט אויף אַ באַנק אין אַ פלאַצע, איז ער צומאָרגנס געזעסן שעהן־לאַנג ביים דאָקטאָר מאַטאַראַזאָ אין קאַבינעט און קעגן אָוונט שוין איז ער מיט אַ פאַרזיגלטן בריוו געפאָרן

פון ריאָ קיין סאַן־פּאַולאָ און ער איז אָנגענומען געוואָרן אַן צערעמאָניעס אין דער פּלאַטן־דינסט, געקראָגן אַ מונדיר פון „מאַרינעראָ״ און געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט ביז מען וועט אים צוטיילן צו אַ קריגס־שיף.

## קאַפּיטל פיר

דאָקטאָר מאָטאַראַזאָס אַרויסדרייען זיך פון די געהיים־אַגענטנס אויגן, האָט דעם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט שטאַרק געערגערט. דער אינערן־מיניסטער איז אַליין געקומען אויספאָרשן די זאַך. מען האָט דעם שעף פון דער וועסטיגאַציע געגעבן אַ שאַרפן אויסרייד, צוליב וואָס ער האָט אַריינגעשיקט זיין דעמיסיע. מען האָט זי אָנגענומען און שפּעטער צוריקגערופן. די אַגענטן, וואָס האָבן טאָג־און־נאַכט געוואַכט איבער דעם דאָקטאָרס וווינונג, האָט מען אָוועקגעשיקט און געגעבן פּאָסטנס אין קליינע ערטער, אָבער די געהיימעניש איז נישט אויפגעקלערט געוואָרן. די צייטונגען האָט מען פּשוט געדראָט מיט פאַרמאַכן, אויב זיי וועלן נישט פאַרשטיין, ווי אַזוי אויפצוקלערן פאַרן פאָלק דעם „סוד״ פון ריאָ מאָטאַראָזאָס פאַרשווונדן ווערן.

ערשט, אַז מען האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם דאָקטאָרס זיין אין סאַן־פּאַולאָ און די געהיים־פּאָליציי האָט מודיע געווען קיין ריאָ וועגן זיין טעטיקייט אין די קרייזן פון קאָרפּאָ מיליטאַר, האָט מען פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן. אַ געהיימער צירקולאַר האָט נאָר מיטגעטיילט, אַז מען זאָל אים אין קיין זאַך נישט שטערן, בלויז נאָר האַלטן אָפן די אויגן וועגן זיינע צוזאַמענטרעפן, און אויב מעגלעך — אויסגעפינען זיינע פּלענער.

אָבער איידער מען האָט צייט געהאַט דאָס אויסצוגעפינען און דאָס מיטטיילן ווי אַ וויכטיקע מלוכה־געהיימעניש, האָט אומגעריכט אויסגע־בראָכן דער אויפשטאַנד, און ווי אַן אָנגעצונדענע כוואַליע האָט דאָס פייער געפלייצט. אין איין טאָג האָבן די פלאַמען פון דער רעוואָלוציע אַרומגענומען אַלע פיר טיילן פון שטאָט און מיטגעשלעפּט די פאָר־שטעטלעך. די געגנט פון בראַז איז געוואָרן אַ מיליטערישער לאַגער.

אַרבעטער האָבן גענומען שטראָמען מאַסנווייז צו די פֿאַבריקן, ווי צו אַ פֿאַרזאַמלונגס־צענטער. דאָס מיליטער איז אַרויס און זיך פֿאַרבאַרי־קאַדירט. עס האָט אָפּגעשניטן די אייזנבאַן־פֿאַרבינדונג מיט סאַנטאָס און ריאָ־דע־זשאַנייראָ. די דעכער פֿון די רעגירונגס־הייזער זענען געוואָרן פֿאַרלייגט מיט מאַשין־ביקסן, פּולעמיאָטן. האַרמאַטן־רעדער האָבן זיך געקאָלערט איבער דעם שטיינערנעם ברוק, פֿון די פֿערדישע קאָפּיטעס האָבן געשפּריצט מיט פֿונקען.

וואָס אַ שעה שפּעטער איז אַלץ די אומרויִקייט געוואַקסן. צו־ערשט האָט זיך די באַפֿעלקערונג געהאַלטן שטיל. די געשעפֿטן זענען געעפֿנט און פֿאַרמאַכט געוואָרן עטלעכע מאָל דורכן טאָג. אָט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז שטיל און רויִק. פּאָליציי אין זייערע בלויע מונדירן מיט די רויטע לאַמפּאַסן האָבן זיך געהאַלטן פֿייערלעך און אַרטיק. זיי האָבן געפּרוּווט ברענגען אין אָרדענונג די באַוועגונג איבער די גאַסן, וואָס האָט זיך איצט געמישט פֿון אַרבעטער, סוחרים און מילי־טערלייט, באַוואָפֿנט און נישט באַוואָפֿנט. אַלעמענס נערוון זענען געווען אָנגעשטרענגט. עס איז גענוג געווען, אַז עמעצער זאָל אומגערן אַ שנע־לערן טראָט מאַכן, האָט זיך שוין אָנגעהויבן אַ געלויף... האָט מען די קלייטן פֿאַרהאַקט און מענטשן האָבן זיך געראַטעוועט אין די פֿאָדער־הייזער, אין די האָטעל־לאָבּיס, אין די סינעמאַטאָגראַפֿן. די שטאָט איז באַלד אָפּגערייניקט געוואָרן פֿון ציווילע מענטשן און נאָר דאָס ריטמישע קלאַפּן פֿון די פֿערד, איינגעשפּאַנטע אין האַרמאַטן און לאַגער־וועגענער, האָט אָפּגעקלונגען איבערן ברוק.

קעגן אָוונט־צו זענען שוין אַלע געווען אין זייערע שטובן און מיט פּחד אַרויסגעקוקט אַלע ווײַלע דורך די פֿראָנט־פֿענצטער אויף דער שטאָט, וואָס האָט זיך געהילט אין שאָטנס און די ליכט־פֿלעקן פֿון די גאַס־לאָמפּן האָבן זיך געוויגט אויף די מויערן און פֿאַרקנס.

די איינוווינער זענען נישט געוווינט געווען צו אַזאַ שטילקייט. עס האָט זיך אינעם שוויַיגן פֿון דער שטאָט געטראָגן דער אומרו און שרעק פֿאַר דעם, וואָס דאַרף קומען. פֿון זיך אַליין האָט זיך אין יעדן הויז אָנגעהויבן אַ באַוואָרעניש און אַ פֿאַרזאָרגן זיך. מען האָט גענומען

זיך איבערציען פון די פראָנט־צימערן אין די הינטערשטע. קלאָר איז נישט געווען וואָס אַזוינס דאָ קומט פאָר. מען האָט מיט האַרץ־קלאַ־פּעניש דערוואַרט עפּעס, געבעטן, אַז עס זאָל געשען און געציטערט דערפאַר. ענדלעך שפּעט אינאָוונט האָט זיך פון ערגעץ אָנגעטראָגן אַ ווידער־קול פון אַ האַרמאַטן־שאָס. דער שאָס איז געווען גענוג שטאַרק, אַז די שויבן זאָלן זיך צעקלינגען. מען האָט געשוויגן און געוואַרט אויף נאָך אַ שאָס, אָבער דער צווייטער איז שוין נישט געקומען. האָט דאָס איבערגעלאָזט נאָך אַ גרעסערע אומהיימלעכקייט. די אומהיימ־לעכקייט פון אומבאַשטימטן, פון פרעגנדיקן און מאָנעדיקן. ערשט ווען די מערסטע איינוווינער האָבן שוין באַשלאָסן זיך צו לייגן שלאָפן, האָט זיך אָנגעהויבן אַן איבערראַשונג פון ביקסן און רעוואָלווערן. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, ווי אַ האָגל וואָלט זיך געשאָטן איבער די דעכער. מען האָט נישט געקענט וויסן און פעסטשטעלן פונוואַנען און פון וועלכער ריכטונג דאָס קומט. מען האָט זיך משער געווען, אַז דאָס איז פון דער „לאַרגאָ דאַ קאָמביסי", פון דער הויפּט־קאַזאַרמע. אַנדערע האָבן געדרונגען, אַז די שיסעריי קומט פון בראַז און ווען צוזאַמען מיטן איבערשיסן זיך האָט אַלעמאָל געטאָן עפּעס אַנדערש אַ רייס־אויף, מיט אַ בראַזג, דעמאָלט האָט מען פאַרשטאַנען, אַז עס איז שלעכט, און אַז די לאַגע איז ערנסט, אַז די צוזאַמענשטויסן האָבן זיך שוין אָנגעפאַנגען. אויב אַזוי, וועט סאַן־פּאַולאָ זיכער אָפּגעווישט ווערן פון דער ערד.

אינדערפרי האָט שוין די שטאָט אויסגעזען ווי אַ מיליטערישער לאַגער הינטער די פייער־ליניעס פון אַ מלחמה. דער גאַרניזאָן פון סאַן־פּאַולאָ איז געווען אין פולער באַוואָפענונג. מאָטאָציקלען מיט אָפיצירן האָבן זיך געיאָגט איבער די גאַסן. די פּאָליציי האָט אָנשטאָט רעוואָלווערן איצט געטראָגן ביקסן. אַ סך ציווילע מענטשן זענען געווען באַוואָפנט. מען האָט מאַרשירט צופוס, זיך געיאָגט אויף פערד, און געפלויגן אויף אויטאָמאָבילן.

אויפן דריטן טאָג האָט מען זיך דערוווּסט, אַז די „אָפּיצינעס", וואָס געהערן צו דער פעדעראַלער מאַכט, זענען באַזעצט פון די רעבעלן. דער באַן־פּאַרקער, טעלעגראַף און טעלעפאָן מיט ריאָ־דע־זשענייראָ און די

צפון־פּראָווינצן זענען איבערגעריסן. אַ גרויסער טייל פון דעם נאַציאָנאַלן פלאָט, וואָס געפינט זיך אין סאַנטאָס, האָט זיך פאַראייניקט מיט די אויפשטענדלער. די פּאָליציי האָט זיך דערקלערט לאָיאַל צום פּרעזידענט, דאָקטאָר קאַרלאָס דע קאַמפּאָס און היט זיין פּאַלאַץ און דאָס רעגירונגס־הויז. גרויסע שלאַכטן ווערן דעריבער דערוואַרט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן פּילן אַ מאַנגל אין שפּייז. פון די שטעטלעך אַרום האָט מען מורא געהאַט צו קומען קיין סאַן־פּאַולאָ.

מען האָט דערוואַרט גרויסע שלאַכטן אויף צוויי פראָנטן, און ביידע ביי די טויערן פון סאַן־פּאַולאָ. די מיליטערישע לייטונג האָט פאַרמערט אירע רייען מיט ציווילער באַפעלקערונג, וואָס האָבן זיך אין גרויסע מאַסן פאַרשריבן אַלס פרייוויליקע. זיי זענען געקומען מחנותווייז פון די קאַווע־פּלאַנטאַציעס אַראָפּ. עס איז זיי ניחא געווען אַריינצור־טרעטן אין די עסקאַדראָנען, איידער זיך פּרעגלען אונטער דער גליענ־דיקער זון. זייערע פאַרוואַלטערס האָבן סיי־ווי אָפּגעצויגן אין די דרום־שטאַטן פון לאַנד, כדי פונדערווייטנס אָבסערווירן דעם גאַנג פון אויפשטאַנד.

עס האָט אָבער אויסגעפעלט שפּייז פאַר די פרייוויליקע, וואָס האָבן זיך געשלעפּט אונטער דער משא פון געווער, באַרוועס, אָפּגעריסן. האָט מען אָנגעהויבן באַפאַלן פּריוואַטע הייזער און געשלעפּט פון די קליידער־שאַפעס מלבושים, וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט און וואָס עס איז געקומען אונטער דער האַנט.

אַזוי האָט מען געקענט באַמערקן, ווי אַ סאָלדאַט מיט אַ היטל פון פייערלעשער, האָט געטראָגן אויף זיין גוף אַ כאַלאַט פון אַ קאַטוילישן גלח, און כדי די פּאָלעס זאָלן זיך נישט פּלאָנטערן אונטער די טריט, זענען די ברעגעס געווען פאַרשאַרצט אָדער גאָר אָפּגעשניטן.

די וואָלקנס, וואָס האָבן זיך געשפּאָלטן אין די ריזיקע בערג, האָבן געטריפט מיט אַ דינעם רעגן איבער דער שטאָט. האָבן שוואַרצע, פאַרבלאָטיקטע, באָרוועסע פיס געקנאָטן אין דער ליימיקער ערד. די ביקסן אויף די אַקסלען, די זעק אויף די פּלייצעס האָבן נאָך שווערער געמאַכט די טריט און די פיס זענען טיפער געזונקען אין די בלאָטעס.

דעם מאַרש אויף סאַן־פּאַולאָ האָט דאָס נאַציאָנאַלע מיליטער קאָנ־צענטרירט דווקא דורכן וואַסער און האָט ווי אָפּגעלאָזט דעם צענטראַלן וועג, וואָס ציט זיך גלייך מיט דער אייזנבאַן. די אַרמיי האָט איר אינפאַנ־טעריע און קאַוואַלעריע געשיקט קיין סאַנטאָס אויף געוויינלעכע האַנדלס־שיפן, וואָס האָבן געהערט צו דער „לאָיד בראַזילעראָ". די שיפן זענען געווען באַוואַכט פון קריגס־קרייצערס, וועלכע זענען אָפּגעצויגן געוואָרן פון אַנדערע פּאָרט־שטעט. און די עסקאַדראָנען האָבן נאָך אַ קליינעם ווידערשטאַנד באַזעצט די פּאָרט־פעסטונגען און געגומען גרייכן די שטאָט.

פאַר די פעדעראַלן האָט די לאַגע פון האָבן סאַנטאָס אין זייער באַזיץ נישט געמינערט די מורא. די ערנסטקייט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אין „אַלטאָ דאַ סיערא". אויף די שפּיצן פון די ריזיקע פעלדזן האָבן די רעוואָלוציאָנערן זיך געקענט גוט באַפעסטיקן, אויס־נוצנדיק אַלע געהיימע שפּאַלטן פון די בערג, אַלע נאַטירלעכע לעכער און די קינסטלעכע באַן־טונעלן און פון דאָרט עפענען אַ פייער אויף די פעדעראַלע חילות.

מען האָט אַלזאָ געדראָט מיט האַרמאַטן־פייער, וואָס זאָל געצילט ווערן אויף דער שטאָט און פאַרניכטן די גאַנצע צענטראַל־געגנט פון דער פּראָווינץ. די רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך אָבער נישט נאָר נישט אונטער־געגעבן, נאָר זיך העלדיש געשטעלט אין קאַמף. די פּאָזיציע פון סאַן־פּאַולאָ איז געווען זייער אַ גינסטיקע פאַר די רעבעלן, די מיליטערישע אָנפירער פונעם אויפשטאַנד האָבן גוט געקענט די סטראַטעגיק פון אָנגריף און פאַרטיידיקונג. די סימפּאַטיע און מיטהילף פון דער ציווילער איינוווי־נערשאַפט איז געווען אויף אויף זייער זייט. זיי האָבן אויך געהאַט די שטיצע פון סול. די פון דאָרטן אַנטלאָפענע רעבעלן האָבן זיך דערנענטערט צו סאַן־פּאַולאָ מיט געווער און אַמוניציע, מיט דערפאַרונג און אויסגעע־פּרוווטקייט. זיי האָבן זיך אומגעשטערט דערנענטערט, כדי צו בילדן אַ פראָנט קעגן די פעדעראַלן און כדי זייערע געבליבענע אין ריאָ גראַנדע דאַ סול זאָלן באַנייען זייער אָנגריף אויף דער דאָרטיקער פּראָווינציעלער רעגירונג.

די שלאַכט איז אָנגעגאַנגען אין גרעסטן בריען. נישט נאָר אויפן קריגס־פעלד, נאָר אויך אין שטאָט. נישט אַלע גאַסן און געגנטן זענען געווען

אין באַזיץ פון די רעוואָלוציאָנערע מיליטאַריסטן. עס האָבן זיך נאָך געפונען אָנהענגער פון דער רעגירונג און נישט אַזוי פון דער צענטראַלער מאַכט, ווי אָנהענגער פון דעם שטאַט־פּרעזידענט. ער האָט זיך נאָך נישט אַזוי לייכט אונטערגעגעבן. די פּאָליציי און די ספּעציעלע גוואַרדיע זענען נאָך נישט געהאַט צוגעטראָטן צום אויפשטאַנד, האָט דעריבער אויסגע־בראָכן דער קאַמף אין שטאַט גופא. זייט ביי זייט איז אָנגעגאַנגען דאָס געשלעג. האַנט־גראַנאַטן האָבן דורכגעפייפט די לופט און אָנגעצונדן די שילדן, די טירן און יעדער רגע איז אַ ניי פייער אויסגעבראָכן. די פייער־לעשער זענען געווען מאָביליזירט פאַר דער הילף פון דער ציווילער באַפעלקערונג. זיי זענען געלאָפן אונטערן האָגל פון קוילן, געהויבן לייטערס אונטערן דונער פון האַרמאַטן, געשלעפט טויטע און פאַרוווּנדעטע פון אונטער חורבות, און אַליין זיך געקנוילט אין געדיכטן רויך אַלעמאָל אין אַן אַנדער אָרט.

סאַנטאָס איז געווען אָפּגעשניטן פון סאַן־פּאַולאָ, דאָס האָט שווער געמאַכט דעם אָנגריף פון די רעוואָלוציאָנערן און עס האָט געשטערט זייער חלום אַריינצוקריגן אין זייערע הענט אַריין אַ טייל פון דעם קריגס־פלאָט, און די הילף, וואָס זיי האָבן דערוואַרט פון די מאַטראָסן, האָט זיך אויך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט.

דאָס רעגירונגס־מיליטער האָט זיך אין סאַנטאָס גוט באַפעסטיקט, האָט פאַרשטאַרקט זיינע פּאָזיציעס מיט מיליטער, וואָס עס האָט געקראָגן פון דער הויפּט־שטאָט. די קאָסינאָס, די רולעטע־הייזער, די טעאַטערן, די האָטעלן ביי דער פּראַיע, די גרויסע רעסטאָראַנען און אַפילו די געביידע פון דער „באָלסע" זענען באַזעצט געוואָרן. עס איז דערקלערט געוואָרן אויסנאַם־צושטאַנד. די באַפעלקערונג האָט זיך גערוקט אין די ווייטע געגנטן, כדי צו געפינען זיך וואָס נענטער צו די פעלדזן, וואָס פירן אַרויף צו סאַן־פּאַולאָ.

דאָס פעדעראַלע חיל האָט אָנגעהויבן אַן אָנגריף־מאַרש אויף דער הויפּטשטאָט פון דער פּראָווינץ. די גרויס־קאַליבערדיקע קאַנאָנען פון די קריגס־שיפן זענען געווען אָנגעשטעלט אין דער ריכטונג צו סאַן־פּאַולאָ. די פעלדזן, וואָס האָבן זיך געריסן אין די וואָלקנס אַריין, זענען באַלייגט

געוועזן פון אויסשפּיר־פּאַטרולן. לייכטע האַרמאַטן זענען מיט דראָטענע שטריק אַרויפגעצויגן געוואָרן. טריט־ביי־טריט האָבן זיך די סאָלדאַטן גענומען אַרויפהויבן און קלעטערן אויף די בערג, זיך צוריקגעגליטשט און אַראָפּגעפאַלן אין די צעברענטע פלאַקערן אַריין פון זייער אייגענעם אוראַגאַן.

אין טיילן פון סאַן־פּאַולאָ האָט זיך שוין דער חורבן גענומען שטאַרק אָנזען. די שראַפּנעלן זענען געפלויגן איבער דעכער, ווי פייערדיקע רויב־פייגל. עס זענען אַראָפּגעפאַלן טורעמס און שפּיצן פון קלויסטערס, דעכער האָבן זיך צעשאָטן, גאַנצע מויערן זענען איינגעפאַלן, פלאַכע ערד איז אויפגעריסן געוואָרן און די בלאָטע האָט זיך צעשפּרייט ווי אַן אַראָפּפאַלנדיקער וואָלקן. די טעלעגראַף און עלעקטרישע דראָטן זענען צעפלאָנטערט אַראָפּגעהאָנגען פון די סלופּעס ווי צווימען. שויבן אין די צענטראַלע גאַסן זענען געוועזן צעמאַלן און צעבראָכן אויף די טראָטואַרן.

די באַטאַליאָנען פון דע לאָפּעז האָבן זיך געשטאַרקט אויף אַלטאָ דאַ סעראָ, אָפּגעשלאָגן דעם אָנגריף פון די פּוסגייער, וואָס האָבן שוין דורך גרויסע שוועריקייטן דערגרייכט די העכסטע פּונקטן פון יענעם באַרג. די שלאַכט איז געוועזן איינע פון די פאַרביטערטסטע, וואָרעם עס האָט זיך שוין געהאַנדלט אין דעם, אַז די רעגירונגס־אַרמיי זאָל פאַרכאַפּן דעם באַן־קנופּ און דאַן האָבן זיי שוין אַ גלייכן און גראַדן וועג ביז סאַן־פּאַולאָ.

דע לאָפּעז איז געוואָרן פאַרביטערט און פאַרלוירן. אין זיין צאָרן האָט ער חושד געווען די ציווילע באַפעלקערונג אין סימפּאַטיע צו די פעדעראַלן און צום פּרעזידענט. אין זיינע רייען האָט זיך שוין געמערקט דער סימן פון אָפּשטיין און פליטה מאַכן. דער פראָנט האָט זיך אָן אַ באַפעל פון דער קאָמאַנדע גענומען רוקן אויף צוריקוועגס. די באַן־סטאַציע „לוז" און דער גאָרטן אַרום דער „עסטאַסיאָן", וואָס איז געווען דער הויפּט־לאַגער פונוואַנען מען האָט אָפּגעשיקט מיליטער צום בערג־פראָנט, איז איצט פול געווען מיט צוריקלויפנדיקע. די באַנען, וואָס זענען געגאַנגען קיין סול, זענען געווען באַזעצט מיט רעבעלן, וואָס האָבן געוואָרפן זייער כלי־זין און געזוכט צו אַנטלויפן אין די אינערלעכע פּראָווינצן.

די ערשטע, וואָס זענען אָפּגעשטאַנען און אָפּגעצויגן, זענען געווען

די פּריווילעגיע. די הבטחות, וואָס די רעוואָלוציע האָט זיי צוגעזאָגט, האָט אָנגעהויבן אויסרינען. נאָך עטלעכע טעג פון קאַמף האָבן זיי געפאָדערט זייער לוין. דע לאָפּעז איז געווען אַ מיליטערמאַן און קיין זאַך האָט זיך אים נישט העכער געשטעלט ווי דער מיליטערישער זיג, און פאַר אַ שטיקל נצחון איז ער גרייט געווען אויף אָן אַ שיעור קרבנות.

ער האָט געלעבט און געאָטעמט מיט נצחון. אפילו די גאַנצע אַוואַנטורע פון אויפשטאַנד האָט ער אונטערגענומען נישט צוליב דעם אידעאַל, וואָס די אָנהענגער זיינע האָבן געוואָלט איינרעדן דעם עולם, נאָר צוליב דער אָפּענסיווע גופא, צוליב שלאָגן זיך, — פאַלן אָדער זיגן.

דאָקטאָר ריאָ מאָטאָראַזאָ, וואָס איז געווען דער קאָפּ פון דעם אויפ־שטאַנד, וואָס האָט מיט אויסגערעכנטקייט און גענויטקייט געפירט דעם אָנגריף פון הינטערן פראָנט, האָט געמיינט, אַז ער נאַרט אָפּ דעם גענעראַל דערמיט וואָס ער נוצט אים אויס, און אַז די מיליטערישע לייטונג וועט אים דינען צו דערגרייכן זיינע צילן נישט נאָר אָפּצורייסן סאַן־פּאַולאָ פון דעם גרויסן לאַנד און מאַכן פאַר זיך אַ מלוכה, נאָר צו געבן אַ קלאַפּ דעם מלוכה־פּרעזידענט און במילא איינפירן אָרדענונג. מיט דעם גענעראַל דיאַז דע לאָפּעז איז ער געקומען אין קאָנטאַקט אַדאַנק זיין באַגייסטערטן אָפּרופן זיך וועגן דעם אומגעקומענעם גענעראַל וועלאַזע. דיאַז דע לאָפּעז האָב אָבער נישט געוואָלט הערן פון קיין שום אַנדערער זאַך, ווי אַ מילי־טערישן זיג. אים איז גאַנץ בראַזיליע אין דער אמתן נישט אָנגעגאַנגען, פּונקט ווי עס איז ריאָ מאָטאָראַזאָן נישט אָנגעגאַנגען די ספּעציעלע פראַגע פון סאַן־פּאַולער ראַיאָן...

עס האָט זיך אַלזאָ געהאַנדלט אין געבן די אויפשטייענדיקע זעלנער געוויסע „רעכטן", וואָס איז נישט געווען איבעריק גינסטיק פאַר די איינ־ווינער. דע לאָפּעז האָט איינגעזען, אַז דאָס „מיטל" וועט נאָך קאָנען אויפהאַלטן דעם קאַזאַרמע־גייסט פאַר אַ צייט צווישן זיינע אונטערגעוואָרפענע. און אויב ער וועט דאָס נישט טאָן, וועלן זיי אַליין עס טאָן, און דעמאָלט — האָט ער איינגערעדט דעם דאָקטאָר מאָטאָראַזאָ — וועט עס פאַר די ציווילע זיין פיל ערגער, ווייל נישט מען וועט קענען איינהאַלטן די סאָלדאַטן און נישט מען וועט האָבן אַ קאָנטראָל איבער זייערע מעשים.

אָבער דאָקטאָר ריאָ מאָטאָראָזאָ האָט שטרענג דערקלערט:

— גענעראַל! איך וועל זיין דער ערשטער אייך אָנצורופן רויבער, אָנשטאָט רעוואָלוציאָנער.

דער גענעראַל האָט קיין וואָרט נישט געענטפערט, האָט זיך אויסגע־גלייכט, אַ קלונג געטאָן מיט די שפּאָרן פון זיינע שטיוול און איז אַרויסגעגאַנגען.

דאָקטאָר ריאָ האָט זיך משער געווען, אַז אין גענעראַלס מוח האָט זיך גענומען לעשן דער פונק פון אַמביציע. דער דורכפאַל איז געווען אויף דער האַנט. איז ער אים נאָכגעגאַנגען, כדי מיט אַ וואַרעם וואָרט אים צו דערהויבן און אויפמונטערן. ער האָט דעם מיליטערישן פירער געטראָפן שטיין אינדרויסן ווי ער וואָלט איינגעפרוירן געוואָרן אין זיין טראָט: נישט אַהין, נישט אַהער.

די אַרמיי האָט נישט געוואָרט אויף זיין באַפעל צוריקצוציען זיך אין אָרדענונג און פאַרפעסטיקן זיך ווייטער פון פראָנט. דאָס האָט אים שטאַרק דערשלאָגן.

צום ערשט האָבן זיך באַוויזן איינצלנע צוריקלויפנדיקע, דערנאָך — גרעסערע גרופן, דערנאָך האָבן זיך געצויגן מחנות איבער דער גאַנצער ברייט פון פעלד, ווו נאָר זיין בליק איז געפאַלן. ער האָט געקענט דערוואָרטן, אַז יעדער רגע וועלן זיך די פעדעראַלע סאָלדאַטן באַווייזן, וועלן פאַרהילכן די לופט מיט אויסגעשרייען פון זיג.

אָבער עס איז עפּעס געשען אַ נס. עס איז שוין לאַנגע שעהן ווי דער לעצטער זעלנער זיינער האָט זיך צוריקגעצויגן און פאַרלאָזן דאָס שלאַכט־פעלד און די פעדעראַלן זעט מען נישט. פאַרקערט, מען הערט אַ פייפעריי פון קאַנאָנען און בליצן פון קוילן, וואָס קומט פון אַלטאָ דאַ סיערא, גלייך, זיין, דעם גענעראַלס, אַ העלדישע אַרמיי, אָדער אַ לעצט־געבליבענע פאַר־עקשנטע גרופּע וואָלט זיך קעגנגעשטעלט און געצוימט דעם וועג פאַר דעם נאָכיאָגנדיקן חיל. דע לאָפּעז האָט גוט געקענט די לאַגע אויפן פראָנט, און פאַרשטאַנען די אומגלייכקייט. ער האָט זיך אָבער נישט פאַרלוירן און אויף גיך צוריקגעקראָגן זיין טאָן און מיט דער גאַנצער אָנשטרענגונג אָרגאַניזירט די רעשטלעך פון זיין אַרמיי. ער האָט געלאָזט אַ לאַנגן

באַן־צוג אין באַוועגונג און אונטער דער דראָונג מיט טויט פאַר יעדן איינעם, וואָס וועט נישט אויספילן זיין באַפעל, האָט זיך דער צוג געריקט צוריק, צוריק צום פראָנט.

## קאַפּיטל פינף

דאָניע איז געווען אַלץ אויפן פראָנט: דער שטאַפעט, וואָס איז געלאָפן אין שליחות פון דעם „עסטאַסיאָן דע לוז" ביז די פאָדערשטע רייען ביי אַלטאָ דאַ סעראָ, איז געווען דער, וואָס איז מיט דער לייכטקייט פון אַ מאַלפּע געקראָכן אויף די שפיצן פון ביימער און אויסשפיאָנירט דעם שונאס פּאָזיציעס. ער האָט דער ערשטער געוואָרנט פון אַ געפאַר און דער לעצטער אָפּגעטראָטן פון קאַמפּס־פּלאַץ. אָפטמאָל איז ער אינגאַנצן פאַרלוירן געוואָרן און מען האָט געמיינט, אַז ער איז אומגעקומען, אָבער ער האָט זיך צוריק באַוויזן מיט אַן אַנדער טריומף, דאָ טראָגנדיק אויף די אַקסלען אַ פּולעמיאָט, און דאָ — איינגעשפּאַנט איינער אַליין אין אַ האַרמאַט, שלעפּנדיק אים איבער אָנגעוואָרפענע קופּעס אויפגעריסענע ערד.

די אָפיצירן האָבן אים באַוואונדערט און צווישן די סאָלדאַטן האָט ער אָנגעהויבן צו ווירקן אַלס לעגענדאַרער העלד, וואָס איז פון ערגעץ־ווייט געקומען, זיך געשטעלט מיט זיי אין דער ריי און געקעמפט מיט זיי.

מען האָט זיך דערוווּסט, אַז דאָם דאָמינגאָ איז אַ „זשודעאָ". דאָס האָט אים נאָך מער איינגעהילט אין פאַנטאַסטישע שלייערן. די זעלנער און די ציווילע פּריווילעגיע, האָבן נישט געגוי געוווּסט, וואָס אַזוינס איז אַ „זשודעאָ". זיי האָבן געוווּסט, אַז דאָס איז אַזאַ אויסגעטראַכטער מענטש, וואָס מען פאַרברענט פּסח אין דער גאַס.

„דאָם דאָמינגאָ" איז געווען אַ פייערדיקער זייל. ער איז געווען דער עמוד־הענן פאַר דערמוטיקונג. ער האָט נישט גערעדט און נישט קאָמאַנדעוועט. נישט אויסגעפילט די באַפעלן פון זיין עלטסטן, נאָר האָט אַליין געשאַפן זיינע געענג. תמיד געווען אויסער דעם פראָנט, און אַלעמאָל געאַרבעט מיט אַן אַנדער געווער. באַפעלן פון גענעראַל־שטאַב צום פראָנט האָבן זיך זייער אָפט פאַררופן אויף אים: „דאָם דאָמינגאָ" זאָל זיך האַלטן

„נאָרד־אָעסטע", דאָס דאָמינגאָ זאָל בלייבן פאַרשטעקט אין די געדיכטעניש פון דיביימער, וואָס שטייגן אַרויס פון די אָפּגרונטן.

עס האָט אויסגעזען, ווי „דאָם דאָמינגאָ" וואָלט געווען נישט איין פערזאָן, נאָר עפּעס אַן אָפּטיילונג פון אַ וויכטיקער אַרמיי. פון פּראָנט האָט זיך די לעגענדע וועגן „דאָם דאָמינגאָ" איבערגעטראָגן איבער דער שטאָט און שטעטלעך. האָט מען אין די קלויסטערס ווייט פון די קאַמף־רינגען פאַרצויגן דעם נאָמען „דאָם" אויף „סאַן" און די לעגענדע האָט זיך געוועבט אַרום „סאַן־דאָמינגאָ", דעם אומבאַקאַנטן ייד, וואָס איז פון אַלע אייביקייטן אַהער געקומען און זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די רעבעלן, און אַז מען זעט אים אויפן פּראָנט מיט אַ ווייסער ברייטער באָרד, מיט סאַנדאַלן אויף די פיס, מיט לאַנגע קופּער־ברוינלעכע האָר און אין אַ מאַנטל אַזאַ, וואָס פלאַטערט אויף אים, ווי ער וואָלט געווען איינגעוויקלט אין אַ פאַן...

*

דער „נס", וואָס דעם גענעראַל דע־לאָפּעזן איז געלונגען צוריקצושיקן אַ קליינע, פאַרשטאַרקטע אָפּטיילונג צום פּראָנט, וואָס זאָל אָפּהאַלטן דעם ראַפּטעמדיקן אַנלויף פונעם שונא, די פעדעראַלן, אויף גאַנצע צוועלף שעה, האָט פאַר דעם רעוואָלוציאָנערן גענעראַל זייער אַ סך באַטייט. ער האָט געהאַט צייט צו אָרגאַניזירן דאָס אָפּטרעטן פון זיין אַרמיי פּיל־ווייניק אין אָרדענונג, לכל־הפּחות, דאָס „צייטווייליקע" אַרויסגיין פון שטאָט זאָל נישט טראָגן קיין כאַאָס, מען זאָל נישט אָנזען די סימנים פון זיין מפּלה. דאָס האָט גורם געווען דאָניע־„דאָם דאָמינגאָ" אויף אַ פּשוטן אופן:

ווי תמיד, האָט זיך דאָניע געפונען אויפן פּראָנט נישט אין שכנות מיט די זעלנער פון זיין אָפּטיילונג, נאָר אויף אַן אויסשפּיר־פּלאַץ. ער איז ווי אַריינגעהאָנגען אין אַ פאַרפלאָנטערניש פון געדיכטע פייכטע צווייגן, וואָס זענען אַרויסגעוואָקסן אין דער קרים צווישן צוויי פעלדזן. ער האָט נישט געוווסט, אַז די פּאָזיציע איז שוין אַן אָפּגעליידיקטע און די לעצטע גרופּע פון די רעוואָלוציאָנערן האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די רימענס און זיך געלאָזט מיטן אָפּענעם וועג קיין סאַן־פּאַולאָ.

פון אונטן האָט ער געזען באַגנעטן קאַפּויערשטייגן און די שאַרפע שפּיצן זענען געוואָרן גרעסער און גלאַנציקער. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז די סכנה איילט זיך, אַז „זיי״ קלעטערן אַרויף און וועלן אָניאָגן ווי אַ סטאַדע הינט. און כדי נישט צו פאַרלירן קיין צייט, האָט ער זיך געגעבן אַ צעוויג אויף די צווייגן אַהין־און־צוריק און זיך אָנגעכאַפּט אין אַן אַריסגעשטאַרצטן שטיין פון אַ פעלדז. די פינגער פון זיינע הענט זענען געוואָרן ווי אויסגעשאַרפטע אייזערנע נעגל. ער האָט זיך איינגעגראָבן אַרום דעם שטיין, ווי מען בייסט זיך איין אין שטאָל. ער האָט זיך ביסלעכווייז דערכאַפּט און זיך קאַפּויער געצויגן ביז אַ האַלבער קערפּער איז געבליבן ליגן אַריבערגעוואָרפן איבערן שטיין.

ערשט, ווען ער האָט דערפילט זיין זיכערקייט אויפן פעלדז, האָט ער באַמערקט די געפאַר, וואָס קומט אַנטקעגן. דער שטיין, אין וועלכן ער האָט זיך אָנגעכאַפּט, האָט אין דער זייט אויסגעזען ווי עפּעס אַ קונץ־שטיק. פון דריי זייטן איז ער געשטאַנען אין דער לופטן, און פון איין זייט נאָר איז ער געווען באַהאַפטן צו דעם פעלדז.

אין פלוג האָט עס אים אויסגעזען, אַז ווען אַ שטאַרקער ווינט זאָל טאָן אַ בלאָז, וועט זיך אָט־דער שטיין אַראָפּגליטשן. ער האָט געפּרוווט אַ שאָקל טאָן, אָבער דער שטיין האָט זיך נישט גערירט. מיט דער אויפ־שטייגנדיקער פאַרצווייפלונג האָבן זיך ווילדע כוחות אין אים צעשפּילט. ער האָט זיך אויסגעצויגן אויף די פלייצעס, געטאָן אַ קורטשע איין, און אַ צי אויס די פיס און דער שטיין האָט זיך געטאָן אַ וואַקל, און באַלד אַראָפּ־געפלויגן ווי עס וואָלט זיך אַ דונער אָפּגעשלאָגן אין די פאַרהאַרטעוועטע בערג. עס האָט זיך געהערט דאָס ברעכן פון ביימער און אַ רייבן פון שטיינער.

דאָמינגאָ האָט מיט אַן אומבאַוווסטער טאַט אָפּגעהאַלטן דעם מאַרש פון די פעדעראַלן. די נאָכיאָגער האָבן זיכער גערעכנט, אַז מחנות רעוואָ־לוציאָנערע זעלנער פאַרטיידיקן נאָך פעסט דעם אַריינגאַנג אין שטאָט.

גענעראַל דע־לאַפּעז האָט אָנגענומען דאָמינגאָן פאַר די אַקסלען, זיי געדריקט, אַראָפּגעקוועטשט, ווי ער וואָלט זיי אויסגעפּרוווט, צי ער וועט זיך נאָך קענען שטיצן אויף אים. עס איז געווען אָנפאַנג אָוונט. דע־לאַפּעז

האָט אויסגערעכנט, אַז די נאַכט וועט זיין שטיל, אַז „דאָרטן" פּרוווט מען זיך איינצוהאַלטן ביז אינדערפרי. ער האָט דעריבער אָנגעשריבן אַ „מאַניפעסט צום סאַן־פּאַולער פאָלק", אַז ער טרעט אָפּ, צוליב דעם ווילזיין פון דער שטאָט, אין פולער אָרדענונג, לאָזט איבער די ציווילע באַפעלקערונג אין רו, אַז דער גייסט פון גערעכטיקייט, וואָס האָט געהערשט אין די רייען פון זיינע העלדישע מיטקעמפער, איז נישט אָפּגעשטאָרבן, אַז קיינער פון זיינע אונטערוואָרפענע וועט נישט אַוועקלייגן די שווערד פון האַנט ביזן נצחון פון גרויסן אידעאַל...

דער גענעראַל האָט אַראָפּגענומען פון זיין ברוסט אַ בענדל, וואָס האָט געדינט אַלס צייכן פון אַ מעדאַל, און עס מיט געמאַכטער, מיליטערישער פייערונג צוגעשפּילעט צו דאָמינגאָס העמד און אים געקושט צו צוויי מאָל אין די פאַרשטויבטע באַקן...

✶

עס איז געווען דער דריטער טאָג זינט דעם, ווי גענעראַל פּעדראָ דע־לופעז, דאָקטאָר ריאָ מאָטאָראַזאָ און דאָמינגאָ האָבן פאַרלאָזט סאַן־פּאַולאָ. זיי האָבן געוואַנדערט איבער ווייטע וועגן, געקרייצט פעלדזן און געשפּאַנט איבער טאָלן. זיי האָבן אויסגעמיטן באַוווינטע געגנטן, און דווקא זיך געריסן דורך שטיינערנע וויסטענישן און געשניטן דורכגענג דורך געדיכטע וועלדער. די ווייסע וואָלקנדלעך האָבן זיך קעגן פאַרנאַכט־צו אָנגעטרונקען מיט ראָזע דורכזיכטיק ליכט און עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז עס וועט רעגענען מיט בלוט. אַלץ, וואָס זיי האָבן געהאַט מיט זיך, האָט מען ביסלעכווייז אַראָפּגעוואָרפן, זיך באַפרייט פון יעדער משא.

אַלע דריי האָבן מער געשוויגן, ווי גערעדט. עס איז געווען אַ פיינלעך און געפרעסט שווייגן. אי דער גענעראַל, אי דער דאָקטאָר האָבן געהאַט דאָס באַוווסטזיין פון אַ היסטאָרישן גלות־וועג, אַז יעדער שפּאַן זייערער איצט פרעסט זיך אָפּ אין די בלעטער פון דער געשיכטע. דאָמינגאָ אָבער איז שטום נאָכגעגאַנגען, נישט געוווסט צו וואָס און נאָך וואָס. ער האָט זיך נישט איבערגענומען מיט דער העלדישקייט, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן,

געטאָן האָט ער עס אַלס אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, ער איז געווען איבערגעגעבן דעם אויפשטאַנד מיט לייב און לעבן.

זיי זענען צוגעקומען צו אַ פונקט, ווו מען האָט זיך געדאַרפט לאַנגזאַם אַרויפהויבן אויף אַ באַרג, אָבער כדי זיך אַרויפצוהויבן אויף דעם באַרג, האָט מען געמוזט צום ערשט אַרומקרייזן, זוכן אַ וועג, וואָס איז געווען איינגעשניטן פון רעדער, און צעקאָפּעט פון אָקסישע פיס. אין דער נידער ביים ברעג איז געפלאָסן אַן „אָדער" פון דעם טייך "פּאַראַנאַ", וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ לאַנגער שפּיגל, איינגעהילט אין קרעפּ. דאָס איז געווען די גרענעץ פון פּראָווינץ פּאַיליסטאַ. דאַניע האָט זיך אונטערגענומען דעם דאָקטאָר מאָטאַראַזאָ אַריבערצוטראָגן, ווען אַפילו דאָס וואַסער זאָל אים גרייכן ביז צום האַלדז. ער האָט געהאַט בדעה דאָס נעמלעכע אויף פּאַרצולייגן דעם גענעראַל, אָבער עס האָט אים אויסגעפעלט די דרייסטקייט דערצו.

פּלוצלינג האָט זיך פּעדראָ דיאַז פראַנציסקאָ דע־לאָפּעז אָנגערופן:

— אָט אויף דעם אָרט דאַרף מען שטעלן אַ מאָנומענט דער רעוואָלוציע פון סאַן־פּאַולאָ.

אַז ריאָ מאָטאַראַזאָ האָט געשוויגן, האָט דער גענעראַל פאַרגעזעצט:

— ווי דענקט איר, דאָקטאָר?

מאָטאַראַזאָ האָט זיך ווי פאַרענטפערט:

— זאָלן וועגן דעם טראַכטן די, וואָס ווילן געניסן פון דעם אויפשטאַנד. מיר מוזן אָניאָגן די אַנטלויפנדיקע, זיך ווידער פאַרבינדן מיט די רעשטלעך פון חיל. אין ריאָ גראַנדע דאָ סול וועלן מיר קריגן פאַרשטאַרקונגען און אָנהויבן אַ מאַרש צוריקוועגס.

— פאַר אַן אומאָפּהענגיק סאַן־פּאַולאָ?

— פאַר אַ גערעכטער בראַזיליע!

— אונדזערע מיינונגען זענען פאַרשידן, דאָקטאָר.

— איך ווייס, גענעראַל.

— פאַרוואָס האָט איר מיטגעקעמפט ביי מיין זייט, דאָקטאָר?

— פאַר דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון גענעראַל וועלאָזו!

דע־לאָפּעז האָט מיליטעריש סאַלוטירט. ריאָ מאָטאַראַזאָ האָט אַראָפּ־

געגומען דאָס היטל. דאָמינגאָ האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן, איז ער געבליבן הינטערשטעליק עטלעכע טריט.

ווען אַלע דריי האָבן זיך שוין געהאַט אַראָפּגעלאָזט צו דער פּלאַך פון וואַסער, האָט זיך דע־לאַפּעז איינגעעקשנט:

— מיר וועלן נישט אַריבערגיין די גרענעץ פון דעם שטאַט.

האָט מאַטאַראַזאָ צוריק געענטפערט:

— גרויס און ברייט איז אונדזער פּאַטערלאַנד. אומעטום איז בראַזיליע.

— אַפילו אין די וועלדער פון מאַטאָ גראָסאָ?

— אַפילו.

דאָקטאָר ריאָ האָט איצט אינגאַנצן מיטגעלעבט דעם צער פון אַ געפאַלענעם העלד. ער האָט מיט זיין האַנט אָנגעכאַפּט דאָמינגאָן ביים אַרבל און ווי אָן וווּרטער באַפוילן, ער זאָל זיך אָפּשטעלן.

פראַנציסקאָ דע־לאַפּעז האָט דערפילט ווי זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט וואַרטן אויף אים, האָט ער זיך דערנענטערט, און מאַטאַראַזאָ האָט פאָרגעשלאָגן:

— איין גרויס געפיל, דאָס גערעכטיקייט־געפיל צו אונדזער פּאַטריאָ, האָט אונדז פאַראייניקט און אַרומגעבונדן מיט איין גורל. מיר גייען איצט געבראָכענע אין גלות אַריין, געבראָכענע, אָבער נישט געבויגענע!

דער גענעראַל האָט אויסגעבעסערט:

— און נישט קיין באַזיגטע!

אויף דער שטילער הסכמה פון די צוויי באַגלייטער האָט ער צוגעגעבן:

— מיר האָבן דעם קערן פון אמת מיט בלוט פאַרזייט, עס וועט אַרויסשפּראָצן צו דער גלאָריע פון אונדזער לאַנד!

דעם דאָקטאָר האָט הנאה געטאָן, וואָס דער „מונדיר" איז געוואָרן סענטימענטאַל. ער האָט דעריבער מיט זיכערקייט פאָרגעשלאָגן:

— מיר ווייסן נישט, וואָס מאָרגן וועט זיין מיט אונדז. ווי אַזוי די וועגן וועלן זיך דורכקרייצן. לאָמיר מאַכן אַ בונד, אַ בלוטיקע שבועה זיך געבן, קיינמאָל נישט צו פאַראַטן דעם גרויסן אידעאַל, וואָס האָט זיך אין אונדזערע הערצער אָנגעצונדן.

דער גענעראַל האָט זיך איצט אומגעקערט מיט פּנים אויף צוריקוועגס, זיך ווי אָפּגעטיילט און געבליבן שטיין אויף אַ בערגל. דאָקטאָר מאַטאַראַזאַ האָט אָנגענומען אַלס נאַטירלעך דעם גענעראַלס אומקערן זיך. דאָס ווענדן זיינע בליקן צו יענעם לאַנד, ווו ער האָט געקעמפט און צוליב וואָס ער שפּאַנט איצט אין גלות אַריין אין די אור־אַלטע ווילדענישן, צווישן חיות און שלאַנגען, אין די נאָך נישט־באַרירטע וועלדער פון אַ מענטשלעכער האַנט, אויף נאָך נישט באַטראָטענער ערד פון מענטשלעכע טריט.

פלוצלינג האָט עפּעס אַ קנאַל געטאָן אין די אויערן, אַ בליץ פון אַ פייערדיק צינגל האָט אַ בלענד געטאָן. סיי דאָניע און סיי מאַטאַראַזאַ האָבן זיך צעיאָגט אַראָפּ, ווי צעשראָקענע פערד, אָבער באַלד, בלויז אַ רגע האָט עס געדויערט, און זיי האָבן זיך געלאָזט צוריק, אויפן בערגל, ווו פּעדראָ דיאַז דע־לאָפּעז איז געלעגן אויף די קני און איין האַנט האָט אונטערגעשפּאַרט זיין אַקסל, ווי אַ שוואַכער סלופּ האַלט אונטער אַ חורבה פון אומפאַלן. אַ רעוואָלווער איז געלעגן אויף דער ערד און אַ דין רויכעלע ווי פון אַ סיגאַרעטל האָט זיך געדרייט אין דער לופט.

דער דאָקטאָר און דאָניע האָבן אונטערגעכאַפּט דעם גענעראַל אונטער די אָרעמס, אָבער קוים האָט מען אָוועקגענומען די האַנט, וואָס האָט אים אונטערגעשפּאַרט, אַזוי איז זיין קאָפּ אַרונטערגעזונקען ווי עס זינקט אַרונטער אַ גוף אין וואַסער אַריין. און לעשנדיק זיך, האָט ער געמורמלט:

„סאַן־פּאַולאָ — באָאַ טעררא!"

## קאַפּיטל זעקס

דאָס מיסטעריעזע פון דעם „סאַן זשודעאָ" האָט זיך ווי אַ געהיימער צייכן אַרומגעטראָגן פון מויל צו אויער, נאָך די „געשעענישן", וואָס האָבן דורכגערוישט אין סאַן־פּאַולאָ.

צווישן אַלע ווונדער, וואָס יעדער האָט געהאַט זיך אָנצודערציילן, האָט מען דאָס כּישוף־וואָרט „הייליקער ייד" נישט אויסגעמיטן. פאַרקערט, עס זענען דערצו צוגעקומען אַלערליי פאַרבן און קאָלירן, אויסגעטראַכט פון דער פאַנטאַזיע און געמאָלן דורך יעדן לויט זיין אייגענעם דמיון.

אין דער יידישער קאָלאָניע פון סאַן־פּאַולאָ האָט מען קיין גרויס וויכטיקייט נישט צוצוגעבן צו אָט־די קלאַנגען וועגן דעם ייד, וואָס האָט אַזוי העלדיש געקעמפט אויף דער זייט פון די רעוואָלוציאָנערן. מען האָט עס צוגעשריבן צו אַ סך מעשיות, וואָס דאָס פאָלק האָט אויסגעחלומט אין אומרויִקע טעג. מען האָט געשמייכלט, ווען מען האָט דערציילט, אַז ווען דער „סאַן זשודעאָ״, אָדער דער „סאַן דאָם דאָמינגאָ״ פלעגט זיך באַווייזן צווישן די פאַרווונדעטע, האָט ער ווי אַ הונט מיט דער צונג געלעקט זייערע ווונדן און מען איז געגעזן געוואָרן... מען האָט דערציילט, אַז אין שטאָק־פינצטערע נעכט האָט זיך עפּעס באַוויזן, ווי אַ בליץ־בלויער רעפלעקטאָר, דאָס איז געווען דער „דאָם״, וואָס איז תמיד אונטערגעקומען אין אַזעלכע געפערלעכע מאָמענטן, געוויזן דעם וועג און פאַרשווונדן.

אין אַנדערע פאַלן וואָלטן זיך יידן אפשר געשראָקן. אַזאַ מיסטעריע וואָלט געקענט אויסגעטייטשט ווערן ווי אַ צייכן פון פאַרראַט. און טאָקע — די נייע אימיגראַנטן האָבן אָנגעהויבן מיט זייערע חושים אָנטאַפּן בילדער פון זייערע היימען: חשד און בילבול, מיט וואָס זייערע געדעכענישן זענען געווען אַזוי אָנגעטרונקען און פון די אויגן האָט גענומען ווייען מיט פחד.

אָבער אין דעם פאַל איז געווען פאַרקערט. די דאָזיקע לעגענדע אַרום אַ ייד האָט נאָך מער דערהויבן דעם אָנזען פון דער יידישער קאָלאָניע אין די בראַזיליאַנער הייזער.

צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים האָט זיך דער עולם געהאַלטן פּאַסיוו. די פרעסע האָט מיט אַ האַלבן טאָן אָנגעזאָגט די בשורה, אַז סאַן־פּאַולאָ איז שוין אינגאַנצן פריי פון די „באַנדעס״, אַז דאָס רעגירונגס־מיליטער יאָגט זיך נאָך די לעצטע רעשטלעך רעבעלן, אָבער אין דער אמתן האָט מען געוווּסט, אַז די אויפשטענדלער האָבן שוין דערגרייכט די טיפענישן פון מאָטאָ גראָסאָ און אַהין וועט מען די פעדעראַלן נישט שיקן...

גענעראַל פעדראָ דיאַז פראַנציסקאָ דע־לאָפּעז איז באַטראַכט געוואָרן אַלס אַ פאָלקס־העלד. מען האָט פאַר זיין נשמה וועגן אָפּגעריכט גאָטדינסטן אין אַלע קירכן פון סאַן־פּאַולאָ און אַפילו אין דער קאַטעדראַל. די

סטודענטן פון די אוניווערסיטעטן האָבן געענטפערט מיט אַ שטרייק אויף דעם רוף פון שטאַט־פּרעזידענט, אַז די צייט פון רו און אַרבעט איז ווידער אָנגעקומען, יעדער צו זיין באַשעפטיקונג און די יוגנט — צו דער לערע.

נאָכדעם ווי אויסערלעך איז שוין געווען רויק און אָפיציעל האָט שוין געהערשט שלום־ושלווה, האָבן זיך די סטודענטן ערשט אָפּגעגעבן אַ חשבון פון דעם, וואָס איז פאָרגעקומען און זיך נישט צוריקגעקערט צום לערנען. איינמאָל האָבן זיי זיך געלאָזט איבער די גאַסן פון שטאָט אין אַ דעמאָנסטראַציע. זיי האָבן געטראָגן אַן אָרון מיט קרענץ־בלומען, פענער פון זייערע קלובן און פאַראיינען, פּלאַקאַטן מיט אויפשריפטן וועגן רום פון גענעראַל דע־לאָפּעז. דאָס האָט מען איינגעאָרדנט אַזאַ לוויה נאָך דעם העלד. דערביי האָט מען געפאָדערט, אַז די פּאָליציי זאָל אַרויסגעבן דעם קערפּער, כדי ער זאָל באַערדיקט ווערן אויף דעם אָרט, ווו ער איז געשטאָרבן, און אַ מאָנומענט זאָל זיך אויפהויבן אויף יענעם פּלאַץ.

ביי דער „לוויה" האָט אויך מאַרשירט אַ נאָכגעמאַכטער טיפּ פון דאָקטאָר ריאָ מאָטאָראַזאָ, דער קינסטלעכער גרים האָט אים פאָרגעשטעלט מיט אַ רימען אין דער האַנט און צו דער פּלייצע איז געווען צוגעקלעפּט אַן אויפשריפט: „אַ פּאַטריאָ, אי זשוסטיסיאַ!" און לעבן אים, אין קייטן געשמידט, איז געגאַנגען אַ מאַסקע, וואָס האָט געזאָלט פאָרשטעלן דעם „הייליקן ייד" — סאַן זשודעאַ — „דאָם דאָמינגאָ". אַרויסגעקומען איז אַ יעזוס פון דעם גרים, מיט אַ שלעכט צוגעקלעפּטער שוואַרצער באָרד, אָנגעטאָן ווי אַ מאָנאַך אין ווייסע קליידער, מיט אַן אויסגענייטער זון אויף דער ברוסט...

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און די לעגענדע וועגן דאָניען האָט אָנגעהויבן צו ווערן באַביינערט. עס האָבן זיך געפונען עדות, וואָס האָבן אַליין מיט אים גערעדט און פּערזענלעך געקענט, בפרט נאָך — די צייטונ־גען, וואָס האָבן זיך אָריענטירט אויף דער אַקטיווער פּאָליטיק פון שטאַט־לעכן פּרעזידענט און האָבן געוואָלט אויסלאַכן די דעמאָנסטראַציע פון די סטודענטן. האָבן זיי געבראַכט דאָס אמתע בילד פון דעם „סאַן דאָמינגאָ". דאָס איז געווען דאָניעס אַ בילד אַלס מאַטראָס. עס האָבן זיך שוין דערנאָך

אָנגעהויבן טראָגן קלאַנגען, אַז די פּעדעראַלע פּאָליציי זוכט איצט אַרום דעם „דאָמינגאָ״ און וויל אים שטעלן פֿאַר אַ מיליטער־געריכט. מען האָט זיך דערוווּסט, אַז ער האָט צוגעשטעלט געווער צו די רעבעלן. און כּדי עס נאָך שטאַרקער צו מאַכן, האָט מען באַשולדיקט, אַז דער מאַטראָס „דאָמינגאָ״ צוזאַמען מיט דעם „פֿאַררעטער מאָטאַראַזאָ״ האָבן דערהרגעט דעם גענעראַל דע־לאַפּעז.

די „באַשולדיקונג״ פֿון די פּעדעראַלע און פּראָווינציעלע געהיים־אַגענטן האָט נישט נושא־חן געווען אין די אויגן פֿון פֿאָלק, און דער האַס צו דאָניען און מאָטאַראַזאָן האָט זיך נישט אָנגענומען. פֿאַרקערט, מען האָט זיך דערנאָך דערוווּסט מער פּרטים פֿון יענער געהיימער נאַכט.

פֿאַר דעם ליטוואַק איז דאָס דערשיינען פֿון דאָניעס „פּאָרטרעט״ אין די בלעטער געווען איינע פֿון די גרעסטע איבערלעבענישן זיינע. זינט דעמאָלט, דער קאַרנאַוואַל־נאַכט, האָט ער פֿון אים נישט געהערט און נישט געוווּסט, ווו זיין געביין איז אַהינגעקומען.

ער האָט געטראָגן אַ כּעס צו דאָניען, למאַי ער קערט זיך אָפּ מיטן רוקן צו אַזאַ ליכטיקן פֿלאַם ווי כּואַנאַ, וואָס וואָלט באַלויכטן אַלע זיינע טעג...

צוערשט האָט דער ליטוואַק אויסגעזוכט אַלע נעמען פֿון די ביבלישע זוגות און כּואַנען צוגעגליכן צו זיי. אַ וועלט מיט זכותן האָט ער געפֿונען פֿאַר זיי. צו הילף גענומען די רייד פֿון די נביאים, וואָס האָבן אויסגע־שטרעקט אַ פֿריינדלעך וואָרט צו זיי. אַלע דאָ זענען פֿרומע און פֿאַר־פּייניקטע. אַלע שעפּטשען תּפֿילות און פֿאַרגייען אין צער. פֿון אַלעמענס אויגן דאָ קריכט די בענקשאַפֿט און ביינאַכט שעפּטשען זייערע ליפּן וויג־לידער צו זייערע אויסגעטראַכטע קינדער.

פֿון דעם דאָזיקן האָט ער אַליין אָנגעהויבן צו באַנעמען, אַז אייגנטלעך דאַרף ער גרייט זיין אַזאַ שריט צו באַגיין. אין געזעלשאַפֿט האָט ער תּמיד פֿאַרטיידיקט די פּרוּי פֿון יענעם מין. עס האָט אַמאָל שיר נישט אויסגעבראָכן אַ סקאַנדאַל טאַקע צוליב דער אומאָנגענעמער „סיטואַציע״. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם, וואָס צוויי מיידלעך, מיטגלידערינס פֿון קלוב זענען אויסגעשלאָסן געוואָרן. דער חטא איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זייער מאַמע האָט, איידער זיי זענען געקומען אויף דער וועלט, געהאַט אַ „פֿאַר־

גאַנגענהייט״... דער ליטוואַק האָט געדראָט מיט אַ „וועלט־משפט״! עס האָט אָבער נישט געהאָלפן, און כאָטש ער אַליין האָט צוגעגעבן, אַז די פּראַגע איז אַן אָנגעווייטיקטע, און אַז ער אַליין איז שאַרף קעגן, אַז די „געוועזענע״ זאָל מען אַריינבעמען אין די „סאָסידאַדעס״, האָט זיך אָבער זיין האַרץ נישט צוגעהערט צו די טענות פון זיין מוח.

און אַז חברה האָבן אים איינמאָל געפרעגט, צי וואָלט ער חתונה געהאַט מיט „אַזאַ״ — האָט ער קורץ און שאַרף געענטפערט, אַז יאָ.

כאָטש מען האָט געטרויט זיין פאַרזיכערונג, האָט מען פונדעסטוועגן נישט געגלויבט, אַז ווען ער זאָל געשטעלט ווערן פאַר אַ נסיון, צי ער וואָלט אים בייגעקומען. מען האָט אים באַטראַכט פאַר אַן ערנסטן און אַ פאַרביטערטן. עס האָבן זיך אַפילו געפונען גוטע־פריינד, וואָס האָבן אים געראָטן, ער זאָל אַ „פאָר טאָן איבער יענער זייט ים״ און טאָן, וואָס אַלע טוען: זיך ברענגען אַ כלה. אַ מיידל פון דער אַלטער היים.

אים האָט אָבער פאַרדראָסן, וואָס מען רעדט אַזוי מיט אַזאַ לייכטקייט וועגן פרויען, וועגן „מענטשלעכע טעכטער״. ער איז געווען עקשנותדיק דאָ צו זיצן און צו וואַרטן, פונקט אַזוי ווי ער איז געווען עקשנותדיק און זיך נישט געלאָזט איבעררעדן און נעמען אַ „פעקל אויף די אַקסלען״, טאָן וואָס אַלע טוען — פעדלען.

ער איז צו יענער צייט געווען דער איינציקער יידישער אַרבעטער אין שטאָט, געאַרבעט שווער און פאַרדינט ווייניק. ער האָט זיך אָבער אַזוי איינגעאָרדנט, „באַלעבאַטיש״, אַז ער האָט אַפילו נישט געדאַרפט אָנקומען צו אַנדערע אין דער צייט, וואָס ער איז אַרומגעגאַנגען ליידיק.

און ווייל ער איז אַרומגעגאַנגען מער ליידיק ווי געאַרבעט, איז ער במילא געוואָרן די „גאַנצע האַנט״ אין דער געזעלשאַפט. צו יענער צייט האָט זיך די יידישע באַוועגונג געדרייט אַרום דער אימיגראַציע און עס איז נויטיק געווען אַ געזעלשאַפטלעכע מאַשין. די אַלטע היים האָט כסדר געשיקט אין דער וועלט אַריין אָנגעלאָדענע שיפן מיט אירע קינדער. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי די פאָרטן פון ריאָ־דע־זשאַניירא. אַ טייל איז דאָ געבליבן און אַנדערע זענען ווייטער געפאָרן. מען האָט געדאַרפט אַכטונג געבן ווי אויף שעפסן. דאָס קאָלעקטיווע און געזעלשאַפטלעכע

לעבן אין שטאָט גופא, פאַר די איינגעזעסענע, האָט זיך אויך האַסטיקער און רוישיקער באַוועגט. דער ליטוואַק איז געווען אומעטום. איז געווען פירער און טוער, פרעזידענט און שמש. דאָ האָט ער געפירט אַ זיצונג און דאָרט צונויפגעשטעלט חשבונות.

זיין מוח האָט אָנגעהויבן צו ווערן אַ קהלישער טאָפּ און דאָרט האָט זיך דאָס געקאָכט די גאַנצע קאַשע. זיינע פיס זענען געוואָרן עפּעס אַזוינס, וואָס געהערט נישט צו אים, נאָר צו יענעם עמעצן, וואָס קומט פון דער שיף אַראָפּ מיט אַ פּאַרגליווערטער צעטומלטקייט אין די אויגן. דער ליטוואַק האָט אָנגעהויבן צו ווערן אַ שם־דבר, אַ טאַטע פון אַ קאָלעקטיוו, אַ ברודער פאַר אַלעמען. דאָ האָט מען געמוזט אַ חברה אָפּשיקן מיט דער באַן, דאָ — אַרויסרופן אַ קרוב פון אַ ווייטער פּראָווינץ. דאָ איינאָרדענען דעם, דאָ באַזאָרגן יענעם. ער איז געפלויגן אַ פאַרשמאַיעטער איבער די גאַסן. אָפּטמאָל נישט האָבנדיק קיין געדולד צו וואַרטן אויף דער „באַנדאַ", האָט ער זיך געלאָזט צו פוס.

ער איז געווען אַן אײנגייער אין די „הויכע פענצטער", געקומען אין באַרירונג מיט די שררים, וואָס האָבן געהאַט צו זאָגן איבער אימיגראַציע־ענינים. ער האָט געקענט יעדן איינעמס לאַגע און דורך זיינע הענט האָבן גענומען זיך דורכרוקן הונדערטער בריוו. אים האָט עס הנאה געטאָן, וואָס צו אים און דורך אים ציט זיך דער קאָנטאַקט פון דער „וועלט"... אין אויסלאַנד האָט מען זיין נאָמען געקענט און „פּערזענלעכקייטן" האָבן אים באַטיטלט מיט „זייער חשובער הער", אָדער „געערטער פריינד".

ער האָט לויטן טיטל דערקענט דעם כאַראַקטער פון יעדן איינעם, וואָס האָט געשריבן צו אים; מערסטנטייל זענען דאָס געווען עסקנים אין אייראָפּע. ער האָט זיך משער געווען, וועלכער בריוו־שרייבער עס איז אַ ציוניסט אָדער יידישיסט; וועלכער עס איז פאַר העברעיִש, און וועל־כער — אַן אַסימילאַטאָר. ער האָט קוואַליפיצירט די בריוו לויט קאַטעגאָריעס: אַסימילאַטאָרן, יאַהודים, ציוניסטן און סאָציאַליסטן. ער האָט דערקענט יעדן איינעמס אונטערשריפט און אַ ספּעציעלע הנאה האָט ער געהאַט אין פרייע שעהן צו ווייזן די חברה אויף דער „פּלאַזע", ווי דער אָדער יענער גדול בישראל שרייבט זיך אונטער, און נישט אויסן געווען

איז ער אַזוי וויזן די אונטערשריפֿט, ווי וויזן מיט וועמען ער פֿירט קאָרעספּאָנדענץ.

איינמאָל, צווישן די צענדליקער בריוו, וואָס ער האָט דערהאַלטן יענעם טאָג, האָט ער אויך געקראָגן איינעם, וואָס ער האָט געדרייט איבער אַלע זייטן, אַפֿילו געלייענט אויף דער ליידיקער זייט, גלייך ווי ער וואָלט פֿון דאָרט געוואָלט אַראָפּלייענען עפּעס אַן אויסבאַהאַלטענעם סוד. ער האָט אויפֿגעבלאָזן דעם קאָנווערט, ווי מען בלאָזט אויף אַ מילץ... אָבער מער ווי אַן איינזייטיק באַשריבן בייגעלע פּאַפּיר האָט ער דאָרט נישט געפֿונען. האָט ער מיט באַזונדערער התמדה גענומען באַטראַכטן די פּאָטאָגראַפֿיע, וואָס איז געלעגן אין דעם בריוו. אַלע נויטיקע פֿראַגן פֿון טאָג זענען אָפּגעשווומען אין אַ זייט, האָבן זיך פֿאַררוקט אין די ווינקעלעך. זיין מוח איז איצט אויסגעליידיקט געוואָרן. קיין שום זאַך האָט אים נישט פֿאַרנומען, נאָר דאָס, וואָס ער האָט געלייענט אין בריוו.

ער האָט צוריק אויפֿגעבלאָזן דעם קאָנווערט, אַריינגערוקט דעם בריוו און דאָס בילדל, עס אַריינגעלייגט אין זיין בוזים־קעשענע ווי אַן אייגענע, אינטימע אָנגעלעגנהייט און יענעם טאָג אַרויסגעגאַנגען פֿון דער ביוראָ פֿריער ווי געוויינלעך און נישט מיט דעם זעלבן וועג ווי געוויינלעך.

## קאַפּיטל זיבן

דער סאַנאַטאָריום „סאַנטאָ מאַריאַ" איז געלעגן צופֿוסנס די ריזיקע לאָרענצאָ־בערג, באַדעקטע מיט יונגע, גרינע וועלדלעך, קלעטערדיקע און רייסנדיקע זיך צו דער זון.

דער סאַנאַטאָריום האָט זיך געפֿונען אויף דער „נאַציאָנאַלער טערי־טאָריע". דאָס איז געווען דאָס אייגנטום פֿון דער מלוכה, אויסגעטיילט פֿון דער פּראָווינץ און שטאָט און די פֿירונג איז געווען ווי אין אַ מאָנאַסטיר.

אַ באַזונדער שטעטל. ליכטיקע אַלייען, פּאַלמעס און בלומען־בייטן ביי די זייטן פֿון די וועגן. די בנינים — ווייס, העל, ברייטע, פֿענצטער מיט אַ סך שויבן, געפּאַסט אין גרינע ראָמען.

דער ליטוואַק האָט געשפּאַנט פון פּאַווילִיאָן צו פּאַווילִיאָן. זיין נשמה האָט זיך איצט צונויפגעגאָסן מיט דער ווייסקייט דאָ. ער האָט געפּאָרשט אין די אויגן פון די דאָקטוירים און סאַניטאַרן. ער האָט געהאַט דעם באַגריף, אַז דאָ געפינט ער זיך אין אַן ערב־בית־עולם, אַז די אַלע בלייכע פּנימער זענען שוין „נומערירטע", רעגיסטרירטע פאַר דער אייביקייט. דעריבער האָבן אַלע אין זיינע אויגן אויסגעזען ווי הייליקע, אַנדערש־וועלטיקע, אויסגעטאָענע פון ערדישקייט. דערפאַר האָט עס אים געחידושט, ווען ער איז דורכגעגאַנגען פאַר דער קיך און עס האָט געשלאָגן פון דאָרט מיט ריח פון געפּרעגלטן פלייש.

ער האָט געזוכט כואַנען. דאָ האָט זי געזאָלט זיין. ער האָט זיך פאַר־געשטעלט, אַז דאָ אייגנטלעך איז דער ריכטיקער פּלאַץ פאַר איר. דאָ, אין דער לעשנדיקער שטילקייט יום־טובדיקט זיך איר נשמה. ער האָט זיך גאָר פאָרגעשטעלט, אַז ווען ער וועט צוקומען צו איר, וועט ער אפשר דאַרפן אויסטאָן זיינע שיך, כדי נישט צו פאַרשוועכן די הייליקייט פון איר נעסט. דאָס האַרץ האָט זיך געהויבן אין אים. עס איז דער איצטיקער וועג זיינער געווען פאַרבונדן מיט געוואַגטקייט, אַז קיינער פון זיינע חברים ווייסט נישט פון זיינע פאַרהוילענע מחשבות לגבי דער מיידל.

גייענדיק איבער די לאַבירינטן, ווייסע קאָרידאָרן, איז פאַר אים קלאָר געוואָרן, אַז די לופט דאָ איז אָנגעזאַפּט מיט מיקראָבן, מיט מיליאָנען־מילאַסן קליינע, נישט־געזעענע בעל־משחיתימלעך, וואָס די טובערקולאָזע אָטעמען איין און שפּייען אויס.

די מערסטע פון די פּאַציענטן, וואָס ער האָט געזען אויף די זון־וועראַנדעס זענען געווען פרויען. ער האָט דערקענט אין זיי די פאַרוועלקט־קייט אין מיטן בליען; די נישט־דערוואַקסענע און נישט־דערלעבטע צו זייער אייגענער צייטיקייט און צו דער פרייד פון זייער לעבן. יעדע איינע, וואָס ער האָט געזען, איז געווען עפּעס אַ טונקעלע פאַרהוילנקייט. דער טויט אַליין איז דאָ געווען צעבליט אויף די באַקן, ווי פאַרברענטע רויזן, וואָס אָטעמען מיט סם. מען איז געלעגן האַלב־זיצנדיק אויף די רוּ־בעטלעך, אָפן, אָפּגעדעקט מיט די לייבער צו דער זון און געטרונקען די שטראַלן מיט אויסגייענדיקע אָטעמס.

מען האָט אים אָנגעקוקט מיט נייגעריקייט און חשד. די רו דאָ, אין סאַנאַטאָריום, האָט זיך געצויגן מיט דער לאַנגווייליקייט ווי אַ פאָדעם פון פעך אַרויס. די קלויסטער־שוועסטער, מיט ברייטע קאָפּקעס אויף די קעפּ, האָבן ווי אַלבאַטראָסן דורכגעפּאָכעט איבערן ווייסן זאַמד פון די אַלייען. זיי האָבן דאָס געזאָרגט פאַר דער גאַנצקייט פון די נשמות פון די קראַנקע און צוליב דעם זענען די פּאַוויליאָנען פון די מענער־קראַנקע געווען אָפּגעטיילט און אָפּגעזונדערט פון די פרויען. איז אַ גרויס בענקעניש אויפגעגאַנגען פון פּאַוויליאָן צו פּאַוויליאָן. צוערשט האָט די בענקעניש זיך צעוויקלט ווי רויזן, וואָס עפענען זיך צו דער זון און פאַרמאַכן זיך אויף דער נאַכט. דערנאָך — האָט עס געהיצט די פאַנטאַזיע און גענומען אַרויסקוקן מיט אַ גרין פייערל פון די אויגן.

דער ליטוואַק האָט דערקענט זייערע מחשבות... אין דעם, וואָס די מיידלעך האָבן אים נאָכגעקוקט און זיך נאָכגעשאַרט מיט די בליקן אויף זיינע פיס.

אַ באַרעמהאַרציקע שוועסטער, מיט אַ ברייט בלוי־צעפּאַלדעוועט קלייד, אַריינגערוקטע הענט אין די ברייטע, פּאָפּישע אַרבל, האָט אים אָפּגעשטעלט:

— צו וועמען, סעניאָר?

דער ליטוואַק האָט געזאָגט צו וועמען ער דאַרף. די „שוועסטער" האָט זיך אויסגעדרייט פון אים אַזוי ראַפּטעם, אַז די שנור מיט די שוואַרצע קרעלן איז מיטגעפלויגן מיט איר דריי אין אַ האַלבן קרייז. זי איז געגאַנגען זיכער. דער טראָט האָט אויך אָפּגעקלונגען אויף די גלאַטיקע שטיינער פון דיל.

זי האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און ער האָט נישט געוווסט, צי הייסט זי אים מיטגיין, צי זאָל ער בלייבן.

ער איז אַרויסגעקומען אויף אַ פאַרמאַכטער ווערענדע. כמעט די גאַנצע ווענט זענען געווען גלעזערנע, ווי אין אַן אָראַנזשעריע פון בלומען. קיין מענטשן האָט ער נישט געזען. בלויז נאָר די לייוונטענע אַנלען־שטולן און האַלב־בעטלעך זענען געשטאַנען צוגערוקט איינס צום אַנדערן, ווי פאַרלאָזטע און אָפּגעליידיקטע.

די ליידיקע שטול־בעטלעך האָבן אַריינגעבלאָזן אין אים אַן אומהיימ־

לעכקייט. ער האָט, גייענדיק, באַמערקט אויפשריפטן אויף די לייוונטן, דערצו נאָך אין גלייכע שורות ווי אין פּאָרעם פון לידער.

ער האָט איבערגעלייענט איינע און אַן אַנדערע. אים האָט זיך אויס־געדאַכט, ווי דאָס לייענט ער אויפשריפטן אויף מצבות. ער איז אינגאַנצן ווי איינגעטונקען געוואָרן אין פרעסנדיקן אומעט, אַן אומענדלעכער פּיין האָט אַרויסגעוויַיעט פון יעדן וואָרט. ער האָט דערפילט, אַז דער מענטש־לעכער עלנט איז אַזוי טיף, אַז ער האָט ביז איצט נישט פאַרשטאַנען.

עס האָבן זיך געפייכט זיינע אויגן. אַ בלענדנדיקע פינצטערניש איז געשטאַנען פאַר אים. ער האָט געזען דורך אָט־דער פינצטערניש בלוט. ער האָט פאַרגעסן נאָך וואָס ער איז געקומען און געלייענט:

„— — — איך וויל, אַז אַ רויטע רויז זאָל תמיד אויף מיין קבר בליִען. עליאיסאַ...״

„— — — נישט כדאי זיך אַזוי ערנסט צו נעמען, קעמפן מיטן מלאך־המות. אַדיאָס שיינע וועלט — מיני...״.

איין אויפשריפט, אָן אַן אונטערשריפט, האָט זיך אַזוי געלייענט:

„— — — מיין סם טראַגסטו אין דיינע בלוטן, מיין זון. געדענק מיך נישט צום שלעכטן...״

דער ליטוואַק האָט געפילט ווי עס קומען אין אים אויף כוחות פאַר־באָרגענע, שרייען, רופן און וועקן. ער איז אינגאַנצן געוואָרן פאַרקלערט אין זיך, געבליבן שטיין ביי עפּעס אַ ליידיקער שטול אפשר אַ שעה און אפשר ווינציקער. די פריערדיקע „שוועסטער״ האָט זיך ווי פון אַ ווינקל אַרויסגעשאַרט, און זעענדיק אים שטיין ווי פאַרגאַפט ביי דער שטול, האָט זי שטיל, ווי נישט איבערצורייסן עמעצנס ליידן, איבערגעפרעגט:

— אַנטשולדיקט, צו וועמען, סעניאָר?

האָט זיך דער ליטוואַק ווי אויפגעריסן, געענטפערט און די „שוועס־טער״ האָט געמאַכט עטלעכע טריט פאָרויס אינמיטן דער ווערענדע אַריין און געוויזן מיט דער האַנט אויף אַ בעטל, איבער וועלכן דער נאָמען „כואַנאַ״ האָט פינצטער זיך געשניטן אין זיינע אויגן אַריין. ער האָט געזען אַ קרייץ, אָנגעצייכנט ווי מיט אַ ציטערנדיקן פינגער און אַן אויפשריפט געמאַכט ווי מיט די לעצטע כוחות:

„גאָט, פֿאַרגיב אים, זײַ אים מוחל!"

ער איז געשטאַנען אַ פֿאַרגליווערטער און נישט געקענט אָפּרײַסן די אויגן פֿון דער אויפֿשריפֿט. די „שוועסטער" איז געווען זיכער, אַז די קראַנקע האָט דאָס געמיינט אים, דעם יונגענמאַן, וואָס איז איצט ווי אַ שולדיקער געשטאַנען ביי דער שטול. זי האָט אים אַ רגע געלאָזט וואַרטן. דערנאָך אים באַפֿוילן, ער זאָל איר נאָכגיין. ער איז ווי אַ פֿאַר־משפּטער נאָכגעגאַנגען.

זיי זענען אַרויס צוריק אויף דער גאַס. די היץ האָט אַ שלאָג געטאָן אויף זיין שטערן און ער האָט זיך צוגעדעקט דעם קאָפּ מיטן הוט. די „שוועסטער" האָט איצט איילנדיק געשפּאַנט און ער האָט געמוזט נאָכיאָגן. זי האָט זיך געשטעלט וואַרטן אויף אים, אויף די עטלעכע מאַרמאָרענע טרעפּ, וואָס זענען אַזוי ברייט געווען, ווי דער גאַנצער אָפּגעזונדערטער בנין. די „שוועסטער" האָט געעפֿנט אַ שפּאַלט פֿון דער זייער ברייטער טיר, וואָס איז ענלעך געווען צו אַ טויער פֿון אַ קלויסטער. צוערשט האָט זי אַריינגעשטעקט איר קאָפּ, נאָר אַז די „קאָפּקע" האָט נישט געלאָזט צוליב דער ברייטקייט, האָט זיך פֿון דאָרט אַרויסגעשטעקט אַן אַנדער קאָפּ און די „שוועסטער" האָט געפֿרעגט און באַפֿוילן:

— אַלע זענען פֿאַרדעקט? אַ מאַן דאַרף אַריינקומען.

אַ רגע דערנאָך האָט זיך דער טויער געעפֿנט. עס האָט אַרויסגעשלאָגן אַ ריח פֿון קאַרבאָל און פֿאַרלעגן פֿלייש. דער ליטוואַק איז אַריין און עס איז פֿאַר אים קלאָר געוואָרן.

אַ גרויסער זאַל. מאַרמאָר־טישן. אויף יעדן טיש איז געלעגן אויס־געצויגן אַ פּעקל אין אַ ליילעך. דאָס ליילעך איז געווען פֿאַרקניפּט מיט צוויי קניפּן.

ערגעץ אין אַ ווינקל האָבן זיך געפּאָרעט עטלעכע יונגעלייט אין ווייסע פֿאַרטעכער, גומענע הענטשקעס און מאַסקעס פֿון גאַזע אויף די פּנימער. מען האָט קאָמאַנדעוועט און אַנדערע — האָבן גערוקט די טישן.

די „שוועסטער" האָט אויפֿגעקניפּט איין ליילעך. דער ליטוואַק האָט גלייך דערזען כוואַנעס פּנים. אינגאַנצן איז עס געווען בלוילעך, נאָר אין די קין־באַקן איז געשטאַנען אַ שוואַרצע פֿאַרב, ווי אַ פֿאַרברענטע, רויטע

רויז. נאָך איידער ער האָט זיך גוט אין איר איינגעקוקט — האָבן שוין אַנדערע צוויי פּרויען דעם טיש אַוועקגערוקט. די „שוועסטער" איז גע־שטאַנען פאַר אים ווי אַ פאַרגליווערט שווייגעניש. ער האָט נישט געוווּסט פון וואַנען עס האָט זיך צו איר גענומען עפּעס אַ פּעקעלע אין האַנט. זי האָט פאַר אים געלייענט די שעה, דעם טאָג, דעם חודש און דאָס יאָר, אינגאַנצן מיט דריי טעג צוריק, זינט כואַנאַ איז געשטאָרבן, האָט אויך כמעט פּראָטאָקאָליש אַרויסגעלייענט די סיבה פון טויט: לעצטע מדרגה פון טובערקולאָז.

נאָכדעם, ווי זי האָט פאַרענדיקט איר ראַפּאָרט, האָבן זיך די אויגן ווידער פרום פאַרגלאָצט. זי האָט אַ פיר געטאָן מיט איר פינגער איבער דער לענג און דער ברייט פון ברוסט — אַ צלם. זי האָט דערוואַרט, אַז דער סעניאָר וועט עס אויך טאָן, אָבער זי האָט זיך נישט וויסנדיק געמאַכט אַז ער האָט עס נישט געטאָן.

דאָס פּעקעלע, וואָס זי האָט געהאַלטן, איז געווען אַן איינגעקניפּט שוואַרץ, שטיקל געוואַנט. זי האָט עס אויפגעבונדן.

דאָרט זענען געלעגן עטלעכע פינגערלעך, דאָס צלמל אויסגעזעצט מיט קליינע בריליאַנטעלעך, אַ שנור שוואַרצע קרעלן, אַ גאָלדענער מעדאַליאָן, אין פאָרעם פון אַ האַרץ. די „שוועסטער" האָט עס אַלץ אים דערלאַנגט און דערביי פרעגנדיק געזאָגט:

— פאַר אָרעמע?

האָט דער ליטוואַק צוריקגעצויגן זיין האַנט צו זיך, און די „שוועסטער" האָט צוגעשעפּטשעט:

— פאַר איר נשמה.

ווען דער ליטוואַק האָט זיך גענומען דערנענטערן צום אַרויסגאַנג, האָט די „שוועסטער" אים אָנגעיאָגט און דערלאַנגט דעם מעדאַליאָן. דאָס טירל איז געווען געעפנט און דער ליטוואַק האָט געזען, ווי אינעווייניק אין אָפּשיין פון דער זון, לייכט זיך דאָניעס אַ קליין פאָטאָגראַפיש בילד.

## קאַפּיטל אַכט

דאָניע האָט זיך אַרומגעדרייט ווי עפּעס אַ שטיק געהיימעניש, נישט נאָר פאַר אַנדערע, נאָר פאַר זיך אַליין.

דער פאַל מיט דע־לאַפּעזעס טויט האָט עפּעס אַריינגעשניטן אין אַזעלכע טיפענישן אין אים, אַז ער האָט גאָר קיינמאָל נישט געטראַכט, אַז עס איז מעגלעך אַהין אַריינצודרינגען. אָפטמאָל האָט זיך אים פאַר־געשטעלט, אַז ער איז אַ טיפער וואַלד, אַ פון אייביק־אָן־פאַרוואַקסענער און פאַרווילדעוועטער, אַז ער לעבט עפּעס אייביקייטן, אַז זאַכן, וואָס שלאָגן זיך אָן אין זיין זיכרון, האָבן זיך פאַרלאָפן טויזנטער און מיליאָנען יאָרן צוריק. און מערקווערדיק, אין דער צעקרימטקייט פון זיינע מחשבות האָט ער גלייך און גלאַטיק געטראַכט. ער האָט איצט נאָכגעדענקט וועגן זאַכן און געשעענישן, וואָס זיין שכל האָט פאַרנומען און וואָס ער האָט זיך נישט געלאָזט פאַרפירן — ווי זיין טבע איז געווען — פון די געפילן.

דערצו האָט אפשר געהאָט אַ ווירקונג זיין פריינד, דער דאָקטאָר ריאָ מאָטאָראָזאָ, מיט וועמען ער איז געלעגן אויסבאַהאַלטן אין די היילן. יענער האָט טויזנט מאָל אין דער שעה געבענטשט דע־לאַפּעזן פאַר זיין טאַט. ער האָט אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין דער נשמה פון אַ זעלבער, אַן אמתער קריגס־פירער איז נישט בויגיק און קען זיך גיכער צעברעכן איידער איינבייגן.

מאָטאָראָזאָ האָט געטראַכט אַ סך וועגן זיך מיט עקל: אַזוי זענען און אַזוי טוען דיפּלאָמאַטן. זיין וועג איז אויך אַ דיפּלאָמאַטישער. אַז כאָטש ער ווייסט נישט, איז אַזוי אין אומבאַוווסטזיין ביי אים אַזאַ געפיל שטאַרק אַנטוויקלט. ער האָט אין זינען גיכער דעם שפּעטער, איידער דעם איצט, אַז נישט וויכטיק איז דאָס שלאָגן זיך און זיגן, ווי דאָס דערגרייכן זאַכן נאָכן נצחון.

ער האָט געהאָפט און אויסגעפאַנטאַזירט דעם מאָמענט, ווען איבער בראַזיליע וועט פלאַטערן די פאָן פון גערעכטיקייט און אַז זיין וואָרט וועט זיך צעקלינגען ווי אַ ליכטיקע בשורה דורך די טריבונעס פונעם קאָנגרעס און אויף שפּאַלטן פון די צייטונגען. ער האָט געגלויבט,

געוואָלט עס אַליין מיט די אייגענע אויגן זען און אַליין נאָך טרינקען פון דעם ווײַן, וואָס ער האָט איינגעשטעלט. און כדי זיך צו באַרעכטיקן, האָט ער כסדר מיט „דאָס דאָמינגאָן" איינגעטענהט, אים צו פאַרשטיין געגעבן און ביי אים אַ הסכמה גענומען.

אין אָנפאַנג האָט דאָניע געמיינט, אַז די ווערטער הויבן זיך אים אין מוח און קלאַפּן זיך אינעווייניק אָן אינעם שטערן, און אַז דער שאַרבן וועט זיך קאַפּויער הייבן. אָבער ווען דער דאָקטאָר האָט אים איינמאָל דערקלערט, אַז די צייט איז געקומען און מען מוז זיך שיידן, האָט ער דאָס נישט געקאָנט פאַרשטיין. פאַרוואָס מוזן זיי זיך שיידן? און ווען דאָניע האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון טאָל, ווו זיי זענען שוין דעם צווייטן טאָג געזעסן אומגעגעסן און געוואָלט ערגעץ קריגן אַ פּאָר אָפּגעריסענע באַרנעס, איז ער צוריקגעקומען, און האָט שוין דעם דאָקטאָר נישט געטראָפן און ער האָט נישט אַפילו געקענט דערגיין, ווו און דורך וואַנען ער איז פאַרשוווּנדן. דעמאָלט האָבן זיך דעם דאָקטאָרס רייד אַליין אין אים אָנגעצונדן, האָבן אויפגעפלאַמט און אויפגעלויכטן.

דעמאָלט האָט ער אַליין זיך געמוזט נעמען אין דער האַנט אַריין, האָט אָפּגעשאַצט זיין אייגענעם צושטאַנד, ווי אַ חיה האָט ער דערפילט די געפאַר, וואָס לויערט אַרום־און־אַרום אויף אים, האָט ער זיך אָנגעהויבן אי היטן, אי באַפעסטיקן.

דאָס וואָכן־לאַנגע לעבן, ווי אַן ערד־וואָרעם, באַהאַלטן פון טאָג־שיין, דאָס ליגן אין די נאָרעס, האָט אינגאַנצן געענדערט זיין אויסזען. אים אַליין האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז גרין. ער האָט זיך נישט אָנגע־שפּיגלט, ווען אַפילו אים איז אויסגעקומען צו שפּרייזן דורך טייכלעך. זיין באָרד איז געוואַקסן קיילעכדיק און שטייף. די ערשטע טעג האָט ער געמיינט, אַז עס שפּראָצן אַרויס נאָדלען פון אונטער זיין גאָמבע. זיי האָבן געשטאָכן און געביסן. דערנאָך, ווען די האָר זענען געוואָרן לענגער און ווייכער, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער איז אַ ווערבע ביים ברעג פון אַ שטייענדיקן טייך. ער האָט ענדלעך איינגעזען, אַז עס איז נישט קיין תכלית אַזוי. האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט איבער אָפענע וועגן, זיך באַגריסט מיט פאַרבייגייער. זיינע אויגן זענען שוין אָפּגעוווינט געווען צו קוקן

מיט פרייקייט אויף דער וועלט — האָט ער זיך דעריבער געחידושט, וואָס דאָס לעבן גייט זיך אין דעם געוויינלעכן שפּאַן. אים האָט געוווּנדערט, וואָס ער האָט געזען ווי אַ גרויסער וואָגן, איינגעשפּאַנט אין פיר אָקסן, האָט זיך געשלעפּט און געשניטן אין דער טיפקייט פון זאַמד. דער אַנטרייבער איז מיטגעגאַנגען טריט ביי טריט פּאָכנדיק צו די ערשטע אין שפּאַן, מיט אַ לאַנגער גרינער בייטש אויף אַ צוקער־שטעקן. דער אַנטרייבער האָט אים באַגריסט, ווי עפּעס אַ הייליקן בזיר, אַ סעניאָר פון אַ קלויסטער און אַראָפּגענומען פאַר אים די פּאַרברוינטע ראַנד פון שטרויענעם הוט, געזאָגט אַ ברכה און ווייטער געצויגן.

דאָניע האָט זיך דערטראַכט, אַז צווישן אָט די מענטשן, די גוּיימלעך, וועט ער אפשר קאָנען די ערשטע צייט זיך אויפהאַלטן, אַז קיינער זאָל נישט וויסן וועגן אים. וואָס שפּעטער וועט זיין, האָט ער נישט געוואָלט וויסן און נישט טראַכטן, ווי וועגן אַן אָפּגרונט, וווהין מען האָט מורא אַראָפּ־צוקוקן. ער האָט געפּרוּווט אַ שמועס טאָן מיט די פּאַרבייפּאָרער, זיך געפרעגט דעם וועג. און אַז מען האָט אים צוריקגעפרעגט: וועלכן וועג? איז ער פּאַרפּלאָנטערט געוואָרן ביז איבער די אויערן און זיין גליק איז געווען, וואָס קיינער האָט דאָס נישט געקאָנט זען, צוליב דעם, וואָס ער איז געווען באַוואַקסן. האָט מען אים אָנגענומען פאַר אַן „עסטראַנזשעראָ", אַ פרעמדן, פאַרגעלייגט עסן און אָפּרו, ביז ער האָט ווייטער געצויגן.

ער איז צוגעקומען צו אַ פּונקט, וואָס האָט פּאַרכאַפּט זיין אויג. עס האָבן זיך געהויבן בערג איבער בערג. די אויסגעטראָטענע שטעגעלעך האָבן זיך געדרייט און געשלענגלט, ווי צעפּלאָנטערטע שנירלעך קרעלן. בריקן זענען געהאָנגען אין דער לופטן מיט דראָטענע נעצן אַריבערגע־וואָרפן פון פעלדז צו פעלדז. ווייסע הייזקעס האָבן אַרויסגעשמייכלט דורך אַ ים פון גרינקייט. צווישן די פעלדזן האָט זיך געדרייט אַן אייזנבאַן, וואָס איז אַלעמאָל פּאַרלוירן געוואָרן אין אַ טונעל, ווי אַ טונקל־גרוי מייזל קוקט אַרויס און אַנטלויפט אין זיין נאָרע אַריין.

ווען זיינע פיס זענען נאָך געשטאַנען עטלעכע שפּאַן פון אַ שטוב, האָט שוין זיין קאָפּ געגעבן אַ פאַל־צו צו אַ שוועל, ווי אַ שווערער עפּל פאַלט אַראָפּ פון בוים. און ווען עמעצער איז אַרויסגעקומען און אים

געפּרוּווט אונטערשפּאַרן זיינע אַקסלען, האָט ער בלויז איין וואָרט אַרויסגעשעפּטשעט:

— „אַגוואַ!"

*

די קאָלאָניע „נאָווא פּאָלאָניאַ" איז געלעגן ווי משופּע אַרויפגעצויגן אויף די בערג, אין דער פּראָווינץ פון פּאַראַנאַ.

די איינוווינער זענען געווען פּאָליאַקן פון גאַליציע, וואָס זענען געקומען אַהער מיט אַ סך צענדליקער יאָרן פריער, האָבן זיך געלעבט אָפּגעזונדערט, דערהאַלטן זייערע טראַדיציעס און מנהגים פון דער היים מיט דער אייגענער פרישקייט, ווי דעם ערשטן טאָג, ווען זיי זענען געקומען.

אין זייער קליידונג שימערט נאָך אַרויס אַ פאַרב, וואָס דערמאָנט אין דער קראַקאָוויאַצקער בונטיקייט; אין די לידער קלינגט נאָך דורך דער טאָן פון בענקשאַפט נאָך באַפרייונג, כאָטש זייער לאַנד — פּוילן — איז שוין לאַנג באַפרייט און זעלבשטענדיק.

ביז איצט איז די פּיין פון לאַנד פאַר די פּאָליאַקן פון „נאָווא פּאָלאָניאַ" נאָר אָנגעגאַנגען טעאָרעטיש. מען האָט זיך אויסגעוואָרצלט פון יענער ערד און זיך איינגעפּלאַנצט אין נייער. דאָס פעלד איז זאַפטיק און פּרוכטבאַר. דער ווייץ הויבט זיך, וואַקסט אויס ווי שטראַלן פאַרן אויג. די זאַנגען זענען פול און הענגען שווער אַראָפּ ווי די אייטערס פון גוטע מילך־קי. מען דאַרף די ערד נישט מיסטיקן, זי איז פעט גענוג. די זון פאַרברענט נישט, דער האָגל קלאַפּט נישט אָפּ, דער פראָסט פאַרצערט נישט די תבואה, רעגן און פייכטקייט — אויך צו דער צייט.

בענטשט מען דאָס בייע לאַנד, וואָס גיט דעם ביסן פאַרן מויל, דעם דאַך, וואָס האַלט זיך פעסט איבערן קאָפּ און מען לעבט בשלום מיטן „זשידעק", וואָס קומט פון שטאָט און טוישט אויס קאָרן פאַר געלט, ווייץ פאַר שטיוול, קאַרטאָפל פאַר חפצים. וואָרעם ווען נישט דער יידליק, וואָס וואָלטן זיי דאָ געטאָן, די לאַנדסלייט פון „הינטער קראָקע"? מיט

ווענען וואָלטן זיי אַ וואָרט גערעדט און ווער וואָלט זייער לשון פאַרשטאַנען ?...

האָבן זיי זיך געטוליעט איינער צום אַנדערן אין משך פון יאָרן, יידן און פאָליאַקן. אַ שטאָט איז געוואַקסן און יידן האָבן געהאַנדלט מיט תבואה, וואָס די פוילישע קאָלאָניע האָט געזייט און געשניטן. ווען די בראַזיליאַנער צייטונגען האָבן צעבליצט די בשורה, אַז פוילן איז פריי געוואָרן, און דאָס באַפרייטע מוטערלאַנד האָט זיך דערמאָנט אין אירע פאַרוואָגלטע, וואָס רייסן בתולהשאַפט אין ווייטע ערדן, האָבן אָנגעהויבן קומען שליחים פון דער „אָיטשיזנע", דערציילט דעם נס פון אויפלעבונג, געזאַמלט נדבות, דורכגעשאָסן גיפטיקע רייד אויף די יידן, געגרינדעט צייטונגען און שולן און פאַרסמט די גוטפריינדשאַפט צווישן די פאָליאַקן מיט די יידן.

האָט מען זיך פון קוריטיבאָ אָפּגענייגט. געפירט מסחר ווי סוחרים. נישט אָנגעגאַנגען איינס פאַר דעם צווייטן און אויף די חתונות פון „באָוואַ פאָלאָניאַ" האָט מען פון „דער שטאָט" מער נישט פאַרבעטן.

אַז דאָניע איז צוגעקומען צו איינער פון די הייזער פון „באָוואַ פאָלאָניאַ", האָט מען אים נישט דערקענט און נישט געוווּסט וועגן אים. וואָרעם די בראַזיליאַנער צייטונגען האָט מען נאָך אַלץ אין דער קאָלאָניע נישט געלייענט און נישט געקענט לייענען, ווייל אַנדערש איז געווען די שפּראַך פון די צייטונגען פון דעם לשון פונעם דאָרף. און דאָס, וואָס דער גלח האָט זונטיק נישט דערציילט אין „קאָשטשאָל" וועגן לאַנד־זאַכן, האָט מען נישט געוווּסט. די פוילישע „גאַזעטן", וואָס די גלהים און לערער האָבן אַרויסגעגעבן יעדן פרייטיק אין קוריטיבאָ און זענען צעטיילט געוואָרן צווישן „פאָלק", האָבן קיין נוצן נישט געבראַכט. די עלטערע האָבן נישט געדענקט די ווערטער פון דער היים, און פאַר די יינגערע האָבן די נייעסן נישט געהאַט צו זיי קיין שייכות.

וועגן דעם „אויפשטאַנד" אין סאַן־פאַולאָ האָט מען אין דאָרף סתם אַזוי עפּעס געהערט. עס איז זיי אָנגעגאַנגען נאָר דאָס, וואָס דער וועג איז געווען פאַרשפּאַרט צו דער הויפּט־שטאָט, די קאַרטאָפל זענען דערווייל פאַרפוילט געוואָרן און די אַרבעס — ווערימדיק.

קוים האָט זיך דאָרט ערגעץ איינגעשטילט, און דער וועג איז צוריק געוואָרן אָפן, אַזוי האָט עס שוין קיינעם מער נישט געאַרט. האָט מען דעריבער נישט געוווּסט וועגן דעם „זשודעאָ דאָמינגאָ", וואָס מען זוכט אים אַרום ווי מיט ליכט. האָבן זיי דאָניען אויפגענומען ווי אַ צופעליק־פאַרהונגערטן. צו אַזעלכע איז מען אָפּטמאָל געוווינט. די פּי ליידט דערפון. וואָרעם עס טרעפט אָפט, אַז אַ „קאָבאָקל", ווען עס ווערט הונגעריק, זאָל עס אַרויסציען אַ מעסער פון די לענדן און אָפּשניידן אַ שטיק פון דעם פעטסטן שעפּס און דאָס איבעריקע לאָזן אַרומדרייען זיך אין יסורים, ביז עס פאַלט.

האָבן זיי אים אויך אָנגענומען פאַר אַזאַ איינעם. מען האָט אַפילו אַוועקגעשיקט איבערציילן די שאָף און די קעלבלעך. נאָר אַזוי ווי עס האָט גאָרנישט געפעלט, האָט מען אויף אים רחמנות געקראָגן, אָפּגעקאָכט אַ גרויסן טאָפּ מיט פאַסאָליעס און אים געגעבן אונטערצולעגן זיך דאָס האַרץ.

עס איז דורך נישט מער ווי אַ טאָג, און דאָניע האָט זיך געלאָזט רופן מיטן נאָמען „יאַן", גערעדט פּויליש גלייך מיט אַלעמען. און אַז די אויגן האָבן זיך אויסגעלייטערט און דאָס בערדל זיינס האָט זיך אויסגעקיילעכדיקט ווי ביי אַ קעניג, האָבן די „פּאַנגעס" זיך שוין פאַרקוקט אויף אים און געוואָלט דערגיין זיין געהיימעניש.

אַז עס זענען אַריבער נאָך עטלעכע וואָכן, איז שוין „יאַן" געוואָרן דאָס אייגנטום פון דער קאָלאָניע. הייגט ביי דעם — מאָרגן ביי יענעם. ער האָט געאַרבעט פאַר צען פּויערים. ביי דעם פאַראַקערט און ביי יענעם פאַרזייט און אומעטום האָט זיך די הצלחה געמערט פון אונטער זיינע הענט. עפּעס האָבן זיך די דאַרע פערדלעך אָנגעגאָסן מיט פעטקייט און גבורה, זיך געטראָגן איבער די וועגן און פעלדער מיט כוח און מיטגעריסן די ערד.

די פאַרגעלטע שטיבלעך אין די „כאַטעס" האָבן אויפגעלויכטן מיט ווייסקייט פון פרישן קאַלך. זעק מיט אַלדאָס גוטס זענען געשטאַנען צונויפגעבונדענע און פאַרנייטע. און טאָמער איז אַ יידל פון שטאָט נישט

געקומען, האָט „יאַן" זיי אַליין געוואָרפן אין די לייטער־וועגענער און אָפּגעפירט צו דער באַן־סטאַציע.

מען האָט נאָר נישט געקאָנט וויסן, צי איז ער פון „ריינעם בלוט", צי אַ ממזר. וואָרעם אַלעמאָל האָט ער גערעדט אויף אַן אַנדער לשון, דאָ פּאָרטוגעזיש, דאָ — רוסיש, דאָ פּויליש און גאָר ווידער יידיש.

עס האָט קיינער נישט געאַרט, נאָר מען האָט חושד געווען, אַז ער איז אַנטלאָפן פון אַ ווייב, ווייל ער האָט וועגן די „באַבעס" קיינמאָל נישט גערעדט און דעריבער איז נישט נויטיק געווען, ווי אין די ערשטע צייטן, זיך צו היטן פאַר אים. מען האָט מער נישט פאַרווערט די מיידלעך אַריינצוגיין אין שייער, בעת ער איז דאָרט געשטאַנען אַליין ביי דער שעצקע־שנייד־מאַשין. און מען האָט זיך נישט באַאומרויִקט, ווען זיי האָבן זיך דאָרט פאַרזוימט.

בלויז די בחורים האָט עס אַ ביסל פאַרשטערט זייער רו. וואָרעם וואָס אַ טאָג, אַלץ מער האָט זיך דאָניעס פּנים אויסגעלייטערט און דאָס בערדל איז קירצער געוואָרן. האָט ער שוין אויסגעזען יינגער ווי בשעת ער איז געקומען, מיידלעך האָבן זיך גענומען פוצן פאַר אים.

עס האָט קיינער אין דער קאָלאָניע נישט געקאָנט זאָגן אויף זיכער, אַז „יאַן" געהערט צו אים, אַז „יאַן" אַרבעט נאָר אויף זיין פעלד, וואָרעם קיין געצאָלטס האָט ער נישט גענומען און געגעסן האָט ער אָפט דווקא ביי דעם, ביי וועמען ער האָט נישט געאַרבעט.

אַזוי, צי אַזוי, דער „מענטש" איז געווען אין „באָוואַ פּאָלאָניאַ" אַ רעד־טעניש און אַ הילף. און עס וואָלט לאַנג אַזוי אָנגעגאַנגען, ווען נישט דאָס, וואָס איינמאָל, אין אַ זונטיק, זענען פון קוריטיבאַ אַראָפּגעקומען אין דער קאָלאָניע גלחים און לערער, באַאַמטע פון קאָנסולאַט, מיט פלאַקסענע האָר און קליינע בלויע, ווי פלעשל־גלאָז, אייגעלעך. מען האָט צונויפגע־זאַמלט דאָס גאַנצע דאָרף אויף איין פּלאַץ. עס האָבן געשטראַלט אין דער זון ווייסע צלמים פון מעטאַל. עס האָבן געפלאַטערט רויטע, סאַמעטענע פענער און דער „מאַטקע באָסקעס" פּנים האָט זיך געקנייטש און געבלאָזן. דאָניע האָט גוט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון דער פאַרזאַמלונג.

יעדעס וואָרט, וואָס די רעדנער אויף דער טריבונע האָבן אַרויסגעזאָגט, האָט זיך אים געדאַכט, ווי מען רייסט אַרויס אַ טיף פאַרוואָרצלטע האָר פון זיין קאָפּ. עס האָט געפּלייצט האַס און ביטערניש אין די אַלע רייד קעגן יידן, קעגן די, פון דער גאַנצער וועלט און קעגן די, פון קוריטיבאַ. דאָניע האָט זיך געשטעלט אויף די שפּיץ־נעגל פון די פיס און דערנאָך געגראָבן מיט די זעלבע נעגל אין דער ערד. ער איז געווען רויִק און האָט געפלאַמט. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איצט איז ער צוויי, אַז איין אויער איז אָפּגעטיילט פון אַנדערן, בעת איינס הערט יענע רייד, הערט דאָס צווייטע זיין אייגענע שטים.

און מען האָט שוין פון דער טריבונע גערופן צו מעשים, אַז מען זאָל אויפהערן אַריינלאָזן די „זשידעס" אין דער פוילישער קאָלאָניע אַריין און מען זאָל בעסער אַליין עפענען „ספּולקעס", אַליין קויפן און פאַרקויפן צווישן אייגענע... און אַז מען זאָל געבן געלט, וואָס מער געלט, צו העלפן די ברידער דאָרט, אין מוטער־לאַנד, אויסצוראָטן די יידעלעך. אַז מען זאָל זיך האַלטן איינס, נישט לאָזן אָפּלעשן דעם פוילישן גייסט. אַז דערויף האָבן זיי, די רעדנער און געסט, זיך דאָס איינגעשטעלט, פאַרלאָזט דאָס טייערע, באַפרייטע פאָטערלאַנד און געקומען אַהער צו זיי, די פאַרוואָגלטע קינדער פון פּוילישן בלוט. — מוז מען זיך דאָ לאָזן לערנען און געבן וואָס מער געלט פאַר די „קאָשטשאָלן", פאַר די „שקאָלעס" און פאַר די גאַזעטן.

בעת די „פּאָרשטייער" האָבן גערעדט, זענען דערווייל די „דעלעגאַטן" אַרומגעגאַנגען מיט בויגנס פּאַפּיר, מיט בלייפעדערס, געזאַמלט געלט און פאַרשריבן. די רעדנער האָבן אָבער געהאַלטן די אויגן אויף די זאַמלער, גרייט געווען צו פאַרשטאַרקן די זאַמלונגען מיט זייערע ווערטער. און ביי יעדן מאָל, ווען איינער האָט זיך געקווענקלט צו געבן, האָט מען געטאָן אַ לאָז אַרויס אַ קריץ פון צווישן די ציין: „זשידזשי!" און יענעמס האַנט האָט זיך געהויבן צום געבן.

וואָס אַזוינס דאָניע האָט געטראַכט, האָט ער נישט געוווּסט. פאַרקערט, עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער טראַכט גאָרנישט. עס האָט נישט אויסגעזען גרויס און וויכטיק אין זיינע אויגן; זאָלן זיי בלעקיצן. זיי

מיינען, אַז דאָ איז אין דער היים; דאָ קאָנען זיי די קעפּלעך אויסלייגן ווי די געפּגרטע הינדלעך...

פונדעסטוועגן האָט ער נישט יוצא געווען דערמיט, עס איז אים אַ שאָד געווען, ער זאָל אָנצינדן זיין גרימצאָרן, אָבער עפּעס אָפּטאָן אַ שטיקל האָט זיך אים יאָ פאַרגלוסט.

און ווען אַ בלאַס יונג גלחל, וואָס האָט אויסגעזען, ווי אַן אויסגעווייקט חסידל, עס האָבן נאָר געפעלט צוויי פּאהלעך, איז געשטאַנען אויף דער טריבונע און זיך געריסן בײַ יעדן וואָרט — האָט דאָניע אַריינגעלייגט זיינע צוויי פינגער אין מויל אַריין און זיך געגעבן אַ שטעל אויף אויף די שפּיץ־פינגער פון די פיס, ווי ער וואָלט געוואָלט אויסוואַקסן מיט אַ קאָפּ העכער איבער אַלעמען. ער האָט געגעבן אַ פייף, אַז עס האָט זיך אָנגעשלאָגן אין די הייזלעך, אין די ביימער און ווי מיט אַן עקבויער דורכגעדרייט יעדנס אויער. דאָס אומגעריכטע און פּלוצלינגדיקע אין אַזאַ צייט, ווען אַ פּאַטערל שטייט און רעדט, און אַלע הערן זיך איין מיט בלויזע קעפּ, איז געווען מער ווי אַ באַליידיקונג — ס'איז געווען אַ לעסטערונג! אין דער רגע האָט זיך געדאַכט, ווי טויזנט שדים האָבן זיך אָנגעיאָגט. דאָס גלחל איז נאָך בלאַסער און צעטומלטער געוואָרן. עס האָט זיך אַזוי געשאָקלט, ווי עס וואָלט איינגאַנצן זיך אייגגעבויגן. ער איז אָבער באַלד געקומען צו זיך און אָנגעהויבן נאָך אַמאָל רעדן, ער האָט אָבער פאַרגעסן, ווו ער האַלט, האָט ער איבערגעחזרט דאָס געזאָגטע, אַ גליק, וואָס מען האָט אים נישט געהערט. מיט צעטומלטע אויגן האָט מען געזוכט דעם פייף, ווי עס וואָלט אַן אויסגעלאָשענער בליץ נאָך אין דער לופט געהאָנגען. נאָר באַלד האָט זיך דערהערט נאָכאַמאָל אַזאַ פייף, שוין נישט אַזוי שטאַרק, אפשר דערפאַר, ווייל דאָס איז געווען דער צווייטער, — האָט עס אָפּגעקלונגען שוואַכער. נאָר איידער וואָס, איידער ווען, האָט עמעץ פון די שליחים אַרויסגעוואָרפן אין דער לופט אַריין אַ געשריי, ווי ער וואָלט אַ שאַרפע האַק געוואָרפן.

— זשידזשי!

האָט מען זיך געלאָזט לויפן, איבערגעלאָזט דאָס גלחל זיך קרעקן אין דער מיט פון אַ שווער וואָרט און נאָכגעיאָגט, נישט וויסנדיק וועמען.

ערשט, ווען מען איז אַרויפגעקומען אויפן בערגל, האָט מען געזען, ווי „יאַן" שטעלט פיס... און ציט זיך פאַרויס זיין שאָטן. האָט ביי די דאָרפסלייט אָפּגענומען דער חשק פון נאָכלויפן. מען איז געבליבן שטיין אינמיטן פון געאייל, דער כעס האָט זיך געלאָשן, ווי מען וואָלט פלוצלונג אויף אַ צעברענט פייער אויסגעגאָסן אַ פאַס וואַסער. די געסט האָבן זיך געמאַכט נישט זעענדיק, געשוויצט און געווישט מיט פייכטע טיכלעך די רויטע, רויטע קאַרקן, מען איז, נישט געאיילט, צוריקגעגאַנגען צום פריערדיקן פלאַץ. דאָס גלחל איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויף דער טריבונע און געהאַלטן דאָס וואָרט אין מויל און מיט די פינגער פאַרשטעלט די ליפּן, כדי דאָס וואָרט זאָל דערווייל נישט אַרויספליען.

## קאַפּיטל ניין

אַמאָל אַן אינדערפרי איז אין אַ געשעפט פון מעבל, וואָס האָט געהערט צו איינעם פון די חשובסטע ייִדן אין דער שטאָט קוריטיבאָ, אַריינגעקומען אַ מענטש. ער איז געווען פאַרגרינט, ווי ער וואָלט געהאַט אויף זיך אַ הויט פון אַ זשאַבע, אָדער זיך געוויקט אין זומפּ־וואַסער. דער אייגנטימער האָט אים אָנגעקוקט און זיך געחידושט. ער האָט געוואַרט, וואָס דער דאָזיקער וועט אים פאָרלייגן, און ער האָט שוין געהאַלטן גרייט זיין האַנט אין קעשענע און די פינגער האָבן שוין דאָרט אָנגעטאַפּט עטלעכע דישטאַן אַ נדבה.

דאָניע האָט זיך געווענדט אויף ייִדיש:

— איך ברויך צום סעניאָר קלמן.

דער סעניאָר, וואָס איז געווען דער אייגנטימער פון דעם געשעפט און פון דעם נאָמען, האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט שמייכלדיקע אייגעלעך און פאַרצויגענע ליפּן. עפּעס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער האָט פאַרהערט. ער האָט געוואָלט זיין העפלעך צום פרעמדן און איבערפרעגן מילד, וואָס יענער פאַרלאַנגט, איז עס אין געאייל אַרויסגעקומען ווי געזידלט:

— וואָס דאַרפט איר דעם סעניאָר קלמן?

האָט זיך דאָניע אומגעקוקט. דער קוק איז דעם באַלעבאָס נישט

געפעלן. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז נאָר איין אויג האָט זיך אומגעקוקט און דאָס אַנדערע איז געבליבן פאַרשלאָסן. און ווען דאַניע האָט גענומען פעסט גיין צו דער אַרויסגאַנג־טיר, האָט נאָר קלמן געזען זיינע אַקסלען הויבן זיך און שטאַרצן אַרויף, ווי זיי וואָלטן זיך ווען דערכאַפּן צו די אויערן, אַ סוד איינצוראָמען. ער האָט אים נאָכגעיאָגט און אים פריינד־לעך אָנגענומען אונטערן אָרעם, אַז אַ גרינער שטויב, ווי פּולווער, האָט זיך אָפּגעטרייסלט. ער האָט שוין ווייך געפרעגט און געמאַנט.

— אָבער איר מעגט דאָך מיר זאָגן ווער איר זענט?

דאַניע האָט געענטפערט פאַרשלאָסן:

— יאָ, און ווייטער ווייס איך נישט.

— אָבער ווער האָט אייך געשיקט צו מיר?

דאַניע האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָ רעדט ער מיט דעם סעניאָר אַליין. נאָר איידער ער האָט זיך מישב געווען, וואָס פאַר אַ טאָן ער זאָל איצטער אָננעמען, האָט ער זיך אַליין געהאַלטן ביים פריערדיקן:

— קיינער נישט.

קלמנען האָט געלאָקט דער דאָזיקער נפש און ער האָט זיך געשראָקן מיט אים אַליין צו זיין אין געשעפט. עס איז נאָך געשטאַנען די מידקייט פון דער נאַכט אינעם מאָרגן. קלמן האָט געהאַט אַ טבע באַלד אינדערפרי אַריינצוקומען אין קלייט, נישט מחמת ער איז געווען גייציק, נאָר ווייל דעמאָלט זענען די מחשבות אויסגערוט און ער קאָן זיך גיכער צוזאַמענ־קלייבן אין נעכטיקן חשבון, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט נישט דערחשבונט.

דער לאָדן פון איין אויסשטעל־פענצטער איז נאָך געהאָנגען איבער דער ברייטער שויב, אינעווייניק, אין קלייט, איז געשטאַנען אַ האַלבער שאָטן, און אַז קלמן האָט נאָכאַמאָל שוין פּאָטערלעך, געפרעגט — וואָס ער ווינטשט, האָט דאַניע נישט געענטפערט, געזוכט אין דער טיפקייט פון זיינע קעשענעס, און דער באַלעבאָס האָט נישט גאָר אָן מורא, נאָכגע־מאָסטן, ווי ווייט זיינע הענט גרייכן אין די קעשענעס. דאַניע האָט אַרויסגענומען אַ צונויפגעקנוילטן קאָנווערט, מיט אַן אַדרעס, האָט געזאָגט, ווי מען בעט עפּעס דורך אַ באַפעל:

— אַ בריוו.

— וואָס פאַר אַ בריוו?

— אַ יידישן.

— צו וועמען?

— אָט דאָ.

— זאָל מען אייך שרייבן?

— שרייבן.

סעניאָר קלמן האָט גענומען דעם אַדרעס, צום ערשט זיך אָפּגעווישט די פינגער אין זיינע הויזן, ווי ער וואָלט זיך עפּעס צוגערירט צו אַ הייליקער, פרעמדער, דעליקאַטער זאַך. דערנאָך האָט ער זיך אויסגעריבן די אויגן, כדי זיי זאָלן קלאָרער זען, און גענומען אַרויסלייענען אַ נאָמען פון פאַרמעקטן כתב. ערשט דערנאָך, ווי ער וואָלט פאַרגעסן פריער צו פרעגן, האָט ער זיך צוריקגעכאַפּט:

— איר זענט אַ ייד?

דאָניע האָט בלויז געשאָקלט מיטן קאָפּ: יאָ.

— טאָ נאַט אייך קודם־כל שלום־עליכם.

קלמן האָט נאָכאַמאָל אָפּגעריבן זיין האַנט אין די הויזן, ווי ער וואָלט זי פּאָלירט, זי זאָל זיין גלאַט און זיך גליטשן, דערנאָך האָט ער אים דערלאַנגט צוויי פינגער, געמאַכט ווי אַ בייגעלע, ווי ער וואָלט אין זיי אַ שמעק טאַבאַק געהאַלטן. ער האָט געקוקט לאַנג און טיף אין דעם אַדרעס אַריין, אַרויסגעזאָגט פון דאָרט ווי ער וואָלט אַ וווּנדער אַרויסגעלייענט:

— אַזוי, זענט איר דאָס אַ ייד?...

*

די טישלעך אין דער קאַפע „פּאַוליסטאָ" זענען נאָך געשטאַנען אין זייער רו, איינס איבערגעקערט אויפן אַנדערן. די עטלעכע יאַפּאַנישע קעלנער האָבן איצט דורכגעפירט די עבודה פון קערער און רייניקער. די ווענט זענען געווען פאַרצויגן מיט פייכטקייט און געגעץ, דער בופעט — נאָך כמעט אָפּגעליידיקט.

אָבער סעניאָר קלמן מיט זיין פריינד איז דאָס אַלץ נישט אָנגעגאַנגען.

קלמן האָט ממש ווי מיט צוואַנגען געצויגן פון דעם פאַרשוין ווערטער און כדי עס זאָל אים גרינגער אָנקומען דאָס „ציען", האָט ער יעדע רגע גערופן דעם קעלנער. דער קעלנער מיט די איינגעלאָפּענע אייגעלעך און געשוואָלענע ברעמען איז צוגעקומען מיטן בעזים אונטערן אָרעם און דערלאַנגט דאָס באַשטעלטע.

קלמן האָט געהאַט איבערגעלאָזט די קלייט ווי אויף הפקר, בלויז נאָר אָנגעהאָנגען אַ שלאָס אויף דער שויבן־טיר, פאַר יוצא־זוועגן, וואָרעם דעם שלאָס האָט ער נישט פאַרשלאָסן.

קלמן האָט געהאָפט, אַז פאַר דער צייט, וואָס דער פאַרשוין עסט דאָ, וועט זיך עמעצער פון דער חברה באַווייזן, און פונקט ווי אויף להכעיס זעט מען קיין יידן נישט. אַ שלאָפעניש עס איז דאָס אויף זיי.

שפּעטער אַ ביסל איז שוין דאָניע געזעסן אַרומגערינגלט פון עטלעכע יידן. מען האָט אים אַרומגעטאַפּט מיט אויספרעגענישן. קלמן איז אַלע רגע אַריינגעלאָפן אין דער קלייט און צוריקגעלאָפן אין דער קאַפע, און כאָטש ער האָט שוין געהערט פון דעם „מענטשנס" מויל אָט־די רייד וועגן די פאָליאַקן, איז אים אינטערעסאַנט געווען נאָכאַמאָל צו הערן עס בציבור...

דער עולם האָט שוין אַרויסגעזאָגט פאַרשידענע השערות, וועגן דעם באַטייט פון דעם „פייף". נאָכדעם ווי די קוריטיבאַנער יידן האָבן אַזוי ערלעך דורכגעפירט די דעמאָנסטראַציע קעגן די פּאָגראָמען אין פּוילן, און אין דער דעמאָנסטראַציע האָבן זיך באַטייליקט אַלע אָנגעזעענע בירגער פון דעם שטאַט פּאַראַנאָ און האָבן אויסגעדריקט זייער סימפּאַטיע צום פאָלק ישראל, און נאָכדעם ווי די פּאַראַנער צייטונגען האָבן אַזוי פיל פּלאַץ אָפּגעגעבן פאַר דער דאָזיקער דעמאָנסטראַציע און געמאָלן מיט די ליכטיקע פאַרבן זייערע געפילן צום יידישן פאָלק, צום יידנדיקן פאָלק, וואָס האָט געגעבן דער וועלט אַ „מאָסעס" און אַ „ביבל", דעמאָלט איז אַרויס דאָס פּוילישע „קוריערל" מיט מסירות און פּראָוואָקאַציעס און אָנגעוויזן, אַז די יידן גיבן צושטייער צו בראַזיליעס פּראָגרעס די גאַנצע פּראָסטיטוציע און פעדלעריי...

די בראַזיליאַנער פּרעסע האָט רעאַגירט אויף די אָנפאַלן און האָט געגעבן אָנצוהערן, אַז דאָ, אין פּאַראַנאָ, וועלן נישט געדולדעט ווערן

קיין אַנטיסעמיטישע מעשים, און אַז דאָ, אין קוריטיבאַ פאַרנעמען זיך ייִדן מיט ערלעכן האַנדל, האָבן געשעפטן און זענען פאַררעכנט פאַר אַ גוטן סוחרים־קלאַס, זענען אַנגעזען אין דער שטאָט, זענען לאָיאַלע בירגער און די רעגירונג האָט זיי גערן.

און ווען די ייִדישע קאָלאָניע האָט נאָך געמאַכט אַ באַנקעט לכבוד דער פּאָרטוגעזישער פּרעסע און באַשאָנקען די רעדאַקטאָרן מיט גאָלדענע מעדאַלן, האָט זיך דאָס „קוריערל״ גאָר צעכעסט און אַפילו געגעבן אַ ווונק, אַז ייִדן האָבן איבערגעקויפט די פּרעסע פון דער גאַנצער וועלט.

✶

אינאָווונט איז אין דעם „צענטער״ געווען אַ פאַרזאַמלונג. מען האָט געדאַרפט באַשליסן, וואָס צו טאָן מיט דעם „פאַרשוין״ יאָן. צוויי צדדים האָבן זיך געריסן נאָך אים: איין צד, קלמן, וואָס האָט געטענהט, אַז „יאָן״ איז ממש צו אים ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן און ער וועט שוין זאָרגן פאַר אים און מאַכן אַ לייט פון אים ביי זיך אין דער פאַבריק פון מעבל. און דער צווייטער צד, זכריה גאָלדאָוואָרזשיוועצקי, האָט געהאַלטן, אַז דער „מענטש״ דאַרף ווערן דאָס אייגנטום פון קהל און קהל דאַרף אים אויסהאַלטן.

גאָלדאָוואָרזשיוועצקי איז געווען דער פאָרשטייער פון דעם קיבוץ שוין היפּשע יאָרן, זינט ער איז דאָ געקומען. ער איז דאָ געוואַקסן צוזאַמען מיטן ישוב, ער איז אַריינגעוואַקסן אין דער טעטיקייט און די געזעל־שאַפטלעכקייט האָט אים אַרומגענומען ווי די קאָרע אַ בוים.

ער האָט שטאָלצירט מיט זיין לאַנגן אויסגעצויגענעם נאָמען, ווי אייגער, וואָס גרויסט זיך מיט אַ לאַנגער, ברייטער באָרד. נישט נאָר פאַר די בראַ־זיליאַנער, וואָס פאַר זיי איז געווען אוממעגלעך צו געדענקען אָדער באַכזאָגן דעם נאָמען, נאָר די פּאָליאַקן, מיט וועלכע ער האָט געהאַנדלט, איז אויך געווען שווער דאָס לאַנגע וואָרט אַרויסצורעדן. האָבן זיי אים דעריבער גערופן סעניאָר פאַן גאָלוועצקי. האָט זיך גאָלדאָוואָרזשיוועצקי געכאַפּט און זיי דערמאָנט, ווי איינער דערמאָנט דעם צווייטן אַ טעות אינעם חשבון. בלויז די ייִדן האָבן ריכטיק געדענקט און פּינקטלעך אַרויסגעזאָגט דעם נאָמען.

אומגעריכט פֿאַר די פֿאַרזאַמלטע איז געקומען דער ליטוואַק אין „סאַלאָן״ אַריין. דער עולם, וואָס האָט נאָך דעם „פֿויגל״ יאָגנען נישט געהאַט געזען, האָט דעם ליטוואַק אָנגענומען פֿאַר יענעם. דעריבער איז געוואָרן אַ שושקעריי, בעת ער איז אַרייַנגעקומען. מיט דעם ששש... האָט מען געוואָלט אָפּלעשן עפּעס אַ ברענענדיק וואָרט. גאָלדאָוואָרזשיוועצקי האָט פֿון דער בינע אַראָפּ איבערגעריסן דעם טומל מיט איין דרייסטן מאַך מיט דער האַנט:

— סיניאָרעס! מיר האָבן דאָ אַ גאַסט, אומגעריכט, דער סיניאָר... — ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, ווי געוואַרט, אַז עמעץ זאָל דערמאָנען דעם נאָמען. דער עולם איז אָבער געשטאַנען אין וואַרטנדיקן שווייגן, האָט ער זיך געריבן מיט זיינע פֿינגער איבער די פֿאַלדן פֿון זיין שטערן, ווי ער וואָלט דעם נאָמען פֿון דאָרט געוואָלט אַרויסציִען...

דער ליטוואַק האָט זיך אַליין פֿאָרגעשטעלט, אַלס שליח פֿון הויפּט־ביוראָ אין קאַפּיטאַל פֿעדעראַל. ער האָט זיך דערוווּסט, וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך, האָט ער זיך אומגערן אַ פֿרעג געטאָן: צי איז דאָס נישט דער „יאָן״ איינער „דאָם דאָמינגאָ״?

דאָס וואָרט „דאָמינגאָ״ האָט צום ערשט אַרויסגעלויכטן פֿון ליטוואַקס מויל ווי אַ ווייסער כישוף. מען האָט אַ ציטער געטאָן און זיך איבערגע־קוקט. באַלד האָט זיך די ווייסקייט פֿאַרוואַנדלט אין אַ קויטיקן קנויל שנייַ. די אויגן האָבן זיך איבערגעקוקט און באַלד איז באַשלאָסן געוואָרן: ס׳איז שלעכט! וואָרעם ווען עס זאָל אמת זיין, אַז דער דאָ איז דער־אָ, — איז נישט גוט פֿאַר יידן! איז גאָר נישט גוט! ווען די פּאָליאַקן צוריק אויפֿהייבן די קעפּ און וועלן אָנווייזן ווער עס באַהאַלט אויס די בונטאָווּשטשיקעס.

די פֿאַרזאַמלונג איז שוין געגאַנגען אין אַן אַנדערער ריכטונג און געצילט צו עפּעס אַנדערש. עס האָבן זיך אַפֿילו געפֿונען אַזעלכע, וואָס האָבן פֿאָרגעשלאָגן, מען זאָל דעם „פֿאַרשוין״ אויסגעבן דער פּאָליציי. עס וועט נאָך זיין שענער פֿאַר יידן, אַז זיי וועלן העלפֿן דער רעגירונג. מען האָט דעם פֿאָרשלאַג אָפּגעוואָרפֿן כמעט מיט עקל. „קיין איין האַנט וועט זיך נישט הייבן!״ דערצו האָט זיך דאָניעס געשטאַלט איצט געקריצט

מיט סימפּאַטיע פאַר אַלעמענס בליקן. די פאַרזאַמלונג איז געווען אַ גע־פּאַקטע, עס זענען געקומען ווייבער און מיידלעך. דער טאָן איז געווען אַן ערנסטער און באַזאָרגטער.

דאָניע איז ביי דער פאַרזאַמלונג נישט געווען. ער איז געזעסן ביי סעניאָר קלמן אין דער גרויסער קיך, אונטערגעשפּאַרט די האַנט אונטער דער גאָמבע און מיד געדרעמלט. דער קאָפּ האָט זיך געצויגן פון אויבן־אַראָפּ, יעדעס מאָל געטאָן אַ צאַפּל און איבערגעריסן דעם שנאָרך.

אים איז נישט אָנגעגאַנגען, וואָס מען רעדט דאָרט, אין דעם, ווי הייסט עס דאָרט, און מען טומלט זיך אַרום אים. עס איז איצט געשטאַנען אין אים אַ בלאָטיקע פּוסטקייט, ווי אַן אָרט, ווו אַ טייך איז אויסגעטריקנט געוואָרן. ער איז געווען שווער און הילפלאָז. יעדן טאָג איז ער דורכגע־גאַנגען צענדליקער יאָרן פון זיין לעבן. געביטן פלעצער און שטעלעס צו עטלעכע מאָל אַ וואָך. איבערגעלאָזט, אַוועקגעגאַנגען אינדערמיט און אַפילו די שכירות נישט אָפּגעמאָנט. געגאַנגען ווייטער און טיפער אין וואַלד פון זיין אייגן לעבן. געזוכט די שיין, וואָס איז געשטאַנען ווי אַ בלייכער אָפּגלאַנץ פאַר זיינע אויגן און זיך דערווייל פאַרדרייט. דער באַוווסטזיין האָט גענומען אויפכאַפּן זיך אין אים פּלוצלינג און אומגעריכט. ער האָט זיך אַליין גענומען זידלען און אויסרעדן. געקומען צו פשרות מיט זיך, מיט אָפּמאַכן, ער האָט באַשלאָסן זאַכן, וואָס ער האָט נישט געקאָנט צונויפּבינדן, נישט געהאַט דאָס געלענק זיך אַליין צו דערהאַלטן, צו דערטראָגן.

דאָס טראַכטעניש האָט אים מיד געמאַכט. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער קאָפּ ווערט אים געשוואָלן. און ווען די זון האָט נאָר גענומען זיך נייגן צו מערב, האָבן זיך די אויגן זיינע געקלעפּט ווי אָנגעגאָסענע מיט קליי.

ווען מען איז געקומען אים אויפוועקן, אַז דער עולם וויל אים זען, האָט ער מינוטן לאַנגע נישט געקאָנט זיך כאַפּן און דערמאָנען, ווו ער איז איצט אויף דער וועלט. עס האָבן זיך אין אים צונויפגעמישט די אַלע פּלעצער און ערטער, ווו ער איז אין די לעצטע וואָכן געווען, און ער איז נישט געווען זיכער ווער און ווהין מען רופט אים.

ווען דאַניע האָט געזען דעם „ליטוואַק", האָבן זיינע אויגן אויפגע־שטראַלט ווי אַ פרימאָרגן נאָך אַ רעגנדיקער נאַכט. ער איז געשטאַנען קעגנאיבער דעם ליטוואַק און ביידע האָבן קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסרעדן.

דער עולם האָט זיך צוגעקוקט און געפּאָרשט דאָס שווייגן. אפשר אַ נס! אפשר איז עס גאָרנישט דער „דאָם"? דער סעניאָר קלמן האָט זיך נישט געקאָנט גובר זיין און אויסגערופן:

— וואָס ס'וועט זיין, זאָל זיין. סעניאָרס, אַ ייד איז ער? זאָל ער בלייבן דאָ, און איך נעם עס אויף מיינע פּלייצעס!

## קאַפּיטל צען

דאַניע האָט נאָך נישט געוווּסט ווער און וואָס און איז שויך, ווי זיין טבע איז געווען, געשטאַנען אַ פאַרשולדיקטער. דאָס געפיל פון ווידערשפּעניקייט האָט זיך גענומען רעגן אין אים. ער איז גרייט געווען עקשנותדיק צו שווייגן, ווען נאָך די שטומע פּראַגעס פון דעם ליטוואַקס אויגן וועלן זיך נעמען שיטן רייד פונעם מויל.

טראַכטנדיק, איז אים איינגעפאַלן עפּעס אַזוינס, וואָס ער האָט געזען אין דמיון דורכלויפן מיט שוועבנדיקע פיס איבער די שורות: אַנדזשע.

דאָס איז געווען אפשר פון די געציילטע מאָל אין זיין לעבן, וואָס ער האָט נישט אויסגעפילט זאַכן לויטן אינסטינקט, נאָר לויט זיינע אינערלעכע וווּנטשן. וואָרעם וואָס פאַר אַ שייכות קאָן דער ליטוואַק האָבן צו דעם בריוו, אויב עס האַנדלט זיך נישט וועגן אַנדזשען? און ווייל זיין נשמה איז געווען שווער פאַרוווּנדעט, האָט ער, ווי איינער מיט אַן אָפּגעבריט לייב, זיך מורא געהאַט צוצורירן צו דעם „פייער". ער האָט דעריבער נישט געפרעגט און נישט געוואָלט, דער ליטוואַק זאָל אים פון דאָס ניי עפּעס פרעגן.

און אַז דער ליטוואַק האָט אויסגעפונען אין דאַניעס אויגן, אַז ער קען נישט די אַנטשריפט, האָט ער פון דער צווייטער בוזים קעשענע אַרויסגענומען אַ לעדערנעם טאַש און פון דאָרט — אַ פאָטאָגראַפיע.

דאָניען האָט געברענט דעם ליטוואַקס שטילשווייגן, און אין די אויערן האָט נאָך גערוישט דאָס קנאַקן פון דעם ליטוואַקס פינגער אויף די ברעגן פון ווייסן, שטייפן פּאַפּיר, אין וועלכן די פאָטאָגראַפיע איז געווען איינגעוויקלט.

די פינגער, וואָס האָבן אויפגעוויקלט די פאָטאָגראַפיע, האָבן גערעדט צו אים מיט אַ שווייגנדיקער, מאַגענדיקער שפּראַך און דאָס גאַנצע פּנים, דעם ליטוואַקס, האָט געוואַרט אויף אַן ענטפער.

דאָניע האָט די פאָטאָגראַפיע נישט גענומען אין האַנט אַריין, כאָטש זיין פריינד האָט זי געהאַלטן נאָר ביים שפּיץ צווישן צוויי פינגער אויסגעשטרעקט צו אים, ער זאָל זי נעמען.

ער האָט נאָר בלויז געזען דינהלעס „פיגור" קלענער און דינער, ווי זי איז געווען. זי האָט אויסגעזען ווי אַ „שקאָלע־מיידל" מיט אַ פאַרמאַכט טונקל קליידל און אויפגעשטעלט קעלנערל, וואָס האָט געהאַלטן איר העלדזל פאַרריסן און דאָס קעפּל אויפגעהויבן.

דער ליטוואַק האָט געפרעגט:

— דאָס איז זי?

האָט דאָניע געענטפערט:

— איז וואָס?

האָט דער ליטוואַק צוריק געענטפערט, געקוקט אי אויפן בילד, אי אינעם בריוו, גלייך ער וואָלט געווען דער פאַרטרעטער פון דעם פּאַפּי־ראָסניקס טאָכטער און אים גערופן צום משפּט!

— איז אַזוי. דאָ שרייבט מען מיר — ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן אונטערשריפט, וואָס איז געווען געדרייט און פאַרדרייט ווי אַ סקעלעט פון אַ חיה, — עס שרייבט מיר דער רב פון יענעם שטעטל, דו האָסט זיך נישט אָרנטלעך אויפגעפירט, איבערגעלאָזט אַ ווייבל און...

דאָניע האָט אויסגעשריגן:

— אַ ליגן! — און אַ רויטקייט האָט אים אינגאַנצן באַדעקט. די רויטקייט האָט זיך אַריינגעגליטשט פונעם האַלדז אונטער זיינע מלבושים, אָנגעצונדן די הויט פון זיין קערפּער, געבריט און געשטאָכן.

דער ליטוואַק האָט זיך מיטן בריוו פאַרשטעלט דאָס שמייכעלע,

וואָס איז אָנגעפּלויגן אויף זיינע ליפּן. ער איז באַלד געוואָרן צוריק ערנסט און געענטפערט ווייכער:

— נישט דאָס, מיין פריינד, דו האָסט זי איבערגעלאָזט און זי בענקט נאָך דיר. זי וויל קומען אַהער, אַז דו זאָלסט זי אַרויספּאַרלאַנגען.

דאַניע האָט געהאַט אַ געלעגנהייט מיט דעם איצטיקן וואָרט אָפּצווישן דאָס פריערדיקע. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עס איז נישט געווען, ווי עס דאַרף צו זיין... האָט ער מיטן אייגענעם אויסגעשריי, נאָר עטוואָס אָפּגעלאָשענער, איבערגעחזרט:

— אַ ליגן!

— וואָס אַ ליגן? — האָט דער ליטוואַק איבערגעפרעגט און געוואָלט אין כעס ווערן.

— ס׳איז אַ ליגן... האָט דאַניע נאָכגעשטאַמלט, אַראָפּגעלאָזט די אויגן, דערנאָך זיך אַליין אַראָפּגעלאָזט אויף דער שטול, ווייל די אָנגעצויגענע מוסקולן פון די פיס האָבן נאָכגעלאָזט און ער איז פּלוצלינג לויז געוואָרן.

*

ס׳איז שוין געווען דער פערטער טאָג, זינט דער ליטוואַק איז געקומען קיין קוריטיבאַ, און אין שטאָט האָט מען זיך כסדר געחידושט, ווו נעמט דאָס אָט־דער פאַרשטייער אַזוי פיל געדולד און מי מיט דעם „פאַרשוין" איינצוטענהן גאַנצע טעג.

דער ליטוואַק האָט אייגנטלעך נישט גערעכנט דאָ, אין אַ צופעליקער שטאָט, צו טרעפן דאַניען. ער האָט זיך צוריקגעקערט פון סאַנאַטאָריום „סאַנטאַ מאַריאַ" אָן אָנגעלאָדענער מיט געפילן. כואַנאַ איז אויפגעשטאַנען אין אים ווי אַ הייליקע, ווי אַ מאַרטירערין, איר מראה, איר געשטאַלט, האָט ער איצט נישט אַנדערש געזען, ווי אָנגעצונדן אין פלאַמען.

ער איז געפאָרן קיין קוריטיבאַ, ווייל דאָס איז געווען דער נאָענטסטער פּונקט. און אפשר צוליב געזעלשאַפטלעכע אָנגעלעגנהייטן, כדי צו קאָנען האָבן אַ תירוץ פאַר זיין אָפּפאָר פון ביוראָ. ער האָט געהערט וועגן „אומרוען" צווישן די פּאָליאַקן אין פּאַראַנאַ און די יידן פון קוריטיבאַ.

ער האָט זיך געוואָלט שטעלן אין קאַמף, כדי עפּעס זאָל נאָכלאָזן אין זיין האַרץ. ער האָט פאַרשטאַנען דעם זין פון די, וואָס שטעלן זיך פרייוויליק צום מיליטער, ווען אין דער נשמה איז נאָך וואַרעם דאָס חלב פון אַ פלוצלינג אויסגעלאָשן ליכט.

ער האָט איצט געפילט, אַז ער דאַרף עפּעס טאָן פאַר כּוּאַנעס גייסט. אַז דער גייסט לעבט, איז גאָר קיין ספק נישט, וואָרעם דאָס, וואָס עס מאָנט איצט אין אים און שטויסט אים צו מעשים, איז אַ ראיה. דער ליטוואַק האָט תמיד ליב געהאַט דאָניען, און איצט נאָך מער ווי תמיד. דאָס האָט ער איבערגענומען פון איר, דער שפּאַניערין, פון דער, וואָס ער האָט געליבט און פאַרהייליקט.

דאָניע האָט קיינמאָל נישט אַריינגעטראַכט זיך אין די געדאַנקען פון אַנדערע און נישט אַריינגעדרונגען אַפילו אין זיין אייגענער נשמה. ער האָט געלעבט אָן חשבון און פיינט געהאַט ציפערן, נישט געקענט רעכענען, און אַפילו מורא געהאַט צו ציילן זיינע אייגענע יאָרן. ער האָט נישט געקענט זאָגן דעם ליטוואַק וועגן דעם. בלויז ווען עס איז צו רייד געקומען וועגן אַנדזשעליטאַן האָבן זיך זיינע אויגן געפייכט; אַ נאָגנדיקע זיסקייט איז זיך צעשוועמען אין אים און דאָס קול איז פאַרלוירן געוואָרן אין האַלדז.

דער ליטוואַק האָט זיך איצט איינגעעסן אין דאָניען נישט נאָר מיט די אויגן, נאָר מיט אַלע זיינע חושים. ער האָט אים צו פאַרשטיין געגעבן, אַז עס איז נישט כּדאַי, און עס איז נישט גלייך אַזוי צו שווימען:

— דו ביסט אַ גרויסער מענטש, מיין פריינד — האָט דער ליטוואַק ווי פאַר אים פאָרגעלייענט זיין מיינונג — נאָר דו ביסט נישט גענוג גרויס, גרויס צו זיין. דעריבער וועט אַלץ, וואָס דו טוסט, אַרויסקומען אומגעלומפּערט און וועט נישט ברענגען קיין נוצן. ווען אַן אַנדערער אויף דיין אָרט טוט־אויף כאָטש אַ צענט־חלק פון דעם, וואָס דו האָסט אויפגעטאָן, וואָלט אַ וועלט געקלונגען. אַזוי וואָס? אַז דו אַליין פאַרנעמסט נישט, וואָס דו ביסט און האָסט נישט קיין כּוח זיך אויפצו־הויבן און שטייגן. ווייטער איז אַלץ הוילער שווינדל און באַטרוג. איך ווייס פון אַלץ. דאָקטאָר ריאָ מאָטאָראָזאָ האָט דיך, פּונקט ווי דאָס גאַנצע

בראַזיליאַנער פאָלק, פאַרלאָזט. אפשר וועבסט ער עפּעס אין דער שטיל, אָבער מיט דיר האָט ער זיך נישט געדאַרפט צעשיידן. מיט זיין וויסן האָט ער דיך געדאַרפט אָנטרינקען, אפשר וואָלט עפּעס געוועזן אַרויסגע־קומען דערפון. איך ווייס, אַז דו ביסט אומגליקלעך געבוירן געוואָרן; אַז ביי אַנדערע אומשטענדן וואָלטסטו געקאָנט זיין אַ שטאָלץ פאַר די, מיט וועלכע דו וואָלטסט געאַרבעט. אַזוי וואָס? צוליב דיין אומוויסנקייט וועסטו צעריבן. דעריבער, לויט מיין מיינונג, הער אויף צו לאָזן זיך פאַרמישן אין די פאַרשידענע קאַשעס, איבער וועלכע דו האָסט נישט קיין דעה און האָסט נישט געגוג ידיעה. צעשפּליטער זיך נישט; צע־שרויף נישט דיין גבורה אויף פּיצלעך. נעם זיך אין די הענט אַריין.

דאָניע האָט נישט פאַרשטאַנען געגוי די אַלע ווערטער, וואָס דער ליטוואַק האָט דאָ גערעדט בדרך־מליצה און בדרך־משל. ער האָט אָבער געפילט, אַז דער ליטוואַק נעמט אים איצט אָן ביי דער האַנט און, ווי אַ פאָטער אַ קינד, פירט ער אים אַרויף אויף דעם גלייכן וועג. ער האָט זיך איבערגעפרעגט:

— וואָס זאָל איך טאָן?

דער ליטוואַק האָט אויפגעהעלט פון דאָניעס פראַגע. ער האָט געזען אַ סימן, אַז ער האָלט מיט אים אויף אַ דרך. איז ער געוואָרן רויִקער און האָט אָנגעהויבן צו רעדן מער קאָנקרעט:

— קודם כל מוז אַלץ אַריבערגיין. עס מוזן אָפּטריפן די טראָפּנס חלב, וואָס האָבן זיך אָן דיר אָנגעקלעפּט. דו מוזט זיין אַליין. מוזט זיין דו און נישט עמעצער אַנדערש. מוזט אויפהערן צו זוכן עפּעס אַזוינס, וואָס דיר איז פרעמד און ווייט. דיין אייגן שטיקל לעבן מוזטו אויפבויען. ביסט נישט קיין קינד, כאָטש קינדיש זענען אַלע דיינע מעשים. שיק נאָר איר, נאָך יענער, וואָס דו האָט מיט איר געגומען חופה וקידושין. זי איז דיין ווייב און אַז זי באַגערט דיך האָסטו זיך גאָרנישט וואָס צו קווענקלען. אַנדערע אויף דיין אָרט וואָלטן זיך גליקלעך געשעצט, זיי זאָלן אַזוי האָלטן... מען זוכט אַרום מיידלעך, ווי מיט ליכט, חתונה צו האָבן. דו ווייסט עס, און נישט יעדער קען עס דערגרייכן דאָ, אין דעם געבענטשטן, פאַרשאָלטענעם לאַנד.

דאָניע האָט איבערגעחזרט זיין פראַגע, אָבער שוין מיט אַן אַנדערן טאָן:

— און וואָס זאָל איך טאָן?

האָט דער ליטוואַק שוין פאַרשטאַנען, אַז אין דעם וואָרט בויערט זיך אַן אַנדערע שאלה, אַ טיפערע, האָט ער זיך פאַרענטפערט:

— איך ווייס, וואָס דו מיינסט: — פרנסה. אוודאי ווערסטו דאָך נישט זיין קיין פעדלער, עס זענען דאָ געגוג אָן דיר. און עפּעס אַנדערש האָסטו שוין געפּרוּווט. איז מיין עצה, אַז דו זאָלסט פאָרן אין קואַטראָ אירמאַנאָס, דאָרט, ווו עס ווערט איצט געבויט און איבערגעבויט אַ יידיש לעבן.

דער ליטוואַק האָט געוווּסט, אַז ווייט פון דאַנען, צופוסנס ביי די וועלדער פון מאַסאָ גראָסאָ, גייט־אויף דער יידישער רעיון: קאָלאָניזאַציע. ער האָט געוווּסט, אַז די ביס זענען צו האַרט איינצוקנאַקן מיט די ציין, אַז ווען ער וואָלט דעמאָלט געשטאַנען ביים רודער, וואָלט ער נישט געקויפט און נישט געלאָזט קויפן קיין ערד אין קואַטראָ אירמאַנאָס, אַז דאָ, אין פּרוכטבאַרן באָדן פון פּאַראַנאַ, פון דאַנען וואָלט אויפגעגאַנגען דער ליכטיקער שם פון יידישער מי פאַר בראַזיליע. אָבער מען האָט אים נישט געפרעגט און מיט זיין דעה זיך נישט גערעכנט. דעריבער איז ער אַריינגעטראָטן אין דער ביוראָ, וואָס די יק״א האָט געגרינדעט, כדי מיטצוהעלפן, כדי עפּעס אָפּצוראַטעווען...

דער ליטוואַק האָט אויפגעוויקלט פאַר דאָניען דעם גאַנצן פּלאַן, אַז ער זאָל זיך באַזעצן און זיך קאָלאָניזירן אין קואַטראָ אירמאַנאָס, אַז מיט זיין שטאַרקייט און אויסדויער וועט ער טאָן אַ סך גוטס אי זיך, אי דער קאָלאָניע און במילא וועט עס שוין זיין אַ טובה פאַרן יידישן פאָלק. וועט ער שוין האָבן אַזוי־אַרום דערגרייכט זיינע פאַרלאַנגען, און דאָס אומרויִקע בלוט זיינס, וואָס רייסט זיך צו מעשים, צו אויפטוען, וועט זיך אַזוי אַרום איינשטילן.

דאָניע האָט זיך צוגעהערט און אַזאַ זיסע מנוחה האָט אָנגעווייעט אויף אים, אים געגלעט און איינגענומען זיין צעווייטיקטע נשמה. ער האָט געשלונגען דעם ליטוואַקס ווערטער און דערפילט דעם טעם פון זיי.

ער האָט מסכים געווען, נאָר וויאַזוי הויבט מען דאָס אָן? וויאַזוי

טרעט מען צו צו דעם, אַז ער פֿאַרמאָגט נישט זיין אייגנס קיין דישטאַן.

ווען דער ליטוואַק האָט אַרויסגעקראָגן פֿון דאַניען די צושטימונג, אַז עס איז גלייך אַזוי און אַז ער איז גרייט צו פֿאָלגן, האָט ער ערשט דערזען ווי צעאַקערט און צעקאַרבט דאָס יונגע האַרץ זיינס איז. ער האָט אויף אים רחמנות געהאַט; געוווּסט, וואָס אים דערוואַרט, נאָר ער האָט איינגעזען, אַז דאָס וועט פֿאָרט זיין די בעסטע רפואה. אַז די צייט וועט די יסורים היילן, און אַז זיין קומען אין דער קאָלאָניע וועט זיין פֿון גרויס באַטייט פֿאַר אַלע קאָלאָניסטן. מען דאַרף האָבן כאָטש דעם ערשטן, שטאַרקן מאַן. האָט ער צוליב דעם אָפּגעגוויגט פֿון זיין רחמנות צום יונג און האָט אונטערגעהייצט מיט רייד, כאָטש ער האָט גוט געוווּסט, אַז דאַניע וועט זיך שפּעטער אַנטוישן, איז עס אָבער, אויפֿן מאָמענט געווען דער איינציקער אויסוועג.

## קאַפּיטל עלף

אַנדזשעס פּנים האָט זיך ווי צונויפֿגעצויגן. אירע אויגן האָבן זיך געעפֿנט און פֿאַרמאַכט. זי האָט געקוקט און נישט געזען גענוי דאָס, וואָס זי האָט געזען:

דאָמינגאָ, מיטן ברייטן פּנים אָפֿן צו דער וועלט. דער מאַרין־קאָלנער צעפֿלאַטערט און אויפֿגעבלאָזן ווי אַ זעגל פֿון אַ שיף. ערגעצווו האָט זי דאָס בילד געזען אין אַ צייטונג מיט אַ באַשרייבונג וועגן אים. און אָט שטייט ער אין זיין גאַנצער גבורה און מילדקייט.

מען האָט אין די לעצטע צייטן אָפֿט גערעדט וועגן דעם „סוביעקט" דאָמינגאָ. מען האָט דעם געהיימען נאָמען אַליץ מער און מער פֿאַרבונדן מיטן סודותפֿולן טויט פֿון גענעראַל, פֿראַנציסקאָ דע־לאָפּעז. האָט מען דורך „דאָם דאָמינגאָ" געוואָלט אויסגעפֿינען ווהין עס איז פֿאַרשוווּנדן דער דאָקטאָר ריאָ מאָטאָראַזאָ. אין הויז ביי די קויפֿמאַנס האָט מען קיין סך פּרטים וועגן „דאָמינגאָן" נישט געוווּסט, פּונקט ווי מען האָט נישט געוווּסט וועגן אים אין סאַן־פּאַולאָ. ערשט ווען באַקאַנטע פֿון ריאָ־דע־זשאַניירא האָבן דערציילט, אַז זיי קענען אים פֿערזענלעך, און אַז דאָס

איז נישט קיין אַנדערער ווי דער און דער, האָט מען אָנגעהויבן גלויבן אין דערווירקלעכער עקזיסטענץ פון אַזאַ פּאַרשוין און זיך געגומען גרויסן מיט אים אין די אויגן פון די קונדן. מען האָט געוואָלט אויסנוצן דעם נאָמען אַלס אַ סגולה איינצונעמען אַ טייל פון די ראַטעס, וואָס זענען נישט געצאָלט געוואָרן אין דער צייט פון אויפשטאַנד.

זשאָזע האָט די גאַנצע צייט זיך געפונען אין פאַרשידענע שפּיטעלער. די מאַדאַם קויפמאַן האָט געהאַלטן אַלע עסקים אין אירע הענט און האָט אַזוי אַרום אָפּגעראַטעוועט די לאַגע פון „הויז", און עס אָנגעהאַלטן מיטן גאַנצן, געהעריקן גלאַנץ.

פּאַר אַנדזשעליטאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַ צייט פון פאַרגעניגנס: שפּאַציר־גענג, אויטאָמאָביל־רייזעס, קאַסינאָס, טאַנץ־זאַלן. זי איז געוואָרן פאַרקאָכט אין אירע דריי פריינד; זיי זענען געווען כיטרע, נישט צו ציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דער בייזער שוויגער, זענען זיי קיינמאָל נישט געקומען איינציקווייז, נאָר אַלע דריי צוזאַמען. און נישט פריער, ווי זיי האָבן באַזוכט זשאָזען, האָט ער געמעגט ליגן ערגעץ אין אַ הייל־אַנשטאַלט אויף שעהן רייזע ווייט פון שטאָט.

אַנדזשעליטאַ האָט זיך געצייטיקט פון טאָג צו טאָג. די ליפּן זענען ביי איר געוואָרן פולער און רויטער. איר ביוסט — שווערער און אָנגעגאָסענער מיט ליידנשאַפט. זי האָט געטאַנצט און נישט מקפּיד געווען מיט ווערמען. די וועלט איז סייווי גרויס און ליידיק — פּוסט.

אַמאָל, פון צייט צו צייט, האָט זיך יאָ אויפגעכאַפּט עפּעס אַ געפיל, אַ בענקשאַפט אין איר, נאָר זי האָט נישט געוווסט נאָך וואָס. זי האָט געלייענט אין ביכער, געהערט און געזען אויף דער בינע ליבע־סצענעס, אָבער עס האָט זי נישט מיטגעריסן. דאָס געפיל פון ליבשאַפט איז אין איר איינגעדאַרט געוואָרן, נאָך איידער עס האָט אויפגעבליט. צו זשאָזען האָט זי גאָרנישט געפילט, אַפילו קיין פריינדשאַפט אויך נישט. זי האָט נישט געהאַט קיין האָפענונג ער זאָל אַזוי גיך געזונט ווערן. זי האָט זיך בכלל נישט פאָרגעשטעלט, וויאַזוי עס קאָן געמאָלט זיין, ער זאָל געזונט ווערן.

זי האָט דעריבער, אָנשטאָט צו צערטלען זשאָזען, — וואָס עס איז

אים אַזוי נויטיק געווען. ווי די פאַרשריבענע רעצעפּטן, — אים נאָר פאַרגעוואָרפן: למאַי ער נעמט נישט דאָס און למאַי ער היט נישט אָפּ, וואָס דער דאָקטאָר הייסט און וואָס די קראַנקן־שוועסטער וויל. זי איז געווען ברייטהאַרציק, האָט געגעבן געלט פאַר דעם שפּיטאָל, מער ווי געוויינלעך, איבערגעלאָזט די באַדינערינס מיט אַ ברייטער און פולער האַנט. נאָר איינס האָט ער זיך נישט געקאָנט ביי איר דערבעטן: אַז זי קומט צו אים און זי קומט דווקא גאַנץ אָפּט, זי זאָל זיך אָוועקזעצן לעבן זיין בעט, ער זאָל קאָנען גליטשן זיינע פינגער איבער איר האַנט, אַרויפלייגן זיין קאָפּ אויף אירע אַקסלען און זי זאָל מיט אירע סאַמעטענע פינגער גלעטן זיינע אויגן, זיי פאַרמאַכן און קושן...

ער האָט פאַרפרעסט זיינע ליפּן, בעת זי איז אַריינגעקומען, גלייך ער וואָלט מורא געהאַט, אַז זיין פאַרסמטער אָטעם וועט אויסברענען אַ וווּנד אויף איר פּנים. ער האָט באַשלאָסן צו זיין אויסגעהאַלטן זי נישט אָנצורירן ביזן סוף, ביז די אויגן זיינע וועלן זיך אויף אייביק פאַרמאַכן.

ער האָט פונדעסטוועגן געפאָרשט ביי זיינע פריינד, געוואָלט דערגיין זייער באַציִונג צו איר און ווי זי פירט זיך בכלל אויף. אָבער ער האָט דאָס נישט געקאָנט דערגיין. די „דריי" האָבן אים תמיד געהאַט צו דער־ציילן, ווי אַזוי זיי האָבן אַנדזשען פאַרווילט, און ווי זיי האָבן קוים מיט צרות און מיט מאַטערניש געפּועלט ביי איר, אַז זי זאָל איינוויליקן צו פאָרן מיט זיי אויף „קאָרסאָ דע פלאָרעס".

ער האָט אַלץ געהאָפט, אַז זי וועט זיך אָפּזאָגן פון דעם פאַרגעניגן, אַז זי וועט בשום אופן נישט מסכים זיין צו פאָרן פאַרברענגען אָן אים. ער האָט אָבער אויך נישט געוואָלט זיין צום נאַר, בשעת זי איז געקומען מיט אים „איבעררעדן" וועגן דער פאָרשטייענדיקער רייזע, האָט ער זי נאָר זאָרגעוודיק געוואָרנט, אַז דאָס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס זי פאָרט אַרויס אין אַזאַ גרויסער שטאָט, דערצו נאָך אין קאַרנאַוואַל, דערי־בער זאָל זי זיין פאָרזיכטיק.

האָט זי זיך צעלאַכט. און אים האָט זיך די ערשטע מינוט אויסגעדאַכט, ווי עפּעס אַ לאַנגע, רויטע קופּערנע צונג וויגט זיך אין איר מויל הין און צוריק. נאָר זי האָט גלייכגילטיק געענטפערט, אַז ער מעג זיין רויִק,

זי איז נישט קיין קינד און ווייסט זיך ווי אויסצוהיטן און, אַז בכלל „דאָס וואָס מען היט, איז נישט אָפּגעהיט...״

איר וואָרט האָט אים אַ שטאָך געטאָן אין האַרצן, דערנאָך אַ ברי אַזאַ אין האַלדז, ווי ער וואָלט דאָס וואָרט אירס הייסערהייט אַראָפּגע־שלונגען. האָט ער זיך געמאַכט שמייכלען און הגם קיין שפּיגל איז אין קראַנקן־צימער נישט געווען, האָט ער זיך געזען קאַריקאַטוריש אויסגע־קרימט. ער האָט צוריקגעכאַפּט זיין פריערדיקן טאָן און געזאָגט:

— מילא דעם וועג קאָן איך דיר נישט פאַרשטעלן, אויב דו ביסט אַזוי זיכער ביי זיך, געזונטערהייט...

אַנדזשע האָט אויף קיין רגע נישט פאַרגעסן, ווער זי איז און וואָס זי איז. כאָטש אין האַרצן האָט זי גאָרנישט געפילט. פונקט ווי דעמאָלט, בעת זי איז אַנטלאָפן דאָס ערשטע מאָל פון זשאָזען, האָט זי גאָרנישט איבערגעלאָזט אין דעם הויז פון איר מאַן קיין שום געפילן, אַזוי האָט זי איצט גאָרנישט איבערגעלאָזט. עפּעס האָט זיך זשאָזע, איר שוויגער און דער גאַנצער פּאַלאַץ אָפּגעמעקט ווי פון אַ ווייטן געדעכעניש. די אַלע יאָרן זינט זי האָט חתונה געהאַט ביז איצט האָבן זיך אַוועקגעגליטשט, און אַנשטאָט דעם, זענען געקומען צו רייטן אירע מיידל־יאָרן, איר טאַטע־מאַמעס הויז, אירע האָפענונגען און די חלומות האָבן גענומען זיך אַנרוקן פאַר אירע אויגן.

נאָר זי האָט געוואָלט אָנהאַלטן איר „פּאַרהייראַטע פּאָזיציע״ צו די דריי מענער, וואָס זענען איצט געוואָרן פאַר איר אַן אומדערטרעגלעכע לאַסט. זי האָט אַליין געוואָלט אויסוויילן אירע גענג און טואונגען, אָבער זי האָט עס נישט געקענט. ווי ברידער פון איר מאַן, זענען זיי איצט געווען פאַר איר. זי האָט דאַ געעפנט די אויגן און אויפגעהויבן דעם קאָפּ צו דערגרייכן נישט דערגרייכטע זאַכן, אָבער זיי האָבן איר דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן צוריק. זי האָט זיי פשוט געזאָגט:

— איר מוזט שאַפן כאָטש נאָך צוויי פרויען פאַר זיך, אויב איר ווילט מיר זאָלן גוט פאַרברענגען. איך פיל זיך נישט גוט צווישן אייך, דריי מענער.

נאָכדעם האָט זי זיי אַ שטיק צייט נישט געזען. מען האָט אָנגעהויבן

זי באַזוכן איינציקווייז, היינט איינער — מאָרגן אַ צווייטער. עס איז איר געוואָרן נמאס.

די נאַכט פון קאַרנאַוואַל איז זי געפאָרן איינע אַליין אין אַן אויטאָ־מאָביל. זי האָט זיך אַליין מתעסק געווען מיט צוגרייטן אַ „קאָסטיום״, אַפילו אַליין באַשטעלט אַ קאָטש. זי איז געווען זיכער, אַז צוריקוועגס וועט זי שוין האָבן אַ באַגלייטער. זי האָט שוין אַפילו זיך פאָרגעשטעלט, אַ וואָסערער ער וועט זיין. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון די אַלע קאַוואַלערן, מיט וועלכע זי האָט זיך געטראָפן אין דער „לאָבי״ פון פּאַלאַז־האָטעל, נישט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט די באַגריסונגען פון אירע שכנים. דערפאַר האָט אָבער אַנדזשע געצויגן די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט אינעם „קאָרסאָ״ שוין דערפאַר, וואָס זי איז געפאָרן אַליין און נישט מאַסקירט. אַנדערע האָבן זי אָנגענומען פאַר אַ דאַמע, וואָס זוכט געוויסע נוצן. אָבער קיין איינער איז נישט געווען, וואָס זאָל אין איר קאָטש נישט אַריינוואַרפן עטלעכע טוץ קאָמפּלימענטן, אַ פּאָנטאַן פון פאַרביקע סערפּענטין־פּאַפּיר־לעך און אַ האָגל פון קאָנפעטי.

זי איז געווען ליבלעך און געשמייכלט. די אויגן האָבן אַרויסגעלויכטן ווי די לבנה דורך אַ וואָלקנדל. זי איז נישט געווען אַזוי פריילעך, ווי עס האָט אויסגעזען איר שמייכל. איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די איינציקע איז זי, אַ פרעמדע, אויף אַ גרויסער צעהוליעטער חתונה. זי האָט געזוכט אין יעדנס פּנים עפּעס אַן אָפּשטראַל פון אייגנס, זי האָט געבענקט צו עפּעס, וואָס איז נאָך נישט געווען און וואָס האָט זיך נאָך נישט פאָרמירט. און פּלוצלינג — אַן איבעראַשונג. זי ווייסט נישט ווי אַזוי זי האָט אים געקאָנט דערזען און דערקענען, דעם דאָמינגאָ, דעם שטוב־יונג און משרת. אפשר איז עפּעס געלעגן אין איר טיף פאַרבאָרגן אַזאַ פּינטעלע פון אַ געפיל צו דאָניען. זי האָט עס קיינמאָל נישט געוווּסט, נאָר גראָד איצט האָט עס אויפגעריסן. איר האַרץ האָט אַ סך פריער אים געזען ווי די אויגן. אין זיין מאַטראָסן־אָנצוג האָט ער אויסגעזען געזונט און איידל, רוי און צאַרט. דאָס ליכט פון די דעקאָרירטע גאַסן האָט אים אָנגעגאָסן מיט רויטקייט פון צעשפּילטן וויין. עפּעס איז ער געווען איינ־געהילט אין אַזאַ פייערלעכקייט. זיין קאָפּ האָט זיך שלאַנק קאַפּויער

געהויבן איבער אַלע. זי ווייסט נישט פאַרוואָס און געדענקט נישט ווי אַזוי זי האָט אים אַ רוף געטאָן, און זי קאָן זיך נישט דערקלערן, ווי אַזוי דער שאָפער איז פון זיך אַליין שטיין געבליבן, אַז זי האָט אַרויסגעבויגן איר קאָפּ צו אים, האָט זי דאָך זיכער געוואָלט, אַז ער זאָל זיין איר קאַוואַלער. זי האָט דאָך זיכער אים געוואָלט איינלאַדן אין דער קאָטש אַריין, נאָר אַ נס, וואָס מען האָט נישט דערלאָזט, וואָס דער שטראָם האָט זי אַוועק־געטראָגן און ער איז אויסגעגאַנגען פאַר אירע אויגן.

וואָרעם ווי וואָלט זי זיך נישט געשעמט פאַר זיך אַליין, אַז צוליב דעם יונג איז זי געפאָרן קיין ריאָ־דע־זשאַנייראָ, און אַז דער דאָזיקער וועט דאָס זיין איר ריטער?...

זי האָט זיך צעלאַכט און געדאַכט האָט זיך איר, ווי נישט זי לאַכט, נאָר אַ פרעמדער, אַ בייזער, וואָס זיצט אין איר, לאַכט: לאַכט אויס אירע אייגענע חלומות, לאכט אויס איר אייגן גליק.

*

צוגלייך מיט אַלע אַנדערע האָט זי דעם נאָמען פון „דאָם דאָמינגאָ" אויך געהערט. פון אָנפאַנג האָט זי נישט געוווּסט, אַז דער „דאָם" איז דאָס דער זעלבער יונג, וואָס האָט געטרייבערט די אָדערן פון אָקסן אין איר טאַטנס הויז, אָבער אַז מען האָט איר דערמאָנט, אַז דער דאָזיקער מוז זיין נישט קיין אַנדערער, ווי טאַקע דער, האָט זיך עפּעס אין איר דערכאַפּט. זי האָט זיין פּנים, וואָס זי האָט באַגעגנט אין דער קאַרנאַוואַל־נאַכט, געזען איצט קלאָר און לויטער אויפשיינען. איצט האָט זי זיך אים פאָרגעשטעלט אין אירע רעיונות אַזאַ איינעם, ווי זי וואָלט געוואָלט ער זאָל זיין און זי האָט זיך שטילערהייט, אין געדאַנק, מיט אים אינגאַנצן באַהאָפטן.

זי וואָלט באַדאַרפט אים אויפזוכן און זען, ער זאָל אָנהויבן אַריינצו־קומען צו איר אין שטוב. איצט איז ער גאָר עפּעס אַנדערש, — אַ העלד. די צייטונגען שרייבן אַזוי פיל וועגן אים און זיין בילד ווערט אָפט געוויזן אין די „רעוויסטא טעאַטערס".

אָבער ווו איז ער, דער דאָמינגאָ? ווו קאָן מען אים טרעפן? די

רעגירונג האָט באַשטימט אַ גרויסע באַלוינונג פאַר דעם, וואָס וועט אים אויסגעפינען. אפשר איז ער שוין גאָר נישטאָ צווישן די לעבעדיקע? און אפשר — אין אַ פרעמדער שטאָט, אין אַ פרעמד לאַנד?

אַנדזשעלאַ האָט באַשלאָסן צו שרייבן וועגן דעם צו איר פאָטער. דאָס האָט שוין געמאַכט דעם ענין גאָר וויכטיק אין איר טראַכטן, וואָרעם מיטן פאָטער און מיט דער מוטער האָט זי זיך נישט אַזוי אָפט איבערגעשריבן. נאָך דעם אויפשטאַנד, ווען די מאַמע האָט יעדן טאָג טעלעגראַפירט, מען זאָל, למען השם, ענטפערן צי ס'האָט חלילה קיינעם גאָרנישט פּאַסירט, האָט די טאָכטער בלויז געענטפערט, אַז „ניין". און — מען האָט זיך ווייטער נישט דורכגעשריבן.

איצט, אַז זי האָט געקלערט צו שרייבן „אַהיים" און זיך אָנפרעגן וועגן דאָניען, וועט זי במילא מוזן ענדערן די גאַנצע באַציִונג, האָט עס איר געלאָקט ווי אַ ניי, אָדער אַ באַנייט קאַפּיטל אין איר לעבן. און שוין האַלטנדיק די פעדער אין האַנט, ווי זי וואָלט אַליין אָנגעשריבן אירס אַן אורטייל, האָט זי געפסקנט:

— איך וועל גאָר אַ ביסל אַהיימפאָרן צו טאַטעשי־מאַמעשי אין דער קאָלאָניע אַריין.

## קאַפּיטל צוועלף

די פאַרוואַלטונג פון דער קאָלאָניע „קואַטראָ אירמאַנאָס" צוזאַמען מיט דער דירעקציע פון דער „יק"א" האָבן געמאַכט אַלערליי אָנשטרענגונגען כדי דער דאָזיקער פּלאַץ, דאָס אָרט וווּ דער ערשטער אַקער איז אַריינ־געשניטן געוואָרן אין דער ערד דורך אַ יידישער האַנט און דורך יידישער מי, זאָל נישט אויסגערונען ווערן אין דער לייִדיקייט און זיך אויסלאָזן מיט גאָרנישט.

מען האָט גענומען צונויפזאַמלען די לעצטע רעשטלעך פון די אָנט־לאָפענע קאָלאָניסטן און זיי צוגעזאָגט גאָלדענע גליקן. די הויפּט־דירעקציע האָט געשיקט נייע באַאַמטע, וואָס האָבן גענומען פעסטער פאַרקניפּן די פעדעם און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פיבערישע טעטיקייט. מען האָט

געבלענדט מיט אויפטועך. מען האָט געשיקט שליחים איבער דער גאַנצער וועלט, כדי אויסצופּועלן עטלעכע הונדערט אימיגראַנטן פאַר „קוואַטראָ אירמאַנאָס".

אין די טיפע וועלדער האָבן אָנגעהויבן קלינגען העק. ביימער האָבן געקראַכט און זענען געפאַלן. אָקסן, געשפּאַנטע אין יאָך, האָבן די אונטערגעשניטענע ביימער געשלעפּט דורך די געדיכטענישן. פייערן האָבן זיך געצויגן און געזוכט אַ וועג דורך די צווייגן אַרויף צום אָפענעם רוים. וועלדער האָבן געברענט און פריי געמאַכט די ערד פאַר תבואה־זוימען און קאַרטאָפל־פאַרזיי.

נאָר עס האָבן זיך אָנגעהויבן שפּרייטן בייזע טעג און אומרויִקע נעכט איבער דער קאָלאָניע.

די אַנטרונענע רעבעלן און רעשטלעך פון די סאַן־פּאַולער רעוואָ־לוציאָנערן האָבן זיך טיף איינגעפּלאָנטערט אין די וועלדער פון „קוואַטראָ אירמאַנאָס". דאָרט האָבן זיי זיך צונויפגעשלאָסן מיט די דעזערטירן פון ריאָ־גראַנדע דאָ סול, זיך איינגענעסטיקט און פאַרפעסטיקט.

די גאַנצע ביטערקייט פון זייער דורכפאַל האָבן זיי מיט זיך מיטגע־נומען פון זייער לאַגער און אויסגעמאַטערטן וועג.

זיי האָבן אָפּגעצויגן ווי צעשראָקענע פי אין דער צייט פון אַ שטורעם, געלאָפן איבער טאָלן און וואַסערן, געצויגן איבער זומפּן און ליימיקע בלאָטעס, געקלעטערט איבער בערג און פעלדזן, געשניטן וועגן דורך וועלדער און פאַרוויסטענישן. פון הינטן האָט נאָכגעיאָגט דער פחד — די פעדעראַלע אַרמיי און דער שאָטן פון נקמה. אַנטקעגן איז געקומען הונגער און דאָרשט.

געלאָפן איז מען איינציקווייז און גרופּעסווייז. יעדעס מאָל איז אַן אַנדערער פאַרלוירן געגאַנגען און שפּעטער האָט ער זיך אָפּגעזוכט. עס האָט זיך אויסגעוויזן, ווי עפּעס אַ געהיימער צייכן ציט פאָרויס, נאָר קיינער האָט נישט געוווּסט צי אַ גוטער סימן צי אַ בייזער.

דער אָפּקלאַנג פון אומאויפהערלעכן קנאַלן פון ביקסן און האַרמאַטן האָט געררויִשט איבערן קאָפּ. מען האָט געשטרעקט די צעשראָקענע בליקן

אין דער הויך, געזוכט ערגעץ באַשייד פאַר דער דאָזיקער פּלאָג, נאָר קיינער איז נישט געווען, וואָס זאָל פאַרענטפערן.

ווו די אָפּטיילונגען זענען דורכגעגאַנגען האָבן זיי איבערגעלאָזט פאַר־ניכטונג און פאַרוויסטונג. זיי האָבן נישט נאָר געטראָטן איבער האַלב־צייטיקע תבואה־פעלדער, נאָר אויסגעהרגעט פי און אַוועקגעלייגט לעבע־דיקע „שטיקלעך", געקוילעט, געבראָטן און איבערגעלאָזט אַש.

ווען די רעגולערע אַרמיי האָט זיי נאָכגעיאָגט, האָבן איר די אייב־ווײַנער ביי די וועגן אָנגעוויזן די ריכטונג, אין וועלכער די אויפשטענדלער האָבן געצויגן.

אַזוי אַרום האָבן די באַנדעס דערגרייכט די געדיכטע וועלדער אַרום די יידישע קאָלאָניעס, זיך דאָרטן פונאַנדערגעשפּרייט און פאַרזיכערט זייער פּאָזיציע.

די פעדעראַלע פּאַטרולן זענען געשטאַנען ביים אַריינגאַנג פון „קואַטראָ אירמאַנאָס", און דאָס, וואָס די רעוואָלוציאָנערן האָבן געשווינט, האָבן זיי פאַרטיליקט. קאָלאָניסטיש אייגנטום האָט אָנגעהויבן פעלן. קי און קעלבער זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן, און אונטערן חשד פון סימפּאַטיע צו די רעוואָ־לוציאָנערן, האָבן די קאָלאָניסטן געשוויגן.

די רעגירונגס־אָפּטיילונגען האָבן ענדלעך איינגעזען, אַז קיין שום נוצן וועט נישט זיין דערפון, וואָס מען שטייט דאָ אַזוי און מען לאַגערט. אַז אַריינדרינגען טיף אין די וועלדער האָט מען מורא, די אַנטרונענע פון פּאָרטאָ אַלעגרע זענען באַוואָפנט. זיי ווייסן און קענען גוט אַלע אויס־באַהעלטענישן, קאָנען זיך פאַרשטעקן אין היילן און קלעטערן אויף ביימער, קאָנען באַפאַלן די שטאַרקסטע עקספּעדיציעס. און דער עיקר, מען האָט זיך איבערצייגט, אַז דער דאָקטאָר ריאָ מאָטאָראָזאָ געפינט זיך נישט אין די וועלדער, און בכלל איז דאָרט נישטאָ קיין איין העכערער אָפיציר, צו וואָס עס זאָל זיך לוינען איינשטעלן און אַריינשניידן זיך אין דער אייביקער טונקלניש פון די וועלדער. האָט מען באַשלאָסן זיך צוריקצוציען.

אָבער ווי נאָר די „פעדעראַלן" האָבן אָפּגעצויגן, האָבן זיך די אומרוען פון דאָסניי אויפגעהויבן. די באַהאַלטענע האָבן פון זייער פאַרבאָרגעניש

זיך אויפגעכאַפּט, ווי מייז, וואָס דערפילן, אַז די קאַץ איז נישטאָ, האָבן זיי זיך מיט בלינדן חשק אַ לאָז געטאָן פון די נאָרעס, געברענט, פּאַרוויסט און פאַרניכטעט אַלץ, וואָס זיי האָבן אָנגעטראָפן.

די צעזייטע קאָלאָניסטן איבער דער ברייט פון „קוואַטראָ אירמאַנאָס" האָבן זיך געפונען, ווי אין אַ קלעם. עס איז געווען ביי זיי אַן עקשנות נישט נאָכצוטאָן די בראַזיליאַנישע און אַנדערע שכנים פון אַרום און זיך נישט צעלויפן. זיי האָבן אָפּגעשאַצט דעם באַטייט פון זייער ווידער־באַהעפטונג מיט דער ערד. איינמאָל זיך אַרויסגעכאַפּט פון די שטעטלעך, אַרויסגעריסן פון די קרעמלעך, אַפּירגעקראָכן פון אונטער די פּעק מיט פּעדלעריי, האָט מען זיך געוואָלט באַזעצן און באַפעסטיקן — איינוואָרצלען זיך און אויסהאַלטן.

זעגען טאַטעס געשטאַנען גאַנצע נעכט אויף דער וואַך, אָפּגעהיט דאָס הויזגעזינד און בייטאָג איז מען געגאַנגען טריט ביי טריט, ווי אין די אַלטע פּרימיטיווע צייטן, מיט שטעקעלעך אין די הענט, געמאַכט גריבלעך אין דער ערד און אַרייַנגעלאָזט די זוימען. דערנאָך האָט מען געהאָפּט און געוואַרט אויף די מאָגערע זאַנגען, וואָס האָבן געזאָלט אויפגיין אונטערן שאָטן פון געדיכטן וואַלד.

עס איז קיינעם נישט געווען באַוווסט, וויאַזוי דאָס וועט געשען, נאָר עס האָט ביי אַלעמען געלעבט אַ בטחון אין האַרצן, אַז עס וועט זיך צוריק אויפבויען אַ ישוב, ווי עס איז שוין אַמאָל געווען. יידישע מי וועט בליען און תורה וועט זיך פונאַנדערשפּרייטן איבער אַלע ווינקעלעך פון גרויסן שטח. און אַז פון אַלע שטעטלעך אַרום וועט מען קומען אַהער עולה־רגל זיין, ווי צו אַ הייליק אָרט.

די „יק"א" האָט כּסדר פאַרזיכערט, אַז אַ נייַ בלעטל מישט זיך אויף אינעם בוך פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין בראַזיל. מען האָט דער־ציילט און איינגערעדט, אַז די ערשטע גרופּע נייע אימיגראַנטן, וואָס וועלן זיך דאָ באַזעצן, זענען שוין אויפן וועג און, אַז בלויז צוליב די אומרועו אין לאַנד האָבן זיי זיך פאַרהאַלטן. און אַז אָט־אָט קומען זיי אָן.

מען האָט זיך די אויגן אויסגעקוקט. אַלטע מענטשן האָבן געבענקט נאָך אַ יונגן שטראָם, נאָך אַ צופלוס פון יוגנט; פּונקט, ווי די טרוקענע

פעלדער האָבן געבענקט נאָך אַ רעגן און די איינגעדאַרטע, פאַרשמאַכטע בלעטער — נאָך אַ שטורעם, וואָס זאָל אָפּיאָגן דעם שטויב פון זיי און דורכרוישן זייערע צווייגן.

*

ברוך כ״ץ האָט אָנגענומען דאָס מלמדות פשוט פאַר אַ מצווה, ווייל עס איז דאָך נישט קיין תכלית, מען זאָל קינדער לאָזן אַזוי אויפוואַקסן, ווי דאָס ווילדע גראָז אויף די פעלדער, ווו מען האָט אַמאָל געפּרוווט אַרויסקריגן זאַנגען... עס האָט אים קיינער נישט געשטערט און קיינער נישט צוגעהאָלפן. אַ גלייכגילטיקייט פון די קאָלאָניסטן צו זייערע אינסטי־טוציעס האָט אַרויסגעקוקט פון די אויגן. עפּעס אַ מידע מאַטקייט האָט זיך געלייגט איבער דער קאָלאָניע, ווי אַ לויפנדיקער טייך, וואָס איז מיטאַמאָל פון עפּעס פאַרשטעלט געוואָרן, און דאָס פאַרשטעלטע איז מיט דער צייט פאַרוואַקסן געוואָרן מיט אַ הייטל.

אַמאָל האָט דאָ גערעשט און גערוישט אין די ווענט פון דער שול. אַ הונדערט קינדער זענען יעדן טאָג געקומען צו רייטן אויף מאָגערע אייזעלעך, צוגעבונדן זיי ביי די סלופּיקעס, באַזאָרגט מיט אַלפאַלפע, און מען האָט פאַרנומען די בענק און די טישן. אַ לערער האָט געלערנט און איבער דער ברייטער לאָנקע האָט ווייט און הילכיק זיך צעקלונגען דאָס געזאַנג פון תלמידים.

דער בנין פון דער שול האָט אויך געדינט אַלס זאַל פאַר פאַרשטעלונגען און טענץ. נאָך די קליינע זענען געקומען די גרויסע. אין די פרייטיק־צונאַכטן און שבת־אינדערפריען האָט מען דאָרט געדאַוונט.

אָבער דאָס איז געווען אַמאָל, ווען אַקער־אייזנס האָבן אויפגעריסן די פאַרטריקנטע ערד, עס איז פאַרזייט געוואָרן האָפענונג, און מען האָט געוואַרט אויף דער ברכה. נאָר די ברכה איז קיינמאָל נישט געקומען. און ווי אויף אַלץ, האָט זיך די קללה אַריינגעצויגן אויך אין דעם דאָזיקן צענטער־הויז. די ווענט האָבן זיך עטוואָס אויסגעבויגן און געבליבן פון איין זייט ווי מיט אַן אַרויסגעשטאַרצטן בויך... די זון האָט קוים געקאָנט אַריינדרינגען דורך די פאַרשטויבטע שויבן. עס האָט גיכער געמאַכט

אַן איינדרוק פון אַ חורבה, איידער אַ זאַל, אין וועלכן עס האָט געטאַנצט דאָס יונגוואַרג און שיינע חלומות האָבן זיך געשפּונען.

פון דער אַמאָליקער האָפענונג זענען געבליבן אויסגעקרימטע בענק און הינקענדיקע טישן, אַ ברייטע בינע מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן פאָרהאַנג. עס האָט אויסגעזען, אַז דער דאָזיקער פאָרהאַנג איז שוין אויף אייביק אַזוי אַראָפּגעלאָזט געוואָרן, און אַז קיין שום האַנט וועט אים שוין מער נישט אַרויפציען.

עס איז דאָרט אויך געווען אַ ביבליאָטעק־שענקל מיט עטלעכע צונויפגעטוליעטע ביכלעך. אַן איבערגעקערטער לאָמפּ און אַן ארון קודש מיט אַ קורץ פּרוכתל, ווי די ספר תורה וואָלט דערפון אַרויסגעוואָקסן. און פונעם מגן דוד האָבן זיך געדריוולט גאָלדיק־פאַרזשאַווערטע צויטן...

אין דאָזיקן צימער האָט איצט ברוך כ״ץ געהאַט דעם „חדר״. ראָזינען איז אַוודאי נישט אָנגעשטאַנען, איר טרייסט איז אָבער געווען, וואָס ער נעמט נישט קיין געלט דערפאַר; אַז די קינדער לויפן אַרום פּוסט און פּאַס, און אַז אין דער היים איז זיי שלעכט, בפרט, די קינדער האָבן אים נישט גערופן „רבי״, נאָר „מורה״ אין דער שול, און „מאַעסטראָ״ אויסער דער שול. דאָס האָט איר באַפרידיקט...

די איניציאַטיוו צוריק אויפצולעבן דעם חדר האָט ער גענומען טאַקע אַליין, קיינעם נישט געפרעגט, אַפילו די דירעקציע אויך נישט. דערמיט האָט ער אַריינגעבראַכט אין „רייד״ די קאָלאָניסטן, וואָס האָבן זיך געזוכט צו כעסן. מען האָט אים באַשולדיקט אין אונטערהנפּענען זיך צו דער „יק״א״, אַז ער וויל ווערן זייערס אַ מענטש. אַז ער איז קיינמאָל נישטאָ אויף קיין פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג, און עס גייט אים גאָר נישט אָן זייער ווײ־געשריי.

האָט ער געענטפערט מיט אַ משל און אַ ראיה וועגן „תינוקות של בית רבן״, און וואָס האָט מען צו די „שעפעלעך״, וואָס מען רייסט זיי אָפּ פון לערנען, און אַז ווײ וועט זיין צו זיי, אויב זיי וועלן אויפוואַקסן ווי די טאַטעס. דערצו האָט נאָך ראָזינע געדראָט, אַז זי וועט אים פאַרשילטן די טעג, אויב ער וועט זיך נאָך ביי זיי איינבעטן, גלייך ער וואָלט די גאַנצע פּרנסה געהאַט דערפון...

האָט מען איינגעזען, אַז וואָס גלייך איז גלייך, האָט מען זיך נישט ווייסנדיק געמאַכט און ברוכל האָט אַליין די ערשטע צייטן צונויפגעבראַכט די קינדער אין חדר אַריין און מיט זיי געלערנט...

איבער דער גאַנצער „טעריטאָריע" איז נישט געווען קיין איין שול, אַפילו נישט קיין בראַזיליאַנישע, האָבן דערפאַר עטלעכע איטאַליענער און נעגער געשיקט זייערע קינדער צו ברוך כ"צן אין חדר אַריין. ברוכל האָט עס אויפגענומען ווי נאַטירלעך, און נאָך דערמיט זיך געגרויסט און אויפגעוויזן די יידישע עלטערן, וואָס עס הייסט הצטרכות פון לימוד. ער איז אָבער נישט נתפעל געוואָרן פון די גויישע תלמידים און מיט אַלע צוזאַמען געלערנט אַ ביסל ABC און דאָס איבעריקע אַלף־בית. אַרויס־געהאָלפן אין זיינע לימודים האָט אַן אַלטער סידור, וואָס איינע פון די דירעקטאָרישע דאַמען האָט איבערגעלאָזט. דאָס איז געווען אַ סידור, ווו דאָס דאַווענען איז פאַרטייטשט געוואָרן אויף פּאָרטוגעזיש, און כאָטש די ערשטע עטלעכע בלעטלעך האָבן געפעלט, און ביי די איבעריקע ביז שמונה־עשרה פון וואָכעדיקן דאַווענען זענען די ברעגן געווען אויסגע־צופּט, האָט זיך כ"ץ מיט דעם אַן עצה געגעבן, דער עיקר — אַז תהילים איז געבליבן.

ברוך כ"ץ האָט קיינמאָל נישט דערציילט אָט דאָס „בייזע ווונדער", וואָס די דריי איטאַליענישע יינגלעך, דאָס שוואַרצע שוועסטערל און ברודערל, קינדער פון אַ פאַרוואָגלטער נעגער־משפחה, וואָס האָט געאַרבעט אויף דער באַן, האָבן געזונגען די „התקווה" מיט ערפּוכט און געשטאַנען גלייך, צונויפגעצויגן אַ פוס צו אַ פוס און אַראָפּגעהאָנגען די הענט צוגע־פּרעסט צום לייב. ער האָט נישט געמאַכט קיין עסק פון דעם, וואָס אַלע קינדער קענען ביי אים אַ קאַפּיטל תהילים און אויפשרייבן אַ שורה: וואָס איז דאָס דער חידוש? אַ יידיש קינד מעג זיך אויסלערנען גויישע לשונות — און זיי יידישע נישט?

בלויז נאָר, ווען ער האָט איינמאָל אין דער וואָך, פרייטיק, בודק געווען די יינגלעך, צי האָבן זיי כשרע ציצית, האָט ער די נישט־יידישע באַפרייט פון דעם, דערפאַר האָבן די גויישע קינדער בשום אופן נישט געוואָלט עסן אָן אַ היטל, אַפילו אין זייערע היימען אויך נישט.

די הכנסה, וואָס די כ״ץ־פאַמיליע האָט געהאַט, איז באַשטאַנען אין אַ זייער מאָגערן געהאַלט, וואָס די „יק״א״ האָט אים געצאָלט אַלס שוחט. אויף דעם דאָזיקן געהאַלט האָט עס די עדה געערעדט און געמורמלט, ווייל עס איז באַוווּסט געווען, אַז נישט די „יק״א״, נאָר טאַקע די קאָלאָניע האַלט אים אויס. אַז די „יק״א״ דינט נאָר דאָ ווי אַ פאַרמיטלערין. זי נעמט ביי זיי און גיט עס אים. מען האָט אָפטמאָל אַרומגערעדט, אַז אייגנטלעך וואָס דאַרף מען אַ שוחט, אויב אינגאַנצן איין מאָל אין דער וואָך שעכט מען אַ שעפּס ?

אָבער אַז ברוכל האָט געקראָגן פאַרשידענע אָנבאָטן פון די אַרומיקע שטעטלעך, ער זאָל קומען צו זיי און אָננעמען די שחיטה, און אַז מען וועט אים געבן אַ גוטן געהאַלט, איז מען אייפערזיכטיק געוואָרן. מען האָט אָנגעהויבן אַרויסווייזן מער פריינדלעכקייט און אָפּשאַצונג און אָפטמאָל געגעבן אים אָנצוהערן, אַז עס וואָלט גוט געווען, ווען די „אַדמיניסטראַציע״ באַשטימט אים שכירות אויך אַלס מלמד, און אַז זיי וועט נישט אַרן, וואָס מען וועט אַוועקשטעלן אויפן בודזשעט נאָך אַ סומע, אַפילו אַז זייער חוב וועט זיך פאַרגרעסערן.

אָבער דערצו איז נישט געקומען. פון דער „אַדמיניסטראַציע״ האָט מען געלאָזט וויסן, אַז ווען די אימיגראַנטן וועלן אָנקומען, וועט מען אויך אַראָפּברענגען אַ „העברעיִשן״ לערער, און אַ לערער פון פּאָרטור־געזיש ; און אַז מען וועט אַוועקשטעלן אַ שול ווי עס באַדאַרף צו זיין. האָבן זיך די קאָלאָניסטן געשראָקן, פונקט ווי פאַר יעדער נייער איינפירונג, אַז דאָס וועט אויסגיין צו זייערע קעפּ און קעשענעס.

דאָס איינציקע פאַרדינסט, וואָס האָט אריינגעבראַכט עפּעס ר׳ ברוכלען, זענען געווען די בריתן. נישט נאָר אין דער קאָלאָניע, נאָר אין די שטעטלעך אַרום, ווו כ״צס שם אַלס מוהל איז באַוווּסט געוואָרן.

ר׳ ברוך איז אָבער נישט געפאָרן אין יעדן שטעטל און צו יעדן בעל ברית. נישט פאַר זיינע כוחות איז דאָס געווען און נישט פאַר דעם בעל ברית׳ס קעשענע. האָט ער דעריבער אָפּגעזוכט אַ שטעטל מיטן נאָמען „קרוז אלטא״ פאַר אַ מיטל־פונקט. אַהין איז ער געקומען צוויי מאָל אַ יאָר און די דערבייִיקע שטעטלעך און אַפילו דערפער, ווו עס האָבן

זיך פֿאַרוואַלגערט יידישע משפחות האָט מען אָנגעזאָגט וועגן דעם, אַז דער שוחט־מוהל איז געקומען. האָט מען פֿון אומעטום געבראַכט די קימ־פעטאָרינס, און ילדים, וואָס זענען אין משך פֿון יאָר געבוירן געוואָרן. מען איז פֿאַרפֿאָרן און זיך אָפּגעשטעלט ביי איינעם, וואָס האָט געקאָנט די געסט ברייטער אויפֿנעמען און זיך פיינער אויסצייכענען. די שטוב איז פֿול געוואָרן, נישט נאָר מיט די בעלי־שמחה׳ס און קימפעטאָרינס, נאָר אויך פֿון אייגענע און נאָענטע, וואָס זענען מיטגעקומען צו דער געמיינזאַמער ברית־מילה.

דער מילה־טאָג פֿלעגט מייסטנס פּאַרקומען זונטיק. יידן פֿון די פּאַר־שידענע שטעטלעך האָבן זיך דערוואַרעמט מיט יידישקייט, אויסגעקרעכצט זייער בענקעניש, מקנא געווען די קאָלאָניע, וואָס, ווי שלעכט עס איז זיי, זענען זיי כאָטש יידן, האָבן אַ שוחט, לעבן צוזאַמען און זענען נישט אָפּגעריסן פונעם כלל.

די בעלי־בריתן, אַ צען אָדער נאָך מער, האָבן געשיינט יום־טובדיק און די קימפעטאָרינס, וואָס זענען שוין עטלעכע חדשים אויפגעשטאַנען פֿון קימפעט, האָבן געמוזט זייערע „עופעלעך" צוריק איינוויקלען — אַרומ־גאַרטלען מיט וויקל־שנורן, אַריינלייגן אין קישנס און גרייט מאַכן צום „שניט"...

אויף די בריתן פֿלעגט ברוכל כ"ץ זיין אַ יחסן און אַרויסווייזן זיין יחסנות מיט ווערדע. זיין פֿריערדיקער שטאָלץ האָט זיך צוריקגעקערט צו אים, ער פֿלעגט אונטערזונגען; אַן איינגעהילטער אין טלית, פֿלעגט ער פּאַמעלעך אָוועקשטעלן אויפֿן טיש אַ שטיק אַפּטייק: פֿלעשלעך און וואַסערן, וואַטע און באַנדאַזשן. געבריט דאָס מוהל־מעסערל אין אַ בלוי פּייערל פֿון שפּירט, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ זיידן בענדעלע. דאָס האָט ער געוואָלט ווייזן דעם חילוק פֿון אַ היינטוועלטיקן מוהל, ביז אַ מוהל פֿון דער היים. אַז דאָ איז מען „סאַניטאַריש" און ער האָט אָפּגעשאַפּט די מציצה. בלויז נאָר פֿון געוווינהייט האָט ער בשעתן אַרומבינדן די ווונד געכאַפּט דאָס פּאַרבלוטיקטע מוהל־מעסער צווישן די ציין, ווי דעם חלף, ווען ער האָט אויסגעצופּט די פּעדערן פֿון דעם האָנס האַלדז...

ר׳ ברוך כ"ץ האָט דעם ברית דורכגעפֿירט מיט גרויס התמדה און ערנסט.

עפּעס האַנדלט זיך דאָך אין נפשות, און זינט עס האָט געטראָפן, אַז אַ ילד האָט נאָכאַנאַנד געבלוטיקט, האָט זיך אין אים עפּעס ווי אָפּגעריסן און ער איז געוואָרן נאָך מער פאַרזיכטיק.

ער האָט דריי מאָל געביטן די ברילן, אין דער מחשבה זיך מכין געווען, אַז די האַנט זאָל זיין שטייף און אָנגעצויגן ווי מיט דראָטן, אַז זי זאָל נישט ציטערן.

אַז ער האָט שוין געהאַט מער ווי די העלפט קינדער באַשניטן, האָט ער זיך דערלויבט אַ לצנותל:

— וויפל האָט מען היינט מל צו זיין, כן ירבו?

— אליהו הנביא וועט זיך טאַקע איינברענגען אַ גאַנג, הע?

האָט מען געלאַכט. אַפילו די מאַמעס, וואָס האָבן איצט געקרעכצט אויף דעם ווייטיק פון זייערע קינדער און זיך באַקלאָגט: ווען מען טוט עס זיי, ווען זיי זענען נאָך געווען פּיצלעך, וואָלטן זייערע יסורים נישט אַזוי גרויס געווען...

אָבער די באַשניטענע קינדער האָבן פון ווייטיק געשטויסן מיט זייערע פיסלעך אין די קישנס אַריין און מיט זייער געוויין פאַרהילכט די ברכות, וואָס ר׳ ברוך כ״ץ האָט פירגעזאָגט פאַר די בעלי־ברית און די קוואַ־טערשאַפטן.

## קאַפּיטל דרייצן

די פּעדעראַלע רייטער האָבן זיך געטראָגן, ווי ווירבל־ווינטן איבער דער קאָלאָניע. זיך איינגענעסט אין קאָלאָניסטישע הייזער, ווי קעסט־קינדער. זיך געהאַלטן תוצפּהדיק צו די טאַטעס, פאַרשייט צו די טעכטער און געחוזקט פון די מאַמעס. דעמאָלט איז מען זיך צונויפגעקומען צו דער יק״א־אַדמיניסטראַציע אויף אַן אסיפה, כדי צו באַקלערן, וואָס צו טאָן.

און כאָטש די אסיפה האָט אָנגענומען, אַז יעדן איינעם, וואָס איז טייער און ליב די מי, זאָל נישט דערוועגן אַוועקצוגיין, זאָל בלייבן זיצן אין זיין הויז, וואָרעם ווי שלעכט עס זאָל נישט זיין מיט די „שומרים״, איז עס אַלץ נאָך בעסער ווי האָבן צו טאָן מיט די גזלנים, וואָס האָבן זיך

פאַרקליבן אין די וועלדער און וואַרפן אָן אַ פּחד פון די טונקלנישן אַרויס.

און כאָטש ברוך כ״ץ האָט אויפגעוויזן מיט אַ ראיה, אַז אַ מלכות איז פּאָרט אַ מלכות, און אַז עס איז פּאָרט נישט הפקר, אַז מען קען זיך פּאַרקלאָגן, און דער עיקר: עס איז דאָ פאַר וועמען זיך צו באַקלאָגן.

און פּאַרן ווייב האָט ער געטענהט:

— איך פאַרשטיי נישט, וואָס פאַר אַ וועלט דאָ איז, אַז מען זעט דאָ גאָרנישט קיין עלטסטן צווישן די זעלנער! אַז ביי „אונדז״ אין עסטרייך איז געווען אַן אָפיציר, האָט מען אים דערקענט, איז ער געווען אָנגעטאָן אין בגדי־מלכות, האָט מען געהאַט דרך־ארץ, אי דאָס חיל, אי די ציווילע, און דאָ — גאָרנישט, אַלע אַלץ איינס אָנגעטאָן, גרין, ווי עס וואָלט זיך געווייקט אין גראָז. גיי ווייס וועלכער עס איז אַ פּשוטער סאָלדאַט, און ווער זייער אייבערהאַר איז...

נישט געקוקט אויף דעם אַלעמען, האָט דער באַשלוס, אַז מען זאָל נישט אָפּטרעטן פון די אייגענע שוועלן, גאָרנישט געהאָלפן. קוים איז איינער פון די יידישע קאָלאָניסטן אויף אַ מוראדיקן אופן געשאָסן געוואָרן און דערנאָך געפונען געוואָרן אַ צעשניטענער, ממש פּאַסן, האָבן זיך די קאָלאָניסטן, וואָס זענען געווען פאַרוואָרפן ווייטער פון דעם געפּלאַנעוועטן שטעטל, ביי די ברעגעס פון די וועלדער, די ערשטע זיך אַרויסגעצויגן, און מען האָט איבערגעלאָזט דאָס, וואָס מען האָט נישט געקענט מיטשלעפּן. אָן דער הסכמה פון דער אַדמיניסטראַציע האָט מען זיך דערנענטערט צום צענטער. און איידער מען האָט זיך אומגע־קוקט, האָט מען דאָס ערשטע פאַרנומען דעם בנין פון „סאַלאָן״. דער גרויסער זאַל איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַנטרינונגס־פּונקט פאַר די פּליטים. עס האָבן זיך באַלד באַוויזן נאַרעס, שטרוי און שעניקעס, בעטגעוואַנט און קיך־כלים. צום ערשט האָט די יק״א פּראָטעסטירט, געדראָט, אַז דאָס וועט אויסגיין צו זייערע קעפּ; אַז מען דאַרף זיך לערנען פון די גויישע קאָלאָניסטן, וואָס שטייען מיט ביקסן און מעסערס אין די הענט, און פאַרטיידיקן זיך אי פון דעם געשיקטן מיליטער אי פון די אָנפאַלנדיקע באַנדעס.

אָבער וואָס מער די אַדמיניסטראַציע האָט געטענהט, אַלץ מער

איז דער זאַל אָנגעפילט געוואָרן. איין משפּחה האָט אַפילו פאַרנומען די בינע און געמאַכט אַ באַקוועמע וווינונג פאַר זיך, אַנדערע האָבן זיך באַזעצט אין אָפיס, בלויז נאָר מיט מסירת־נפש איז דעם שוחט געלונגען צו פאַרהיטן דאָס צימער, ווו דער חדר איז געווען, ווו דער ארון־קודש און דאָס ביבליאָטעק־שענקל זענען געשטאַנען.

אַז מען האָט געזען אין דער קאָלאָניע, ווי די אַדמיניסטראַציע איז שוין גלייכגילטיק צו זייערע אייגענע פלענער, און אַז זיי זענען אַליין אין גרויס פאַרצווייפלונג, און אַז איבערפאַלן פון די באַנדעס אויף די דירעקטאָרן איז שוין אויך קיין נייעס נישט, כאָטש עס איז פאַראַן געגנוג שמירה — איז מען זיך שוין אַפילו פון די נענטערע פונקטן צונויפגעלאָפן. מען האָט פאַרכאַפּט די באַן־סטאַציע, די שפּייכלערס פון דער יק״א און זיך דאָרט באַזעצט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן איבערחזרן די אַלטע טענות, אַז פון דער קאָלאָניע וועט שוין גאָרנישט זיין, אַז דאָס איז ווי אַן אינדזל בלויז פון שוועבל, אַז אַלעמאָל — אַן אַנדערע צרה, און ווי לאַנג מען וועט נישט אויסרוימען די וועלדער פון די באַנדעס, וואָס האַלטן זיך דאָרטן תמיד אויף, איז אַ שאָד יידישער פלייס, יידישע מי.

מען האָט זיך געטרייסט און געהאָפט, אַז דאָס איז שוין דער לעצטער שטויס; ווי לאַנג קאָנען דען די רעוואָלוציאָנערן דאָרט אויסהאַלטן אין די וועלדער? אַז זיי וועלן זיך דאָך מוזן אונטערגעבן, בפרט, אַז מען האָט געפּירט מיט זיי „פרידלעכע״ אונטערהאַנדלונגען. די רעגירונג האָט צוגעזאָגט, אויב די אויפשטענדלער וועלן איצט פאַרלאָזן זייערע באַהעל־טענישן, וועלן אָפּגעבן דאָס געוועער און ווערן לאָיאַל צו דער מלוכה און געזעץ, וועט מען זיי אַלעמען אַמנעסטירן און זיי וועלן ווערן פרייע בירגער.

די רעבעלען האָבן אָבער געפאָדערט, אַז מען זאָל איינטיילן די ליידיקע שטחים לאַנד, וואָס ליגן אַרום די גרענעצן פון אורוגוואַי, און עס זיי אָוועקגעבן. מען זאָל זיי פאַרזיכערן מיט מיטלען, אַז זיי זאָלן דאָס לאַנד קאָנען באַאַרבעטן. אַ טייל הנחות האָט מען זיי צוגעזאָגט און מען האָט זיך געדונגען.

אין דער צייט פון די „אונטערהאַנדלונגען״ האָבן זיך דערווייל די צוזאַמענשטויסן געמערט. ביינאַכט האָט מען שוין געזען שאָטנס פון

איינזאַמע פיגורן קריכן ווי די מאַלפּעס אויף אַלע פיר, וויגנדיק זיך, שפּרינגען איבערביימער און ברעכן זיך דורך צווייגן. דער הונגער האָט געמוזט טיפער אַריינדרינגען צווישן די באַהאַלטענע מחנות. מען האָט זיך איינגעשטעלט און אַרויס פון די באַהעלטענישן, געכאַפּט, געראַבעוועט, אָדער געגנבעט. האָט זיך דערפון אָנגעהויבן אַ שיסעריי, ווי עס וואָלט געקראַכט דער וואַלד, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז שווערע העק פאַלן אויף די טרוקענע ביימער. דער עכאָ האָט אונטערגעכאַפּט דאָס קנאַלן און עס צעקלונגען ווי אויף פויקן אין דער הוילקייט פון דער נאַכט אַרום־און־אַרום.

✶

אָנגעזאָגט די בשורה סעניאָר כ״צן, אַז די טאָכטער איז געקומען, האָט מען אים אין דער „תלמוד תורה״.

עמעצער, וועלכער האָט געוווינט ביים „עסטאַסיאָן״ אין טאָל, האָט זיך דאָס אונטערגענומען די טירחה, און נישט איינשפּאַנענדיק אַפילו דאָס פערדל אין דעם צוויי־רעדערדיקן וועגעלע, האָט ער געשטעלט ברייטע שפּרייזן, געפּאָכעט מיט די הענט אַפילו דעמאָלט, ווען ער האָט זיך אָפּגערוט. וואָרעם די שול האָט זיך געפונען אָפּגערוקט פון דעם צענטער אויף אַ צוויי־דריי קילאָמעטער.

ברוך כ״ץ האָט אַוועקגעלייגט איין פינגער, שטייענדיקערהייט אויף אַ „פּ״ אינעם סידור, און אַזוי שטאַרק געקוועטשט, אַז עס האָט זיך אויס־געוויזן, ער וויל דאָס אות אָפּמעקן. דערנאָך האָט ער זיך אַ רגע מישב געווען, צי זאָל ער אָפּלאָזן דאָס חדר און גיין אַהיים זיך זען מיט דער טאָכטער. וואָרעם וואָס עפּעס איז זי פון דער העלער הויט אַראָפּגעפאַלן? נאָך איצט, אין אַזאַ צייט? ער האָט ווייטער געלערנט מיט די קינדער, געזאָגט מיט זיי און אונטערגעזאָגט די עברי, אָבער ער אַליין האָט שוין נישט געזען דאָס, אויף וואָס זיינע אויגן האָבן געקוקט, און נישט געהערט דאָס, וואָס אין זיינע אויערן האָט אָפּגעקלונגען.

צוערשט איז אים געקומען אויפן רעיון, אַז שוין, אַז אַנדזשע איז שוין אַן אלמנה. האָט ער קודם־כל אין זיך אַ זיפץ געטאָן. גראָד האָט אַ יינגל צו אים גערעדט, געפרעגט. ער האָט געענטפערט און דאָס יינגל

האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס. האָט ער אויפגעהויבן אויף אים אַ פּאָר גרויסע אויגן און אָנגעקוקט מיט פאַרוווּנדערונג. דערנאָך האָט ער זיך ווי געבייזערט און געבעטן:

— גייט אַהיים, קינדער, פאַר היינט שוין גענוג.

די קינדער האָבן אויפגענומען גערן די בשורה, דווקא דערפאַר, וואָס עס איז געקומען אַזוי אומגעריכט. ער אַליין, ברוכל, האָט זיך אויסגעטאָן די ברילן און זיך געלאָזט מיטן וועג אַהיים.

ביי זיין הייזל האָט ער שוין געטראָפן אַ צאָל מענטשן, סיי אינעווייניק, סיי אינדרויסן.

אַן אַנדערש מאָל וואָלט אים אַזאַ צוזאַמענקום שטאַרק געשראָקן און ער וואָלט פאַרשנעלערט זיינע טריט, איצט — האָט עס אים געפרייט און הנאה געטאָן. ער האָט געוווּסט, אַז צוליב אַ גאַסט איז דער צונויפלויף, און דער גאַסט איז זיין טאָכטער.

ער האָט זיך נישט געאיילט, נישט אַרויסגעוויזן קיין איבעראַשונג. ער האָט זיך פּאַמעלעך דערנענטערט, גלייך ער וואָלט פאַרמאָגט זיבן טעכטער און אַלעמאָל קומט אַן אַנדערע צו פאָרן.

די טאָכטער האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף אים קושן. ער איז געשטאַנען און געוואַרט, זי זאָל שוין אויפהערן מיט אירע „באַרישקייטן". אַנדזשע האָט זיך געפרייט מיט אים און באַדויערט. ער איז עלטער געוואָרן, גרויער און איינגעטריקנטער. ער האָט נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן אויף דער „באַגריסונג" און נישט געוווּסט אויף וואָס ער זאָל זי פרעגן. ער האָט מורא געהאַט עפּעס אָנצורירן אין איר, גלייך איר גאַנצע בשמה וואָלט באַדעקט געווען בלויז מיט וווּנדן.

נאָכדעם, ווי די שכנים האָבן זיך שוין געהאַט אויסגעפרעגט, און אַנדזשע האָט, אָנשטאָט צו ענטפערן, צונויפגעצויגן די ברעמען און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, זענען די שכנים זיך צעגאַנגען. דעמאָלט האָט דער טאַטע זיך ערשט גענומען נאָכפרעגן וועגן זאַכן, וואָס ער האָט גאָרנישט בדעה געהאַט צו וויסן. די מאַמע האָט מער געזעדט וועגן ריאָ נעגראָ, ווי וועגן איר איידעם. דערנאָך איז איינגעטראָטן אַ געפּרעסט שווייגעניש, גלייך ווי עס וואָלט עפּעס אַן אומגליק געהאַנגען אין דער

לופט. דערנאָך האָט מען ווידער אָנגעהויבן זיך אויספרעגן און אַלע פּרעגענישן און אָנצוהערענישן האָבן זיך געדרייט אַרום דער איינער פּערזאָן: זשאָזע. נאָר דאָס וואָרט און דעם נאָמען האָט מען נישט אַרויסגערעדט. מען האָט געוואַרט אויף שפּעטער, מען האָט עס אָפּגעלייגט אויף מאָרגן. טאַטע־מאַמע האָבן זיך איבערגעקוקט און פאַרשטאַנען זיך אויפן ווונק.

די ערשטע צוויי טעג האָט אַנדזשע זיך נאָך געהאַלטן גרויסשטאָטיש, אַרומגעגאַנגען אין הויז אין די זיידענע שלאָפראָקן, סאַמעטענע פּאַנטאָ־פעלעך און אַפילו געפּרווּווט באַקרעכצן, ווי אַזוי מען קען דאָ לעבן, אַז קיין וואַסער אין צימער איז נישטאָ און די מינדסטע באַקוועמלעכקייט פעלט. דער פאָטער האָט געמיינט, אַז זי וועט זאָגן, זי קאָן דאָ נישט שטיין און וועט וועלן אַנטלויפן צוריק, דעמאָלט וועט מען קאָנען עפּעס דערגיין. אָבער מיט אַ טאָג צוויי שפּעטער האָט שוין אַנדזשע אַנדערע לידער געזונגען. זי האָט פאַרביטן דעם לוקסוס אויף געוויינלעכע קליידער, גע־באָרגט ביי דער מאַמען. עס איז אין איר אַריינגעפלאָסן די פרישע גרינקייט פונעם טאָג און די ווייכע קילקייט פון דעם אָוונט. זי האָט זיך גאָרנישט געקאָנט אָפּלויבן פון דעם, וואָס ביינאַכט איז אַזוי קאַלט און מען מוז זיך צודעקן, געהאַלטן אין איין דערציילן חידושים, ווי זי האָט געציטערט און געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן, גלייך ווי קעלט וואָלט גאָר קיינמאָל נישט אויף דער וועלט געווען, אָדער גלייך זי וואָלט איבערגעלעבט אַן ערד־ציטערניש.

פון דער קאָלאָניע האָט זי קיינמאָל נישט געטראַכט און במילא נישט געדענקט, אַז די ערשטע קינדער־יאָרן האָט זי זיך דאָ געשפּילט, איצט האָבן זיך אויפגעעפנט טויערן צו איר זכרון און זי האָט זיך דערמאָנט אין זאַכן, אין מענטשן און געשעענישן, וואָס האָבן ממש איבערראַשט ראָזינען און זי האָט פאַר די שכנים געהאַלטן אין איין לויבן דער טאָכטערס גוטן קאָפּ קיין עין־הרע, און מיט דעם געמונטערט דעם מאַן, וואָס האָט כסדר אַרויפגערוקט די שוואַרצע ברילן־גלעזער אויפן שטערן, גלייך ער וואָלט געוואָלט אַריינקוקן אין זיינע אייגענע מחשבות.

*

פֿאַר דער שוחטקע — אָט אַזוי האָט מען זי גערופֿן, הגם עס איז איר נישט אָנגעשטאַנען — איז דער ענין פֿון אַנדזשעליטעס צוריקקער אַהיים נישט שטאַרק אָנגענעם געווען. זי האָט דערמיט געזען אַ צוריק־שטופּ פֿון אירע הונדערטער פּלענער. זי האָט שוין לאַנג זיך געגרייט אַריבערצוכאַפּן קיין סאַן־פּאַולאָ און מאַכן אַ סוף מיט די קויפמאַנס, אַהין אָדער אַהער. זי איז געווען זיכער, אַז עס וועט גיכער זיין אַהין. זי האָט אַלע אירע טראַכטענישן באַפּלאַנט און באַוואָרנט, אַז דאָס זאָל קומען ווי אַ פֿאָרשלאַג פֿון זייער זייט, פֿון די קויפמאַנס, אַז זי זאָל פֿאָרן „קינדס" וועגן קאָנען האַנדלען ווי אַ מאַמע.

זי האָט אויסגעקוקט אויף דער מינוט, ווען מען וועט שוין האַלטן ביי די צוועלף שורות. דאָס וואָלט געווען די איינציקע דערלייזונג אירע, דאָס איינציקע מיטל, וואָס וועט זיי אַרויסרייסן פֿון דער מדבר... זי האָט אַלע אירע האָפֿענונגען פֿאַרוועבט מיט דעם מאָמענט און האָט דערויף אַרויסגעקוקט, ווי אויף אַ הילף.

זי האָט גוט פֿאַרשטאַנען און געוווּסט, אַז די טאָכטער איז אַ „היינט־וועלטיקע", מען האָט איר צוגעטראָגן וועגן דעם, וואָס זי איז געווען אין ריאָ־דע־זשאַניירא, איינע אַליין געשטאַנען אין גרויסאַרטיקן האָטעל, געגאַנגען אין די שפּיל־פּלעצער, געטאַנצט אין די קאָסינאָס. זי האָט זיך געפֿרייט דערמיט, נישט דערפֿאַר, ווייל זי האָט געוואָלט און אין האַרצן געוווּנטשן דער טאָכטער אַ ביסל צעשטרייונג; און נישט, ווי אַ מאָדערנע מאַמע, אַריינגעדרונגען, פֿאַרשטאַנען דער טאָכטערס יסורים און בענקשאַפֿט און דעריבער ביי זיך מסכים געווען מיט דער פֿירונג, אַפֿילו זי זאָל וויסן, אַז די טאָכטער האָט אַ געליבטן. די מאַמע האָט אין דער פֿירונג געזען אַ דערנענטערונג צו איר אייגענעם ציל. אַז דערמיט וועט שוין איין מאָל פֿאַר אַלעמאָל אַריינגעטראָגן ווערן אין הויז פֿון די קויפמאַנס קריגעריי, און אַז אַלע צדדים וועלן, וואָס גיכער וועלן פּטור ווערן פֿון אַזאַ לאַגע.

ראָזינען איז גאָרנישט געפֿעלן דער טאָכטערס פֿירונג דערמיט, וואָס זי זאָגט נישט יאָ, אָדער ניין. ווען זי וואָלט וועלן, וואָלט זיך עס שוין לאַנג געהאַט געענדיקט. ווען זי וואָלט נישט אַלע מאָל אונטערגעקומען צו איר מאַן מיט אַ חנדל, מישטיינס געזאָגט, און דערמיט פֿאַרהאַלטן

דעם פּלאַן פון צעגיין זיך, וואָלט עס שוין לאַנג גענומען אַ סוף.

זי האָט דעריבער איצט געפּאָרשט און נאָכגעזוכט ביי אַנדזשען טיף אין די אויגן, צי איז שוין נישט נאָך אַלעמען. צי האָט זי שוין נישט אָפּגעטאָן אַ נאַרישע מעשה און האָט זיי איבערגעלאָזט אַלץ מיט אַנאַנדער, אָפּגעגעט און אַרויס מיטן הוילן נאַקעט?...

ראָזינע האָט נאָכגעזוכט יעדער וואָרט פון אַנדזשען, ווי אַ הון שאַרט מיטן פּיסל אין מיסט, וועלנדיק דאָרט געפינען עפּעס פאַר זיך. אַנדזשע האָט געשוויגן וועגן דעם, ווי עס וואָלט גאָרנישט הינטער איר עקזיסטירט. זי איז געווען לוסטיק און מונטער, פאַרשייט און שטיפעריש. דער טאַטע און די מאַמע האָבן באַמערקט, ווי אַ גרויסע ענדערונג איז געוואָרן אין זייער קינד, זינט זיי האָבן זי געזען דאָס פריערדיקע מאָל. די גאַנצע קאָלאָניע האָט אויפגעהעלט. אין יעדער שטוב און אין די באַראַקן, ווו מען האָט זיך געהאַט אויסגעלייגט אויף ברעטער און נאַרעס, האָט מען אַלץ געשמועסט וועגן איר. די צוויי אַדמיניסטראַטאָרן פון דער קאָלאָניע האָבן אַרויסגעוויזן פאַר איר גרויס אָפּשיי און זי אָפּט איינגעלאַדן צו זיך. דער בוכהאַלטער זייערער, וואָס איז געווען אַן אייגענער מענטש פון דער „יק״א״ און אַ בחור דערצו, האָט זיך געשפּיצט די וואָנסעלעך און אָנשטאָט אויפן אַקסל, האָט ער גענומען טראָגן די ביקס אין דער האַנט...

איינמאָל, עס איז געווען אומגעריכט סיי פאַרן פאָטער און סיי פאַר דער מוטער, האָט זיך אַנדזשע אָנגערופן:

— און ווו איז ערגעץ דער דאָמינגאָ?

סיי ברוך און סיי ראָזינאַ האָבן זיך דערפילט אומבאַקוועם פון איר פראַגע. זיי האָבן זיך, ווי אָפּגערעדט, ביידע געשוויגן.

אַנדזשע האָט אָפּגעוואַרט אַ רגע און נאָכאַמאָל געפרעגט. די מאַמע האָט דערקענט, אַז דאָס מאָל איז דער טאָכטערס פראַגע נישט סתם אַזוי פון נייגעריקייט וועגן. זי האָט מיטאַמאָל פאַרגעסן, וואָס הינטער איר איז פאָרגעקומען, אַז די צייט האָט אָפּגעווישט דאָס פריערדיקע און אַז די באַדינגונגען זענען איצט גאָר אַנדערע. פונדעסטוועגן האָט זי צונויפ־געשנירלט די ליפּן אַזוי פעסט, אַז שפּייעכץ האָט גענומען אַרויסשפּאַרן פון די ווינקלען פון איר מויל. זי האָט זיך דערנאָך אָנגעגוידערט, ווי עס

וואָלט דאָרט אין אַ טאָרבעלע געהאָנגען איר יחוס און האָט אויסגעבייטלט אַלע אירע וויסטע חלומות צו די שונאימס קעפּ און לייב און לעבן. און מיט אָנגעשטעלטער התראה האָט זי געוואָרנט און איבערגעפרעגט:

— וואָס עפּעס אינמיטן דערינען דער יונג? אַן איינפאַל דאָס איז?

## קאַפּיטל פערצן

נישט אַזוי גרינג האָט זיך דאָניע אונטערגעגעבן אָט דעם גורל זיינעם. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דאָס איז עפּעס דער שווערסטער באַרג, וואָס לייגט זיך אויף אים אַרויף, און אַז דער וועג „אַהין" איז דער אומבאַקאַנטסטער פון אַלע וועגן, און אַז דאָס איז דער סוף זיינער. אַז זיין ווילדער כוח וועט דערשטיקט ווערן אין אים, און ער — צוזאַמען מיט זיין כוח.

דער אומרו, דאָס פלאָנטערן זיך אין די גרויסע שטעט האָט געשטילט זיין בענקשאַפט און ער האָט מורא געהאַט, אַז אין דער שטילקייט פון „דאָרט" וועט „עס" זיך ווידער אָנהויבן און עס וועט נישט זיין אַפילו פאַר וועמען און פאַר וואָס די הענט צו צענעמען.

דער ליטוואַק האָט אים „אויסגעשוועבקט", אויסגעשאָבן, ווי מען שאָבט אויס אַ פיש. ער האָט צונישט געמאַכט אַלץ, וואָס ער טראַכט. דאָניע האָט זיך געוואָלט אָנכאַפּן אין עפּעס, און האָט דערמאָנט כוואַנעס נאָמען.

ביז איצט האָט דער ליטוואַק אים גאָרנישט דערציילט, וואָס ער ווייסט וועגן איר. כאָטש ער האָט געגלויבט אין כוואַנעס הייליקע געפילן צו אים, און כאָטש ער האָט דעם יונג ליב געהאַט, האָט ער אָבער געהאַלטן, אַז דאָניע פאַרשוועכט זיי, די געפילן אירע. ער האָט אַליין נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס ער קומט צו אַזאַ באַשלוס. ער האָט דעריבער מיט אַ ריין געוויסן נישט איבערגעגעבן דאָמינגאָן דאָס גאָלדענע מעדאַליאָן־הערצעלע מיט זיין בילד — אַלץ, וואָס איז געבליבן פון דעם אָרעמען מיידל.

זעענדיק, אַז דן רייסט זיך נאָך, האָט ער קורץ, ווי מען גיט אָפּ אַ באַריכט וועגן געפאַלענע אין אַ שלאַכט, אָדער אין אַ מגפה, דערציילט,

אַז כּואַנאַ איז געשטאָרבן אין סאַנאַטאָריום סאַנטאָ מאַריאַ, ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק.

דאָניע האָט נישט געפרעגט פונוואַנען ער ווייסט עס. פאַר אים איז געווען זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דער ליטוואַק מוז אַלץ וויסן. ער האָט נישט געוווּסט, וואָס פאַר אַ שייכות האָט דער „פּאַדלעס" טויט פאַר אים, נאָר ער האָט געפילט, אַז דאָס איז דער לעצטער טריט זיינער, אַז ווייטער שטייט שוין אַ וואַנט.

ער האָט אָנגעהויבן דערפילן, אַז די שווערקייט פון די דורכגערוישטע טעג נעמט אָנפילן זיינע ביינער ווי מיט צין. אַ מידקייט האָט זיך מיט־געשאַרט מיט אים און געשניטן אונטער די קניען. ער האָט געוואָלט רו, און כאָטש נישט פאַרטראַכט זיך דערויף, האָט ער שוין געבענקט נאָך אַן איינגעשטעלט לעבן. וואָס וועט ער זיך אַרומשלעפּן איבער דער וועלט? אַז וואָס ער טוט, קומט קיין גוטס נישט אַרויס, פאַרשרפעט זאָל עס ווערן!

עס האָט אים אָנגעהויבן גלעטן דאָס „אייגענע לאַנד", וואָס דער ליטוואַק האָט אין אים איינגעזונגען. בורעקלעך און מערעלעך, פרישע, יונגע ציבעלעך און ראש־חודש־רעטעכלעך... עס האָט אים אָנגעשמייכלט אַ קינדערישער גלויבן, אַז שפּילעכלעך זענען ווירקלעכע זאַכן. דערנאָך איז ער ווידער געוואָרן גלייכגילטיק צו דעם אויך. אים האָט נישט געאַרט, וואָס באַלד אינגיכן וועט זיין ווייבעלע, דאָס דאַרע נאַשער־ווײַדעלע, דינהלע, דעם פּאַפּיראָסניקס טעכטערל, אָנקומען צו אים, אַז סיי ווי וועט ער זי אויסשפּייען און באַלד אינגיכן פּטור ווערן...

פון זיינטוועגן האָט זי געמעגט נישט קומען. ער איז באַשטאַנען צו פאָרן אין דער קאָלאָניע, ווייל קיין צוריק־וועג איז נישט געווען; אַז פון אַלץ, וואָס ער האָט אָנגעהויבן, האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. די גאַנצע וועלט איז קעגן אים איינעם אַליין. דערצו האָט אים דער ליטוואַק גוט געגעבן צו פאַרשטיין, וואָס זיין סוף קאָן זיין, אַז ער וועט אַריינפאַלן צו די פעדעראַלן אין די הענט. אַז דעמאָלט וועט מען אים אויסשמירן דאָס פּנים אין סמאָלע און אַראָפּלאָזן מיט אַ שטריק אויפן האַלדז אין ים אַריין. אַזוי אַז טאָמער וועט ער קאַפּויער שווימען, זאָל מען אַפילו זיין טויטן גוף נישט דערקענען.

דעמאָלט האָט דער סעניאָר קלמן אים אַ ביסל אויסגעקליידט, געקויפט אַ בילעט ביז וווהין ער האָט געדאַרפט.

ווען עטלעכע יידן פון קוריטיבאַ, און צווישן זיי סעניאָר קלמן און גאָלדוואַרזשיוועצקי האָבן זיך געהאַט געזעגנט, איז דער ליטוואַק באַכאַמאַל אַרויף אויף דער באַן, עפּעס געוואָלט דאַניען זאָגן, נאָר האָט גאָרנישט געזאָגט. ער האָט אים אַ דריק געטאָן די האַנט און געפילט, אַז ער פאַרשיט דאָס לעצטע לאָפּאַטקעלע ערד איבער אַן אומפאַרשטענדלעכן קבר.

*

ווען דן־דאָמינגאָ איז אָנגעקומען אין עריבאַנגאָ, האָט ער געזען ווי פון דער באַן, פון דעם זעלביקן וואַגאָן, וואָס ער איז אַרויסגעגאַנגען, איז אויך אַרויסגעקומען נאָך אַ מענטש, אַ הויכער, אַ דאַרער מיט אַ צונויפגעגאַנגענעם שניט אויף דער באַק, און דער קאָפּ איז געזעסן ווי קרומלעך איינגעשרויפט צווישן די אַקסלען.

דאַניע האָט זיך דערשראָקן פאַרן דאָזיקן נפש. קודם דערפאַר, וואָס ער האָט זיך צופיל געדרייט אַרום אים, געפאַרשט אין די אויגן. זיך אָפּגערוקט, נעלם געוואָרן און ווען ער איז שוין געווען אָפּגערוקט פון דער באַן־סטאַציע אויף דעם וועג צו דער קאָלאָניע, איז יענער אויסגע־וואַקסן, געגאַנגען עטלעכע שפּאַן מיט אים, נאָענט, טריט ביי טריט און — זיך ענדלעך אַוועקגעדרייט און פאַרשוווּנדן געוואָרן.

דאַניע האָט נישט געאַנט, אַז דאָס ווערט ער די גאַנצע צייט נאָכגע־שפּיאָנירט און געהיט. אַפילו ווען ער איז געווען אין „באַוואַ פּאָלאָניאַ", אין קוריטיבאַ, זענען אויף אים געהאַנגען די אויגן פון דער פּעדעראַלער געהיים־פּאָליציי. ער איז געווען ווינציק פאַרזיכטיק, נישט פאַרשטאַנען אַפילו, אַז מען דאַרף זיך היטן און אויסבאַהאַלטן. אין די ראַפּאָרטן האָבן די פיר־אויגיקע זיך געוויצלט וועגן דעם פאַנטאַסטישן „זשודעאָ". די געהיים־אַגענטן האָבן אָבער געוואָלט צוגעבן וויכטיקייט זייער מיסיע, און אַז זייער „וואַכענדיק אויג" איבער „דאָם דאָמינגאָ" איז פון גרויסן באַטייט. האָט מען געמעלדעט וועגן אַלע זיינע געגג און מעשים, אַז דאָ קומט ער פאָר ווי אַ פּאָליאַק, דאָ — ווי אַ רוסאָ. דאָ גייט ער געשווירן — דאָ פאַרוואַקסן. היינט איז ער אַ פאַרמער — מאָרגן אין אַ פאַבריק.

אין הויפט־אָפיס פון דער „וועסטיגאַסיאָן" האָט מען שוין געוווסט, אַז דער „דאָם" דערנענטערט זיך צו די וועלדער פון קואַטרא אירמאַנאָס. עס איז גאָר קיין ספק נישט געווען, אַז ער האַלט אָן דעם קאָנטאַקט מיט די פאַרבליבענע רעשטלעך פון די רעוואָלוציאָנערן, וואָס ליגן איינגע־פעסטיקט דאָרט, און אפשר — פירט ער געווער פאַר די באַנדעס. אַ באַפעל האָבן די טעלעגראַף־דראָטן אָפּגעקלאַפּט אים צו אַרעסטירן, ווי נאָר ער וועט זיך פאַרנעמען אין וואַלד אַריין, און צוזאַמען מיטן באַפעל האָט זיך אַוועקגעלאָזט אַ פּאַטרול פון פעלד־פּאָליציי, וואָס האָט זיך געפונען אין יענעם ראַיאָן, כדי באהילפיק צו זיין דעם ספּעציעלן באַאַמטן פון „וועסטיגאַסיאָן".

✶

פון דער דאָזיקער באַגעגעניש איז דאָניען אומהיימלעך געוואָרן און ער האָט זיך שוין אָנגעהויבן כעסן אויף דעם ליטוואַק, וואָס האָט אים פאַרשיקט, כדי ער זאָל זיך אַליין אַריינבאַרן אין זאַק אַריין... ער האָט פאַרשנעלערט די טריט און אינמיטן גיין זיך אָפּגעשטעלט, איינגעהערט צי דערטראָגט זיך נישט אַ שאָרך פון טריט, אָבער אַחוץ אַ רויש אינעם וואַלד, פון די צווייגן, וואָס די מאַלפּעס האָבן געבראָכן, האָט ער גאָרנישט געהערט. ער איז אָבער געוואָרן אומרויִקער און געפּרעסטער.

געזגנט דעם וועג ביז דעם דאָרף האָט ער נישט געוווסט. דער ליטוואַק האָט אים נאָר אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל נישט פאַרלירן קיין צייט און זיך גלייך אַ רוק טאָן אין דער קאָלאָניע אַריין, סך־הכל איז עס עטלעכע קילאָמעטער.

ער האָט באַשלאָסן צו ענדערן דעם וועג, אַריינשניידן זיך אין וואַלד און דורכקרייצן אין דער ברייט. סיי־ווי האָט ער געזען אַן אויסגעטראָ־טענעם וועג — מסתמא פירט דאָך דאָס ערגעץ־ווו. אָבער פּלוצלינג, פון אונטער דעם ערשטן בוים האָט ער זיך אָנגעטראָפן מיט דעם פּנים פון דעם „שפּיצל". יענער איז געשטאַנען גלייך, זיך געוויגט הינטערווייל־עכץ, אויף די אָפּצאַסן. דאָניען האָט זיך געדאַכט, אַז דער דאָזיקער איז נאָר־וואָס אַ בוים געווען און זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מענטשן.

וואָס מער דער „אַגענט” איז געווען רויק און געוואַרט ביז ער וועט זיך אַליין אויסשמייכלען, אַלץ מער האָט זיך דאַניע צעברענט, געוואָרן אומגעדולדיק און זיך נערוועזיש געגריבלט אין די נאָז־לעכער. ער האָט נישט געוווּסט, וואָס דאַרף ער טאָן: גיין, לויפן, אָדער שטיין?

ענדלעך האָט זיך דעם אַגענט אויך צוגעגעסן דער שווייגנדיקער שפּיל, האָט ער אים מיט אַ „פריינדלעכער” שטים, וואָס האָט זיך ווי פון אים אַרויסגעזשאַווערט, געפרעגט:

— וווּהין, סעניאָר?

דאַניע האָט דערקענט, אַז אין וואָרט „סעניאָר” איז געלעגן חוזק און פאַראַכטונג; האָט ער בדעה געהאַט נישט צו ענטפערן, נאָר איידער ער איז צו דער דעה געקומען, האָט ער שוין געהאַט געענטפערט ווי פּטור צו ווערן:

— אין דאָרף, אין קואַטראָ אירמאַנאָס.

דער שפּיאָן האָט זיך ממש אָנגעשטרענגט צו שמייכלען און צו ווייזן דאָמינגאָן, אַז ער שמייכלט און במילא פילט ער זיך זיכער, האָט ער געזאָגט:

— נישט דער וועג איז דער ריכטיקער, סעניאָר.

ער האָט געקוועטשט די „ביאָ” און עס איז אַרויסגעקומען ווייך, אונטער דער נאָז.

דאַניע האָט זיך געמאַכט, ווי ער פאַרשטייט נישט די באַליידיקונג און געענטפערט דרייסט:

— איך ווייס, סעניאָר מיאָ.

האָט דער באַאַמטער דאַניעס „קוועטש” אויפן וואָרט „מיאָ” גענומען אויף זיין חשבון, אָפּגעווישט דעם שמייכל, צוגעגאַנגען נענטער, ווי אָנצופאַנגען ערנסט:

— און פאַרוואָס האָסטו זיך גענומען אויף דעם וועג, דורכן וואַלד?

דאַניע האָט געשוויגן, געוואַרט אויף דעם, וואָס וועט נאָכקומען און דערווייל זיך אויסגעקוקט אַ וועג.

דער אַגענט האָט נישט לאַנג געלאָזט וואַרטן:

— ווי אַזוי הייסטו?

דאַניע האָט געשוויגן. דער אַגענט האָט אַפּערגעהויבן זיין לאַץ און פּאַר דאַניעס אויגן האָט אַ בלענד געטאָן אַ בלעכל, וואָס האָט זיך גראָד צונויפגעטראָפן מיט אַ שטיקל שטראַל, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן פון אַ גרין בלעטל. דער אַגענט האָט געמאָנט ווי אַ חוב:

— אַז מען פרעגט דיך דיין נאָמען?

דאַניע האָט נישט געענטפערט. האָט דער אַגענט אַרויסגענומען אַן אויסשניט פון אַ צייטונג, האָט אַ קוק געטאָן אויף אים, אַ קוק אין דער צייטונג, און דערנאָך נאָכאַמאָל דאָמינגאָן טיף אין די אויגן, ווי זיך צו איבערצייגן, אַז ער מאַכט נישט קיין טעות. האָט ער שוין בייז אויסגעקריצט:

— אין די וועלדער אַריין... איז דאָקטאָר אַלפרעדאָ ריאָ מאָטאָראָזאָ אויך דאָרט?...

דאַניע האָט נישט געוווסט פון וואָס צו זאָגן, נאָר ביי דעם וואָרט „מאָטאָראָזאָ" האָט אין אים אויפגעבליצט די געשטאַלט פון גענעראַל דע־לאָפּעז און מער פון אַלץ דאָס בילד בעת דער גענעראַל איז אויסגעגאַנגען.

און איידער דאַניע האָט זיך אויסגעטראַכט, האָט ער, ווי פריער דעם שפּיצל, איצט פּלוצלינג דערזען נאָענט, כמעט אויף זיך, שטייען פיר פּאָליציייליט, איינער מיט אַ ביקס אויף די אַקסלען און די איבעריקע גוט באַוואָפנט. די היטלען זענען געווען באַפעסטיקט אויף די קעפּ מיט מעטאַלענע בענדלעך, פאַרריגלט אונטער די גאָמבעס.

דער ציווילער געהיים־אַגענט האָט באַפוילן:

— גיב אָפּ דאָס געווער!

איינער פון דעם פּאַטרול איז אַרויסגעטראָטן, אַ קלאַפּ געטאָן אַ שטיוול אין אַ שטיוול, אַז די שפּאָרן האָבן זיך צערוישט. ער האָט זיך איינגע־בויגן, ווי אַ הילצערנע לאַלקע, און באַטאַפּט דאָמינגאָן.

אַז ס'איז געקומען צו דעם מעסער, וואָס איז געווען פאַררוקט אין דאַניעס גאַרטל, האָט דאַניע ווי אַ בליץ וואָלט זיך אין אים אַ דריי אַריין געטאָן, — פלינק געגעבן אַ צעוויקל זיינע אָרעמס אוןביידע צונויפ־געהאַמערטע פויסטן האָבן מיט איינמאָל געגעבן אַ שלאָג אַן מיט אַ קנאַק אויף ביידע פּאָליציי־מענטשן. דאָס פּלוצלינגדיקע האָט אים אַליין

באַרוישט און פאַרשיכורט, און נאָך איידער זיינע שומרים האָבן זיך געקאָנט אויפהויבן, האָט ער שוין געשטעלט פיס און זיך געקרייזלט דורך דיביימער און קוסטן.

דער ערשטער, וואָס האָט נאָכגעשאָסן, איז געווען דער ציווילער אַגענט. נאָך יעדן שאָס איז ער געבליבן שטיין, כדי צו זען אויב ער האָט געטראָפן דעם פאַנג. נאָר אַז דאָמינגאָ האָט ווייטער געצויגן, איז ער מיט אַ שנעלן שפּאַן נאָכגעגאַנגען. דער לעצטער שאָס האָט געטראָפן דאָניען נאָענט צום בויך. דער אַגענט האָט געשטראַלט פון נצחון. זיין אין דער קרים אַריינגעשרויפטער קאָפּ האָט זיך נאָך משופּעדיקער געלייגט אין אַ זייט, אַזוי אַז איין אויער איז אויסגעקומען נאָענט צום אַקסל, ווי ער וואָלט זיך איינגעהערט ווי די פרייד שלאָגט אין האַרץ.

די איבעריקע פון פּאַטרול האָבן דאָמינגאָן אויפגעהויבן פון דער ערד, ווי מען הייבט אַרויס אַ ווילדן פאַרצווייגטן וואָרצל. אָבער קוים איז דאָניע געשטאַנען אויף איין פוס, האָט ער געפּרוווט זיך נאָכאַמאָל פאַר־מעסטן. מיט איין האַנט האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אין אַ צווייג און מיט איין פוס אַ בריקע געטאָן איינעם פון די פּאָליציי־לייט אין פּנים אַריין.

דעמאָלט האָט זיך די קאָלבע פון דער ביקס צעקלונגען מיט רציחה איבער דאָניעס פּלייצעס, ווי מיט שטאַרקע פויסטן אין אַ צוגעמאַכטן לאָדן אַריין.

✶

אין דער אַדמיניסטראַציע פון דער קאָלאָניע האָט מען זיך געריכט, אַז עס דאַרף אָנקומען אַ יונג, וואָס זיין נאָמען איז דאָמינגאָ.

עס זענען דערהאַלטן געוואָרן רעקאָמענדאַציעס פון דער ביוראָ אין ריאָ־דע־זשאַניירא.

אין די פּריוואַטע צושריפטן האָט מען דערציילט, אַז דאָמינגאָ איז אַ יונג אַן אייזן, און אַז ער וועט זיך באַזעצן אין דער קאָלאָניע, וועט זיי שוין קיין בייז נישט געשען און די באַנדיטן וועלן זיך צעלויפן, ווי די קאָמאַרעס פאַר רויך...

די דירעקטאָרן האָבן נישט געהאַט קיין אַנונג, אַז דאָס איז דער

„סאַן דאָמינגאָ", וועגן וועמען מען האָט געשריבן נאָכן סאַן־פּאַולער אויפשטאַנד. אַחוץ אין דער געגנט פון סאַן־פּאַולאָ, האָט דער נאָמען בישט אַרויסגערופן קיין שום אָפּקלאַנג. די אַדמיניסטראַציע האָט געפּלאַנט שוין פון אָנהייב אָן אים אַריינצונעמען אין אירע הענט. עס זענען איצט, אין די אומרוּיִקע טעג, נויטיק געווען יידישע מענטשן, וואָס זאָלן קאָנען דערלאַנגען אונטער די ציין. מען האָט אים אויך רעקאָמענדירט פאַר אַ גוטן שיסער, — אַן אומדערשראָקענער און דרייסטער.

מען האָט, ווי מיט אַ באַזונדערן גענאָד, אים צוגעגרייט אַ וווינונג. דאָס האָט געזאָלט זיין דאָס ערשטע הויז צווישן דער נייער גרופּע הייזקעס, וואָס זענען געבויט געוואָרן פאַר די „אימיגראַנטן, וואָס זענען שוין אין וועג". עס איז צעמאָסטן געוואָרן אַ גרויסער שטח לאַנד פון אויסגע־קאָרטשעוועטן וואַלד. אין דער קאָלאָניע האָט מען זיך דערוווּסט וועגן אים ווי וועגן אַ מופת, וואָס דאַרף זיך באַווייזן, פאַר אַ באַשיצער און אַן אויסלייזער.

דעם טאָג אָבער, וואָס דאָניע האָט געדאַרפט אָנקומען, איז נאָך פריער, פאַר אים, אָנגעלאָפן דער שוחט ווי אַ ביזע שרעק. עס האָט קיינער, דאַכט זיך, נישט געזען, ווי אַזוי ער איז אַריין, גלייך ווי אַ דונער דורכן קוימען. די ליפּן האָבן זיך שנעל באַוויגן, ווי ער וואָלט עפּעס געקייט אָן ציינער. ער האָט געכאַפּט דעם חלף און דאָס מוהל־מעסער, פאַרוויקלט אין אַ האַנטוך און עס פאַרשטעקט אונטערן קישן. ער איז געווען צעטומלט און אין טומלעניש האָט ער אַרויסגעקרעכצט:

— דער יונג! מען קוילעט!

די וויסטע בשורה האָט דורכגעציטערט די לופט. דער אָנזאָג האָט ממש עלעקטריזירט די קאָלאָניע; מען האָט זיך אַרויסגעלאָזט פון די הייזער, אַלטאַנקעס און כאַלופּעס, ווו נאָר מען האָט זיך געהאַט איינגע־נעסטיקט צוגעטוליעטע איינער צום אַנדערן.

מען האָט אויפגעבראַכן פאַרשלאָגענע הינטער־טירן, געריסן ברעטער און געוואָרפן חפצים און שטוב־זאַכן, ווי עס וואָלט פון יעדער הויז זיך געריסן פלאַמען.

דער עולם איז געלאָפן וווּהין מען האָט געזען אַנדערע לויפן. צוערשט,

ווי אַ סטאַדע צעשראָקענע פייגל אין אַ האַלבן קרייז; דערנאָך האָט מען זיך געכוואַליעט איבער פעלדער און בייטן, זיך געהויבן אויף בערגלעך און פאַרזונקען געוואָרן אין טאָלן, מען האָט געשניטן וועגן אין דער שיף און געצויגן נענטער און נענטער צום שליאַך, וואָס פירט קיין עריבאנגאָ.

פון אומעטום, פון אַלע זייטן און שטעגן זענען צוגעפלאָסן מענטשן — יידן און נישט־יידן — ווי וואַסערן, וואָס גיסן זיך צונויף אין איין שטראָם. עס זענען גאָר אפשר נישט געווען אַזויפיל מענטשן אין דער צאָל, ווי עס האָט זיך יעדן איינעם אויסגעוויזן.

מען איז צוגעקומען צום וועג, וואָס דאַרף דורכשניידן דעם וואַלד. אַ מאַן אין ציווילע קליידער האָט אַלעמען אָפּגעשטעלט. אַ רעוואָלווער האָט געבלאַנקט אין זיין האַנט. דעם מאַנס פנים האָט זיך געקנייטשט מיט פאַלדן און אַ גראָבער ציגאַר האָט זיך געדרייט, ווי אַן אַקס, אין אַ ווינקל פון זיין מויל.

אָבער גאָרנישט ווייט, עטלעכע שפּאַן אין גרינעם שאָטן פון וואַלד, האָט מען געזען עטלעכע לייט אין מיליטערישע קליידער. איינער פון זיי האָט זיך געווישט דעם שטערן מיט אַ טיכל. צוויי אַנדערע זענען געזעסן בידעריק, איינגעקניט, און איבערגעבויגן צום פנים פון דאָמינגאָ, וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן און שוואַך געקרעכצט.

צווישן די, וואָס זענען שוין געשטאַנען באַענט צו דעם ליגנדיקן, איז אויך געווען ראָזינע. זי איז געווען בלייך, ווי אָפּגעבלויטער קאַלך. זי האָט גאָרנישט גערעדט. געשטאַנען אויף אַן אָרט און זיך געשאָקלט, געוויגט זיך מיט איר גאַנצן גוף ווי אַ בוים אונטער אַ שטורעם־ווינט. דאָס פנים איז געווען בייניק־טרוקן, די אויגן אויסגעקוועטשט. זי האָט געבראָכן די פינגער, זיי איינגעבויגן און אויסגעגלייכט. זי האָט יעדן אָנגעקוקט, און עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז דאָס וואָרט, וואָס זי באַוויינט, ווערט אַרויסגעזונגען: „דאָמינגאָ!״

*

דער ספּעציעלער שליח פון דער הויפּט־געהיים־פּאָליציי איז געזעסן ביים שרייב־טיש אין דער ביוראָ פון דער יק״א־אַדמיניסטראַציע. ער האָט נערוועז אַרויפגערוקט און אַראָפּגערוקט זיין הוט איבערן שטערן. אין ווינקל פון זיין מויל האָט זיך געדרייט דער אויסגעלאָשענער ציגאַר. ער האָט אים אַלעמאָל אַרויסגענומען פון צווישן די ליפּן, אָפּגעביסן אַ טייל פון פּיכטן שפּיץ און ווידער אַריינגעדרייט אין מויל אַריין. ער איז געווען אויפגערעגט. עס איז אים נישט געלונגען פון „דאָם דאָמינגאָס״ מויל קיין וואָרט אַרויסצוקריגן וועגן דער באַהעלטעניש פון ריאָ מאָטאָ־ראָזאָן. ער האָט זיך אָבער באַמיט די אויפרעגונג נישט אַרויסצווייזן. ער האָט גערעדט צו די דירעקטאָרן העפלעך און מיט באַדויערן, וואָס דער „באַנדיט״ האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און ער איז געצווונגען געווען צו באַנוצן געווער.

ער האָט דערציילט פּאַראַיינוועגס, וואָס פאַר אַ „פויגל״ אָט דער „דאָם דאָמינגאָ״ איז, געשילדערט זיינע מעשים לויט די באַשרייבונגען פון די פּאָליצייאישע דאָקומענטן, און צוגעגעבן, אַז אַ גאַנצער עסקאַדראָן פון אָנגעשטעלטע אין דער געהיימער דינסט, זוכן אים אַרום, יאָגן זיך נאָך אים און קאָנען אים נישט כאַפּן.

דער אַגענט האָט געקוקט דורכן פענצטער פון דער ביוראָ. דער בנין האָט זיך געפונען אויף אַ באַרג און פאַרן אויג האָט זיך פונאַנדערגע־שפּרייט אַ ווייטע און ברייטע פּאַנאָראַמע; געקייטלטע בערגלעך, טאָלן, לויף־טייכלעך און וואַסער־פאַלן.

דער „פּיר־אויגיקער״ האָט זיך געוווּנדערט, ווי אַזוי מען קאָן דאָ אויסקומען אָן מעדיציבישער הילף, וואָרעם עס זענען שוין אַריבער שיינע עטלעכע שעה, ווי דער פּאָליציימאַן איז געשיקט געוואָרן אויף דעם פלינקסטן פערד צו דער באַן־סטאַציע אין עריבאַנגאָ, כדי אַרויסצורופן אַ דאָקטאָר פון אַ נאָענטסטן שטעטל און ער איז נאָך נישטאָ צוריק.

ער האָט אַלע ווײַלע אַ רוק געטאָן זיין אַרבל און געכאַפּט אַ בליק אויפן זייגערל, וואָס איז געווען אָנגעטאָן אויף זיין האַנט. ער האָט געזוכט אין די ווייזערלעך, גלייך זיי וואָלטן געוווסט ווי לאַנג דער „אַרעסטירטער״ וועט נאָך אויסהאַלטן. אים האָט זיך נאָך שטאַרק געוואָלט אַרויסבאַקומען

פון דאָמינגאָן אַ וואָרט, אַן אָנדייטונג, ווו מאָטאָראָזאָ געפינט זיך און ווו מען נעמט געווער פאַר די באַנדעס, וואָס האָבן זיך פאַרקליבן ערגעצוווּ אין די פאַרהוילענע נעסטן.

דאָניע איז אָבער געלעגן אין שוחטס פאָרשטיבל מיט פאַרהאַקטע ציין. די ליפּן זענען געווען באַדעקט מיט אַ פאַרטריקנטער, איינגעשטאַנענער שוים. פון דער נאָז האָט זיך געצויגן אַ קויטיק שנירל בלוט, וואָס האָט זיך פאַרגליטשט איבער דער באַק. דאָס אויער איז געווען ווי אָפּגעביסן און פאַרפּלייצט מיט אַ טונקעלער פליסיקייט.

די זון האָט זיך צעשאָטן אין טויזנטער שיפּן, וואָס האָבן זיך צעגלאַנצט איבער דער לענג פון די וואָסערן, ווי צעפלאָסן גאָלד.

אין דרויסן איז געשטאַנען אַ רעדל מענטשן, זיך געשושקעט און אויס־געקוקט דעם דאָקטאָר. זיי האָבן באַזיפצט זייער ביטער מזל און מורא געהאַט די פאַרע פון מויל אַרויסצולאָזן פאַר די צוויי שומרים, וועלכע זענען געשטאַנען אויף דער וואַך אַרום הויז.

ברוך כ״ץ איז געווען שוואַרץ, ווי קויל. ער האָט זיך געביסן די פינגער און אויסגעמיטן ראָזינעס בליק, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז זי וועט די גאַנצע שולד אַרויפוואַרפן אויף אים.

און ווען דער קרעכץ פון דאָניעס אָטעם האָט אויפגעהערט צו פייפן, האָט מען זיך דערשראָקן — געמיינט: שוין! איז מען אַריינגעלאָפן. אָבער דאָניעס פנים איז ווי אויפגעהייטערט געוואָרן, אַ רויטלעכער אָפּשיין פון דער אונטערגייענדיקער זון אויף די שויבן האָט זיך געשטעלט אויף זיינע קינבאַקן.

די ליפּן זיינע האָבן זיך געעפנט. די פאַרטרוקנטקייט אויף זיין מויל האָט זיך געשפּאָלטן און ווייסע, געזונטע ציין האָבן גענומען אַרויסלייכטן.

דעמאָלט איז אַנדזשעליטאַ צוגעגאַנגען צו אים, זיך איינגעבויגן איבער זיין פנים. אין די גרויסע ווייסלען פון אירע אויגן האָט איצט געדרעמלט מידקייט, גוטסקייט און רחמנות. זי האָט געזען ווי די ליפּן זיינע עפענען זיך און מאַכן זיך צו פאַרשמאַכטע, ווי אַ פיש אויף דער טריקעניש פאַרן אָפּשטיין. זי האָט מיט אַ נאַס טוך געקילט זיין צעגליטן שטערן און צאַרט געפרעגט:

— אַ טרונק, דאָמינגאָ?

ער האָט דערהערט איר שטים, ווי עפּעס אַ ווייטער, פאַרכישופטער גלאָק וואָלט אים אויפגעוועקט. זיינע אויגן האָבן זיך אויפגעריסן ברייטער און גרעסער. זי האָט אים נאָכאַמאָל איבערגעפרעגט, אָבער שוין זייער אַ צעטומלטע:

— וואָסער, דאָמינגאָ?

אַ קוים באַמערקבאַר שמייכעלע האָט זיך געגומען שפּרייטן איבער זיין פּנים. ער איז מער נישט געווען בכוח צו ענטפערן. די אויגן האָבן געגלאַנצט. ער האָט קוים באַוויגן זיין האַנט, זי צוגעפירט צו אירע פינגער און מיט די לעצטע כוחות זיי צוגעטראָגן צו זיינע ליפּן.

זי האָט געפילט דעם באַריר; האָט נאָכגעגעבן איר האַנט, וואָס איז געשוואומען אין זיינער אַרויף צום שטערן, זי אַוועקגעלייגט דאָרטן, ווי ער וואָלט דערמיט געוואָלט אַ גרויס פייער איינשטילן, אויסלעשן...

דערנאָך האָט ער איר האַנט אַראָפּגעשאַרט נידעריקער, איבער זיינע אויגן, און מיט די לעצטע כוחות זי צוגעדריקט, געגלעט.

✶

און ווען אַנדזשע האָט אַוועקגעהויבן איר האַנט פון זיין פּנים, זענען זיינע אויגן שוין געווען פאַרמאַכט. די ווייסע ציין האָבן אַרויס־געלויכטן פון די געעפנטע ליפּן, ווי עס וואָלט זיך איינגעפרעסט אין זיי אַ שמייכל פון געשטילטער בענקשאַפט. אַ זיסע מנוחה האָט אַראָפּגענידערט אויף זיינע באַקן און געבליבן פאַרשטאַרט. דאָס ליכט, וואָס איז געפאַלן פון די שויבן, האָט זיך געלאָשן אויף זיין פּנים.

ניו־יאָרק — טאָראָנטאָ

1929

# וואָרטפּאַרטייטש

## א

אַבריגאַדע — אַ דאַנק.

אַבראַז — אַ בילד.

אַגוזאַ — וואַסער.

אַדואַנאַ — גרענעץ־אַפּצאַל.

אַווענידע — ברייטע גאַס, אַלעע.

„אַווע מאַריאַ" — אַ קריסטלעכע תּפילה.

אויטשיזנע — פאַטערלאַנד.

אַטע לע ווישטאַ — צום ווידערזען.

איגלעסאַ — קירך.

אַלפאַלפע — אַזאַ פאַשע פאַר פי.

אַלעמאַן — דייטש.

א־לאַ גאַרסאַן — ווי אַ בחור.

אַמאָר — ליבע.

אַמאָר מיאָ — געליבטער מיינער.

אַמאָר מיאַ — געליבטע מיינע.

„אַסאַדע קאַן קוערע" — אַ געבראַטנס, נאָך אין דער פעל.

„אַ, פאַטריאַ אי דזשוסטיסיאַ — דאָס פאַטערלאַנד און גערעכטיקייט.

אַרסענאַל — געווער־סקלאַד.

„אָרדען אי פּראָגרעס" — אָרדענונג און פאָרשריט.

## ב

באַהיאַ — רינג־טייכן.

באָאַ דיאַ — גוט מאָרגן.

באָאַ טאַרדי — גוט מיטאַגצייט.

באָאַ נאָיטי — גוט אָוונט.

באַילאַ — באַל, טאַנץ.

באָנדאַ — טראַמוויי.

באָלסע — בערזע.

בלאַטע — ניט אָרנטלעכע.

בעללאַ — שיינע.

בראָדיאַגע — אַרומשלעפער.

באַרזשע — קליין לאַסטשיפל.

## ג

גאַיעגאָס — פויערן פון אַ שפּאַנישער געגנט.

גאַיענאַ אַלאַ רעי — אַ הינדל (געבראַטנס) ווי פאַרן קיניג.

גאָנדעלאַ — קאַנאַל אין די ווענעציִשע געסלעך.

גוואַראַנאַי — די פאַרשפּראַך פון די איינגעבוירענע אין דרום־אַמעריקאַנער לענדער.

גראַנדע — גרויס (ריאָ גראַנדע — דער גרויסער טייך).

גלאָריאַ דאַ אַמאָר — דער רום פון ליבע.

## ד

דאָבראַנאָץ — אַ גוטע נאַכט.

דאַרדעס — אַ שפּיל אַזאַ איןביינדלעך.

דוקע — פירשט.

דעסקולפּע — אַנטשולדיקט.

דאָם — טיטל צו אַ פאַר־נאָמען אַזוי ווי „רב".

## וו

וואַריאַט — משוגענער.

וויאַזשאַנטן — רייזנדע אַגענטן.

„וויטישע" — נאַיווע, אָרנטלעכע.

וועסטיגאַסיאָן — געהיים־פּאָליציי.

## ז

**זאַקלאַדניק** — אַ מענטש, אַ משכון.
**זאַרענטשעניע** — פאַרלאָבונג.
**זאַמאַך** — אימפעט.
**זשודעאַ** — ייד.
**זשיפּטשינקאַ** — מיידעלע.
**זשעזוס** — יעזוס.

## ט

**טאַראַדאָר** — אָקסן־שלעגער. קעמפער מיט אָקסן.
**טאַבאַרעטקע** — בענקל, אָן אָנלען.
**טאַטאַטשאַק** — גרעטשענע קיכלעך.
**„טרעם דאַ לושאַ"** — לוקסוס־צוג.
**טערענאַ** — ליידיקער בוי־פּלאַץ.

## כ

**כאַליען** — געלייגט שלאָפן.

## ל

**לאַקש** — דער צונאָמען פאַר איטאַליענער.
**לאַזשעע** — קעסט און וווינונג.
**לירע** — איטאַליעניש געלט.
**לעגיסלאַטור** — פּאַרלאַמענט פון אַ פּראָווינץ.

## מ

**מאַטקאַ-באָסקאַ** — גאָטס מוטער.
**מאַראַטשאַ** — שוואַרץ־חנעוודיק.
**מערקאַדאָ** — איינקויף־מאַרק.
**מאַריאַס** — ווערן ביי פּעדלער אָנגערופן זייערע קונדן.
**מאַרינען** — מאַטראָסן.
**מאַטשאַרניק** — פּרויען־הענדלער.
**מאַנדיאָקאַ** — אַ מעל אַזאַ פון קרייטעכצער.
**מאַדרע דאַ דיאָס** — גאָטס מוטער.
**מאַעסטראַ** — לערער.
**מיר אַ מאַר** — אויסזיכט צום ים.

## נ

**ניאָטי** — נאַכט.
**נאָרטע** — צפון.
**נענאַ** — קינד, צערטלעך צו אַ מיידל.

## ס

**סאַן לאָס אָנסע דע לאַ נאָטשע** — עס איז שוין עלף ביינאַכט.
**סאַן פּאַולאַ באָאַ טעררא** — סאַן פּאַולא — גוטע ערד.
**סובראַדאָ** — אויבן, אויפן שטאָק.
**סינעמאַ** — קינאָהויז.
**סעניאָר** — הער.
**סעניאָראַ** — האַרינטע.
**סעניאָריטאַ** — סעניאָרינאַ — פרייילין.
**סאַנטאַ קרוז** — הייליקער צלם.
**סאַנטאַ אַמאַרא** — הייליקע ליבע.
**סוביעקט** — פּאַרשוין.
**סטאַרי** — אַלטער.
**סטאַלע** — אויף שטענדיק.
**סי** — יאָ, אויב.
**סאַנטאַ דיאַ** — הייליקער טאָג.
**סטאַרשע** — עלטסטער.
**סיעררא לאַ פּערטאַ** — פּאַרמאַך די טיר.
**סעמענטעריאַ** — בית־עולם.
**סענטאַנאַריאָ** — יובילייִ פון הונדערט יאָר.

## ע

**עסטרענזשעראָ** — פרעמדער, אויסלענדער.
**עסטאַסיאָן** — סטאַציע.

עסטאַדאָ — פּראָווינץ, שטאָט.

עסטילעט — שטילעט, קינזשאַל.

עקוואַדאָר — עקוואַטאָר, מיטל־פּונקט פון דער וועלט.

עליאַדאָס — פאַראייניקטע, די מלו־כות וואָס האָבן זיך פאַראייניקט אין קריג קעגן דייטשלאַנד.

עסקריפּטאָריע — שרייבטיש.

עסקינע — ראָג פון אַ גאַס.

עקסיבוסיאָן — אויסשטעלונג.

## פּ

פּאַטראָן — באַלעבאָס.

פּאַטראָנאַ — באַלעבאָסטע.

פּאַלאַקאַ — ווערט אָנגערופן אַ הפקר־מיידל.

פּאָליסיאַ דאַ קאַפּיטאַל פעדע־ראַל — די פּאָליציי פון דער הויפּטשטאָט.

פּאַן־בראַט — גוטער ברודער.

פּאָדפּיסאָווע — פּריזיוויניקעס.

פּאָלאָזשעניע — לאַגע.

פּאַן ס׳קראַיו — איז דער האַר פון אונדזער לאַנד ?

פּאַדרעס — עלטערן, גלחים.

פּאַרטיקולאַר — פּריוואַט.

פּאַלאַסיאַ — פּאַלאַץ.

פּאַטריאַ — פּאָטערלאַנד.

פּראַזאַ — פּלאַץ.

פּייסאַנעס — לאַנדסלייט.

פּעלעקוריאַ — ראַזיר־אַנשטאַלט.

## פֿ

פֿאַוואָר — אַ טובה.

פֿאַזשאָן — אַ מין שוואַרצע אַרבעס.

פֿאָנדאָ — אַ האַלבע שענק, האַלב שפּייז־געוועלב און רעסטאָראַן.

„פֿראַגעזן״ — קונים.

## ק

קאַזאַ — הויז׳ געשעפט.

קאַזשאַטי לאַ באָקאַ — פאַרמאַך דאָס מויל.

קאַטרע — לייוונט־בעטל.

קאָמפּאַניעראָ — חבר.

קאָמפּרענדאָ — איך פאַרשטיי.

קאַלציע — ערבות.

קאָלעזשאַנקאַ — חברטאָרין.

קאָנטאָ דאַ רייז — אַ סומע פון טויזנט מיל־רייז.

קאַפעזיניאַ — אַ קליין טעפּעלע קאַווע.

קאַפּוסטע — זויערקרויט.

קאַשקעט — אַ היטל.

קאַפּיטאַל דעל אָריענטע — די הויפּטשטאָט פונעם מזרח, מאָנטע־ווידעאָ.

קאָמאָ אַ וואַי — ווי דערגייט עס דיר.

קאַפּיטאַל־פעדעראַל — די הויפּט־שטאָט פון לאַנד.

קליענטעלטשיק — אַ פּעדלער, וואָס פאַרקויפט זאַכן אויף אויס־צוצאָלן.

קליענטעלע — קונים, וואָס קויפן אויף ראַטעס.

קערידאָ — טייערער.

קערידאַ — טייערע.

קאַבאָקל — דער פרימיטיווער לאַנד־מאַן, דער פויער אין בראַזיל.

קאַמפּאַדרעס — די „גאָלדענע יונגעלייטלעך״, די לייכטזיניקע.

קאַמפּאָ — אַ פעלד.

„קאַרפּאָ מיליטאַר״ — מיליטערי־שער קאַרפּוס.

קאַשטשאַל — קירך.

קאָמערסיאַנטע — אַ סוחר.

קאַנדאָ — אַ טיטל, ענלעך צו אַ גראַף.

קאַראַנעל — מיליטערישער ראַנג.

קלאַפּערם — דאָס אייגענע וואָס פּעדלער.

קיעברע — באַנקראָט.

קיגעלע — בלשון הוזק אויף אַ ייד, פון דער „וויטישער גאַס".

קרוז — צלם.

ר

ראַנטשע — אַ שטרוי־, אָדער ליים־שטיבל.

ראַניעץ — אַ טאַש פאַר שולביכער.

רוסאָ — רוסאָ — רוסישער — רו־סישע, אַזוי רופט מען אייגנטלעך אַלע יידן.

רוביאָ—רוביאָ — בלאָנדער, בלאָנדע.

רואָ — גאַס.

ריאָ — טייך.

רעסיבאָ — קבלה. מקבל געווען.

רעוויסטאָ — אַ זשורנאַל.

ש

„שפּיצל" — שפּיאָן, געהיים־אַגענט.